א. וואָלף יאַסני

# געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש

א. װאָלף יאַסני

# געשיכטע
## פֿון דער
# יידישער אַרבעטער־באַװעגונג אין לאָדזש

לאָדז 1937

דעם אָנדענק פון חבר
ישראל ליכטענ־
שטיין, וועלכער האָט
דער ערשטער אָנגעהויבן
שרייבן די געשיכטע פון
דער יידישער אַרבעטער־
באַוועגונג אין לאָדזש
און זיין ווערק נישט
פאַרענדיקט.

# הקדמה

לאָדזש, דאָס איז — איינס פון די איינגנאַרטיקסטע שטיקער פּוילן, איינס פון די פאַרבנרייכסטע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון איר אַרבעטער־באַוועגונג. עס איז נישטאָ קיין צווייטע־שטאָט אין פּוילן, ווו די סאָציאַלע קעגנזאַצן זאָלן אַרויסטרעטן אַזוי נאַקעט, ווו די סאָציאַלע קאַמפּן זאָלן פאַרמאָגן אין זיך אַזוי פיל עלעמענטן פון רויער סטיכיע.

און לאָדזש אין די יאָרן 1905—6, דאָס איז — איינס פון די בלוטיקסטע און הערויִשסטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפּן נישט נאָר פון פּוילן, נאָר אַפילו אויפן שטח פונם אַמאָליקן רוסלאַנד.

דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג פון אָט דעם לאָדזש ביז צום מאָמענט פון באַרג־אַראָפּ פון דער ערשטער רוסלענדער רעוואָלוציע, איז געווידמעט דאָס בוך פון ח׳ יאַסני.

איך בין געוועזן אין אַ געוויסער מאָס אַן עדות דערפון, ווי אַזוי דאָס בוך איז אַנטשטאַנען. איך האָב געזען, וויפל אומדערמידלעכקייט און געוויסנהאַפטיקייט ח׳ יאַסני האָט אַרויסגעוויזן ביים זאַמלען מאַטעריאַל, ווי דורכגעדרונגען ער איז געוועזן מיט דעם באַוווּסטזיין פון דער ערנסטקייט פון זיין אויפגאַבע, ווי פאַרכאַפּט ער איז געוועזן פון דער אַרבעט אַליין. ח׳ יאַסני האָט אויסגענוצט אַלע פאַראַנענע מאָנאָגראַפישע אַרבעטן, וואָס באַהאַנדלען איינצלנע פראַגמענטן פון דער פאַרגעשיכטע און געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש. דאָ איז זיין אויפגאַבע באַשטאַנען אין צונויפשטעלן, אין — אַזוי צו זאָגן — קאָנפראָנטירן דעם שוין באַאַרבעטן מאַטעריאַל. אָבער זיין הויפּט־אויפגאַבע איז געוועזן — צו באַאַרבעטן רויען היסטאָרישן מאַטעריאַל. און מען

מוז זאָגן — דאָ האָט דער מחבר אדורכגעמאכט אַ קאָלאָסאַלע ארבעט.

ח' יאסני האָט געהאט אין זיין רשות אַן ערשטקלאַסיקן מאַ-טעריאַל: אומלעגאַלע פּעריאָדישע אויסגאַבן פון ,,בונד'', אומלע-גאַלע אויפרופן און פלוגבלעטער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד'' און פון צ. ק., אַ זייער רייכן מעמואַרן-מאַטעריאַל, גע-שריבן פון יידישע און פּוילישע ארבעטער-טוער, אַ ריי היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער פּוילישער ארבעטער-באַוועגונג, די גאַנצע נאָכמלחמהדיקע לעגאַלע ליטעראַטור פון ,,בונד''. אַ ריי באַזונדערס וויכטיקע אומלעגאַלע אויפרופן און פלוגבלעטער ווערן ציטירט אינם בוך ווערטלעך, אָדער כמעט גוי ווערטלעך.

שוין דאָס אַליין גיט צו דעם בוך אַ גרויסן ווערט און אינ-טערעס. און דערצו נעמט ארום די ארבעט, ווי געזאָגט, דעם שטור-מישסטן, דעם העלדישסטן פּעריאָד אין דער געשיכטע פון פּוילישן מאַנטשעסטער.

די געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער-באַוועגונג, סיי די אַלגעמיינע, סיי די פראַגמענטארישע, מאָנאָגראַפישע, איז נאָך זייער ווייניק באַארבעט. עס קומט דעריבער דעם ח' יאסני אַן אמתער יישר-כוח פאַר זיין ביישטייער צו דער דאָזיקער געשיכטע. און מיט באַזונדערער צופרידנקייט דאַרף באַטאָנט ווערן דער פאַקט, וואָס זיין בוך דערשיינט היינט, צום 40-יעריקן יובל פון ,,בונד''.

אין דעם בוך פון ח' יאסני פילט זיך דער הייסער אָטעם פון די לאָדזשער פּראָלעטארישע קאַמפן. און עס לייענט זיך מיטן גרעסטן אינטערעס.

ה. ערליך

# הקדמה פֿון מחבר

אין דער געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג האָט לאָדזש אַרייַנגעשריבן איינס פֿון די שענסטע און העראָאישסטע קאַפּיטלען. די ברייטע יידישע מאַסן פֿון שטעט און שטעטלעך, וועלכע האָבן אייַנגעוואַנדערט אין דער טעקסטיל־שטאָט און זיך דאָ פּראָלעטאַריזירט, האָבן אַמשטאַרקסטן דערפֿילט דעם דרוק פֿון דער צאַרישער מאַכט און פֿון קאַפּיטאַליסטישער אויסנוצונג און דעריבער זיך געוואָרפֿן אין קאַמף. פֿאַר דעם הייַנטיקן דור אַרבעטער איז דאָס שוין געשיכטע, פֿאַרגאַנגענהייט, אויפֿלעבן די דאָזיקע פֿאַרגאַנגענהייט, אויפֿשטעלן יענע מאָמענטן פֿון אַרבעטער־קאַמף, וועלכע די צייַט האָט שוין פֿאַרדעקט מיט דעם שטויב פֿון דער געשיכטע, שטעלט זיך די אויפֿגאַבע דער מחבר פֿון דעם בוך.

די דאָזיקע אויפֿגאַבע איז ביז מיט אַ געוויסער צייַט צוריק געווען זייער אַ שווערע. די געשיכטע פֿון דער לאָדזשער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג איז געווען צעוואָרפֿן אין די פֿאַרשידענע אַרכיוו־דאָקומענטן, קאָרעספּאָנדענציעס, באַשרייַבונגען אין די אומלעגאַלע אויסגאַבן פֿון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, וועלכע האָבן מיט די קאַמפֿן אָנגעפֿירט און אין זכרון פֿון די עלטערע אַרבעטער, וואָס האָבן אין די קאַמפֿן זיך באַטייליקט.

אַ חוץ דער דאָזיקער שוועריקייט אין געשיכטלעכן שטאָף, איז געווען נאָך אַ מניעה בייַם אויפֿשטעלן די פֿאַרגאַנגענהייט פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג: עס האָט געפֿעלט אַזוי צו זאָגן די פֿאָרגעשיכטע פֿון דער אַרבעטער־באַוועגונג, עס האָט געפֿעלט דער מאַטעריאַל וועגן יענע דערשיינונגען, וועלכע האָבן לאָדזש אַוועקגעשטעלט אַלס יידישן פּראָלעטאַרישן צענטער און מעגלעך

געמאכט די שפּעטערדיקע באַוועגונג. דער יידישער קבוץ אין לאָדזש, וועלכער האָט אונטער זיך אַ 150-יעריקע פאַרגאַנגענ־הייט, האָט נישט געהאַט זיין געשריבענע געשיכטע.

די דאָזיקע מניעה איז באַזייטיקט געוואָרן מיט דעם דערשיי־נען פון ד״ר פיליפּ פרידמאַנס „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש״. דאָס דאָזיקע ווערטפולע בוך, הגם עס דערפירט נאָר די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש ביז דעם 63־טן יאָר, שאַפט אָבער אַ גענוי בילד פון דער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור, ביי וועלכער עס האָבן זיך שפּעטער אַנטוויקלט די יידישע מאַסן אין לאָדזש.

אויך די שוועריקייטן אין באַקומען די געשיכטלעכע מאַ־טעריאַלן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג זענען באַזייטיקט געוואָרן דורך דעם בונדישן אַרכיוו, מיט וועלכן מיר האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט. דער בונדישער אַרכיוו האָט אויפגע־האַלטן אַלע דאָקומענטן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט דער פאַרגאַנ־גענהייט פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. און אויפן יסוד פון די דאָקומענטן האָבן מיר אויפגעשטעלט אונזער גע־שיכטע.

פאַראַן נאָך אַ קוועלע, וואָס וואָלט געקענט באַרייכערן אונ־זער געשיכטס־פאָרשונג: דאָס זענען די אָפיציעלע מלוכה־אַרכיוון, וועלכע אַנטהאַלטן די אַלע פּאָליציייאישע ראַפּאָרטן און אַנד. אָפי־ציעלע דאָקומענטן פון די צאַרישע צייטן. צו דער דאָזיקער קוועלע האָט אָבער נישט יעדער בשר ודם אַ צוטריט. מיר האָבן זיך טאַקע געוואָנדן צו די אַרכיוו־לייטונגען און באַגעגנט אַזעלכע שווע־ריקייטן, נישט צום גובר זיין. מיר האָבן דערפאַר ברייט אויס־גענוצט די אַרכיוו־דאָקומענטן, וועלכע זענען שוין באַאַרבעט און פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורכן באַקאַנטן אַרכיוואַר ח׳ ד״ר אַדאַם פּרוכניק.

צו אונזער געשיכטלעכער אַרבעט האָבן מיר זיך אויך באַ־נוצט מיט זכרונות פון עלטערע אַרבעטער, מערסטנטיילס נישט פאַרעפנטלעכטע, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער יידי־

שער ארבעטער־באַוועגונג. אַזעלכע זכרונות האָבן מיר געזאַמלט ביי אַ צוויי צענדליק פּערזאָנען, אָבער נישט אַלע זענען געוואָרן אויסגענוצט. מיר האָבן גענומען נאָר די דערינערונגען, וועמענס פאַקטן עס געפינען אַ באַשטעטיקונג אויך אין אַנדערע דאָקומענטן.

*

דאָס פאָרליגנדע בוך: „די געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש" פאַרענדיקט זיך אין דער העלפט פון יאָר 1905 אַלס ערשטער באַנד. די גאַנצע אַרבעט איז פאָרגעזען אויף 3 בענדער: דער ערשטער באַנד ביז נאָך די באַריקאַדן־טעג, דער צווייטער באַנד פון די באַריקאַדן־טעג ביז מלחמה־אויסברוך, דער דריטער באַנד — מלחמה־פעריאָד ביז דער אַנטשטייאונג פון אומאָפּהענגיקן פּוילן.

*

לסוף אייניקע אויפקלערונגען פאַר די לייענער:

אין די ציטאַטן פון פאַרשידענע אויסגאַבן ווערן אָפט באַנוצט צווייערליי קאַלענדאַרן, צווישן וועלכע ס'איז אַ חילוק אין 13 טעג. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס אין די צאַרישע צייטן איז דער רוסישער קאַלענדאַר געווען אונטערשטעליק לגבי דעם אייראָפּעאישן מיט 13 טעג. דער רוסישער קאַלענדאַר ווערט דאַרום באַצייכנט מיט „אַ. ס." — אַלטער סטיל, דער אייראָפּעאישער מיט „נ. ס." — נייער סטיל.

צו באַצייכענען די סאָצ דעמ. פּאַרטיי פון פּוילן האָבן מיר באַנוצט צוויי אויסדרוקן: ס. ד. ק. פּ. אי. ל. די איניציאַלן פון „סאָציאַל־דעמאָקראַציאַ קרולעסטוואַ פּאָלסקיעגאָ אי ליטווי", ווי ס'איז געווען דער ריכטיקער נאָמען פון דער פּאַרטיי, און פּ. ס. ד., ווי מ'האָט זי אין אַלגעמיין גערופן. ביידע אויסדרוקן באַציען זיך צו איין און דער זעלבער פּאַרטיי.

אַלע אויסגאַבן פון „בונד" און אַנדערע פּאַרטייען, וועלכע מיר ציטירן אין שייכות מיטן פעריאָד פון פינפטן יאָר, זענען, פאַרשטייט זיך, דערשינען אומלעגאַל.

די פֿאָטאָגראַפֿיעס, וועלכע מיר ברענגען, זענען אין זייער גרעסטן רוב פֿון יענער צייט, וועלכע דאָס בוך נעמט אַרום.

די פֿאָטאָגראַפֿיע „לאָדזשער באַריקאַדן" האָבן מיר דערהאַלטן פֿון בונדישן אַרכיוו. ס'איז נישט אָנגעגעבן געוועזן, אויף וועלכן אָרט די באַריקאַדע איז געשטאַנען.

צו דער שווערער אַרבעט פֿון אויפֿשטעלן דאָס בוך פֿון 450 זייטן „די געשיכטע פֿון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש" האָבן מיר צוגעהאָלפֿן חברים און פֿריינט, וועלכע פֿאַר־דינען דעם האַרציקסטן דאַנק. אין דער ערשטער ריי זענען דאָס די חברים: ה. ערליך, וויקטאָר שולמאַן, ב. וויראָוווסקי און מ. בערנ־שטיין—דער מיטאַרבעטער פֿון בונדישן אַרכיוו. אַ באַזונדערע הילף אין מיין אַרבעט האָב איך באַקומען פֿון באַקאַנטן היסטאָריקער, פֿריינט ד"ר פֿיליפּ פֿרידמאַן און פֿון היסטאָריקער פֿון דער אַרבע־טער־באַוועגונג אין פּוילן, ח' ע. איינענקעל. די דערמאָנטע היסטאָ־ריקער האָבן געשטעלט צו מיין רשות זייערע רייכע אַרכיוון־זאַמלונגען און ביבליאָטעקן. זייערע מאַטעריאַלן האָבן פֿאַרנו־מען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין מיין אַרבעט.

געהאָלפֿן אין דער אַרבעט האָבן אויך די ח"ח ח. ל. פּאָזנאַנ־סקי, גוסטאַוו אייזנער (אַמעריקע), פּנחס שוואַרץ, ש. קראַקאָווסקי, אַדלער, די ביבליאָטעק א. נ. פֿון ב. גראָסער און די ביבליאָטעק א. נ. פֿון ב. באָראָכאָוו. אַ באַזונדערן דאַנק קומט דער ח'טע צעשאַ ראָנטשקאָווסקאַ, וועלכע האָט אַ גרויסן חלק אין דעם טעקסט פֿון דעם בוך.

א. וואָלף יאַסני

לאָדזש, אין אָקטאָבער 1937

# אריינפיר

אויף דעם ברייטן שליאך פון קרוב 8 צענדליק יאָר אַרבעטער־קאַמף אין לאָדזש, צייכענען זיך אָן 3 גרויסע עטאַפּן, בעת וועלכע דער קאַמף פון אַרבעטער־קלאַס קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט האָט זיך פאַרמירט, באַקומען אַ רוח חיים און אַ בולטן קלאַסן־פּנים. פון צעשטויבטע יחידים איז געוואָרן אַ צעמענטירטע מאַסע, פון פאַרשידענע איינצלנע פאַרלאַנגען האָט זיך אויסגעבילדעט איין גרויסער ציל, וואָס האָט ווי אַ פאָן געפלאַטערט און געזאַמלט אַרום זיך די אַרבעטער־מאַסן פון לאָדזש.

דער ערשטער עטאַפּ: אַפּריל־חודש 1861, ווען די טויזנטער האַנט־וועבער, געטרעטענע און געדריקטע דורך דעם זיגרייכן מאַרש פון קאַפּיטאַליזם, האָבן זיך געוואָרפן צעשטערן די מעכאַנישע וועב־שטולן און קראַפט־מאַשינען, זעענדיק אין זיי די סיבה פון וועבערס נויט. דער צווייטער עטאַפּ, דאָס איז דער העלדישער און צוגלייך טראַגישער ערשטער מאַי־אַרויסטריט פון 1892 און לסוף דער דריטער — דער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער קאַמף אין 1905.

נישט אין אַלע דריי דערמאָנטע עטאַפּן פון אַרבעטער־קאַמף האָבן די יידישע פּראָלעטאַריער זיך באַטייליקט. דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין לאָדזש האָט זיין רעוואָלוציאָנערע ענערגיע און בלוט־צושטייער, ערשט געגעבן צום דריטן קאַמפס־עטאַפּ אין 1905. מ׳קאָן אָבער נישט אָנהויבן שרייבן די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, נישט אָפּשטעלנדיק זיך, הגם בקיצור, אויף די ערשטע צוויי עטאַפּן.

אויב די אַפּריל־טעג פון 1861 האָבן קיין ספּעציעלע ווירקונג

נישט געהאַט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, האָט אָבער די טראַגישע מאַי־פייערונג פון 1892 אַזאַ ווירקונג יאָ געהאַט, אָבער אין נעגאַטיוון זין. נעמלעך: זי האָט פאַראורזאַכט דאָס שפּעטע אַרויסרוקן זיך פון רעוואָלוציאָנערע קאַדרען ביי דער יידישער אַרבעטער־מאַסע. אויך דער „בונט" קעגן די מאַשינען האָט זיין באַדייטונג פאַר דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, ווייל מיט די אַפּריל־טעג אין 1861 הייבט זיך אָן אויסשמידן די גרויסע קאַמפּס־טראַדיציע, וועלכער דאָס פּראָלעטאַרישע לאָדזש איז טריי געבליבן אין משך פון די אַכט צענדליק יאָר אַרבעטער־באַוועגונג.

אַ חוץ דעם ליגט אין די צייט־פּעריאָדן פון 1861, 1892 און 1905 דער גרויסער פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס פון די יידישע מאַסן אין לאָדזש, וואָס איז געוועזן דער פאָרבאַדינג פאַר דער גאַנצער העראָישער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם פּוילישן מאַנטשעסטער.

פאַראַן נאָך אַ דריטע סיבה, פאַרוואָס די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג מוז אין זיך אַריינגעמען די קאַמפּס־מאָמענטן פון 1861 און 1892.

יענע פּראָלעטאַרישע אַרויסטרעטונגען, הגם זיי זענען פאָרגעקומען אָן דער באַטייליקונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָבן זיי דאָך אָנגערירט אויך די יידישע מאַסע. די אַרויסטרעטונגען זענען אויסגענוצט געוואָרן דורך אַנטיסעמיטישע עלעמענטן, כדי אָנצופאַלן אויף יידן. דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט די יידישע בירגערלעכע פּובליציסטיק איינצוהילן די דאָזיקע היסטאָרישע מאָמענטן פון אַרבעטער־קאַמף אין שוואַרצן שלייער פון אַנטיסעמיטיזם. ספּעציעל אַ שרעקלעכן אָפּקלאַנג האָט באַקומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג די ערשטע מאַי־פייערונג פון 1892.

דער דאָזיקער העלדישער אַרבעטער־קאַמף, וועלכער איז מיט זיין רעוואָלוציאָנערן מאַסן־כאַראַקטער געוואָרן אַ ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פּוילן, איז פאַרבליבן אין זכרון פון דער יידישער מאַסע אַלס „ראַבונעק" און פּאָגראָם, ווייל טונקעלע עלעמענטן האָבן, צום נוצן פון דער

צאַרישער מאַכט אָדער גאָר מיט איר הסכם, אויסגענוצט דעם מאַסן־אַרויסטריט צו אַ פּאָגראָם אויף יידן.

אויפקלערן די סיבות, הלמאַי די יידישע מאַסן זענען געשטאַנען פונדערוויטנס פון די קאַמפן אין 1861 און 1892, אויסהוילן דאָס סאָציאַל־פּאָליטישע קערנדל פון אַנטיסעמיטישן שאַלעכץ, איז דער חוב פון פאָרשער פון דער געשיכטע פון יידישן מאַסן־לעבן אין לאָדזש. מיר וועלן דעריבער אין אונזער אַרבעט באַלייכטן די דאָזיקע קאַמפן, אָנהויבנדיק מיט דעם יאָר 1861.

---

# I

## דער וועבער-בונט

די סיבות פון וועבער־בונט. — אונטערגאַנג פון האַנט־וועבעריי. — דער אָנפאַל אויף פּרוסאַקס און שייב־לערס פאַבריקן. — ווער האָט אָנגעפירט מיט דעם אָנ־פאַל. — די מאַשינען־צעשטערער און זייערע אָנפי־רער. — דער קאַמף אַרום דער פאָן.

דער בונט פון די מאַשינען־צעשטערער, אָדער דער „וועבער־אנפאל״, ווי ער ווערט אָנגערופן אין די לאָדזשער אַרכיוו־מאַטעריאַלן, האָט מיט לאָדזש אָפּגעשלאָסן יענע סעריע קאַמפן פון פּראָלעטאַריאַט קעגן דעם קאַפּיטאַליזם, וועלכע זענען אדורכגע־גאַנגען די אינדוסטריעל־אַנטוויקלטע לענדער אין באַגינען פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג.

די קאַמפן האָבן אָנגעהאַלטן אין ענגלאַנד ביזן אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט, אין פראַנקרייך זענען זיי פאָרגעקומען אין פערטן יאָרצענדליק פון פאָריקן יאָרהונדערט, און אין דייטשלאַנד אין רעוואָלוציאָנערן 48־טן יאָר. אין לאָדזש ,ד. ה. אין קאָנגרעס־פּוילן, וועלכע האָט צוליב אירע ספּעציעלע געשיכטלעכע באַדינ־גונגען (שלעכטע ווירטשאַפט פון דער שליאַכטע, צעטיילונג פון פּוילן. אויפשטאַנדן א. א. וו.) פאַרשפּעטיקט מיטן קאַפּיטאַליזם, איז אויך דער בונט קעגן די מאַשינען געקומען אַמשפּעטסטן — ערשט אין יאָר 1861.

אין לאָדזש, ווי אין אַלע אַנדערע אינדוסטריע־שטעט פון אייראָפּע, איז דער דאָזיקער קאַמף קעגן די מאַשינען אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם שווערן מצב, אין וועלכן דער זיגרייך־מאַרשירנ־

דער קאַפּיטאַל האָט אַריינגעוואָרפן דעם קליינעם אונטערנעמער מיט זיינע געזעלן. דאָס איינפירן מעכאַנישע וועב־שטולן, צו וועלכע עס האָבן געקענט גרייכן נאָר די גרויס־אינדוסטריעלער, האָט דעם מייסטער מיט זיינע האַנט־וועב־שטולן אינגאַנצן איבעריק געמאַכט. אָבער דער מעכאַנישער שטול איז נישט געווען די איינציקע סיבה, וואָס האָט פאַרניכטעט די קליינע אונטערנעמער מיט זייערע אַרבעטער. פריער פאַרן קראַפט־וועב־שטול, האָט זיי דערשטיקט דער קאַפּיטאַל, וועלכער האָט די קליינע אונטערנעמער פאַרוואַנדלט פון זעלבסטשטענדיקע פאַבריקאַנטן — אין כאַלופּניקעס.

„די לאָדזשער וועבער — שרייבט דער באַקאַנטער היסטאָריקער ד״ר פ. פרידמאַן — זענען שטענדיק געווען שטאַלץ דערמיט, אז זיי אַרבעטן נישט אויף לוין ביי די גרויסע פאַבריקאַנטן, נאָר זיי שאַפן „זעלבסטשטענדיק״ און פאַרקויפן זייערע אויסאַרבעטונגען גלייך צו די סוחרים. אין דער אמתן האָבן אָזא זעלבסטשטענדיקייט אויפגעהאַלטן נאָר די מייסטערס, וועלכע האָבן געהאַט 20 וועב־שטולן. די דראָבנע וועבערס, וועלכע האָבן געהאַט נאָר פיר, פינף וועב־שטולן, זענען וואָס וויטער אַלץ שטאַרקער — אומבאַמערקט, אָבער נישט ווייניקער זיכער — אַריינגעפאַלן אין אָפּהענגיקייט פון די סוחרים. ס׳איז געווען ס׳איז גענוג געווען וועלכער כאַטעריעלער מיסערפאָלג, כדי אוועקצולייגן די דאָזיקע מיט גרויס מי אויפגעהאַלטענע זעלבסטשטענדיקייט. יעדער באַדייטנדער ווירטשאַפטלעכער קריזיס, אַ דערשיינונג, וואָס האָט אָפט באַזוכט לאָדזש, האָט אָפּגענומען ביי גאַנצע מאַסן וועבערס נישט נאָר די ווירטשאַפטלעכע אומאָפּהענגיקייט, נאָר אויך די אַרבעט און פאַרדינסט״*).

דער דאָזיקער פּראָצעס פון פאַרניכטן די קליינע וועבער־אונטערנעמונגען אין לאָדזש האָט אָנגענומען שאַרפע פאָרמען בעת

---

*) ד״ר פ. פרידמאַן: „יידן אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע, אויפן ערשטן סטאַדיום פון איר אַנטוויקלונג״. „לאָדזשער יאָר־בוך״, II־טער באַנד.

דעם גרויסן קריזיס אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע אין די 40־קער יאָרן, ד. ה. קנאַפּע 20 יאָר פאַרן וועבער־בונט.

אין די אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון 1844, וועלכע עס ציטירט ד״ר פרידמאַן אין זיין „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש". געפינען מיר אַזאַ שילדערונג פון דעם אונטערגאַנג פון קליינעם וועבער־אונטערנעמער:

„היינט, 1844, גייען די וועבערס אַליין אין די געוועלבער פון די יידישע קרעמער, בעטנדיק ביי זיי, זיי זאָלן קויפן די אויסגעאַרבעטע סחורות, וועלכע זיי (די קרעמער — א. וו. י.) שטופּן אַרויס פון דער טיר — און דערנאָך, צוליב מענטשלעכקייט כּלומרשט, זעענדיק די נויטיקע באַדערפעניש פון וועבער, קויפן זיי אָפּ פאַר אַ פּרייז, וואָס גיט נישט צוריק דעם קרן און צו דעם נאָך געבן זיי גאָרן אויף אַנדערע אויסאַרבעטונגען און צאָלן צו לויט דער גרויס פון שטיק"*).

אָט דאָ האָבן מיר די טיפּישע פּאַריאַכונג פון דעם פּאַר־אָרעמטן וועבער־אונטערנעמער דורכן קאַפּיטאַל. דער קליינער אונטערנעמער קאָן נישט אויסהאַלטן דעם קריזיס און איז געצוווּנגען תיכּף צו פאַרקויפן זיין אויסגעאַרבעטן פּראָדוקט. סוחרים (פאַרלעגער), וועלכע זענען אין לאָדזש מייסטנס געוועזן יידן, האָבן אָפּגעקויפט די אויסגעאַרבעטע סחורות פאַר ביליקע פּרייזן און דערביי נאָך געצאָלט מיט גאָרן אָנשטאָט געלט, כּדי דער וועבער זאָל ווייטער האָבן וואָס צו וועבן. פון די זעלבסטשטענדיקע האַנט־וועבער־מייסטער איז געוואָרן כאַלופּניקעס און שפּעטער איז געקומען דער מעכאַנישער וועב־שטול און האָט אויך די כאַלופּניקעס מיט זייערע געזעלן איבעריק געמאַכט.

דער פּראָצעס, וועלכער האָט אָנגענומען אַ שאַרפע פאָרם בעתן קריזיס אין די פערציקער יאָרן, האָט דערגרייכט זיין העכסטן פּונקט אין 1861 און אַרויסגערופן דעם לאָדזשער וועבער־בונט.

„דאָס איז געוועזן אַ דערשיינונג פון אינסטינקטיוון רעאַגירן

*) ד״ר פ. פרידמאַן: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פון אָנהויב ישוב ביז 1861", זייט 213.

פון די אַרבעטער אויף זייער אומגליקלעכן גורל, וואָס קומט אַרויס אוממיטלבאַר פון דער מעכאַניזירונג פון דער אינדוסטריע, אַ טי־פישע דערשיינונג פון פֿריִאָד פון פריען קאַפּיטאַליזם. דער אַרבע־טער פירט נאָך נישט דעמאָלט קיין קלאַסן־קאַמף מיטן קאַפּיטאַל; ער פאַרשטייט נאָך נישט דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָצעס, וואָס שפּילט זיך אָפּ פאַר זיינע אויגן, ער קעמפט מיט דער מאַשין. דער אַרבעטער טראַכט נאָך נישט וועגן באַהערשן די מאַשין, ער טראַכט נישט וועגן פאַרקלענערן די עקספּלואַטאַציע, ער טראַכט נאָר וועגן פאַרניכטן די מאַשין"*).

דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך אָפּגעשפּילט אין לאָדזש דעם 20־טן אַפּריל 1861. ער האָט זיך אָנגעהויבן צום ערשט מיט אַ קאַצן־מוזיק, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געוויסן ד"ר וואָלבערג. וואָס פאַרא ראָל דער דאָקטאָר וואָלבערג האָט דעמאָלט געשפּילט אין לאָדזש, איז פון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן נישט קלאָר. כּשמעות, אַז דער דאָקטאָר וואָלבערג איז געווען אַ גאַנצער כּל־ולך ביי די לאָדזשער אינדוסטריעלער, געהאָלפן ברענגען די מע־כאַנישע וועב־שטולן, אָדער מעגלעך, אַז וואָלבערג, אַ דאָקטאָר־מעדיצין, האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן מעדיצינישע הילף די אַר־בעטער, וועלכע האָבן נישט געקענט באַצאָלן פאַר אַ וויזיט ווי ס'זאָל נישט זיין, האָט די מאַסע טעקסטיל־אַרבעטער געמוזט ליידן אַ שרעקלעכע עוולה פון דעם דאָקטאָר וואָלבערג, אויב דער הונט האָט זיך אָנגעהויבן פון זיין פּערזאָן**).

דער עולם האָט זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט אַ קאַצן־מוזיק, נאָר אויך דעמאָלירט די וווינונג און אויסגעהאַקט די שויבן ביי דעם דאָקטאָר, דערביי האָט דער שלאָסער קינדערמאַן „דורך אַ בייזער און מיט נקמה זיך אויסצייכנדער רעדע, די אָרעמערע פון

---

*) ד״ר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892", זייט 16.

**) ע. איינענקעל: „דער ערשטער בונט פון די לאָדזשער אַרבעטער אין יאָר 1861", „לאָדזשער יאָר־בוך" II־טער באַנד.

זיך דערמוטיקט צו אויפרעגונגען און געוואַלט־טאַטן, וועלכע זע־
נען דאָרט פאָרגעקומען"*).

ווי מיר זעען פון דער שילדערונג, זענען צווישן די באַטיי־
ליקטע אין „בונט" געווען נישט בלויז וועבער, נאָר אויך אַנדע־
רע פאַכן. א חוץ דעם שלאָסער קינדערמאַן, וועלכער האָט, ווי עס
זאָגט זיך אין אָפיציעלן פּאָליציייאישן פּראָטאָקאָל, „דורך אַ ביי־
זער און מיט נקמה זיך אויסצייכנדער רעדע די אָרעמערע פון זיך
דערמוטיקט צו אויפרעגונגען און געוואַלט־טאַטן", ווערט אויך
דערמאָנט צווישן די אָנפירער דער שוסטער סומערט. ווי עס ווייזט
אויס, איז געווען אַ געוויסע פאַרבינדונג אויך מיט אַרבעטער פון
אַנדערע פאַכן, אָדער דער שוסטער סומערט מיט דעם שלאָסער
ערנסט קינדערמאַן האָבן בכלל פאַרנומען אַן אָנפירנדן אָרט צווישן
די אַרבעטער. יעדנפאַלס באַווייזט זייער מיטבאַטייליקונג, אַז זיי
זענען נישט געווען קיין צופעליק אַרויסגערוקטע פּערזאָנען, וואָס
וואַקסן אויס ביי יעדער מאַסן־באַוועגונג, נאָר אַזעלכע, וואָס זע־
נען שוין פון פריער געווען באַקאַנט צווישן די אַרבעטער. בעת
דעם בונט זענען זיי געקומען העלפן די וועבער אין זייער מלחמה
קעגן די פאַרהאַסטע מעכאַנישע וועב־שטולן.

נאָך דער רעדע פון דעם שלאָסער קינדערמאַן, ווען דער
עולם האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעפּאַרטיקט מיטן דאָקטאָר, האָבן
אייניקע אויסגערופן: „איצט קומט אויף דער אַלטשטאָט"!

די פאַרזאַמלטע האָבן מיט אַ פייפעריי און אומאויפהערלעכע
געשרייען זיך געלאָזט איבער דער פּיעטריקאָווער גאַס אַראָפּ אויף
דער אַלטשטאָט צו אַבּרהם פּרוסאַקס פאַבריק.

„דער צעכוואַליעטער המון, קומענדיק צו פּרוסאַקס פאַבריק,
האָט אויפגעבראָכן דעם טויער, אויסגעהאַקט די שויבן אין דער
וווינונג און אין דער פאַבריק און צעשלאָגן די אַנוועזנדע יידן"**).

---

*) דאָרט.

**) לויט אַרכיוו־מאַטעריאַלן א. ט. אָנפאַל פון וועבער, באַ־
אַרבעט פון ע. איינענקעל: „דער ערשטער בונט פון די לאָדזשער
אַרבעטער אין יאָר 1861", „לאָדזשער יאָר־בוך" II־טער באַנד.

ווייטער דערציילט דער זעלבער פּאָליציייאישער קאָמוניקאַט, אַז די אויפגעוועקטע איינוואוינער פון דער אַלטשטאָט, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם אָנפאַל, האָבן זיך גענומען זאמלען, גרייטנדיק זיך צום אָפּוועך און שפּעטער געפירט אַ קאַמף מיטן המון, וועלכער האָט געמוזט אָפּטרעטן און גיין אַהיים*).

פון דעם דאָזיקן טייל פון פּאָליציייאישן באַריכט, וועלכער ווערט אין זעלבן נוסח אויך איבערגעגעבן דורך דעם דעמאָלטיקן לאָדזשער שטאָט־פּרעזידענט פּראַנצישעק טרעגער, איז נישט קלאָר, ווער ס'איז געקומען פאַרטיידיקן פּרוסאַקס פאַבריק. די פאַרטיידיקער ווערן דאָ אָנגערופן אַנאָנים די איינוואוינער פון אַלטשטאָט. יידן ווערן נישט דערמאָנט, דאַקעגן זאָגט זיך קלאָר, אַז די מאַשינען־ברעכער זענען באַפאַלן און פאַרוואונדעט יידן. ס'איז אויסגעשלאָסן, אַז דער פּאָליציייאישער קאָמוניקאַט זאָל אינגאַנצן נישט דערמאָנען, אַז די פאַרטיידיקער זענען געווען יידן, ווען יידן וואָלטן טאַקע דאָרטן געוועזן.

אין ד"ר פרידמאַנס „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש" ווערט נישט דערמאָנט, אַז יידן פון אַלטשטאָט זאָלן האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר אברהם פּרוסאַקס פאַבריק, דערפאַר געפינען מיר אָבער אין אַנדערע קוועלן אין אַביסל אַ פאַרקריפּלטער פאָרם איבערגעגעבן דעם „וועבער־אָנפאַל" אויף פּרוסאַקס אונטערנעמונגען אויף אַלטשטאָט, וווּ עס ווערט שטאַרק אונטערגעשטראָכן די ראָל פון יידן ביי דעם אָנפאַל. אין דער ביאָגראַפיע פון „ערשטן יידישן דאַמף־פאַבריקאַנט" אברהם משה פּרוסאַק לייענען מיר:

„ווען ר' אברהם משה האָט געבראַכט די מעכאַנישע וועבשטולן, האָט ער צוגענומען צו דער אַרבעט בלויז יידישע וועבער. אויף דער וועבעריי האָבן דאַן נאָך געהאַט אַ חזקה די דייטשע וועבער. ווען זיי האָבן דערהערט, אַז פּרוסאַק האָט געבראַכט מעכאַנישע וועב־שטולן און אַז ער לערנט אויס צו אַרבעטן אויף זיי נאָר יידן, איז געוואָרן אַ גאַנצע מהומה צווישן זיי (צווישן די דייטשע וועבער — א. וו. י.) און זיי האָבן באַשלאָסן אָנפאַלן

*) דאָרט.

אויף פּרוסאַקס פּאַבריק און פאַרניכטן דעם געפערלעכן קאָנקו־רענט — די מעכאַנישע וועב־שטולן*)

ווייטער דערציילט זיך אין דער ביאָגראַפיע, ווי אַזוי די וועבער זענען געגאַנגען חרוב מאַכן די מאַשינען און דער שטאָט־פּרע־זידענט האָט אַרויסגערופן קאָזאַקן פון לענטשיץ. די צעבונטעוועטע דייטשע וועבער זענען נישט אַריינגעלאָזט געוואָרן אין יידישן קוואַרטאַל, פּרוסאַקס דאַמף־פאַבריק איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און „ס'איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם פון דער ערשטער יידישער דאַמף־פאַבריק אין לאָדזש''**).

אַזאַ ענלעכע באַלייכטונג פון דעם ערשטן וועבער־בונט אין לאָדזש געפינען מיר אויך אין אַ דייטש־יידישער צייטשריפט פון 61־טן יאָר, ד. ה. פון דער צייט, ווען דער בונט איז פאָרגעקומען. די צייטשריפט איז דערשינען אין ווין. דאָרט באַשרייבט דער וואַר־שעווער קאָרעספּאָנדענט פון דעם זשורנאַל דעם וועבער־בונט אויף אַזאַ אופן:

„אַ טרויעריקע ידיעה איז היינט אָנגעקומען פון דער דייטשער פאַבריק־שטאָט (? — א. וו. י.). אַ יידישער פאַבריקאַנט האָט פאַר אַ שטיקל צייט געבראַכט אַ דאַמף־מאַשין און דורך דעם האָט ער אָפּגעזאָגט פיל פון זיינע אַרבעטער. חוץ דעם האָט שוין לאַנג די קאָנקורענץ פון די יידישע איינוווינער געוועקט דעם צאָרן פון די דאָרטיקע דייטשע פאַבריקאַנטן. אין דער נאַכט פון 20־סטן אויפן 21־סטן אַפּריל (די דאַטע פון וועבער־בונט — א. וו. י.) זענען אָנגעפאַלן אַ גרויסע צאָל דייטשן אויף זייערע רייכערע יידישע מיטבירגער און האָבן חרוב געמאַכט אַ שפּינעריי ביזן גרונט. די יידן האָבן זיך פאַרטיידיקט; די פּוילישע איינוווי־נער, ווי אויך די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער זענען געקו־

---

*) לאַזאַר קאַהאַנס „אילוסטרירטער יאָר־בוך פאַר אינדוסטריע, האַנדל און פינאַנסן'', זייט 57.

**) דאָרט.

מען די יידן צו הילף. ס'איז דערגאַנגען צו אַ בלוטיק געשלעג, ביי וועלכן פיל זענען פאַרוואונדעט געוואָרן און איינער געהרגעט''*).

ווי מיר זעען, האָבן די ביידע באַשרייבונגען פון וועבער-בונט דעם טיפּישן צוגאַנג פון דער יידיש-בירגערלעכער פּובלי-ציסטיק צו אַ סאָציאַלער געשעעניש. דער אָנפאַל אויף דער יידי-שער פאַבריק, וועלכע האָט געטראָגן אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער פון ברעכן די דאַמף-מאַשינען, ווערט פאַרגעשטעלט ווי אַן אָנ-פאַל אויף יידן און יידישער אַרבעט. אָבער פון די אַרכיוו-מאַ-טעריאַלן, וואָס לאָזן נישט אונטער זיך קיין צווייפל, ווייסן מיר אַז דאָס איז פאַלש. פאַלש איז אויך, אַז אברהם פּרוסאַק האָט צו-גענומען יידישע מעכאַנישע וועבער. (מיר וועלן זיך מיט דעם ענין ספּעציעל באַשעפטיקן אין דעם קאַפּיטל וועגן פּראָלעטאַריזאַציע פון די יידישע מאַסן אין לאָדזש).

איינס איז אָבער כאַראַקטעריסטיש אין דער באַשרייבונג פון דער דייטש-יידישער צייטשריפט, דאָס איז דער אופן פון דער פאַר-טיידיקונג פון פּרוסאַקס פאַבריק; אויך דאָ רעדט זיך, פּונקט ווי אין די אַרכיוו-מאַטעריאַלן, וועלכע מיר האָבן ציטירט, וועגן נע-מען אין שוץ די יידישע אונטערנעמונג קעגן די אָנפאַלער. דער דייטש-יידישער זשורנאַל דערמאָנט שוין אָבער, ווער די פאַרטיי-דיקער זענען געוועזן: יידן, פּוילישע איינוווינער און פּויערים פון די אַרומיקע דערפער.

ווייזט אויס, אַז אַזאַ פאַרטיידיקונג קעגן אָנפאַל אויף פּרו-סאַקס פאַבריק איז טאַקע געוועזן, נאָר די פאַרטיידיקער האָבן משמעות, געמוזט זיין נישט סתם יידן און פּויערים, נאָר די ספּע-ציעלע שומרים, וואָס די באַלוטער און אַלטשטאָטישע ווירטס-לייט און אַנדערע פאַרמעגלעכע, סיי יידישע, סיי פּוילישע פלעגן

*) *Wiener Mitteilungen. Zeitschrift für Wissenschaft und Kunst, orientalische Studien und israelitische Kultur Zustände № 11, 1861* ציטירט פון י. לעשטשינסקיס „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פּוילן'', זייט 79.

האלטן אויף אָפּצוהיטן בײנאַכט זײערע פאַרמעגנס קעגן די באַלו־טער פאַרברעכער־טיפּן. די וועכטער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען און געבילדעט אַ מין פּאַטרול, וואָס איז באַשטאַנען פון יידי־שע און פּױלישע װירטסלײט, געדונגענע שטאַרקע און אויך פּויערים, אַזעלכע פּאַטרולן, ווי עס גיבן איבער עלטערע אַרבעטער. האָבן נאָך עקזיסטירט פאַרן רעוואָלוציע־יאָר 1905. די יידישע באַפעלקערונג האָט זיי גערופן „קניפּל־פּאַטרול". דער „קניפּל־פּאַטרול" איז, מן־הסתם, אויך געוועזן דער פּאַרטיידיקער פון פּרוסאַקס פאַבריק, בעת דעם וועבער־אָנפאַל אין 1861.

אַז דער דאָזיקער אָנפאַל איז נישט געוועזן ספּעציעל געווענ־דעט קעגן יידישן פאַבריקאַנט, באַווייזט דער ווייטערדיקער גאַנג פון וועבער־בונט.

זונטאָג פרי — דערציילט ווייטער דער פּאָליציייאישער קאָ־מוניקאַט פון יענער צייט — האָט דער שטאָט־פּרעזידענט אַרויס־געגעבן אַ צירקולאַר ביז צום אָפּרופן וועגן שליסן 8 אָוונט אַלע צוקערניעס, טרינק־הייזער און ענלעכע אַנשטאַלטן. דאָס דאָזיקע שליסן די עפנטלעכע ערטער האָט דעמאָלט געהאַט די זעלבע באַ־דייטונג, ווי היינט מ'שליסט אַרבעטער־פאַריינען און אַנדערע אינ־סטיטוציעס. די דייטשע וועבער, וועלכע זענען געקומען נאָך לאָדזש, האָבן זיך מיטגענומען זייערע היימישע אַרבעטער־מנהגים. די שענק און טיי־הויז האָט געדינט פאַר אַן אָרט צוזאַמענצוקומען זיך פאַר אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן. יעדעס פאַך, אָדער יע־דער צעך האָט זיך געהאַט זיין קנייפּע, דאָ האָט מען פאַרבראַכט די פרייע צייט און דאָ האָט מען זיך געהיצט קעגן „די בע־זען מייסטער". די פאַראָרדענונג פון פּרעזידענט האָט דעריבער געצילט אין דעם, צוצונעמען פון די צעבונטעוועטע וועבער די מעגלעכקייט צו פאַרזאַמלען זיך. דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן; די וועבער האָבן זיך געזאַמלט אין פאַרשידענע פּונקטן פון שטאָט און לסוף אַוועק אין דערפל „מאַני", וואָס איז געלעגן אין קאָנסטאַנטינער וואַלד.

דאָרט, אין „מאַני", האָט זיך געפונען אַ מעכאַנישע פאַ־

בריק. דער המון האָט זיך געגרייט די פאַבריק צו דעמאָלירן און לכּוף דעם פּראָיעקט פּאַרוואָרפן*).

אין אָוונט האָט זיך דער עולם פאַרזאַמלט אין שטאָט, וואַר־שיינלעך אין פּאַרק זשרודליסקאַ, דאָרט האָבן געהאַלטן רעדעס יו־זעף טשערני, זיין ברודער וואַצלאַוו, יוזעף לאַווין און אַנדערע צופעליקע וועבער. זיי האָבן זיך געקלאָגט אויפן פעלן פון אַרבעט, צוליב וואָס 400 וועבער זענען געבליבן אין „אַ פאַרזאָרגטן מצב" (אַזוי רופן די אָפיציעלע אַקטן אָן די נויט פון די וועבער). „אייגניקע פון די רעדנער, ווי יאַן הילאַך, האָט געחוזקט פון דער פּאָליציי אין „שטורעמדיקע אויסדרוקן" און צוגעגעבן מוט צו גע־וואַלט־טאַטן**).

נאָך די רעדעס זענען עטלעכע טויזנט מאַן, באַוואָפנט מיט דרענגער און שטיינער, אַוועק צו דער פאַבריק פון קאַרל שייבלער. איין אַרבעטער האָט דערביי דערציילט, אַז אַ פעקל שפּינעכץ, אַרויסגעגעבן דורך שייבלערן, איז מיט אַנדערטהאַלבן פונט לייכ־טער, ווי ס'דאַרף צו זיין, און אויף אַזאַ אופן קען ער זיין אַ גרויסער פּריץ און פאַרמאָגן אַזויפיל וואַרשטאַטן.

זיי האָבן אויפגעבראָכן דעם טויער, אויסגעהאַקט די שויבן און פאַרניכטעט די מאַשינען. אין צווישן איז אָנגעקומען קאַרל שייבלער און האָט געבעטן אויפהערן, און ווילנדיק געבן אַ באַווייז פון זיין גוטסקייט, האָט ער זיי צוגעזאָגט בראָנפן מיט ביר. אָבער איין אַרבעטער האָט אויסגערופן: „נעמט נישט פון אים קיין כּיבוד, ווייל ער קאָן אייך נאָך פאַרסמען".

28 מאַשינען זענען צעשטערט געוואָרן. ווען די אַרבעטער זענען צוגעקומען צו די דאַמף־קעסלען, האָבן זיי אומפאַרזיכטיק אַרויסגעלאָזן דעם דאַמף און מורא האָבנדיק פאַר אַן אויפרייס, האָבן זיי די פאַבריק פאַרלאָזט.

---

*) ע. איינענקעל: „דער ערשטער וועבער־בונט פון די לאָדזשער אַרבעטער אין יאָר 1861", לאָדזשער יאָר־בוך" II־טער באַנד, י. 1931.

**) דאָרט.

אינדרויסן האָט מען געהאַלטן רעדעס און מען האָט גע־טיילט ,,געשריבענע דעקלאַמאַציעס״. באַוואָפנט מיט דרענגער, זע־נען זיי אַוועק צו דער אַלטשטאָט. פאָראויס האָט מען געטראָגן א פאָן״*).

אויפן יסוד פון די אַרכיוו־מאַטעריאַלן, וואָס פיגורירן אונ־טערן טיטול: ,,דער אָנפאַל פון די וועבער״, באַשרייבט ווייטער ה׳ איינענקעל דעם קאַמף, וואָס עס איז געפירט געוואָרן אַרום דער פאָן. אין די אַקטן ווערט אָבער נישט דערמאָנט, וואָס פאַרא פאָן עס האָבן געטראָגן די צעבונטעוועטע וועבער און וואָס פאַרא קאָליר זי האָט געהאַט. די פאָן איז אָבער פון די וועבער שטורמיש פאַרטיידיקט געוואָרן.

,,צו אַ צווייטן מאָל דעמאָלירן פון פּרוסאַקס פאַבריק איז שוין נישט דערגאַנגען, ווייל ווען די ,,צעשטערער״ האָבן זיך דער־נענטערט צו דער אַלטשטאָט, זענען אָנגעקומען 50 קאָזאַקן, וועל־כע זענען אַרויף אויפן המון, פאַנאַנדערטרייבנדיק אים, דערביי האָבן אויך געהאָלפן די שטאָטישע פּאָליציאַנטן.

,,בעת דעם אָנגריף פון די קאָזאַקן אויף די צעבונטעוועטע וועבער, האָט דער פּאָליציאַנט אַנדזשעיעווו געוואָלט אָפּנעמען די פאָן. דער פאָן־טרעגער, אויגוסט פּוריץ, האָט זי פאַרטיידיקט און האָט גערופן אַנדערע צום פאַרטיידיקן און קעגנשטעלן זיך דעם אָנגריף. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג, בעת וועלכן ס׳זענען אַרעסטירט געוואָרן עטלעכע פּערזאָן מיט שטעקנס אין די הענט.

פון דער אויספאָרשונג איז מען געוואָר געוואָרן, אַז אַלץ איז געווען פּלאַנמעסיק אָרגאַניזירט. ס׳האָבן אויך אָנטיילגענומען וועבער פון די אַרומיקע שטעטלעך.

די אַרעסטירטע האָבן געשוויגן. סוף כל סוף האָט מען פעסט־געשטעלט 120 שולדיקע, פון וועלכע 41 זענען געבליבן אין אַרעסט, דערפון 3 מייסטערס (קליינע), 30 וועבער־געזעלן, 2 לערן־יינגלעך און 6 אַנדערע אַרבעטער. ,,קיינער פון די אַרעסטיר־טע פאַרמאָגט נישט קיין אומבאַוועגלעכן אייגנטום, אַלע געהערן

*) דאָרט.

צו דעם אָרעמען קלאַס פון די איינוואוינער, וואָס בילדעט געוויינ־לעך אין צייטן פון מיסערפאָלג דעם אָרטיקן פּראָלעטאַריאַט"*).

ווי מיר זעען פון דער שילדערונג, האָט די דאָזיקע ערשטע שטורעמדיקע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע פון לאָדזשער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט, זיך אין דער טאַט מיט גאָרנישט אונטערשיידעט פון זיינע שפּעטערדיקע אַרויסטרעטונגען אין 1892 און אין 1905.

אין דעם קאַמף פון די אַפּריל־טעג אין 1861 האָט נאָר גע־פעלט דער באַוווסטזיניקער ציל, דער סאָציאַליסטישער אידעאַל, וועלכער האָט באַשטראַלט די שפּעטערדיקע אַרבעטער־קאַמפן. אָבער דעם קלאַסישן אָנהויב צו די קאַמפן פון לאָדזשער טעקסטיל־פּראָ־לעטאַריאַט, האָבן געגעבן די וועבער מיט זייער ערשטן וועבער־בונט.

מיט נאָך אַ זאַך האָט זיך דער ערשטער וועבער־בונט אונ־טערשיידעט פון די שפּעטערדיקע אַרבעטער־קאַמפן אין לאָדזש: אין דעם בונט האָבן זיך נישט באַטייליקט אַלע אַרבעטער־שיכטן. לויט די נעמען פון די אַרעסטירטע, געשמיסענע און פאַרמשפּטע, וואָס זענען פאַראייביקט געוואָרן אין פּאָליצייאישן פּראָטאָקאָל, זענען דער ווייט גרעסטער טייל פון די באַטייליקטע אין וועבער־בונט געוועזן דייטשן. אַלנפאַלס זענען אַזעלכע די נעמען פון די הויפּט־פירער. צווישן די „הויפּט־פאַרברעכער" ווערן אויך דער־מאָנט נעמען פון 2 לערן־יינגלעך פּאָליאַקן: לודוויק סנאָפּטשינ־סקי, אַ וועבער־יינגל פון ראַווע און וואַלענטי מארקעוויטש פון לו־טאָמערסק**). לויט דעם אויבנדערמאָנטן נאַציאָנאַלן צוזאַמענ־שטעל פון די באַטייליקטע אין וועבער־בונט פאַלט אינגאַנצן אַוועק די מיינונג פון ד"ר פּרוכניק, אַז אויף דעם וועבער־בונט אין 1861 האָט געהאַט אַ ווירקונג די אַלגעמיינע פּאָליטישע אויפטרייסלונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט פּוילן ערב דעם נאַציאָנאַלן אויפ־שטאַנד***).

*) ע. איינונקעל: „דער ערשטער בונט פון די לאָדזשער אַר־בעטער אין יאָר 1861", „לאָדזשער יאָר־בוך" II־טער באַנד

***) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892", זייט 16.

אין דעם וועבער־בונט האָבן אויך לחלוטין געפעלט די יידי־שע אַרבעטער, הגם יידן האָבן שוין דעמאָלט געוווינט אין לאָדזש קרוב 5000*).

אין דעם פּראָצעס, וואָס איז שפּעטער פאָרפירט געוואָרן קעגן די צעבונטעוועטע, פיגורירט אויך אַ יידישער נאָמען, דאָס איז הערמאַן (חיים) קוך, אַ פריזירער. אים האָט געמסרט דער הויז־וועכטער קאַראָל ראַדוואַלד. לויט זיין מסירה זאָל קוך האָבן זיך געפונען אין אַ שענק אין געזעלשאַפט פון 5 קריסטן, וועלכע האָבן אַרומגערעדט דעם וועבער־בונט, הערמאַן קוך, אַ שטאַרק אויפגע־רעגטער, האָט זיך אָנגערופן: „ס'איז ווייניק, וואָס מ'האָט די פאַבריקן צעקלאַפּט, מ'האָט אויך געדאַרפט דעם אָדלער אַראָפּ־רייסן (דעם רוסישן אָדלער — א. וו. י.). בעת די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען איז קוך פון דער דאָזיקער באַשולדיקונג באַפרייט געוואָרן**).

ווי ס'זאָל נישט האָבן געוועזן די באַטייליקונג פון דעם פרי־זירער אין וועבער־בונט, הייסט עס נאָך נישט, אַז די יידישע אַר־בעטער פון יענער צייט האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן בונט. פאַר־וואָס דאָס איז אַזוי געוועזן און בכלל, ווי עס האָט אויסגעזען דער מצב פון די יידישע אַרבעטער אין יענער צייט, וועלן מיר אַרומ־רעדן אין קומענדיקן קאַפּיטל.

---

*) דייוו פ. פרידמאַן: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש", זייט 32, טאַב. 2.

**) ע. איינענקעל: „דער ערשטער בונט פון די לאָדזשער אַר־בעטער אין יאָר 1861", „לאָדזשער יאָר־בודיי", II־טער באַנד, 1935.

II

# דער פראלעטאריזאציע-פראצעס פון די יידישע מאסן אין לאדזש

דער אָנהויב פון יידישן ישוב אין לאָדזש. — די ערשטע יידישע אַרבעטער און בעל־מלאכות. — אין וועלכע פאַכן זענען יידן אַריינגעדרונגען. — די ערשטע יידישע טעקסטיל־אַרבעטער. — פאַרוואָס זענען יידן נישט אָנגעקומען אין די מעכאַנישע פאַבריקן. — ראָל פון יידישע אַרבעטער אין דער האַנט־וועבעריי.

ווי מיר האָבן געזען, האָבן אין דעם ערשטן קאַמפּס־סטאַדיום פון טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט אין לאָדזש, די יידישע אַרבעטער זיך נישט געפינען. די סיבה איז געווען אַ פּשוטע: דער וועבער־בונט האָט מיט קליינע אויסנאַמען אַרומגענומען נאָר וועבער און אין דעם דאָזיקן פאַך האָבן יידן אין יענער צייט ערשט אָנגעהויבן אַריינצודרינגען. נישט נאָר אין ערשטן קאַמפּס־סטאַדיום פון טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט האָבן יידישע אַרבעטער געפעלט, נאָר בכלל אין ערשטן פעריאָד פון דער אַנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין לאָדזש האָבן יידן אַלס אַרבעטער זיך נישט געפינען.

דער וווּקס און פּראָדוקטיוויזאַציע־פּראָצעס פון די יידישע מאַסן אין לאָדזש איז מתחלת געגאַנגען אויף אַ נאָרמאַלן וועג, פּאַראַלעל מיט דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. די ערשטע יידישע איינוווינער פון לאָדזש זענען אין די אַרכיוו־אַקטן פאַרשריבן אין יאָר 1775. דאָס איז געווען אַ פּאַרפאָלק, ד. ה. 2 מענטשן אויף קרוב 200 איינוווינער. די דאָזיקע ערשטע 2 יידישע איינ־

ווינער אין לאָדזש האָבן, ווי דער גרעסטער רוב יידן אין יענער צייט אין פוילן, זיך פאַרנומען מיט קרעטשמעריי.

מיט וואָסערע 18 יאָר שפּעטער איז שוין צו באַמערקן אַ באַדייטענדן וווּקס פון די יידישע איינוווינער אין לאָדזש מיט אַ גלייכציטיק אַריינדרינגען אין פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען. לויט דער סטאַטיסטיק פון 1793*) האָבן צווישן 191 איינוווינער אין לאָדזש זיך שוין געפינען 11 יידן, 2 משפּחות. איינע האָט זיך פאַרנומען מיט שניידעריי, די צווייטע מיט גאַרבעריי. פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג האָבן יידן אויסגעמאַכט דעמאָלט 5,7 פּראָצענט.

מיט 27 יאָר שפּעטער, ד. ה. אין 1820 זענען אויף 767 לאָדזשער איינוווינער, פאַראַן 282 יידן — 33,8 פּראָצ. דער וווּקס פון דער יידישער באַפעלקערונג איז אַ קאָלאָסאַלער. לאָדזש, וועלכע פאָרמירט זיך אַלס פאַבריקס־שטעטל, ציט צו פון אַנדערע מקומות יידישע הענט, וויליקע צו אַרבעט און פּראָדוקטיווע טעטיקייט. עס קומט פאָר אַ נאָרמאַלער ווירטשאַפטלעכער דיפערענצירונגס־פּראָצעס, פונקט ווי ביי נישט־יידן.

לויט דער טאַבעלע, וואָס עס שטעלט אויף ד"ר פרידמאַן אין זיין „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש", באַקומען מיר פאָלגנדן בילד פון דער פּראָפעסיאָנעלער סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין יאָר 1821:

אויף 24 קריסטלעכע בעל־מלאכות זענען דאָ 23 יידישע, דערונטער 9 שניידער, 8 בעקער, 2 קצבים, 3 גאַרבער, 1 גלעזער, 9 טאָג־לוינער, 2 רבנים און 1 לערער. די תורה גיט די רבנים נאָך ווייניק פּרנסה, מוז איינער פון די כלי־קודש צוהאַנדלען מיט זאַלץ. אַזוי זעט אויס אין לאָדזש די ווירטשאַפטלעכע סטרוקטור פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ערשטן פערטל פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. 50 פּראָצענט פון די עקאָ

---

*) די אַלע דאַטן, צאָלן און אַרכיוו־מאַטעריאַלן זענען גענומען פון דער אויסגעצייכנטער מאָנאָגראַפיע וועגן דער אַנטוויקלונג פון יידן אין לאָדזש: „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש" פון ד״ר פיליפּ פרידמאַן.

נאָמיש־אַקטיווע זענען אַרבעטס־עלעמענטן און די צווייטע 50 פּראָצ. (23) זענען סוחרים.

פאַרגלייכן מיר די דאָזיקע ציפערן מיט די פריערדיקע פון סוף 18־טן י״ה זעען מיר, אַז די ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין לאָדזש איז געגאַנגען אויף אַ נאָרמאַלן וועג, אויף דעם זעלבן וועג, ווי פון דער נישט־יידישער — אין דער ריכטונג פון פּראָדוקטיוויזאַציע, פון אַריינדרינגען אין אַרבעטס־צווייגן, וועלכע שאַפן נוצלעכע זאַכן און זענען דער פונדאַמענט פון דער ווירטשאַפט.

די יידישע מאַסן אין לאָדזש האָבן אין באַגינען פון 19־טן י״ה, בעת ס׳האָט זיך אָנגעהויבן דער אינדוסטריאַליזירונגס־פּראָצעס פון די פּוילישע שטעט, זיך געריסן צו פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען. פאַרשטעלט דעם וועג צו די באַשעפטיקונגען און פאַרקריפּלט דעם נאָרמאַלן פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס, האָט דאָס ניי־אַנטשטאַנענע פּוילישע שטאָטישע בירגערטום, וואָס האָט געוואָלט מאָנאָפּאָליזירן די נייע שטאָטישע פּרנסות פאַר זיך. די יידישע באַפעלקערונג ווערט אין לאָדזש איינגעשלאָסן אין אַן ענגער געטאָ (רעוויר) און מ׳דערלויבט בכלל נישט קיין פריש צוגעוואַנדערטע זיך דאָ באַזעצן. לאָדזש איז אין דער הינזיכט נישט קיין אויסנאַם. דאָס קומט פאָר אין יענער צייט אין אַלע שטעט פון פּוילן, וועלכע שטייען אויף צו אַן אינדוסטריע־לעבן.

אַן אָפּן טירל פון דער געטאָ צום אינדוסטריע־צענטער, ווערט געמאַכט פאַרן יידישן קאַפּיטאַל, אין וועלכן די ניי־אויפגעשטאַנענע פּוילישע אינדוסטריע האָט זיך גענויטיקט. אין די 10 אַרטיקלען, וואָס באַשטימען די געטאָס פאַר יידן אין די פּוילישע שטעט און אויך אין לאָדזש, זענען פאַראַן 3, וואָס אַנולירן די געטאָ־באַגרענעצונגען פאַר „אַלטגלויביקע״, וואָס פאַרמאָגן 20 טויזנט פּוילישע גילדן, פאַר באַנקירן, סוחרים, פאַבריקאַנטן, הויזבאַזיצער און מענטשן פון וויסנשאַפט*), אין וועלכע דער אויפשטייענדער פּוילישער קאַפּיטאַליזם האָט זיך גענויטיקט נישט וויי־

---

*) ד״ר פ. פרידמאַן: „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש״.

ניקער, ווי אין קאפּיטאל. דערפאר ווערן מיט דער גאנצער שטרענגקייט אָנגעווענדעט די יידן־באַגרענעצונגען קעגן די אָרעמע מאסן.

די אויפגעקומענע יידישע בורזשואזיע וואָלט אין דער הינ־זיכט געקענט א סך ענדערן. זי האָט געקענט אין אירע נײַ־אויפ־געבויטע אונטערנעמונגען אַרײַננעמען יידישע אַרבעטער; געוועזן אַפילו א צייט, ווען די פּוילישע מאכט האָט דאָס קאַטעגאָריש פאַרלאַנגט פון די יידישע אונטערנעמער*). אָבער די יידישע בור־זשואזיע אין לאָדזש, ווי אין אַלע אַנדערע שטעט און לענדער, האָט קיינמאָל זיך נישט באַמיט אײַנצושטעלן זיך פאַר דער יידי־שער מאסע און צו זאָרגן פאַר איר ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. מיט איר קאפּיטאל האָט די יידישע בורזשואזיע זיך געמאַכט א וועג פון געטאָ צו דער ברייטער אינדוסטריע־וועלט און איבער־געלאָזט די יידישע מאסע זיך שטיקן אין ענגע, געצײלטע געס־לעך פון דער שטאָט און אין געצײלטע פאַכן, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַרײַננעמען אין זיך די גרויסע צאָל יידישע אַרבעטס־הענט, וואָס האָבן זיך געריסן צו פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען.

צוליב די סיבות זענען נישט געוועזן קיין יידישע אַרבעטס־הענט אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע אין ערשטן סטאַדיום פון איר אַנטוויקלונג. ערשט, ווען עס ווערן אָפּגעשוואַכט, אָדער אינגאַנצן אָפּגעשאַפט די באַגרענעצונגען קעגן יידן אין לאָדזש, ספּעציעל די וווין־באַגרענעצונגען, הויבן אָן יידישע אַר־בעטס־מענטשן אַרײַנצודרינגען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע.

שוין אין די פופציקער יאָרן נאָכן אויסברייטערן דעם יידישן רעוויר, זענען אין די אַרכיוו־אַקטן פאַרצייכנט ווענדונגען פון פּראָווינצער יידישע וועבער, וועגן דערלויבן זיי זיך אַריבערצוציען אין לאָדזש.

אין די ראַפּאָרטן פון לאָדזשער שטאָט־פּרעזידענט, וואָס נע־מען אַרום די יאָרן 1860—1861 און 1862, געפינען מיר פאָלגנדע ציפערן וועגן דער צאָל באַשעפטיקטע יידן אין דער וועבעריי:

---

*) דאָרט, זייט 232, 310.

אין 1860 זענען געווען 28 זעלבסטשטענדיקע וועבער, ד. ה. איינגנטימער פון ווערקשטאטן און 230 הילפס־כחות אדער ארבע־טער. אין 1861 — 37 זעלבסטשטענדיקע מיט 240 הילפס־כחות, אין 1862 האבן מיר שוין 41 זעלבסטשטענדיקע מיט 255 הילפס־כחות*).

אין 1862 ווערן די יידישע וווין־באגרענעצונגען אין לאדזש, ווי אין גאנץ פוילן, אפגעשאפט און פון דאן אן גייט א שנעלער וווקס פון דער צאל יידישע ארבעטער אין דער טעקסטיל־אינדו־סטריע און עס שטארקט זיך אזוי־ארום דער פראלעטאריזירונגס־פראצעס פון די יידישע מאסן אין לאדזש.

אין אנדערע פאכן זענען יידישע ארבעטער אין דער טעק־סטיל־שטאט שטענדיק געווען פארטרעטן אין א גרעסערער צאל. אין שניידעריי, למשל, האבן שוין יידן לאנג פארנומען אן אנגע־זעען ארט. די צאל באשעפטיקטע אין דעם פאך איז געווען פון 40—50 פראצ. פון אלע יידישע בעל־מלאכות**). אבער שניידע־ריי אין יענער צייט האט נישט געקאנט פירן צו א גרעסערער פראלעטאריזאציע, צוליב זיין אויסשליסלעך בעל־מלאכהשן כא־ראקטער און לייכטן אופן צו ווערן זעלבסטשטענדיק. ערשט דאס אריינדרינגען פון יידישע ארבעטער אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, וועלכע האט אנגענומען א גרויס־קאפיטאליסטישן כאראקטער, האט געעפנט א וועג פאר א ברייטער יידישער מאסן־פראלעטאריזאציע. אבער אויך דער דאזיקער פראלעטאריזאציע־פרא־צעס איז נישט געגאנגען מיטן גלייכן און נארמאלן וועג צוליב די שוין פריער דערמאנטע באגרענעצונגען, וואס האבן גורם געווען, יידישע ארבעטער זאלן אריינקומען אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע צו שפעט.

די יידישע הארעפאשניקעס, וועלכע זענען געקומען זוכן אר־

---

*) דארט, זייט 311.

**) דארט, זייט 111.

בעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, האָבן שוין אין די גרויסע מעכאַניזירטע פאַבריקן זיך נישט געקאָנט אַריינבאַקומען. די אַר־בעט אין די פאַבריקן איז שוין געווען אַ חזקה פון נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז מיטגעוואַקסן מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. פרישע אַרבעטס־קרעפטן זענען אין די פאַבריקן אַריינגענומען געוואָרן דורך קרובים, אָדער באַקאַנטע, וועלכע האָבן שוין פון פריער געאַרבעט אין דער פאַבריק. דער רו־טאָג איז גע־ווען זונטאָג. די יידישע אַרבעטער זענען געווען רעליגיעז־פרום און, פאַרשטייט זיך, אום שבת נישט געוואָלט אַרבעטן. דאָס האָט פאַרשלאָסן דעם צוטריט פון יידן אין דער מעכאַנישער פאַ־בריק, ווען אַפילו די יידישע אונטערנעמער וואָלטן אַזאַ צוטריט מעגלעך געמאַכט, בפרט, ווען די יידישע בורזשואַזיע האָט ווייניק־וואָס געקלערט וועגן איר אָרעמען ברודער. די פריש־צוגעקומענע יידישע אַרבעטס־הענט האָבן זיך דעריבער גענומען איינאָרדנען אין סאַמע אונטערשטן שטאָק פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע — אין דער האַנט־וועבעריי און אין די געהילפס־צווייגן, ווי שערער, שפּו־לערינס, שפּולער, שטאַפּערינס א. אַז. וו. אָבער דאָס ענדערט נישט דעם פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון די ניי־אַנטשטאַנענע יידישע אַרבעטס־שיכטן.

די קליינע טעקסטיל־אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן זיך גע־שטיצט בעיקר אויף די פּרימיטיווע האַנט־וועב־שטולן, האָבן באַ־קומען אַ שווערן קלאַפּ נאָך אין יאָר 1844, בעת דעם גרויסן קריזיס. מיטן איינפירן די קראַפט־וועב־שטולן, האָט די האַנט־וועבעריי באַקומען אַן ענטגילטיקן טויט־קלאַפּ, וואָס דאָס האָט געבראַכט צום וועבער־בונט פון 1861. נישט געקוקט אויף דעם, האָט זיך די מעכאַנישע וועב־שטולן אין משך פון צענדליקער יאָרן נישט איינגעגעבן ענטגילטיק אויסצורוימען דעם האַנט־וועב־שטול. ביז דעם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, ד. ה. דורך איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָט זיך די האַנט־וועבעריי אַנטוויקלט פּאַראַלעל מיט דער קראַפט־וועבעריי און געבילדעט אַ וויכטיקן באַשטאַנד־טייל אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע. די יידישע אַרבע־טער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אין דער האַנט־וועבעריי

דאָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ געהעריק וואָגיקן שיכט פון לאָ־דזשער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט.

צום אויפהאַלטן די האַנט־וועבעריי אין משך פון אַזוי פיל יאָרן, נישט געקוקט אויף דער שטאַרקער קאָנקורענץ פון מעכאַנישן וועב־שטול, האָבן גורם געווען אַ גאַנצע ריי סיבות, צווישן וועלכע נישט קיין קליינע ראָל האָבן אויך געשפּילט צוויי שיכטן פון אַרבעטס־כחות, וואָס האָבן נישט געפינען פאַר זיך קיין אַנדער אָרט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ווי נאָר אין דער האַנט־וועבעריי. די דאָזיקע צוויי שיכטן זענען געווען: די צוגעוואַנדערטע פויפּעריזירטע יידן און די אָרעמע פויערים פון לאָדזשער אומגעגנט.

אין 1864 האָט די צאַרן־מאַכט באַפרייט די פּוילישע פויערים פון לייב־אייגנטום, אָבער נישט געגעבן זיי קיין מעגלעכקייט אויסצושטעלן אייגענעווירטשאַפטן. די דערפער אין לאָדזשער אומגעגנט ווערן דער רעזערוואַר, פון וואַנען די טעקסטיל־אינדוסטריע שעפּט אירע פּראָלעטאַריער. אָבער נישט געקוקט אויף דעם ראַשיקן וווּקס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע, קאָנען דאָך די פאַבריקן נישט אַריינגעמען די גרויסע צאָל איבעריקע הענט פון דאָרף. אין די דערפער און שטעטלעך אַרום לאָדזש אַנטשטייט דעריבער די הויז־האַנט־וועבעריי, וועלכע קאָנקורירט מיטן קראַפטשטול און גיט באַשעפטיקונג אַ גרויסע צאָל „באַפרייטע" פויערים. אַזוי־אַרום זענען נישט נאָר יידן געבליבן אין דער האַנט־וועבעריי. אַ באַדייטנדער שיכט פּוילישע פויערים האָבן אויך געמוזט אָנקומען צו דעם פּרימיטיוון וועב־שטול, כדי צו פאַרדינען אויף חיונה.

אַ טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק וועגן דעם קאַמף צווישן מעכאַנישן און האַנט־וועב־שטול גיט יוזעף זשולטאַשעק אין זיין אַרבעט: „די וועב־הויז־אינדוסטריע אין לאָדזשער ראַיאָן":

„נאָך דעם יאָר 1850, ווען עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די צאָל־גרענעץ צווישן רוסלאַנד און קעניגרייך פּוילן, האָט די לאָדזשער גרויס־אינדוסטריע גענומען זיך אַנטוויקלען אויסערגעוויינלעך גיך. דאָך נעבן דער גרויסער פאַבריקס־טעקסטיל־אינדוסטריע, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף גרויסע קאַפּיטאַלן און

אויסגענוצט די נייעסטע טעכנישע דערגרייכונגען, קריכט, ווי נישט קאָנענדיק נאָכאיילן זיין חבר — די הויז־אַרבעט, וועלכע טיילט מיט איר דעם גורל, אָפּט קאָנקורירנדיק און מערסטנטייל אָפּ־טרעטנדיק"*).

די מיטלען, וואָס האַלטן אויף די האַנט־וועבעריי — שרייבט וויטער זשולטאַשעק—זענען: „געשיקטקייט אין דער אַרבעט, לאַנ־גער אַרבעטס־טאָג און דאָס אָפּזאָגן זיך פון די נויטיקסטע לעבנס־באַדערפנישן".

„ביז היינט האָבן די האַנט־וועבער, נישט נאָר זיך אויפגע־האַלטן, נאָר נאָך זיך פאַרשפּרייט אין די דערפער, ווו זיי פאַריי־ניקן די ערד־אַרבעט מיט וועבעריי. די צאָל וואַרשטאַטן, וואָס זענען באַוועגט געוואָרן מיט מענטשלעכע הענט, האָבן פאַר דער מלחמה, ד. ה. אַ האַלבן יאָרהונדערט נאָכן איינפירן דעם מעכאַנישן וועב־שטול — דערגרייכט 20 טויזנט, די צאָל וועבער—17 טויזנט, בלויז לאָדזש אַליין האָט פאַר דער מלחמה געהאַט 1200 כאַלופּ־ניקעס, וועלכע האָבן געהאַט 2500 שטולן מיט 881 געזעלן"**).

דאָס איז די אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק, וועלכע עס גיט זשולטאַשעק דער הויז־וועב־אינדוסטריע, אין דער צייט, ווען עס האָט שוין געקיניגט דער מעכאַנישער וועב־שטול. די יידישע אַר־בעטער, אָבער, וואָס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער וועב־אינדוסטריע האָבן געהאַט אַנדערע באַדינגונגען, ווי די פויערים־וועבער אַרום זעלעוו און קאָנסטאַנטין. דערצו האָבן מיטגעווירקט ספּעציעלע סיבות, וואָס האָבן די האַנט־וועבעריי אין לאָדזש דאַן אַוועקגעשטעלט כמעט אין אַ גלייכער ליניע מיט דער קראַפט־וועבעריי.

אין די ערשטע צענדליקער יאָרן פון מעכאַניזאַציע־פּראָצעס אין דער וועבעריי, האָבן נישט אַלע סאָרטן סחורות געקאָנט אויס־

*) יוזעף זשולטאַשעק: „די וועב־הויז־אינדוסטריע אין לאָ־דזשער ראַיאָן", אָפּדרוק פון „עקאָנאָמיסטאַ", זייט 2—3.

**) דאָרט, זייט 2—3 און 10.

געארבעט ווערן אויפן מעכאנישן שטול. ספּעציעל איז דאָס גע־
ווען נוגע געבלימלטע סחורות, וואָס מ׳האָט אויסגעאַרבעט מיט
זשאַקאַרד־מאַשינען, פּיינע וואָלענע און ביינוואָלנע קאָפּ־טיכלעך און
די שווערע וואָלענע טיכער, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אָפּ־
זאַץ אין רוסלאַנד. אין דעם דאָזיקן צווייג זענען נאָך ביז היינט
פאַראַן האַנט־וועב־פאַבריקן, וואָס באַשעפטיקן יידישע אַרבעטער,
וועלכע פאַלן אַרונטער דעם אַלגעמיינעם קאָלעקטיוון אָפּמאַך אין
דער טעקסטיל־אינדוסטריע*). בכלל גענומען, האָט דער געוואַל־
טיקער אויפשטייג פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין לאָדזש נאָכן
עפענען דעם רוסישן מאַרק פאַר פּוילישע אויסאַרבעטונגען, אויף
אַזוי פיל פאַרגרעסערט דעם אָפּנעם פון לאָדזשער אויסאַרבעטונ־
גען, אַז די מעכאַנישע פאַבריקן אַליין האָבן נישט באַוויזן אַלץ
אויסצואַרבעטן. אויף אויפצושטעלן נייע פאַבריקן מיט מאַשינען,
האָט מען געדאַרפט קאַפּיטאַלן. אַ חוץ דעם האָט עס געמוזט פאַר־
נעמען אַ לענגערע צייט, ביז וואַנען די נייע פאַבריקן האָבן געקאָנט
ליפערן סחורה. האָט מען אין דער גרויסער האָסע־צייט דערווייל
געאַרבעט אויף האַנט־וועב־שטולן, וועלכע האָבן נישט געפאָדערט,
נישט קיין גרויסע קאַפּיטאַלן און נישט קיין צייט־פאַרלוסט. צו דער
דאָזיקער האַנט־וועבעריי־אַרבעט, וועלכע האָט נאָך געקאָנט אויס־
האַלטן די קאָנקורענץ מיטן קראַפט־שטול, האָבן זיך דאָס געצויגן
טויזנטער יידישע אַרבעטס־הענט פון פאַרשידענע שטעט און שטעט־
לעך פון קעניגרייך־פּוילן.

אַ ספּעציעלע אויפלעבונג אין דער האַנט־וועבעריי איז געקו־
מען אין אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן. דער שוין דורך אונז צי־
טירטער זשולטאַשעק שרייבט וועגן דעם:

„אַרום 1880 לאָזט זיך אין קעניגרייך פּוילן באַמערקן אַ גע־
וואַלטיקער וווּקס פון דער וואָל־אינדוסטריע. דאָס האָט זיך אָפּגע־
שלאָגן אויך אויף דער האַנט־וועבעריי. די פאַרפאָלגטע יידן אין

---

*) „נייע פאָלקסצייטונג" נר. 162 פון 1937, לאָדזשער
זייט „דער „טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט פאַר בעסערע אַרבעטס־באַ־
דינגונגען".

רוסלאַנד*), וועלכע האָבן גוט געקענט די רוסישע מערק, זענען גע־קומען אין קעניגרייך פּוילן. צווישן אַנדערע שטעט, האָט אויך זדונסקאַ וואָלאַ זיי צו פאַרדאַנקען דאָס אָרגאַניזירן די הויז־וואָל־וועבעריי**).

זשולטאַשעק שרייבט וועגן דער איינוואַנדערונג פון די רו־סישע פּאָגראָמירטע יידן פּוילן, אָבער עס פאַרשטייט זיך, אַז די אונטערנעמער פון וואָל־אויסאַרבעטונגען, וועלכע האָבן געטראָפן קיין זדונסקאַ וואָלאַ, האָבן מסתמא אויך נישט אַדורכגעלאָזט לאָדזש.

אויך אַנדערע קוועלן געבן אָן וועגן אַ שטאַרקן אויפשטייג פון דער וואָל־אינדוסטריע אין לאָדזש און וועגן אַנטשטיין פון נייע האַנט־וועב־פאַבריקן, ווו עס האָבן באַקומען אַרבעט יידישע אַרבעטער.

אין די ביאָגראַפיעס פון לאָדזשער אינדוסטריעלער, וועלכע עס האָט באַאַרבעט לאַזאַר קאַהאַן, געפינען מיר נעמען פון אַ גאַנ־צער ריי יידישע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן אין די 70־ער יאָרן אָנגעהויבן זייער אינדוסטריעלע טעטיקייט מיט אויסאַרבעטן וואָל־סחורות, וואָלענע טיכער אויף האַנט־וועב־שטולן, ביי וועלכע ס'זענען געוועזן באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער. וועגן דעם פאַברי־קאַנט יעקב וואָידיסלאַווסקי, וועלכער איז זייער באַקאַנט דעם על־מערן דור יידישע אַרבעטער, דערציילט ל. קאַהאַן:

„אין יאָר 1876 האָט ער שוין די מעגלעכקייט זיין פאַברי־קאַט צו פאַרברייטערן און הויבט אָן אויסצואַרבעטן אויך וואָלע־נע סחורות... די וואָלענע סחורות באַקומען אַ גוטן נאָמען אויפן דעמאָלטיקן רוסישן מאַרק און דאָס געשעפט צעוואַקסט זיך אַזוי שיין, אַז עס איז פאַראַן אַ נויטווענדיקייט צוצוטרעטן צו אַן איי־גענער פאַבריק... (פריער האָט ער געגעבן אַרבעט לוין־וועבער כאַ־

---

*) אין 1881, נאָך דער דערמאָרדונג פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, האָבן זיך אין רוסלאַנד אין אַ גאַנצע ריי שטעט און דער־פער אָנגעהויבן קעגן יידן אַכזריותדיקע פּאָגראָמען.

**) יוזעף זשולטאַשעק: „די וועב־הויז־אינדוסטריע אין לאָדזשער ראַיאָן", זייט 6.

לופּניקעס — א. וו. י.). ער האָט אָנגעהויבן פאַבריצירן זומער־טיכלעך און שטאַרק קאָנקורירט מיט דעם דעמאָלסטיקן פּעטער־בורגער פאַבריקאַנט טאָרענטאָן און באַקומען אַ שטאַרקע פאַרשפּריי־טונג אין גאַנץ רוסלאַנד. וואָידיסלאַווסקי פאַרנעמט אַזוי־אַרום אַ חוץ אין וואָל־אויסאַרבעטונגען אַ באַדייטנדן פּלאַץ אויך צווישן די טיכער־פאַבריקאַנטן אין לאָדזש. אַזוי ווי טיכער האָט מען גע־אַרבעט אויף האַנט־וועב־שטולן, האָט ער ביי דער דאָזיקער פּראָ־דוקציע באַשעפטיקט יידישע האַנט־וועבער"*).

אַ צווייטער פאַבריקאַנט, חיים יעקב ווישליצקי, מיט וועלכן מיר וועלן זיך נאָך באַגעגענען אין אונזער געשיכטע, ביי די קאַמפן, וואָס די יידישע אַרבעטער האָבן געפירט מיט זייערע אונטערנע־מער — שטעלט אויף אַן אייגענע האַנט־וועבעריי אין יאָר 1881.

„אין לאָדזש האָט מען צו יענער צייט אָנגעהויבן געשמאַק פאַבריצירן טיכער. ווישליצקי זעט, אַז טיכער איז אַ גוטער עסק און ער נעמט זיך אויך צו אַט דעם אַרטיקל. די טיכער פון דער פירמע ח. י. ווישליצקי, באַזונדערס די טאָפּל־טיכער, האָבן זייער גיך דערוואָרבן אַ גוטע מאַרקע אויפן רוסישן מאַרק און מ'האָט זיי אָן זוכן"**).

דער באַקאַנטער טיכער־פאַבריקאַנט ב. וואַקס, וועלכער איז אין לאָדזש אַמאָל אָנגערופן געוואָרן דער „טיכער־קעניג", איז גע־קומען אין לאָדזש אין יאָר 1879... מיט דער צייט הויבט ער אָן פאַבריצירן זיידענע טיכלעך. ביז ער באַקומט ענדלעך די מעגלעכ־קייט אויפצושטעלן אַן אייגענע האַנט־וועבעריי מיט אַן ערך 100 וועב־שטולן און הויבט אָן אויסצואַרבעטן וואָלענע טאָפּל־טיכער, וועלכע ווערן גיך אָנגענומען אויפן רוסישן מאַרק***).

אַזוי חזרן זיך איבער כסדר אין די ביאָגראַפיעס פון די יידישע פאַבריקאַנטן, די זעלבע איינצלהייטן בנוגע זייער

---

*) לאַזאַר קאַהאַנס אילוסטרירטער יאָר־בוך פאַר אינדו־סטריע, האַנדל און פינאַנסן, זייט 30—31.

**) דאָרט, זייט 36.

***) דאָרט, זייט 32.

פאַבריקאַציע: געגומען זיך צו טיכער, געפונען אַ גוטן אָפּזאַץ־מאַרק אין רוסלאַנד און געאַרבעט אויף האַנט־וועב־שטולן.

ירחמיאל ליפשיץ האָט אין 1879 פאַרלייגט אַ האַנט־וועבעריי אויף אויסצואַרבעטן קליינע קאָפּ־טיכלעך. מאַרקוס קאָהן, וועלכער האָט זיך גענומען צו פאַבריקאַציע אין יאָר 1866, האָט אין זיין האַנט־וועבעריי אָנגעהויבן פאַבריצירן פאַרשידענע קאָרטן און וואָלענע סחורות. עס איז אים גוט אַוועק. די פירמע האָט אויך אַ צייט לאַנג פאַבריצירט טיכער. יעקב קעסטענבערג האָט מיט דעם נדן און געלט, וואָס ער האָט באַקומען פון זייער פאָטער, געגרינדעט אין יאָר 1875 אַ גרויסע האַנט־וועבעריי מיט 60 שטולן און הויבט אָן אַרבעטן „קאַזשמיעזש״. די פירמע שטילער און ביעלשאָווסקי, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1875, האָט געשאַפן אַ האַנט־וועבעריי פון 60 שטולן, וועלכע האָבן אויסגעאַרבעט קאַזשמיעזש־טיכער. יוסף שעפּס, האָט אין 1860 געגרינדעט אַ פאַבריק פון טוך, ער האָט אָנגעהויבן מיט 10 האַנט־שטולן, ביסלעכווייז האָט ער זיין פאַבריק פאַרגרעסערט און אין 1890 האָט ער שוין געהאַט אַן אייגענע פאַבריק פון האַנט־ און קראַפט־שטולן. ביי די אַלע אויסגערעכנטע יידישע פאַבריקאַנטן זענען דאָס רוב געווען באַשעפטיקט יידישע וועבער אויף האַנט־וועב־שטולן*).

לאַזאַר קאַהאַן כאַראַקטעריזירט אין זיין דערמאָנטן בוך אויף פאָלגנדן אופן די אַנטוויקלונג פון דער טיכער־בראַנזשע אין לאָדזש:

„טיכער האָט מען פאַרן קריג אויך אויסגעאַרבעט אין טשעכיען און אין דייטשלאַנד, דאָרט האָט מען פאַבריצירט קאָפּ־טיכלעך, לייכטע קאַזשמיר־טיכלעך און רייזע־פלעדס. די טיכער־פאַבריקאַציע האָט זיך אין די דערמאָנטע מדינות נישט שטאַרק אַנטוויקלט און האָט פאַרנומען אַ גאַנץ באַשיידן אָרט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע פון יענע לענדער.

„לאָדזש האָט אין דער טיכער־בראַנזשע עפּעס מחדש געווען, אין לאָדזש האָט מען אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן אַ נייעם סאָרט טוך, וואָס האָט פאַר דער רוסישער פויערטע געקאָנט דינען פאַר

*) די אַלע דאַטעס און ציפערן זענען גענומען פון לאַזאַר קאַהאַנס „אילוסטרירטן יאָר־בוך פאַר האַנדל און פינאַנסן״.

אַ גאַנצן מלבוש — דאָס דאָפּל־טוך. דער לאָדזשער יידישער פאַ־
בריקאַנט האָט פאַר די אויגן שטענדיק געהאַט דעם רוסישן גע־
ברויכער און צו זיינע באַדערפענישן צוגעפּאַסט די פּראָדוקציע
און געשאַפן אַזעלכע אַרטיקלען, וואָס האָבן געקאָנט געפינען
אַ גוטן אָפּזאַץ אויפן רוסישן מאַרק"*).

אַזוי־אַרום האָט די דאָזיקע טיכער־פּראָדוקציע אויפגעלעבט
דעם האַנט־וועב־שטול, וועלכער איז שוין פון לאַנג געווען פאַר־
משפּט צום טויט, דורך דעם מעכאַנישן שטול. די פּרימיטיווע
האַנט־וועבעריי האָט זיך אַרויסגעוויזן דורך לאַנגע יאָרן פאַר אַמ־
בּאַסיקסטן צו דער טיכער־פּראָדוקציע און אין דעם צווייג פון וועב־
עריי איז פאָרגעקומען דער גרויסער פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס
פון די יידישע מאַסן. אַ חוץ פאַר טיכער האָט דער האַנט־וועב־
שטול זיך אַרויסגעוויזן פאַר נוצלעך צו נאָך אַ סאָרט וועב־פּראָ־
דוקציע, וואָס יידישע פאַבריקאַנטן זענען געווען די אויפטוער
דערפון: דאָס איז די אויסאַרבעטונג פון אַ מין ערזאַץ־וואָל, אי־
בערגעאַרבעט פון וואָלענע שמאַטעס, ווי אויך וויגאָניע־אויסאַרבע־
טונגען, וועלכע האָבן צוליב זייער שוואַכן פאָדעם נישט געקאָנט
גיין אויף די קראַפט־שטולן און געמוזט אָנקומען צו האַנט־וועבע־
ריי. דער האַנט־וועבער, וועלכער האָט באַוועגט די פעדעם־האַלטערס
מיט זיינע פיס, האָט זיך אויסגעאַרבעט אין זיינע גלידער אַזאַ פיין
געפיל פאַרן פאָדעם, אַז אפילו די שוואַכסטע מאַטעריאַלן האָבן גע־
קאָנט באַאַרבעט ווערן.

דאָס איז געווען דער חילוק אין יענער צייט, צווישן דער
האַנט־וועבעריי אין לאָדזש, מיט דער האַנט־וועבעריי אויף די דער־
פער און אין די קליינע שטעטלעך. די אָרעמע פויערים האָבן טאָקע
בוכשטעבלעך קאָנקורירט מיט דעם קראַפט־וועב־שטול דורך אַר־
בעטן 18—19 שעה אין מעת־לעת און נעמען באַצאָלט גראָשנס.
[illegible]ת אויך די לאָדזשער האַנט־וועבעריי האָט געאַרבעט אַ לאַנ־
גן אַרבעטס־טאָג, אָבער ער איז געווען קלענער, ווי אויף די דער־
פער און שטעטלעך. דער לאַנגער אַרבעטס־טאָג איז געווען אַן

*) דאָרט, זייט 32.

אַלגעמיינע דערשיינונג אין דער גאַנצער לאָדזשער טעקסטיל־אינ־דוסטריע. ערשט דער קאַמף פון די אַרבעטער האָט די אַרבעטס־צייט פאַרקלענערט, אַזוי גוט פאַר די האַנט־שטולן, ווי פאַר די קראַפט־פאַבריקן.

אויף די דאָרפישע האַנט־וועב־שטולן איז אויסגעאַרבעט גע־וואָרן די זעלבע סחורות, וואָס אין די לאָדזשער קראַפט־וועב־פאַבריקן. „זעלעוו מיט אירע דערפער פּראָדוצירט דאָס אייגענע וואָס די גרויס־אינדוסטריע אין לאָדזש און אַרבעט בעסער און גי־כער"*).

אַנדערש איז געווען מיט דער האַנט־וועבעריי אין לאָדזש. דאָ איז דער האַנט־וועב־שטול צוליב די אָנגעוויזענע סיבות גע־ווען דערוויי'ל אַ השובער אַרבעטס־וואַרשטאַט, וועלכער האָט זיך נישט געלאָזט אַרויסשטופּן דורך דעם קראַפט־וועב־שטול. מיט: ווייטערדיקן וווּקס פון דער טעקסטיל־אינדוסטריע האָבן זיך אויף אַזאַ אופן אַנטוויקלט גרעסערע האַנט־וועב־פאַבריקן און לוין־וועבערייען מיט אַ גרויסער צאָל יידישע אַרבעטער.

די האַנט־וועבער האָבן געבילדעט דעם רוב פון יידישע טעק־סטיל־פּראָלעטאַריאַט. אַ חוץ זיי האָט זיך נאָך אויסגעבילדעט אַ ספּעציעלער שיכט יידישע אַרבעטער, וועלכער האָט באַקומע־באַשעפטיקונג אין די מעכאַנישע טעקסטיל־פאַבריקן.

די וואָל־וועבערייען האָבן געשאַפן אַ ספּעציעל פאַך: שטאָפּע־ריי. דאָס איז אַ פאַך פון אַריינציען אין די אָפּגעוועבטע סחורות די פעדעם, וואָס דער וועבער האָט פאַרפעלט. אין דעם פאַך האָבן באַקומען באַשעפטיקונג יידישע מיידלעך אַלס שטאָפּערינס. זיי זע־נען געווען די ערשטע יידישע באַשעפטיקטע אין די מעכאַנישע פאַבריקן ביי פשוטער אַרבעט.

וועגן דעם אָנהויב פון דער יידישער פרויען־אַרבעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, ספּעציעל אין שטאָפּעריי, געפינען מיר

*) יוזעף זשולטאַשעק: „די וועב־הויז־אינדוסטריע אין לאָ־דזשער ראַיאָן".

אַ קורצע אָבער כאַראַקטעריסטישע באַשרייבונג אין דער ביאָגראַ־פיע פון טעקסטיל־פאַבריקאַנט אברהם הירש גליקסמאַן. די ביאָ־גראַפיע איז אַרויס פון דרוק אין העברעאיש א. נ. „תפארת אדם״. דער מחבר איז גליקסמאַנס זון פנחס זעליג. דאָרט לייענען מיר:

„אין הויז פון מיין פאָטער האָבן די מוטער און שוועסטער מיטגעהאָלפן אין דער מלאכה. זיי האָבן אַרויסגעצויגן די קליינע קניפּן, וואָס מאַכן זיך אין קאַמגאַרן, בעתן וועבן און האָבן אַריינ־געצויגן די פעדעם, וואָס האָבן געפעלט. דאָס איז געווען אַ מוסטער אויך פאַר אַנדערע יידישע פאַמיליעס, צו טון די מלאכה אָן בושה. נאָכדעם האָבן אָנגעהויבן קומען אין מיין טאַטנס הויז מיידלעך פון מיוחסדיקע משפחות, כדי זיך אויסצולערנען די אַרבעט און צו געפינען אַ פּאַסיקן פאַרדינסט. אויך די אַרבעט פון די פרויען (נופּן און שטאָפּן אין העברעאישן אָריגינאַל) איז געווען אַ צווייג פון אַ לייטישער פּרנסה, ווייל אַ סך מענטשן וואָס עס האָט זיי געפעלט פּרנסה אין די קליינע שטעטלעך און טעכטער האָבן זיי געהאַט, זענען געקומען וווינען אין לאָדזש, מיט דער האָפנונג, אַז זיי וועלן זיך אויסלערנען די מלאכה און מ׳וועט ציען פון דעם פּרנסה״*).

ס׳איז נישט וויכטיק, צי די אַרבעט פון שטאָפּן און נופּן האָט זיך אָנגעהויבן גראָד אין הויז פון אברהם הירש גליקסמאַן, אָבער דער אויבנגעבראַכטער פאַקט, אַז ביי קליינע פאַבריקאַנטלעך פון וואָלענע סחורות האָבן פרויען און טעכטער געאַרבעט ביים שטאָפּן די סחורות און שפּעטער האָבן זיך דאָס פאַך אויסגעלערנט טעכ־טער פון פּרנסהלאָזע פאַמיליעס, גיט אַ קלאָר בילד וועגן דעם אָנ־הויב פון דער יידישער פרויען־אַרבעט אין דער טעקסטיל־אינדו־סטריע. די אויבן ציטירטע באַשרייבונג באַציט זיך אויף די 70־ער יאָרן. שוין דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַריינציען פון די יידישע פרויען אין דער טעקסטיל־פּראָדוקציע.

---

*) תפארת אדם תאורים ביוגרפיים, ערוך ע״י בנו פנחס זעליג גליקסמאַן מלודזש, זייט כ״ו.

דאָס שטאָפּער־פּאַך האָט באַשעפטיקט אויסשליסלעך פרויען. עס איז אָבער געוועזן נאָך אַ פאַך אין דער מעכאַניזירטער פאַבריק, וווּ יידן האָבן זיך גאַנץ פרי אַריינבאַקומען, דאָס איז דאָס שערער־פאַך. „שערן", דאָס איז זייער אַ קאָמפּליצירטע אַרבעט דאָס אויפוויקלען אַ קעטע פון איינצלנע פעדעם, וועלכע זענען געוויקלט אויף באַזונדערע שפּולן, פאָדערט אַ פאַרשאַרפטע פּילבאַרקייט אין די הענט, אַ באַזונדערע אָנגעשטרענגטקייט פון דער ראיה און בכלל מוז דער קאָפּ זיין ביי דער מלאכה שטאַרק טעטיק. צו דער אַרבעט האָבן זיך גוט געאייגנט די יידן און זיי זענען דעריבער מאַסנווייז אַריינגעדרינגען אין שערער־פאַך. אויך אין אַנדערע נעבן־צווייגן, ווי שפּולן, טרייבן מאַשין־טרייבן, געהילפעריננס ביי שערער האָבן יידישע פרויען באַקומען אַרבעט.

אויף דעם דאָזיקן וועג איז פאָרגעקומען דער פּראָלעטאַריזאַציע־פּראָצעס פון די יידישע מאַסן אין לאָדזש.

די יידישע אַרבעטער האָבן אין לאָדזש פאַרנומען זייער אָנגעזעענעם אָרט אין דער טעקסטיל־פּראָדוקציע. דער ווייטערער וועג פון דער האַנט־וועבעריי האָט געפירט אין דער מעכאַניזירטער פאַבריק. די יידישע אינדוסטריעלער זענען רייך געוואָרן פון יידישע האַנט־וועבער. די קאַפּיטאַלן פון די וואָידיסלאַווסקים, ווישליצקים און ליפשיצם זענען ריזיק אויסגעוואַקסן, זיי האָבן זיך אויפגעשטעלט קראַפט־פאַבריקן, אָבער דעם יידישן אַרבעטער האָבן זיי שוין אהין נישט אַריינגעלאָזט.

יעקב וואָידיסלאַווסקי האָט פאַרן קריג געמאַכט אַן אומזאַץ אויף 3 מיליאָן רובל אַ יאָר און אויף 1000 אַרבעטער באַשעפטיקט 200 יידישע אין דער האַנט־וועבעריי. ב. וואַקס האָט אין 1904 אויפגעשטעלט אַ וואָל־שפּינעריי מיט 11000 שפּינדלען, אַ מעכאַנישע וועבעריי מיט 214 שטולן, צו וועלכע די יידישע אַרבעטער האָבן צו יענער צייט קיין צוטריט נישט געהאַט. זיי זענען געבליבן ווייטער באַשעפטיקט אין וואַקס טיכער־פאַבריק און האַנט־וועבעריי. ווישליצקי האָט אויפגעשטעלט אַ מעכאַנישע וועבעריי אין 1895 א. אז. וו. די אַלע פריער דערמאָנטע יידישע אינדוסטריע־

לער*) זענען גרויס געוואָרן פון דער יידישער האַנט־וועבער־האָרע־וואַניע און שפּעטער דערפאַר אָפּגעדאַנקט די יידישע האָרעפּאַש־ניקעס דורך נישט אַריינלאָזן זיי אין די מעכאַנישע פאַבריקן.

מיר האָבן פריער אָנגעגעבן מאָטיוון, הלמאַי די יידישע אַר־בעטער זענען נישט געגאַנגען אין די מעכאַנישע וועבערייען (זע זייט 23). אין דעם פעריאָד, וועלכן מיר באַהאַנדלען איצט, האָבן די דאָזיקע מאָטיוון שוין נישט געקאָנט האָבן קיין ווירקונג. די יידישע אַרבעטער זענען שוין געוועזן אין די פאַבריקן. זיין, דעם יידישן אַרבעטערס האַנט־וועב־שטול, איז פאַרטוישט געוואָרן אויף אַ מעכאַנישער שטול. עס וואָלט דעריבער געוועזן דער לייכטסטער אופן, דער יידישער אַרבעטער זאָל זיך אויסלערנען וועבן אויף קראַפט און אַריינקומען אין דער מעכאַנישער פאַבריק. אַ שטערונג האָט געקאָנט זיין אין דעם שבת־רו, צו וועלכן די יידישע אַרבע־טער זענען געוועזן, צוליב זייער פרומקייט, צוגעבונדן, אָבער אויך די מניעה, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָט זיך ביי אַ גוטן ווילן געלאָזט באַזייטיקן. אויך די קעמפערישקייט פון די יידישע אַרבעטער האָט דעמאָלט נישט געקאָנט קומען אין באַ־טראַכט, ווייל דער פּראָווינצער יידישער אָרעמער מענטש, וואָס איז געקומען אין לאָדזש זוכן חיונה, איז געוועזן אַ פּאַסיק מאַטעריאַל פאַר עקספּלואַטאַציע און אויסנוצונג.

אויב די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן דאָך באַזייטיקט די יידי־שע וועבער צוזאַמען מיט די פאַרעלטערטע האַנט־וועב־שטולן, איז בעיקר צוליב דעם קאַפּיטאַליסטישן אינטערעס, וואָס די יידישע אונטערנעמער האָבן דערביי געהאַט. די צייט איז געוועזן אַ ברע־נענדיקע, סחורה האָט מען געדאַרפט לרוב און דער אונטערנע־מער האָט נישט געוואָלט פאַרלירן קיין צייט אויף אויסצולערנען איניקע הונדערט יידישע וועבער אויף מעכאַנישע שטולן, בעת ער האָט געקאָנט באַקומען קוואַליפיצירטע אַרבעטער.

אָבער מיט דעם אַנטשטיין פון נייע מעכאַנישע פאַבריקן איז די האַנט־וועבעריי לעת־עתה נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. די איי־

*) לאַזאַר קאַהאַנס אילוסטרירטער יאָר־בוך פאַר אינדו־סטריע, האַנדל און פינאַנסן.

נענע יידישע פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן אויפגעשטעלט מעכאַני־שע שטולן, האָבן ווייטער געטריבן זייער טיכער־פּראָדוקציע אין די האַנט־וועבערייען. דער גירוש מאָסקווע אין 1891 האָט געבראַכט נאָך לאָדזש פרישע יידישע סוחרים און אונטערנעמער, וועלכע האָבן ווייטער אַנטוויקלט די וואָל־אינדוסטריע און טיכער־פּראָדוק־ציע, בעיקר פאַרן רוסישן מאַרק. די האַנט־וועבעריי האָט ווידער באַקומען נייע נער־כחות און געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט צוזאַ־מען מיט דער גאַנצער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע.

*

וועגן דעם וווּקס פון יידישן פּראָלעטאַריאַט און זיין צאָל־פאַרהעלטעניש אין משך פון די 3 יאָר־צענדליק, צייט דעם אָנהויב פון אַריינדרינגען פון יידישע אַרבעטער אין דער טעקסטיל־אינ־דוסטריע ביז די 90־ער יאָרן זענען קיין גענויע ציפער נישט פאַראַן. ס'איז נאָר באַוווּסט פון אַ ציילונג, וועלכע די רוסישע מאַכט האָט אַדורכגעפירט אין קאָנגרעס־פּוילן אין 1885, וועגן דער צאָל פאַבריקן און זאַוואָדן, אויף וועלכע ס'אַרבעטן נישט ווייני־קער, ווי 25 מענטשן. אין אַזעלכע פאַבריקן זענען יידן אין לאָדזש אַלס אַרבעטער נישט געווען אינגאַנצן בנמצא*). די שטאַרקע אי־מיגראַציע, וועלכע איז געגאַנגען פון שטעט און שטעטלעך נאָך לאָדזש, זאָגט אָבער עדות וועגן דעם גרויסן פּראָלעטאַריזירונגס־פּראָצעס פון די יידישע מאַסן, וועלכע די אינדוסטריע־שטאָט האָט פאַרשלונגען.

אין אַלגעמיין באַמערקט זיך ביי דער יידישער באַפעלקערונג פון קאָנגרעס־פּוילן אין דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונ־דערט אַן אינטערעסאַנטע מיגראַציע־דערשיינונג. נעמלעך: אַן אי־בערוואַנדערונג פון די קליינע שטעטלעך אין די גרעסערע אינ־דוסטריע־צענטערן.

לויט דער אויפגעשטעלטער סטאַטיסטיק פון באָהדאַן וואַשיו־טינסקי, האָבן אין 58 קלענערע און גרעסערע שטעט פון קאָנגרעס־

*) „וואַרשאַווסקי דניעווניקי", 1886, נומ. 147, ציטירט אין „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פּוילן" פון יעקב לעשטשינ־סקי.

פּוילן אין די יאָרן צווישן 1857 און 1897 די יידישע באַפעלקע־רונג אין דורכשניט זיך פארקלענערט אויף 6 און 12 פּראָצענט און אין אייניקע ערטער אפילו אויף 16 פּראָצ. אין 48 שטעט, דע־רונטער די גרעסערע אינדוסטריע־צענטערן, האָט זיך די יידישע באַפעלקערונג פארגרעסערט. אין אַ העלפט פון די דערמאָנטע ישובים פון 12 ביז 16 פּראָצ. אין אייניקע שטעט פון לאָדזשער וואָיעוואודזטווע און אין לאָדזש האָט זיך דער פּראָצענט־זאַץ פון דער יידישער באַפעלקערונג כמעט ווי פארדרייפאַכט. אין לאָדזש האָט די פּראָצענט־פארהעלטעניש פון יידישע צו נישט־יידישע איינוואוינער אויסגעמאַכט אין 1857 — 11,7 און אין 1897 — 31,8. זדונסקא־וואָלאַ, אַ טעקסטיל־שטעטל נישט ווייט פון לאָדזש, האָט אין 1857 געהאַט 26,4 פּראָצ. יידישע איינוואוינער און אין 1897 — 46 פּראָצ. די צאָל יידישע איינוואוינער איז אַזוי־אַרום אין לאָדזש געוואַקסן פון 2,886 אין יאָר 1857 אויף 98,386 אין יאָר 1897, אָדער עס זענען צוגעקומען אין דעם דערמאָנטן משך צייט 95,500 יידישע איינוואוינער*).

פארשטייט זיך, אַז נישט אַלע האָבן באַקומען באַשעפטיקונג אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע, אָבער דער דאָזיקער ציפער־וווּקס זאָגט עדות וועגן דער גרויסער ראָל פון לאָדזש אין דערווירט־שאַפטלעכער אומשיכטונג און פּראָלעטאַריזאַציע־פּראָצעס פון די יידישע מאַסן אין געוועזענעם קאָנגרעס־פּוילן.

די אויבנגעבראַכטע ציפערן פון דער יידישער עמיגראַציע אין לאָדזש זענען נוגע די יאָרן 1857 ביז 1897. עס וואָלט אָבער געווען פאַלש אָנצונעמען, אַז די יידישע איינוואַנדערונג פון די קליינע שטעטלעך קיין לאָדזש איז אָנגעגאַנגען אין די אַלע

---

*) באָהדאַן וואַשיוטינסקי: „די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן אין 19־טן און 20־טן י״ה״י. היסטאָרישע שטודיע. די אויפ־געשטעלטע ציפערן אין דעם בוך זענען געבראַכט אויפן יסוד פון דער ערשטער אַלגעמיינער פאָלקסציילונג פון דער רוסישער מלוכה אין יאָר 1897 און אויף די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון „קאַ־לענדאַרי״, וועלכן דער אַסטראָנאָמישער אָבסערוואַטאָריום אין וואַרשעיי האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1858.

יאָרן. וואַשיוטינסקי הויבט אָן בײַ דעם יאָר 1857, ווײַל אין דעם יאָר זענען געזאַמלט געוואָרן די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, וועגן דער צאָל יידן אין די פּוילישע שטעט. די יידישע עמיגראַציע נאָך לאָדזש האָט אָבער אין די 60־ער און 70־ער יאָרן נישט געקענט פאָרקומען צוליב אַ גאַנצער ריי טעמים.

קודם־כל האָט ביז 1862 נאָך פאָרמעל עקזיסטירט דער יידי־שער רעוויר (געטאָ) מיט אַלע באַגרענעצונגען, וועלכע, ווי מיר ווייסן, האָבן נישט דערלאָזן צו קיין ברייטער יידישער איינוואַנדע־רונג. דער יאָר־צענדליק האָט זיך אויך אָנגעהויבן מיט אַ קריזיס אין לאָדזש, וואָס האָט געדויערט 2 יאָר — 1861/62*). שפּעטער קומט דער יאַנואַר־אויפשטאַנד (1863), וועלכער האָט איבערהויפּט אוממעגלעך געמאַכט יעדע פרייע באַוועגונג אין קאָנגרעס־פּוילן און דאַן — 1864 — די פּויערים־באַפרייאונג. דאָס אָפּשאַפן ליב־אייגנטום אין קאָנגרעס־פּוילן האָט אָן צווייפל אַריינגעטראָגן אַ געוויסע אויפלעבונג אין די קליינע שטעטלעך. דער פּויער איז געוואָרן אי אַ קאָנסומענט, אי אַ פּראָדוצענט. דער מאַרק פון קליי־נעם שטעטל איז אים געוועזן אַמנאָענטסטן און דאָס האָט אויף אַ לענגערער צייט געגעבן חיונה די יידישע קליינע שטעטלעך, אַזוי, אַז אַ שטאַרקע עמיגראַציע פון יידן פון די קליינע שטעטלעך קיין לאָדזש האָט זיך ערשט געמוזט אָנהייבן אין די 70־ער און 80־ער יאָרן.

בכלל האָבן יידן אין רוסלאַנד, און אויך אין קאָנגרעס־פּוילן, וועלכע איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון דער רוסישער מלוכה — זיך גענומען מאַסנווייז צו רירן פון זייערע איינגעזעסענע ערטער אין די 80־ער יאָרן. דעמאָלט הויבט זיך אָן דער ריזיקער יידישער עמיגראַציע־שטראָם פון רוסלאַנד און פּוילן אין די פאַרייניקטע שטאַטן. אין דעם צענדליק יאָר פון 1880—1890 האָבן אויסגע־

---

*) ד״ר פ. פרידמאַן: די מעטראָפּאָליע פון דער פּוילישער אינדוסטריע און איר ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג ביזן יאָר 1914. נישט פאַרעפנטלעכטע אַרבעט.

וואַנדערט פון רוסלאַנד און פוילן נאָך אַמעריקע 263,088 פּער־זאָן*). יידישע אויסוואַנדערער זענען נישט באַזונדער רעגיסטרירט געוואָרן, אָבער ס'איז קלאָר, אַז יידן האָבן געבילדעט דעם רוב אין דער עמיגראַציע־מחנה. מ'דאַרף דעריבער אָננעמען, אַז אין דער אייגענער צייט, ווען עס האָט זיך געשטאַרקט די עמיגראַציע קיין אַמעריקע, איז אויך געגאַנגען דער עמיגראַציע־שטראָם פון די קלע־נערע שטעטלעך אין די גרעסערע אינדוסטריע־צענטערן פון פוילן, ד. ה. אַז דער שטאַרקער וואַנדער־שטראָם פון די קליינע שטעט־לעך נאָך לאָדזש איז געגאַנגען בעיקר אין די 80־ער און 90־ער יאָרן. אויך די אַלגעמיינע עמיגראַציע נאָך לאָדזש הויבט זיך אָן פאַרשטאַרקן ערשט אין די 80־ער און 90־ער יאָרן. אין 1880 האָט לאָדזש געהאַט 76 טויזנט איינוווינער, און אין 1897 — 314000 איינוווינער**).

דער דאָזיקער ריזיקער עמיגראַציע־שטראָם, וועלכער איז גע־גאַנגען פון פוילישע דערפער און יידישע שטעטלעך, אין דעם „צו־געזאָגטן לאַנד", ווי מען האָט גערופן לאָדזש, האָט געלייגט זיין ספּעציעלן חותם אויף דעם ניי־אַנטשטאַנענעם פּראָלעטאַריש־שיכט. פון די דערפער און שטעטלעך האָט פאַריאָגט הונגער און נויט. די באַדערפענישן פון דעם קליינשטעטלדיקן יידן, פּונקט ווי פון דעם פאַראָרעמטן פּויער, זענען געווען זייער קליינע, צו אַר־בעט איז מען געווען גיריק, האָבן דאָס טאַקע אויסגענוצט די אונ־טערנעמער און איינגעפירט אַ שקלאַפן־סיסטעם ביי דער אַרבעט. די אַרבעטס־צייט אין די פאַבריקן איז געווען 13 שעה אַ טאָג ביי אַ נישטיקן פאַרדינסט, וועלכער האָט באַטראָפן אַ העלפט פון פאַר־דינסט פון ענגלישן אַרבעטער***).

פיל ערגער איז נאָך געווען דעם אַרבעטער, אָדער, ווי מ'האָט אים גערופן געזעלן אין דער האַנט־וועבעריי. דאָ זענען געבליבן

---

*) דייר ל. הערש: „די יידישע עמיגראַציע", זייט 4.

**) דייר פרידמאַן: די מעטראָפּאָליע פון דער פוילישער אינ־דוסטריע און איר ווירטשאַפטלעכע אַנטוויקלונג ביז 1914, נישט פאַרעפנטלעכטע אַרבעט.

***) דאָרט.

די אַלטע „פּאַטריאַרכאַלע״ באַדינגונגען. האַנט־וועבעריי האָט זיך פאַררעכנט פאַר אַ מלאכה. מ׳איז דעריבער געגאַנגען אין דער לער אויף 3 אָדער אויף 4 יאָר. די צייט האָט מען געאַרבעט בחנם. נאָכן ענדיקן די לער, האָט זיך אָנגעהויבן די אַרבעט „אויפן זמן״, ד. ה. פון פסח ביז סוכות און פון סוכות ביז פסח. געגעסן און גע־שלאָפן איז מען ביים באַלעבאָס. שפּעטער, ווען מ׳איז שוין נאָך אַ פּאָר זמנים געוואָרן אַ געזעלן, איז מען ווייטער געוועזן מיט עסן און שלאָפן ביים וועבער. דער אַרבעטער איז דאָ אַ פרעמדער. אויף זעלבסטשטענדיק זיך איינאָרדענען האָט אים נישט געקלעקט דאָס פאַרדינסט. איז מען געוועזן ביים לוין־וועבער, אָדער פאַבריקאַנט מיט אויסהאַלט, ביז מ׳איז געוואָרן ראוי לחופּה און זיך איינגע־אָרדנט אַן אייגענע באַלעבאַטישקייט.

דער ערשטער דור לאָדזשער יידישע וועבער האָט, לײדער, נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין שום זכרונות. ס׳איז דעריבער שווער זיך אויפצושטעלן אַ גענוי בילד וועגן לעבן פון די ערשטע וועבער־געזעלן. דאָס אויבן־געשילדערטע שטיצן מיר אויף דעם, וואָס עס דערציילן אַלטע וועבער און עס איז קלאָר, אַז ביי אַזאַ לאַגע, ווען דער אַרבעטער איז לאַנגע יאָרן געוועזן דעם לוין־וועבערס אָדער פאַבריקאַנטס אַ קעסט־קינד, איז דער באַלעבאָס אויך געוועזן זיין האַר און געביטער. מ׳האָט געאַרבעט אַזוי פיל שעה, וויפל דער מייסטער־באַלעבאָס האָט געוואָלט, אָפט פון 6 פרי ביז 12 ביינאַכט.

אַביסל ליכט אויף דער דעמאָלטיקער באַציאונג פון יידישן אַרבעטס־געבער צו זיין געזעלן וואַרפן אייניקע שאַרפע קאָנפליקטן, וואָס האָבן אויסגעבראָכן אויפן באָדן פון אַרבעט ביי יידישע אונ־טערנעמער. די דאָזיקע קאָנפליקטן זענען געוועזן דער ערשטער אויסדרוק פון קלאַסן־קאַמף אין לאָדזשער יידישן געטאָ. צוליב דעם, וואָס אין די ערשטע שטרייטן צווישן יידישע אַרבעטס־געבער און אַרבעטס־נעמער זענען די מאַכט־אָרגאַנען אַרויסגע־טרעטן לטובת די ערשטע, זענען די געשעענישן אריין אין די אַרכיוו־אַקטן און אַזוי־אַרום צו אונז דערגאַנגען.

---

III

# די ערשטע קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער

קערפּערלעכע שטראָף און תפיסה קעגן אַן אומצופרידע־נעם שניידער־געזעל. — קאָלעקטיווער אַרויסטריט פון שניידער־אַרבעטער אין שוץ פון זייער חבר. — סכסוכים צווישן אַ וועבער־מייסטער מיט זיין לערן־ייִנגל. — די לאַגע פון די יידישע אַרבעטער ערב דעם אַלגעמיינעם שטרייק און פּאָגראָם אין מאַי 1892.

דער ערשטער און עלטסטער קאַמף צווישן יידישע אַרבעטס־געבער און געזעלן איז פאָרגעקומען אין 1828. די באַשרייבונג פון דעם דאָזיקן קאַמף איז פאַרבליבן אין די אַרכיוו־אַקטן אַלס אַן אָנ־קלאָג, מיט וועלכער ס'האָט זיך געווענדן צו דער העכערער מאַכט אין לאָדזש דער שניידער־געזעלן יצחק קוויאַטקאָווסקי. פון דעם דאָזיקן אָנקלאָג דערוויסן מיר זיך אויך, אַז די דעמאָלטיקע שניידער־גע־זעלן האָבן זיך געהאַט זייער געזעלן־צעך און קוויאַטקאָווסקי איז גע־ווען זייער פירער. אַ חוץ די ווענדונג פון קוויאַטקאָווסקין, זענען אין די אַרכיוו־אַקטן נאָך פאַראַן אַנדערע נאָטיצן וועגן דעם זעלבן ענין, פון וואָס מיר באַקומען אַרויס אָט אַזאַ געשיכטע:

„וואָלעק, וואָלף, דער באַרימטער געזעלן פון אונזער מחנה (ד. ה. געזעלן־צעך)", האָט געאַרבעט ביים שניידער יעקב וואַגאָוו־סקי. וואַגאָווסקי איז געווען איינער פון די רייכסטע און פאַרמעג־לעכסטע יידישע שניידער אין לאָדזש. די שטייער־ליסטע פון קהלה פון יאָר 1827—1830 באַצייכנט וואַגאָווסקין ווי אַ קאַפּיטאַליסט,

דאָס הייסט לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן, אַ מענטש, וואָס באַרגט געלט אויף פּראָצענט''*).

ווען דער עצם עולה, וואָס עס האָט געליטן דער שניידער־געזעלן וואָלעק, אָדער וואָלף, גיט איבער די ווענדונג פון יצחק קויאַווסקי, אַז וואָלף איז געוואָרן געשענדעט קערפּערלעך דורך זיין מייסטער וואַנאָווסקי. וואָלף האָט דעריבער אָפּגעגעבן אויף זיין מייסטער אין פּאָליציי־געריכט. וואַנאָווסקי האָט זיך נישט געוואָלט משפּטן מיט זיין געזעלן, האָט ער זיך געוואָנדן מיט אַ בקשה צום בירגערמייסטער, אַז יענער זאָל משפּיע זיין אויפן געזעלן, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון פּראָצעס.

,,בירגערמייסטער איז דעמאָלט געווען אין לאָדזש קאַראָל טאַנגערמאַן, וועלכער איז ערשט נישט לאַנג געוואָרן גערופן אויף דעם אַמט. מעגלעך, אַז דער ניי־געבאַקענער בירגערמייסטער האָט געוואָלט אימפּאָנירן דער שטאָט (דעם רייכן טייל פון דער שטאָט — אַ. וו. י.) מיט זיין ענערגיע און אויפהויבן זיין אויטאָריטעט מיט אַ שטאַרקן אַרויסטריט אין דעם ענין, ווייל ער האָט זיך גענומען צו דעם דאָזיקן שטרייט זייער ענערגיש. ווען זיינע אַלע באַמיאונגען ביי וואָלעקן האָבן נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַט, האָט ער זיך גענומען צו ראַדיקאַלערע מיטלען, צו צווינגען דעם פאַרעקשנטן געזעלן צו געהאָרכזאַמקייט.

,,דער בירגערמייסטער, וועלכער איז אויך געווען גלייכצייטיק נאַטשעלניק פון דער שטאָטישער פּאָליציי, האָט באַנוצט ,,מיטלען'', וואָלף איז געשמיסן געוואָרן מיט אַ בייטש. נאָר די שטראָף האָט אויף אים נישט געווירקט. ער האָט זיך פון פּראָצעס קעגן מייסטער נישט געוואָלט אָפּזאָגן, האָט מען אים געבונדן מיט שטריק און אַ געבונדענעם איינגעזעצט אין תּפיסה''.

,,דער דראַקאָנישער אַרויסטריט פון בירגערמייסטער, וועלכער איז אַזוי איינזייטיק געשטאַנען אויף דער זייט פון וואַנאָווסקין און האָט מיסגעברויכט מיט זיין פּאָליצייאישער מאַכט, האָט געוואַלטיק אויפגערעגט די געזעלן. זייענדיק זייער קאָלעגע אַזוי אומ־

---

*) ד״ר פ. פרידמאַן: געשיכטע פון יידן אין לאָדזש.

שולדיק דורכן בירגערמייסטער באַוואוסטזיין, האָבן די געזעלן זיך גע־
וואָנדן צו זייער צעך־מייסטער, בעטנדיק אַן אינטערווענץ ביים
בירגערמייסטער. דער צעך־מייסטער, אין דער געזעלשאַפט פון
אַ צאָלרייכער דעלעגאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון 7 פּערזאָן,
איז אַוועק צום בירגערמייסטער.

„די דעלעגאַטן זענען דורכן שטרענגן בירגערמייסטער נישט
אויפגענומען געוואָרן. ער האָט וואָלפן, נאָך אַזאַ פּייניקן, נישט
אויפבינדנדיק אים אַפילו, פון דער תפיסה נישט באַפרייט".

„די געזעלן, מורא האָבנדיק, „אַז אויך מיט זיי זאָל מען
אויף אַזאַ ענלעכן אופן נישט האַנדלען", האָבן זיך גענומען צו
שאַרפערע מיטלען: זיי האָבן געדראָט מיט פאַרלאָזן די שטאָט און
פאַרלאַנגט פון בירגערמייסטער, ער זאָל זיי אַרויסגעבן די פּעסער,
כדי צו קאָנען אַוועק פון לאָדזש. נאָר דער בירגערמייסטער, וועל־
כער איז געווען דעצידירט פאָרטצוזעצן קאָנסעקווענט זיין פּאָלי־
טיק פון „אייזערנער האַנט", האָט זיך נישט איבערגעשראָקן מיט
דער שטעלונג פון די געזעלן. איבערלייענענדיק די בקשה פון די
געזעלן, מכח אַרויסגעבן די פּעסער, האָט ער באַפוילן פאַר בונ־
טעווען זיך אַריינצוזעצן די געזעלן אין תפיסה. די שניידער־געזעלן
האָבן קעגן דעם פּראָטעסטירט אין אַ ווענדונג צו דער מאַכט, אין
וועלכער זיי שרייבן:

„מיר זענען געווען פאַרמאַכט 24 שעה און דאָ זענען מיר
אויסגעשטעלט געוואָרן אויף בושה, פאַרלוסט פון פאַרדינסט, ווייל
יעדער פון אונז האָט געקאָנט פאַרדינען דורך 24 שעה 8 גילדן.

„ווען נאָך 24 שעה תפיסה זענען די געזעלן געוואָרן אַרויס־
געלאָזט אויף דער פריי, איז זייער ווידערשטאַנד שוין געווען גע־
בראָכן. די ווייטערדיקע טריט, וואָס זיי האָבן אונטערגענומען, איז
געווען אַן אַפּעלאַציע צום קאָמיסאַר פון לענטשיצער קרייז, אין
וועלכער זיי האָבן זיך געקלאָגט אויף דער „עולה און פאַרדינסט־
פאַרלוסט" און פאַרלאַנגט צו באַשטראָפן דעם בירגערמייסטער
און אומקערן דעם פאַרלוירענעם נוצן פון פאַרדינסט, וואָס איז צו־
ליב דעם איינגעטרעטן", אָדער מ'זאָל אָפּשיקן דעם ענין אין גע־
העריקן געריכט, „כדי צו משפּטן דעם בירגערמייסטער".

,,דער קרייז־קאָמענדאַנט האָט פאַרלאַנגט פון בירגערמייסטער א גענויעם באַריכט און אַן אויפקלערונג מכח זיין האַנדלונג. דער בירגערמייסטער האָט זיך, משמעות, מיט זיין באַריכט נישט גע־איילט, ווייל אין פיר חדשים שפּעטער, האָט אים דער קרייז־קאָמי־סאַר געמאַכט פאָרוואורפן, פאַרן נישט צושיקן קיין ענטפער. דער המשך פון דער אינטערעסאַנטער קאָרעספּאָנדענץ געפינט זיך שוין מער נישט אין די אַרכיוו־אַקטן. ס'איז דעריבער נישט באַוווּסט צי ס'זענען אויסגעפאָרשט געוואָרן די סיבות פון דער געשעעניש און דער פאַרלויף פון קאָנפליקט און וואָס פאַרא קאָנסעקווענץ די אויספאָרשונג האָט געגעבן. אין די אַקטן איז נאָר פאַראַן א לאַ־קאָנישער צושריפט פון בירגערמייסטער: ,,דערלייִדיקט, דעריבער אין די אַקטן''*).

די דאָזיקע באַשרייבונג פון דעם שאַרפן קאַמף, וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט איבער הונדערט יאָר צוריק אין לאָדזש צווישן די יידישע שניידער־געזעלן מיט זייער אונטערנעמער און שטאָט־מאַכט, דערמאָנט זייער שטאַרק די קאַמפן צווישן געזעלן און אונטערנעמער ביים סוף פון מיטלאַלטער אין די דייטשע און איטאַליענישע שטעט. די זעלבע ברוטאַלקייט מצד די מייסטער און שטאָט־מאַכט בנוגע די געזעלן און די זעלבע קאַמפס־מיטלען מצד די באַעוולהטע: זיי ווענדן זיך צו דער מאַכט, זוכן יושר און גע־רעכטיקייט, און לסוף די כאַראַקטעריסטישע דראָונג צו פאַרלאָזן די שטאָט. דאָס איז געווען א מין שטרייק בעת די ערשטע קאַמפן צווישן געזעלן און מייסטער ביים סוף פון מיטלאַלטער. דאָס דאָ־זיקע מיטל האָט דאַן אויך ווייניק געווירקט, ווייל די מאַכט האָט אָפּט די געזעלן געצוואונגען צוריקצוגיין אין דער שטאָט, פון וואַ־נען זיי זענען אַנטלאָפן**).

---

*) אַרכיוו פון אַלטע אַקטן פון דער שטאָט לאָדזש קאַט. 2308, ציטירט און באַאַרבעט דורך פ. פרידמאַן אין ,,געשיכטע פון יידן אין לאָדזש''.

**) ר. קולישער: ,,די געשיכטע פון דער ווירטשאַפט אין מערב־אייראָפּע''. ק. קאַוטסקי: ,,די פאָרגייער פון מאָדערנעם סאָ־ציאַליזם''.

ווייטערדיקע קאָנפליקטן צווישן געזעלן און אונטערנעמער, וואָס זענען אריין אין די ארכיוו־אַקטן, זענען שוין נוגע אַ שפּע־טערדיקן פּעריאָד און האָבן אַ שייכות מיט וועבעריי. די דאָזיקע קאָנפליקטן, הגם זיי זענען פאָרגעקומען מיט קנאַפּע 40 יאָר פאַר דעם אַנטשטיין פון דער בונדישער באַוועגונג, זענען זיי זייער ענ־לעך צו די קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין אָנהויב פון דער יידישער ארבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש.

אין די ארכיוו־אַקטן פון 62־סטן יאָר אונטער דעם טיטל: „דער אָנקלאָג פון משה פרידמאַן צום פּרעזידענט פון דער שטאָט לאָדזש" איז פאַראַן אַזאַ געשעעניש:

„משה פרידמאַן האָט, אַלס שערער, אָנגענומען ארבעט ביי אברהם פרידמאַן, פאַר 9 זל. אַ וואָך מיט עסן און „סטאַנציע". אברהם פרידמאַן האָט חושד געווען זיין ארבעטער אין גנבה, האָט ער אים אויסגעטון נאַקעט, רעווידירט און געשלאָגן און שפּעטער נישט געוואָלט אויסצאָלן דעם ארבעטס־לוין"*).

וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט פרידמאַנס אָנקלאָג, דערציילט זיך נישט ווייטער אין די ארכיוו־אַקטן. ס'איז אָבער דאָ אַ גרונט אָנצונעמען, אַז דער שטאָט־פּרעזידענט האָט, פּונקט ווי זיין קאָ־לעגע, דער בירגערמייסטער פון 1826, דעם אונטערנעמער אברהם פרידמאַן קיין עולה נישט געטון. דאָס, וואָס אין די ארכיוו־אַקטן איז נישטאָ קיין תשובה אויף דעם שערערס ווענדונג, איז אויך אַ באַווייז, אַז דער ארבעטער האָט אויף זיין אָנקלאָג קיין שום ענט־פער נישט דערהאַלטן.

אַ צווייטער קאָנפליקט פון זעלבן יאָר, וואָס איז אריין אין די ארכיוו־אַקטן אונטערן טיטל: „דער אָנקלאָג פון וועבער לעוו־קאָוויטש צום שטאָט־פּרעזידענט פון דער שטאָט לאָדזש" גיט שוין אַ גאַנץ שטייגער־בילד פון לעבן פון די יידישע וועבער אין יענער צייט. אין דעם דאָקומענט דערציילט זיך:

---

*) ד״ר פ. פרידמאַן: „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש", זייט 314.

„קר... (קריינדלא) זילבערשטיין, אַן אַלמנה פון דער געגנט וואַרקי, וועלכע איז געוועזן באַשעפטיקט אין לאָדזש אַלס דינסט, האָט אָפּגעגעבן אין דער לער איר זון שלמה צום וועבער לעווקאָ־וויטש. לויטן געשלאָסענעם קאָנטראַקט, האָט זיך ל. מתחייב גע־וועזן אין משך פון 3 יאָר אויסצולערנען שלמהן דאָס וועבער־פאַך און דורך דער צייט אים געבן עסן און אַ וווינונג, אַן אָרט צו שלאָפן און די נויטיקע הלבשה. ל. האָט אויך דערלויבט זיין לערן־יינגל צו גיין יעדן טאָג אויף צוויי שעה אין דער שול. פרוי זילבער־שטיין האָט זיך מתחייב געוועזן צו באַצאָלן לעווקאָוויטשן אין ראַ־טעס פאַר אויסלערנען איר זון 15 רוסישע רובל. די לערע ביי ל. האָט אָבער שלמהן וויניק־וואָס געגעבן, ווייל נאָך אַ יאָר האָט זיל־בערשטיין אָפּגענומען איר זון. לעווקאָוויטש האָט זיך פאַרקלאָגט אויף דעם צום שטאָט־פּרעזידענט און געבעטן אים, ער זאָל צווינ־גען שלמהן צו בלייבן ביזן סוף פון דער לער, ד. ה. נאָך 2 יאָר, „און דאָס איז באַוווּסט, — שרייבט לעווקאָוויטש אין זיין ווענ־דונג, — אַז אין ערשטן יאָר פאַרדינט אַפילו נישט אַ לערן־יונג אויף זיין עסן און איך האָב דערוואַרט, אַז איצט וועל איך האָבן פון אים נוצן". דורך דער פאַרמיטלונג פון שטאָט־פּרעזידענט האָבן זיך די צדדים אויסגעגלייכט"*).

ד"ר פרידמאַן, וועלכער ברענגט די דאָזיקע פאַקטן אין זיין בוך „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש", גיט צו צו דעם פאַקט פון שלאָגן דעם שערער פאָלגנדעס: „דער איינציקער צופעליקער אָנ־קלאַג קאָן נישט דינען פאַר אַ יסוד אויף צו מאַכן זיך אַ בילד פון די באַציאונגען צווישן יידישע אַרבעטס־געבער און אַרבעטס־נעמער אין דער וועבעריי"**).

מיר מיינען פאַרקערט, אַז די דאָזיקע איינצלנע פאַקטן שאַפן

---

*) ד"ר פ. פרידמאַן: „געשיכטע פון יידן אין לאָדזש", זייט 314.

**) דאָרט.

אונז א גענוי בילד וועגן די דעמאָלטיקע באַציאונגען צווישן יידי־שע אונטערנעמער מיט זייערע אַרבעטער. ווייל די ברוטאַלע באַ־ציאונג פון די יידישע וועבער־אונטערנעמער (לוין־וועבער, אָדער פאַבריקאַנט) צו זייערע געזעלן און לערן־ייִנגלעך, און פון שניידער־מייסטער וואַגאָווסקי צו זיינע געזעלן, האָט זיך אויפגעהאַלטן ביז דער אַנטשטייאונג פון „בונד'' אין לאָדזש אין 1897. די ערשטע קאַמפן פון די יידישע אַרבעטער אין ערשטן פעריאָד פון בונד זע־נען טאַקע געווען קאַמפן פאַר מענטשלעכער באַציאונג מצד די אונטערנעמער צו זייערע אַרבעטער און לערן־ייִנגלעך.

דער פאַל זילבערשטיין—לעווקאָוויטש איז אַזוי טיפיש, אַז ער דערמאָנט אינגאַנצן די באַציאונגען צו די לערן־ייִנגלעך מצד די יידישע וועבער־אונטערנעמער וואָס עס האָבן אָנגעטראָפן די ער־שטע בונדישע טוער מיט קנאַפע 40 יאָר שפּעטער. די 3 און 4־יאָריקע לער ביי א וועבער, פון וועלכער דער גרעסטער טייל צייט איז אַוועקגעגאַנגען אויף טראָגן די באַרימטע „פּאַמאַניצעס'', וואַ־סער שלעפּן, וויגן דאָס קינד און אַנד. הויז־אַרבעט, איז פּראַקטי־צירט געוואָרן צייט דעם אַנטשטיין פון יידישער האַנט־וועבעריי אין לאָדזש ביז די בונדישע באַוועגונג האָט עס אָפּגעשאַפט.

אויך דער אופן פון צווינגען דאָס לערן־ייִנגל מיטן כח פון דער מאַכט, עס זאָל פאַרבלייבן אויף דער גאַנצער לערן־צייט, האָט זיך פּראַקטיצירט אין אַלע יאָרן. אַלטע וועבער דערציילן, אַז אויב דאָס לערן־ייִנגל האָט נישט אויסגעהאַלטן די לער־גיהנום און אַנט־לאָפן פאַר דער צייט, האָט אים דער וועבער־אונטערנעמער גע־בראַנגט מיט פּאָליציי, וועלכע האָט דעם יונגן אַרבעטער נאָך מכבד געווען מיט שמיץ פאַר נישט זיין געהאָרכזאַם דעם מייסטער.

נישט ריכטיק איז אויך די השערה פון ד''ר פרידמאַן, אַז דאָס, וואָס עס רעדט זיך אין דעם קאָנטראַקט צווישן דער אַלמנה זילבערשטיין מיט דעם וועבער לעווקאָוויטש, וועגן דערלויבן דעם זון 2 שעה אין טאָג צו גיין אין שול, מיינט מען דאָס א פאַך־שול. אין יענער צייט זענען אוודאי קיין פאַך־שולן פאַר יידישע האַנט־וועבער נישט געווען און אויב עס וואָלטן זיך אַזעלכע יאָ געפינען,

וואָלט די דינסט קריינדל זיכער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אָפּ־צוגעבן דאָרט איר שלמהן. די זאַך האָט, משמעות, געמוזט אויסזען אַביסל אַנדערש: שלמה, דער זון פון דער דינסט קריינדל, איז נאָך געווען גאָר אַ יונג קינד. קריינדל האָט אים געמוזט אָפּנעמען פון הדר און געבן צו אַ בעל־מלאכה, ווייל זי האָט נישט געהאַט פאַר אים קיין ברויט, און כדי שלמה זאָל דאָך בלייבן ביי גאָטס תורה האָט זיין מאַמע, משמעות, אויסגעפועלט, מ׳זאָל אים פריי־לאָזן פון דער אַרבעט אויף 2 שעה יעדן טאָג צו „גיין אין שול״ — ווי עס הייסט אין די אַרכיוו־אַקטן.

בכלל זענען די יידישע וועבער־אַרבעטער אין לאָדזש אין יענעם פעריאָד, ד. ה. ציים זייער באַוויזן זיך אין דער וועבעריי ביז דעם אויפקום פון „בונד״, געווען שטאַרק אָפּגעשטאַנען, פרום רעליגיעז, און דערפאַר אַ גוט מאַטעריאַל פאַר עקספּלואַטאַציע און אויסנוצונג, פאַר די יידישע פאַבריקאַנטן, וואָס זענען געקומען אין „צוגעזאָגטן לאַנד״ מאַכן אַ פאַרמעגן. אַ פלוג־בלאַט פון לאָדזשער קאָמיטעט פון בונד, וועלכעס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַפּריל 1902 צום צענטן יאָרטאָג פון דער בלוטיקער ערשטער מאַי־פייערונג אין 1892, גיט אַזאַ כאַראַקטעריסטיק פון די יידישע אַר־בעטער אין די אַכציקער און אָנהויב ניינציקער יאָרן:

„וואָס אָנבאַלאַנגט די יידישע אַרבעטער, האָט דער לאַנג־יעריקער עלנט פאַרטעמפּט זייער זעלבסט־געפיל, איינגעשלעפערט זייער מידן, שוואַכן פאַרשטאַנד. די באַוועגונג צווישן די קריסט־לעכע אַרבעטער האָט זיי נאָך נישט אָנגערירט, זיי האָבן נאָך נישט געפילט, דאָס זיי זענען פעסט פאַרבונדן מיט יענע. נאָר זיי (די יידישע אַרבעטער — א. וו. י.) זענען גיכער גענויגט געווען צו זען אין יעדן קריסטלעכן אַרבעטער אַ גליקלעכן קאָנקורענט. אין דער טיפער נאַכט האָט נישט אַריינגעדרונגען קיין דערלייזנדער ליכט־שטראַל. פאַרצווייפלונג און אָפּהעטיקייט האָבן זיך טיף איינגעוואָרצלט אין דער יידישער מאַסע, שטיל, שטיל האָט געגליט אין איר אַ האָפנונג, אַ האָפנונג אויף דעם טויט (אויף דעם לעבן אויף יענער וועלט — א. וו. י.), וועלכער וועט זי באַפרייען

פון איר שווערער אַרבעט, הונגער און עלנט און וועט זי פירן אין א בעסערן לעבן''*).

אין דער אייגענער צייט, ווען ס'איז געוואַקסן הונגער, נויט און פינסטערניש ביי דער יידישער אַרבעטנדיקער מאַסע אין לאָדזש, איז געוואַקסן דאָס רייכטום און דער „פאָרטשריט'' ביי די יידישע פאַבריקאַנטן און אינדוסטריעלער. זייער א גרויסער טייל פון זיי האָט אָנגעהויבן זיין אונטערנעמונג, ווי מיר האָבן שוין אָנגע־וויזן, מיט יידישע אַרבעטס־הענט אויף האַנט־וועב־שטולן, און ווען מ'איז רייך געוואָרן פון יידישער אַרבעט, האָט מען יידן באַזייטיקט, אויפגעשטעלט זיך קראַפט־פאַבריקן און געשטופט זיך צו דער מזרח־וואַנט פון דער גרוים־אינדוסטריע.

אין 1885־סטן יאָר, ווען די רוסישע מאַכט האָט אַדורכגע־פירט די שוין דערמאָנטע ציילונג אין קאָנגרעס־פוילן פון די פאַ־בריקן און זאַוואָדן, אויף וועלכע ס'אַרבעטן נישט ווייניקער ווי 25 מענטשן, האָבן אין לאָדזש און אין לאָדזשער קרייז יידישע אינ־דוסטריעלער געהאַט 17 פאַבריקן, ד. ה. 16,6 פראָצ. פון אַלע לאָדזשער פאַבריקן. די דייטשן האָבן געהאַט 84 פאַבריקן, — 82,3 פראָצ. און פאָליאַקן 1 פ. — 1.1 פראָצ. די פאַבריקן פון די יידי־שע אונטערנעמער זענען אין דורכשניט געווען גרעסער, ווי די נישט־יידישע. אויף איין יידישער פאַבריק האָבן געאַרבעט 241 אַרבעטער, אויף איין נישט־יידישער פאַבריק — 210 אַרבעטער. ס'איז אינטערעסאַנט, אַז אין די דאָזיקע 17 „יידישע'' פאַבריקן זענען אויף 63 מייסטער און לייטער געווען נאָר 1 ייד. צווישן די 4105 אַרבעטער, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביי די יידישע אינדוסטריעלער איז נישט געווען קיין איין ייד**).

*) לאָדזשער פלוג־בלאַטט צום אָנדענקען פון 1־טן מאַי 1892, הערויסגעגעבען פון לאָדזער סאָציאַלדעמאָקראַטישען קאָמיטעט, אַפריל 1902. איבערן טיטל גייט אַן איבערשריפט: אַלגעמיינער אי־דישער אַרבייטער בונד אין ליטע, פוילען און רוסלאַנד. צום סוף איז אָנגעגעבן: דרוק פון „אַלגעמיינעם אידישען אַרבייטער בונד אין ליטע, פוילען און רוסלאַנדיי.

**) יעקב לעשטשינסקי: „די עקאָנאָמישע לאַגע פון יידן אין פוילן'', זייט 126—127.

ס'איז כאראקטעריסטיש, אז די רוסישע האלב־אנטיסעמיטישע צייטונג אין ווארשע „ווארשאווסקי דניעווניק'', האט זיך אָנגענומען די עולה פון די יידישע ארבעטער, מייסטער און טעכניקער, פאר וועלכע „די יידישע פאבריקאנטן וואלטן געקאָנט ברענגען קאָלאָסאלע נוצן, נאָר, ווי ס'ווייזט אויס, פאלט דאָס נישט צונויף מיט זייערע שטרעבונגען, ארויסגערופן פון סיבות, וועגן וועלכע מ'קאָן זיך אָנשטויסן...'' ס'איז אויך כאראקטעריסטיש, אז די לאָדזשער יידישע בורזשואזיע האָט געפונען איר פארטיידיקער אין דעם פעטערבורגער „וואָסכאָד'', וועלכער האָט געשריבן, אז „צוליב שבת'' קאָנען די יידישע פאבריקאנטן נישט געבן קיין ארבעט יידישע ארבעטער*).

צוזאמען מיטן וווּקס פון רייכטום פון דער יידישער בורזשואזיע איז אויך געוואקסן איר הינטישער חניפה־געפיל פאר דעם צאריזם, וועלכער באשיצט זייער פארמעגן און האלט אין צוים די פאבריקס־קנעכט. דאָס איז, פארשטייט זיך, געוועזן נישט קיין יידישע, נאָר אַן אַלגעמיינע דערשיינונג. די אינטערנאציאָנאַלע פוילישע, יידישע און דייטשע בורזשואזיע האָט זיך אין פארקנעכטעטן פוילן געטוליעט צו דער ברייטער ברוסט פון דער צארן־מאכט, וועלכע האָט געהאָלפן איר קאפיטאליסטישן אויפשוווּנג. אירע אונטערטעניקייטס־געפילן האָט די גביראָקראַטיע געברענגט צום אויסדרוק ביי יעדער געלעגנהייט. אזא געלעגנהייט האָט זיך געמאכט פאר די פּאָזנאנסקיס און ראָזענבלאטס אין 1887, ווען זיי האָבן געעפנט זייער סינאגאָגע אויף אַל. קאָשטשושקי. אין א באשרייבונג וועגן דער דערעפנונג פון דער סינאגאָגע געפינען מיר פאָלגנדע שילדערונג:

„די דערעפנונג איז פאָרגעקומען מיט א באזונדער פייערלעכקייט דעם 3־טן סעפטעמבער 1887, כ' אלול התרע''ז. געעפנט די שול האָט מיט א גאָלדענעם שליסל, דער דעמאָלטיקער פּיעטריקאָווער גובערנאטאָר מילער (דאָס איז דער זעלבער מילער, וועלכער האָט מיט 5 יאָר שפּעטער געהאט א האנט אין

*) דאָרט, זייט 129.

דעם פּאָגראָם אויף יידן אין לאָדזש, בעת דעם שטרייק און ער־שטער מאַי־פייערונג און וועלכער האָט דעם שטרייק בלוטיק דער־שטיקט — א. וו. י.). ס'האָט געזאָלט עפענען דער גענעראַל־גובערנאַטאָר גורקאָ, נאָר צוליב אַ סיבה איז ער אין דער לעצ־טער מינוט פאַרטרעטן געוואָרן דורכן פּיעטריקאָווער גובערנאַ־טאָר. בראש פון סינאַגאָגע־קאָמיטעט איז געשטאַנען ישראל קלמן פּאָזנאַנסקי, ישראל בירנבוים, הערמאַן קאָנשטאַט, ישעיהו ראָ־זענבלאַט, יוסף זאַקס, מאַרקוס זילבערשטיין און הוגאָ וואָלפ־כאָן"*).

אַ חוץ די פּני פון דער לאָדזשער יידישער בורזשואַזיע, האָט זיך אין דער פייערונג אויך באַטייליקט דער הרב מייזעל, וועלכער האָט באַקומען אַ ספּעציעלע הקפה**).

אַזוי־אַרום איז דאָ פאָרגעקומען די פאַרברידערונג פון דער צאַרישער מאַכט, יידישער קלער און יידישער בורזשואַזיע. מיט 3 יאָר שפּעטער האָט זיך ווידער „געמאַכט" אַ געלעגנהייט פאַר די ראָזענבלאַטס און פּאָזנאַנסקיס, צו באַווייזן זייער טריישאַפט דעם רוסישן צאַר:

„אַרום יאָר 1890 איז אין סינאַגאָגע פאָרגעקומען אַ צווייטע פייערונג. די דאָזיקע פייערונג האָט אַראַנזשירט דער סינאַ־גאָגע־קאָמיטעט, לויט דער איניציאַטיוו פון די יידישע שילער פון לאָדזשער דעמאָלטיקן רוסישן גימנאַזיום. צוליבן נצול ווערן ביי דער אייזנבאַן־קאַטאַסטראָפע אינם יאָר 1888, ביי דער סטאַציע אַלען פון דער קייזערלעכער פאַמיליע, האָבן די שילער געשאָנקען דער סינאַגאָגע אַ טייערן פּרוכת"***).

דאָס איז פאָרגעקומען אין יענער פינסטערער צייט פון אויסערגעוויינלעכע פּאָגראָמען און רדיפות אויף יידן, איגנאַ־טיעווס גזירות און גירוש מאָסקווע, וואָס האָט צוגענומען די

---

*) ב. פּאָקעצקי: „צו דער 50־יעריקער יובילײ־פייערונג פון קאַנטאָר הלל אַלטערמאַן", „נייער פאָלקסבלאַט", נומ. 207, 1932.

**) דאָרט.

***) דאָרט.

רעכט בײַ טויזנטער יידישע פֿאַמיליעס און חרוב געמאַכט זייער עקזיסטענצן. די זינדלעך פֿון דער לאָדזשער בורזשואַזיע האָבן זיך צונויפֿגעקליבן אין זייער סינאַגאָגע, כּדי צו פֿרייען זיך מיט דעם, וואָס דער צאַר מיט זיין פֿאַמיליע איז נצול געוואָרן פֿון אַ באַן־קאַטאַסטראָפֿע.

אַזוי האָט אויסגעזען דער סאָציאַל־געזעלשאַפֿטלעכער מצב פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין דער פּוילישער מאַנטשעסטער־שטאָט אין די 80־ער און אָנהויב 90־ער יאָרן. די יידישע בורזשואַזיע האָט שוין געהאַט זיך אַרויפֿבאַקומען צו דער מזרח־וואַנט פֿון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע און פֿאַר זיך גע־צייכנט דעם וועג, אויף וועלכן זי איז שפּעטער געגאַנגען לאַנגע יאָרן; אַ וועג, אויף וועלכן ס'איז געטרעטן דער אַמאָליקער פֿאַב־ציאַזש און געטאָ־תּקיף; אונטערטעניקייט לגבי דער צאַרישער מאַכט און גראָבהויטיקע אַכזריות לגבי דער יידישער מאַסע. די יידישע האָרעפּאַשנע מאַסע, וועלכע איז, פּונקט ווי דער גאַנצער פּוילישער און דייטשער פּראָלעטאַריאַט אין דעם טעקסטיל־צענ־טער, געווען הונגעריק, אונטערדריקט און פֿאַרקנעכטעט, איז רייף געוואָרן פֿאַר דער גרויסער סאָציאַליסטישער אידעע. ס'האָבן אָבער געפֿעלט בײַ דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט די אידעען־טרעגער, אויס־געוואַקסענע פֿון דער מאַסע גופֿא, וועלכע זאָלן פֿאַרזייען די סאָ־ציאַליסטישע קערנדלעך אין יידישן געטאָ, אין פֿינסטערן באַלוט און אַלטשטאָט. ס'האָבן אויך געפֿעלט די באַדינגונגען, בײַ וועל־כע אַזעלכע אידעאַליסטן וואַקסן און אַנטוויקלען זיך. אויף די אידעאַליסטן האָבן די לאָדזשער יידישע וועבער און שניידער גע־מוזט וואַרטן נאָך אַ יאָר צענדליק, ביז דער אַנטשטייאונג פֿון אַל־געמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד. אין אָנהויב פֿון דעם יאָר צענ־דליק איז די יידישע מאַסן אין לאָדזש אויסגעקומען צו איבער־לעבן איינע פֿון די שרעקלעכסטע און פֿיינלעכסטע מאָמענטן: אַ פּאָגראָם, אין וועלכן ס'האָט געהאַט אַ האַנט די צאַרישע מאַכט. דער פּאָגראָם האָט די מילערס און גורקאָס צוגעהאָלפֿן דערשטיקן דעם ערשטן מעכטיקן שטרייק־אַרויסטריט פֿון לאָדזשער פּראָלע־טאַריאַט.

# IV

## די בלוטיקע ערשטע מאי-פייערונג און פאגראם אויף יידן אין 1892

אָנהויב פון סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי די פּוילי־שע אַרבעטער. — די אַרבעט פון „פּראָלעטאַריאַט״. — יידישע אַרבעטער מחוץ פון דער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג. — דער שוידערער מצב פון טעקסטיל־פּראָלעטאַר־יאַט. — די צוגרייטונגען צום ערשטן מאַי 1892. — דער ערשטער אַלגעמיינער שטרייק. — די מיטלען פון דער צאַרישער מאַכט קעגן די שטרייקנדע. — דער פּאָ־גראָם אויף יידן.—בלוטיקע אונטערדריקונג פון שטרייק.

די יידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש דאַטירט זיך פון יאָר 1897, ד. ה. צייט דער אנטשטייאונג פון „בונד״. פון די פריער־דיקע יאָרן איז נישט פאַראַן קיין שום סימן פון וועלכער ס'איז סאָציאַליסטישער טעטיקייט ביי די יידישע מאַסן אין לאָדזש. דאַ־קעגן ביי די נישט־יידישע אַרבעטער האָט זיך אָנגעהויבן אין לאָדזש א סאָציאַליסטישע אַרבעט צוזאַמען מיט די ערשטע סאָ־ציאַליסטישע שפּראָצונגען אין קאָנגרעס־פּוילן. שטרייקן זענען אין לאָדזש נאָך געווען פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. אין 1872 איז פאָרגעקומען דער ערשטער שטרייק אין שייבלערס פאַ־בריק. דער סאָציאַליזם אין לאָדזש האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזאַציאָ־נעל צו ווירקן אין 1876, א יאָר נאָכדעם, ווי דער שפּעטער און מאַר־טירער פון סאָציאַליזם אין פּוילן, לודוויג וואַרינסקי, א סטודענט, איז אַריינגעטרעטן אין וואַרשעווער לילפּאָפּ־פאַבריקן אלס געווייג־לעכער שלאָסער, כדי צו קאָנען פירן א סאָציאַליסטישע אַגיטאַ־

ציע צווישן די אַרבעטער. מיט לודוויג וואַרינסקיס דערשיינען אין וואַרשע, הייבט זיך אָן אַ לעבעדיקע סאָציאַליסטישע טעטיקייט, וועלכע ווערט אין אַ יאָר שפּעטער אַריבערגעפלאַנצט אויך אויפן לאָדזשער באָדן*).

די ערשטע סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין לאָדזש האָט זיך אויסגעדריקט אין אָרגאַניזירן קרייזלעך, פאַרשפּרייטן סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע־ליטעראַטור און איינשטעלן אַ קאָנטאַקט מיט די אַרבעטער. דער סאָציאַליזם אין פּוילן איז נאָך בכלל דעמאָלט געווען אַ צעשוווּמענער און נאָך נישט געהאַט זיין אייגנטלעכן פּרצוף.

אין 1882, ווען אין וואַרשע איז אַנטשטאַנען די סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט'', טראָגט זי אויך איבער איר טעטיקייט אין לאָדזש און אין זגערזש. „נאָך דער וואַרשעווער אָרגאַניזאַציע זענען די צוויי אָרגאַניזאַציעס געווען די שטאַרקסטע. מיט דעם „פּראָלעטאַריאַט'' הייבט זיך אָן אין לאָדזש אַ מאָדערנע אַרבעטער־באַוועגונג, געשטיצט אויף דעם באַוווּסטזיניקן קלאַסן־קאַמף און אויף דער שטרעבונג איבערצובילדן די הערשנדע פּראָדוקציע־פאָרמען אין סאָציאַליסטישן גייסט''**).

מיר וועלן זיך דאָ נישט פאַרנעמען מיט באַשרייבן די געשיכטע פון „פּראָלעטאַריאַט'' אין לאָדזש. מיר ווילן נאָר פעסטשטעלן אַז די דאָזיקע דורכאויס רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אין קעניגרייך פּוילן, וועלכע האָט אַריינגעשריבן אַ העלדיש קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון פּוילישן סאָציאַליזם און אַרבעטער־באַוועגונג, האָט אינגאַנצן נישט באַמערקט די עקזיסטענץ פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אין לאָדזש און נישט געמאַכט קיין שום פּרווו אים צו אָרגאַניזירן, שוין אָפּגערעדט פון ווענדן זיך צו די

---

*) דייך אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין 1892''. רעס: די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט.

**) דייך אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892'', זייט 21.

יידישע מאסן אויף זייער שפראך. אין אנדער באציאונג האט די פארטיי געהאט צום דייטשן פראלעטאריאט, וועלכער האט אין גרויסע מאסן געוווינט אין לאדזש און אין אומגעגנט.

שוין אין 1883, האט דער „פראלעטאריאט" ארויסגעגעבן פאר לאדזש און אומגעגנט אן אויפרוף אין דייטש*), אויך אין די שפעטערדיקע יארן זענען געווען אזעלכע אויפרופן.

צום ערשטן מאי 1890 האט דער „פראלעטאריאט" ארויסגעגעבן א מאי־אויפרוף אין דייטש**), אבער צו די יידישע מאסן איז די רעוואלוציאנערן פון „פראלעטאריאט" גארנישט איינגעפאלן זיך צו ווענדן. דאס איז נישט געקומען, פארשטייט זיך, פון דער ספעציעל שלעכטער באציאונג צום יידישן פראלעטאריאט, נאר פון נישט דערזען דעם גרויסן כח און באדייטונג פון די יידישע מאסן פאר די קומענדיקע גרויסע רעוואלוציאנערע שלאכטן. דאס דאזיקע „נישט דערזען" האט זיך טאקע שלעכט אפגערופן אויף דער סאציאליסטישער ארבעט צווישן די פוילישע ארבעטער. דער פוילישער פראלעטאריאט אין לאדזש איז נישט דערנענטערט געווארן צו זיין יידישן ברודער־ארבעטער און נאר געזען אין יידן אויסנוצער, די פאזנאנסקים און ראזענבלאטס און דאס האט „פעטער" געמאכט דעם באדן פאר דער פאגראם־אגיטאציע פון 1892־סטן יאר.

ביז דעם אלגעמיינעם שטרייק אין 1892 האט דער סאציאליזם אין לאדזש געפירט א קרייזל־ארבעט, פארשפרייט אויפרופן, אגיטאציע־ליטעראטור און אפילו געהאט אן אייגענע דרוקעריי. די ווירקונג אויף דער מאסע איז געווען א קליינע. שטרייקן זענען פארגעקומען דראבנע אין קלענערע אונטערנעמונגען. א גרעסערע אקציע איז פארגעקומען אין 1883 אין פאזנאנסקים פאבריקן, ווו מ'האט געוואלט די ארבעטער צווינגען צו ארבעטן אום זונטאג.

---

*) דייר אדאם פרוכניק. „דער לאדזשער בונט אין יאר 1892".

**) רעס: „די געשיכטע פון דער סאציאליסטישער באוועגונג אין רוסישן אקופאציע־געביט", זייט 268.

די וועבער און שפינער האָבן אַלס פּראָטעסט געוואָרפן די אַרבעט. די אַנגעקומענע פּאָליציי איז באַגעגנט געוואָרן מיט שטיינער. ערשט די קאָזאַקן האָבן געמאַכט אָרדענונג*).

אַזוי האָט זיך די סאָציאַליסטישע אידעע געשניטן לאַנגזאַם אַ וועג אין דער גרעסטער אינדוסטריע־שטאָט פון קעניגרייך פּוילן, ביז די שווערע צאַרישע פויסט האָט זיך מיט דער גאַנצער ברו־טאַלער קראַפט אַראָפּגעלאָזט אויף דער יונגער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט". דער ערשטער מאַי פון 92־סטן יאָר אין לאָדזש האָט אָבער באַוויזן, ווי ווייניק די הערשנדע קלאַסן קאָנען שטיצן זייער מאַכט אויף תליות און קאַטאָרגע, און ווי ווייניק זי־כער זיי זענען אַפילו דעמאָלט, ווען אין דער מאַסע הערשט פּאָלי־טישע שטילקייט און טויטקייט.

אינדערמיט פון די אַכציקער יאָרן האָט די צאַרישע מאַכט אַוועקגעשיקט אויף דער תליה 4 טוער פון „פּראָלעטאַריאַט", אַנ־דערע חברים, צווישן זיי, די לאָדזשער, דער וועבער הילאַרי גאָסט־קעוויטש און דער שלאָסער אַנטאָני פּאָפּלאַווסקי, זענען אַוועק אויף לאַנגע יאָרן קאַטאָרגע. די שענסטע רעוואָלוציאָנערע פּערזענ־לעכקייט פון דער דעמאָלטיקער אַרבעטער־באַוועגונג, לודוויג וואַ־רינסקי, איז פאַרמאַכט געוואָרן אין די „שטיינערנע זעק" פון שליסלבורגער פעסטונג, וווּ ער האָט פאַרענדיקט זיין ברוויזנד־לעבן**). שפּעטער, ווען די אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס, האָט ווייטער געאַרבעט די אינקוויזיציע־מאַשין פון צאַרישע פאַרפאָלגונגען. ערב דעם היסטאָרישן ערשטן מאַי פון 92־סטן יאָר איז דער „פּראָלעטאַריאַט" געווען שרעק־לעך אָפּגעשוואַכט צוליב דעם פּאָגראָם, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט איבער אים אַדורכגעפירט. די צוגרייטונגען פון „פּראָלעטאַר־יאַט" צום ערשטן מאַי איז דעריבער געווען זייער אַ שוואַכע. דער „פּראָלעטאַריאַט" האָט אַפילו קיין אייגענעם אויפרוף נישט אַרויס־

*) דעס: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביטיי.

**) דאָרט.

געלאָזט דאָס אַלץ האָט דאָך נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם היסטאָרישן אַרויסטריט אויף דער סאָציאַלער קאַמפּס־אַרענע פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט.

די הויפּט־סיבה, וואָס האָט צוגעגעבן דעם ערשטן מאַי־אַרויסטריט אַזאַ שאַרפן כאַראַקטער, איז געווען די שווערע, אומדערטרעגלעכע לאַגע, אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען די לאָדזשער וועבער און שפּינער.

„דורך לאַנגע, לאַנגע יאָרן האָט אין דער מאַסע געגוררטעוועט דאָס געפיל פון עוולה. ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַרביטערטקייט, כ'איז געוואַקסן די אומצופרידנקייט. אין לאָדזש האָט דער קאַפּי־טאַליזם געפּראַוועט זיין הערשאַפט אויפן ברוטאַלסטן און ריק־זיכטלאָזסטן אופן. ס'האָט זיך דאָ באַזעצט די גאווה פון אויפגעקומענער, נישט באַגרענעצטער גיריקייט און די האַרטע אומפיל־באַרקייט פון די גראָשנמאַכער... אין דער באַציאונג צו די אַרבע־טער האָט דער לאָדזשער קאַפּיטאַליזם מיט גאָרנישט זיך קרעמ־פּירט. אין די גרויסע פאַבריקן איז די נאָרמע פון אַרבעטס־טאָג געווען פון 6 פרי ביז 8 אָוונט מיט אַ האַלבע שעה איבעררייס... דער לוין איז געווען אַ שרעקלעך אָרעמער... דער פּערזענלעכער כבוד פון די אַרבעטער, דער כבוד פון דער אַרבעטער־פרוי, האָט אין די אויגן פון די קאַפּיטאַליסטן און פון זייערע קנעכט נישט געהאַט קיין שום ווערט"*).

ביי אַזעלכע באַדינגונגען האָט געווירקט ווי אַ פּ ו נ ק פ י י ע ר אין אַ לייכט־ברענענדיקער מאַסע דער ערשטער מאַי־אויפרוף, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1892 די מעסיקע ריכטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, „דער פאַרבאַנד פון פּוילי־שע אַרבעטער"**).

---

*) רעס: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביטיי, זייט 329.

**) „דער פאַרבאַנד פון די פּוילישע אַרבעטעריי — אַ ריכ־טונג, וואָס האָט געפּרעדיקט מעסיקייט און מער זיך צו פאַרנעמען מיט עקאָנאָמישע און בילדונגס־פראַגן, ווי פּאָליטיק — איז אַנט־

דער אויפרוף פון „פאַרבאַנד״ האָט אויפגעפאָדערט די אַר־בעטער צו שטרייקן אין ערשטן מאַי פאַר: אַן אַכט־שעהדיקן אַר־בעטס־טאָג, פאַר העכערע לוינען, קעגן דער צאַרישער הערשאַפט, פאַר אַן אייגענער רעגירונג. „מיר ווילן אַליין מיט זיך רעגירן״— זאָגט זיך דאָרט אין אויפרוף — פאַר פרייהייט פון פאַרזאַמלונגען, וואָרט און דרוק, פאַר פוילישע שולן, פוילישע געריכטן און קעגן צווינגען צו רעדן אויף דער פרעמדער שפּראַך*).

אין די פאַבריקן, ווו דער אויפרוף איז מאַסנווייז פאַרשפּרייט געוואָרן, האָט אָנגעהויבן וואַקסן די אויפגערעגטקייט און דענער־ווירטקייט, אָבער קיינער, נישט די צאַרישע מאַכט און נישט די טוער פון „פאַרבאַנד״ האָבן געהאַט די מינדסטע פאָרשטעלונג, וואָס עס גרייט זיך צום ערשטן מאַי אין לאָדזש.

אָנגעהויבן האָט זיך דער שטרייק נאָך דעם 28־טן אַפּריל. אין לאָרענצעס און פּאָזנאַנסקיס פאַבריקן האָבן זיך די אַרבעטער אָפּגעזאָגט צוצוטרעטן צו דער אַרבעט. די אַדמיניסטראַציע פון די פאַבריקן האָט אַרויסגערופן זשאַנדאַרמען און עס איז אַוועק אַן עקזעקוציע איבער די אַרבעטער. דער זשאַנדאַרם־אָפיציר מאַשין האָט געטיילט קולאַקעס אויף לינקס און רעכטס און דער־ביי געזידלט די אַרבעטער:

„צו די וואַרשטאַטן, איר הינטישע זין, צו די וואַרשטאַטן, איר לײדאַקעס״!

די אַרבעטער זענען נידערגעשלאָגענע אַוועק צו דער אַרבעט און אין פּאָזנאַנסקיס פאַבריק האָט די זשאַנדאַרמעריע געמאַכט אַן אויספאָרשונגס־ביוראָ, אין וועלכן עס האָט זיך אויך באַטייליקט

---

שטאַנען אין סוף פון די 80־ער יאָרן, אַלס רעאַקציע קעגן די רע־וואָלוציאָנערע מעטאָדן פון דער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט״. די היס־טאָרישע ראָל פון אַרויסרופן די מאַי־געשעענישן פון 1892 אין לאָדזש האָט דערפילט גראָד דער „מעסיקער פאַרבאַנד״.

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין 1892־טן יאָר״.

פאָזנאַנסקי. דאָרט האָט מען די אַרבעטער געפּאַרשט, געזידלט, גע־שטויסן, געפּאַטשט און אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט*).

דאָס איז אָבער געווען נאָר אַ פאָרשפּיל צו דער גרויסער דראַמע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דעם 2־טן מאַי. דער ערשטער מאַי איז אויסגעקומען זונטאָג, האָבן די פאַבריקן ממילא נישט גע־אַרבעט. דעם 2־טן מאַי האָט זיך אָנגעהויבן דער אַלגעמיינער שטרייק.

,,דינסטאָג, דעם 3־טן מאַי, נאָכמיטאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטרייק אין אייניקע גרעסערע פאַבריקן. אויף צומאָרגנס זענען די שטרייקנדע געגאַנגען צו די פאַבריקן, וואָס האָבן געאַרבעט און זיי אָפּגעשטעלט. פאָרגעקומען איז עס אויף אַזאַ אופן: אַ גרופּע פון די שטרייקנדע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי די פאַבריקן און גע־רופן: ,,קומט, ברידער, קומט שוועסטער''. געוויינלעך האָבן די אַרבעטער אויף דעם רוף באַלד פאַרהאַלטן די מאַשינען און אַרויס־געגאַנגען... אויב זיי האָבן נישט געהאַט צו דעם גענוג ענערגיע, האָבן די שטרייקנדע זיך אַריבערבאַקומען איבערן פּאַרקאַן, וואָס האָט אַרומגערינגלט די פאַבריק, אָדער זיי האָבן מיט שטורעם גע־נומען דעם פאַבריקס־טויער און אַריינבאַקומענדיק זיך אין זאַל פון די מאַשינען, האָבן זיי באַפוילן די אַרבעט אָפּצושטעלן.

,,דאָנערשטאָג, דעם 5־טן מאַי, זענען שוין געשטאַנען אַלע לאָדזשער פאַבריקן און מ'האָט שוין נישט געהערט די פאַבריקס־פייפלעך, וועלכע האָבן מיט אַ טאָג פריער אַזוי געריצט די שטרייקנ־דע. נאַטירלעך איז אויך געקומען אַ געדאַנק, אַז מ'זאָל אָפּשטעלן די גאַנצע אַרבעט אין דער שטאָט. מ'האָט טאַקע איבערגעריסן די אַרבעט ביי די מויערער, ברוקירער און אין אַלע קליינע וואַר־שטאַטן. אַזוי־אַרום איז דערגרייכט געוואָרן אַן אַלגעמיינער שטרייק, הגם די מאַסע איז נאָך דעמאָלט געווען פרעמד דער באַגריף ,,אַל־געמיינער''**).

---

*) ד״ר אַדאַם פּרוכניק: ,,דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892''.

**) אַנטאָני הומניצקי: ,,זכרונות פון די יאָרן 1888 און 1892'', אַרויסגעגעבן אין וואַרשע אין יאָר 1907. אַ. הומניצקי

אזוי איז געווען דער פארלויף פון די געשעענישן ביז דעם 5־טן מאי. הומניצקי גיט צו אין זיינע זכרונות, אז די באציאונג פון די ארבעטער צום שטרייק איז געווען אן ערנסטער, א רואי־קער. דאס ווערט באשטעטיקט אויך אין אלע דאקומענטן פון יענער צייט, וואס האבן א שייכות צו די געשעענישן. די שטרייקנדע האבן שפאצירט אין די גאסן גרופנווייז, געזונגען לידער און אפילו פאטריאטישע לידער. די אנפירער פון „פארבאנד", וועלכע האבן אין דער מינדסטער מאס נישט דערווארט אזא ווירקונג פון זייער מאי־אויפרוף, האבן נישט געוווסט, וואס וויטער צו טון און אי־בערגעלאזט אלץ אויפן גורל פון דער סטיכיע. אזוי שרייבט אויך הומניצקי. דערפאר זענען שוין נישט געזעסן מיט פארלייגטע הענט די מאכט־האבער.

מתחילת זענען זיי געווען צעטומלט פון דער מעכטיקער כוואליע, וואס האט זיך געטראגן, ווי אן אויפגעבראַוזטער שטראם אין פרילינג־צייט, אבער באלד האבן זיי גענומען אנווענדן מיט־לען, כדי דעם שטראם איינצוצוימען.

ס'האט זיך אנגעהויבן א טעלעגראמען־ און בריוו־אויסטויש צווישן די לאדזשער מאכט־האבער מיטן פיעטריקאווער גובערנא־טאר מילער און גענעראל־גובערנאטאר הורקא אין ווארשע. אויך די אינדוסטריעלער האבן נישט געשוויגן. נאך לאנגע בעראטונגען, האבן זיי ארויסגעשיקט טעלעגראמעס קיין פיעטריקאוו און ווארשע:

„30 טויזנט ארבעטער האבן געווארפן די ארבעט און צווינ־

איז געווען איינער פון די פירער פון „פארבאנד פון פוילישע ארבעטער" און איז געווען טעטיק אין לאדזש בעת דעם מאי־שטרייק אין 1892. די פאקטן, וועלכע ער גיט אן אין זיינע זכרונות, שטימען מיט די ארכיוואלע פארשונגען, וועלכע ס'האט געמאכט ד"ר אדאם פרוכניק אין זיין שוין דורך אונז ציטירטן היסטארישן שטודיום „דער לאדזשער בונט". א חילוק איז נאר אין פעסט־שטעלן דעם טאג פון שטרייק־אויסברוך. הומניצקי גיט אן, אז דער שטרייק איז אויסגעבראכן דינסטאג, דעם 3־טן מאי און לויט פרוכניקן דעם 2־טן מאי.

גען אנדערע צום שטרייק. צוליב דעם דראָט דאָס גרעסטע אומ־גליק״.

ווייטער גייט אין דער טעלעגראַם אַ בקשה וועגן באַלדיקער הילף*).

אַלס רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן בריוו־ און טעלעגראַמען־אויסטויש, איז דעם 5־טן מאַי אַראָפּגעקומען נאָך לאָדזש גובער־נאַטאָר מילער בכבודו ובעצמו און אין דעם טאָג האָבן די שטרייקנ־דע דערפילט, אַז די צאַרישע מאַכט שלאָפט נישט און די יידן האָבן אין דעם טאָג אָנגעהויבן פילן די גרויל־שרעק פון פּאָגראָם.

וואָס עס איז געווען די דירעקטע סיבה פון פּאָגראָם, איז פון קיין שום היסטאָריקער נישט אויפגעקלערט געוואָרן. און וועגן דעם שווייגן אויך די אַרכיוו־אַקטן.

אַלע היסטאָריקער ווייזן אָבער אָן, אַז די צאַרישע מאַכט האָט דעם פּאָגראָם אונטערגעהאַלטן און מעגלעך אויך שטילער־הייט אָרגאַניזירט, כדי אַריינצוברענגען אַ צעמישונג אין די אַר־בעטער־רייען, וואָס וועט לייכטער מאַכן צו דערשטיקן דעם בונט.

אין דעם שוין־דערמאָנטן פלוג־בלאַט, וואָס דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״ האָט אַרויסגעגעבן אין יאָר 1902, געפי־נען מיר אַ ברייטע שילדערונג וועגן פאַרלויף פון דער טראַגי־שער מאַי־פּייערונג. דאָרט לייענען מיר:

„לאָמיר וואַרפן אַ קורצן איבערבליק אויף יענער צייט. דאָס איז געווען דער 92־סטער יאָהר. דאָס יאָהר געדענקט זיך נאָך דאַרום די אַרבייטער, ווייל ער איז געווען אַנ׳עכטער הונגער יאָהר. צוליעב אַ שטאַרקען קריזיס האָבען פיל פאַבריקאַנטען באַנק־ראָטירט און הונדערטער אַרבייטער זענען געבליבען מיט זייערע פאַמיליעס אָהן ברויט און אָהן אַ היים, הונדערטער אַרבייטער האָבען אומזיסט געקלאַפּט אין די טירען פון זייערע ברויט־געבער, בע־טענדיג אַרבייט. די לעבענס מיטעל זענען זעהר געשטיגען אין פרייז, דער ווינטער איז געווען אַ האַרטער און די נויט איז געוועזען אָהן גרעניצען. די שטענדיגע וואַלטעטער, בירגער פון

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין 1892״.

שטאָט, האָבּען דאָן פערשלאָסען זייערע טירען פאַר די הונגעריגע און בּרויט־זוכענדע אַרבּייטער.

„...די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", וועלכע האָט אָנגעהויבּען איהר טעטיגקייט אין לאָדזש נאָך אין מיטען פון די 80־ער יאָהרען, האָט געפונען דאָרט אַ זעהר דאַנקבּאַרען בּאָדען פאַר איהר אַגיטאַציאָן. זי האָט געאַרבּייט אָנשטרענגענדיג אַלע איהרע קרעפטען אום צו געבּען דעם פערבּאָרגענעם האַס פון דער מאַסע די געהעריגע ריכטונג. אין אַ קורצער צייט האָט זי שוין געהאַט אַ געוויסע צאָהל בּעגייסטערטע אָנהענגער, וועלכע האָבּען געזייהט די קערנער פון דער אידעע צווישען דער מאַסע און די קערנער האָבּען זיך אין דעם פּאַרטיגען בּאָדען זעהר גוט צוגענומען"*).

ווייטער גיט דאָס „פלוג־בּלאַט" אַ בּילד פון דעם מצב פון די יידישע אַרבּעטער ערב די געשעענישען פון 92־סטען יאָהר, וואָס איז אונז שוין בּאַקאַנט פון פריערדיקען קאַפּיטל. אַלס דעם הויפּט־מאָמענט, וועלכער האָט צוגעגרייט דעם בּאָדען אין לאָדזש פאַר אַזאַ פּאָגראָם, גיט אָן דאָס „פלוג־בּלאַט" די אָפּגעזונדערטקייט, דער גרויסער תהום, וואָס איז געווען אויסגעגראָבּען צווישען יידישען און פּוילישען אַרבּעטער־קלאַס. פון איין זייט די פאַנאַטיש רעליגיעזע פרומקייט פון די יידישע אַרבּעטער און פון דער אַנדערער זייט דער קריסטליכער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער איז נאָך געווען אומאַנטוויקלט, אום צו זעהן אין דעם לאַנג־פּאַראַכטעטען יידישען אַרבּעטער זיינעם אַ בּרודער, צו וועלכען מ'איז צוגעשמידט מיט אַן אייזערנעם רינג פון גלייכע אינטערעסען**).

דער יידישער אַרבּעטער איז נישט אַריינגעצויגען געוואָרען אין דער אַלגעמיינער בּאַוועגונג, די פּראָלעטאַריער פון בּיידע פעלקער האָבּען געקוקט אויף זיך, ווי אויף שונאים, און דער אויפגעבּרויז־

---

*) „לאָדזשער פלוג־בּלאַטיי צום אָנדענקונג פון ערשטען מאַי 1892, אַרויסגעגעבּען פון לאָדזשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישען קאָמיטעט, אַפּריל 1902.

**) דאָרט.

מער צאָרן קענען די אונטערנעמער האָט אַזוי־אַרום לייכט געקאָנט אָפּגעווענדט ווערן אין דער יידישער ריכטונג. בפרט, וואָס צווישן די פאַרהאַסטע פאַבריקאַנטן האָט זיך אויך געפונען אַ היפּשע צאָל יידן.

דאָס „פלוג־בלאַט" שילדערט ווייטער דעם אָנהויב פון ערשטן מאַי־שטרייק. די פאַקטן זענען איבערגעגעבן אַביסל גוזמאַ־דיק און דאַן גייען די סיבות, וואָס האָבן דעם שטרייק דערפירט צו אַ פּאָגראָם:

„די פּאָליציי האָט געוואוסט, דאָס דער בעוואוסטזיין פון דער מאַסע איז נאָך זעהר שוואַך און אונענטוויקעלט. זי האָט געקאָנט דעם שוואַכען פונקט פון איהר פיינד און האָט בעשלאָסען איהם אין דעם פונקט צו טרעפען, זי האָט געוואוסט, אַז די רוה פון די מאַסען איז נאָר אַן אויסערליכע, זי האָט געוואוסט, אַז אונטער איהר איז פערבאָרגען דער האַס און ווען עס גיט זיך איין דעם פערשטיקטען האַס אַרויסצורופען און געבען איהם אַזאַ ריכטונג, וועלכער איז נישט שעדליך פאַר דער רעגירונג, דאַן איז זי גערע־טעט. וועמען האָט זי מעהר געקאָנט פערגינען דעם אויסברוך פון האַס, ווי די יודען. די צאַרישע מאַכט האָט דעריבער בעשלאָסען צו געבען דעם אַלגעמיינעם שטרייק דעם כאַראַקטער פון אַ יודען־ראַבונעק".

„...די צאַרישע רעגירונגס־דינער האָבען געעפענט די טירען פון די געפענגענישען, און האָבען אַרויסגעלאָזט אַלע לומפּען־פּראָלעטאַריער, גנבים, גזלנים א. ד. גל. נידעריגסטע פערברעכער, וועלכע האָבען זיך דאָרט געפונען, האָבען זיי געשיקט צו דער שטרייקענדער מאַסע, אָנרייצענדיג זיי צו וואַרפען זיך צוזאַמען מיט די אונבעוואוסטזיניגע אַרבייטער אויף די יודען, שלאָגען זיי און פייניגען זיי... מיט דעם געשריי: „נידער מיט די יודען; נידער מיט אונזער טויט־פיינד, נידער מיט אונזערע בלוט־זויגער, האָבען זיי זיך געוואָרפען אויף יעדען פערבייגעהענדיגען, וועלכען זיי האָבען אָנגענומען פאַר אַ יוד און האָבען איהם געשליידערט צו דער ערד. מיט חרמות און קללות האָט זיך אַ וואָרף געטהון די צורייצטע מאַסע אויף אַלט־שטאָט, דער נעסט פון עלענד,

האָבען צושמעטערט די קליינע געוועלבלעך, פערניכטעט דאָס גאַנצע אייגענטום פון די אונגליקליכע, האָבען זיך אַריינגעריסען אין די וואוינונגען און אַלץ צובראָכען און צושטאָכען, וואָס זיי האָבען נאָר געטראָפען אויפ'ן וועג''*).

פון דעם, וואָס עס דערציילט דאָס ,,פלוג־בלאַט'' וועגן די פּאָגראָמשטשיקעס, ווערט קודם־כל קלאָר, אַז אין פּאָגראָם אויף יידן האָבן זיך באַטייליקט נישט בלויז פאַרברעכערישע עלעמענטן, נאָר טאַקע אויך די שטרייקנדע אַרבעטער, וועלכע זענען דורך בלבולים אויף יידן אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער פּאָגראָם־ווילדערניש.

דער פאַקט ווערט אויך באַשטעטיקט אין אַ סאָוויעטישער אויסגאַבע ,,דאָס רויטע לאָדזש'' (רוסיש) פון נ. לוריע. דאָרט דערציילט זיך, אַז צווישן די אַרבעטער זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן גערופן: ,,שלאָגט די יידן!''

אביסל אַנדערש איז שוין מיט דעם צווייטן פאַקט, וואָס ווערט אָנגעגעבן אין פלוג־בלאַט וועגן עפענען די טירן פון די געפענגענישן און אַרויסלאָזן די גנבים, גזלנים א. אז. וו.

קיינער פון די זכרונות־שרייבער און היסטאָריקער, וועלכע האָבן געפאָרשט די בלוטיקע געשעענישן אין מאַי 1892 דערמאָנען נישט וועגן עפענען די תפיסות און אַרויסלאָזן פאַרברעכער. שוין אָפּגערעדט פון די אָפיציעלע דאָקומענטן, וועלכע זענען פאַרבליבן אין אַרכיוו. אַזעלכע פאַרברעכערישע אַקטן קעגן דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס די צארישע מאַכט האָט זיך אָן צווייפל דערלויבט, זענען אָפּגעטון געוואָרן בסוד סודות און אין ערגעץ נישט דאָקומענטירט געוואָרן.

די איינשטעלונג אָבער פון דעם ,,פלוג־בלאַט'', אַז אין פּאָגראָם האָבן זיך באַטייליקט פאַרברעכערישע עלעמענטן, וועלכע זענען געלייטעט געוואָרן פון די צארישע אַגענטן, איז אָנגענומען ביי אַלע היסטאָריקער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין פּוילן.

---

*) ,,פלוג־בלאַט'' זייט 2 און 3.

רעם שרייבט וועגן פאָגראָם אין לאָדזש אין זיין געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין קאָנגרעס־פּוילן:

„דעם 5־טן מאַי אין אָוונט האָבן אויף באַלוט און אַלט־שטאָט זיך אָנגעהויבן אומרועז קעגן יידן. דאָס רעדל האָבן געפירט די אַזוי־גערופענע „פּאָביטאָוועס". דאָס זענען געוועזן פאַרשי־דענע מינים גנבים און פאַרברעכער, וועלכע זענען נאָכן אָפּקומען זייער תפיסה־שטראָף אין זייערע וווין־ערטער, אַרויסגעשיקט גע־וואָרן קיין באַלוט. צו זיי האָט זיך פאַראייניקט דער מענטשן־אָפּפאַל פון דער גרויסער שטאָט, גאַסן־פרויען א. אַנד.

„די אוממיטלבאַרע סיבה צו די אומרועז זענען געוועזן פאַר־שידענע קלאַנגען, וועלכע קורסירן אין אַזעלכע פאַלן, ווי רויב־גיריקע היענעס. מ'האָט דערציילט וועגן אַ יידישן קצב, וועלכער האָט געזאָלט אַ קריסטלעכע פרוי צעהאַקן דעם קאָפּ, אַז יידן האָבן באַליידיקט דעם קאָשטשאָל און דעם גלח, וועלכן יידן האָבן באַוואָרפן מיט שטיינער א. ד. גל.

„פון וואַנעט האָבן זיך גענומען די קלאַנגען, צי האָבן די „פאַרשיקטע" אַליין זיי געלאָזט אין גאַנג, כדי צוצוגרייטן אַ באָדן פאַר זייער אַרבעט, צי האָבן זיי בלויז אויסגענוצט די קלאַנגען? צי איז די גאַנצע פאַרשווערונג נישט געוואָרן געמאַכט פון דער פּאָליציי?...

„אויף אונטערצושטיצן די דאָזיקע השערה, איז נישטאָ קיין אוממיטלבאַרע באַווייזן, אָבער אַמזיכערסטן איז אַזוי געוועזן:. דערמאָנען מיר זיך, אַז שוין פאַר דער ערשטער מאַי־פייערונג פון יאָר 1890, האָט, די וואַרשעווער פּאָליציי פאַנאַנדערגעלאָזט קלאַנ־גען, אַז מ'וועט שלאָגן יידן, באַמערקן מיר, אַז די לאָדזשער פּאָ־ליציי איז מיט די „פאַרשיקטע" געוועזן אין נאָענטער פריינט־שאַפט און אין ברידערלעכן קעגנזייטיקן דינסט. גיבן מיר נאָך צו, אַז די אַנטי־יידישע אומרועז זענען אויסגעבראָכן נאָך דעם קומען צו פאָרן פון גובערנאַטאָר מילער, ווען די מאַכט האָט אָוועקגעלייגט אַלע באַמיאונגען, כדי די מעכטיקע אַרבעטער־באַ־וועגונג ווי אַמגיכסטן צו דערשטיקן — איז די יידישע העצע גע־ווען אַן אויסגעצייכנט מיטל אויף אויסצוקרומען די באַוועגונג

און גלייכצייטיק א פּרעכטיקער פּרעטעקסט אויף צוריקצושטעלן די אָרדענונג, נישט „קאַרגנדיק קיין קוילן". שטאַרק פאַרשפּרייט איז געווען די שטים פון דער עפנטלעכער מיינונג אין לאָדזש און אין גאַנצן לאַנד, אַז אַ חוץ די „פּאַרשיקטע" פון באַלוט האָבן אויך געטשאַטעוועט מונדירטע יינגען פון די פּאָליציייאישע צירקלען*).

ווער ס'האָט געקענט די באַלוטער פאַרהעלטענישן פאַרן פינפטן יאָר, קען זיך לייכט מאַכן אַ בילד פון יענע גרויל־טעג, וואָס עס האָט איבערגעלעבט די יידישע אָרעמע באַפעלקערונג פון באַלוט און אַלטשטאָט אין אָנהויב חודש מאַי 1892.

גאַנץ באַלוט, אָנהויבנדיק פון גלייכן־ווינקל, פּלאַץ־קאָשטשעלני, זגיערזשער, פּלעגט מיטן צופאַלן פון דער נאַכט, איינגעהילט ווערן אין אַ שרעקלעכן חושך. דאָ, ביי דעם ווינקל, האָט זיך געענדיקט די שטאָט מיט אירע אָרדענונגס־היטער, גזעצן, באַלייכטונג און „לאָדזשער קולטור". אַ שטאָט־טייל, וואָס האָט שוין דעמאָלט געציילט צענדליקער טויזנטער איינוווינער, איז פון די צאַרישע טשינאָווניקעס איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר — פאַרן מעסער־שטעכער און גאַסן־יונג. פאַרשטייט זיך, אַז די יידן זענען געווען די גרעסטע קרבנות און אמשטאַרקסטן געליטן פון דער הפקרות.

ביי אַזאַ לאַגע איז לייכט מעגלעך געווען, אַז די פאַרברעכערישע עלעמענטן פון באַלוט האָבן בעת דעם שטרייק זיך געלאָזט אַ „שפּיל טון" מיט יידן און גענומען ראַבירן די יידישע געוועלבלעך, ביים גלייכגילטיקן צוקוקן זיך פון דער צאַרישער פּאָליציי.

4 טעג האָבן די אַרבעטער געשטרייקט. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין לעבן פון די מאַסן, ווען זיי האָבן דערפילט דעם כח פון זייערע אַרבעטס־הענט. דאָס ערשטע מאָל, ווען אין דער שטאָט איז דורך דעם ווילן פון די אַרבעטער פאַרשטימט געוואָרן דאָס ליאַרמען פון די וועב־שטולן און זשוזשען פון די שפּינדלען.

---

*) רעס: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט", זייט 334—335.

די שטרייקנדע האָבן זיך אַרומגעדרייט פול מיט צאָרן, פאַר־ביטערונג. אין דעם טאָג, איידער דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגע־הויבן, האָט פּאָליציי מיט קאָזאַקן גענומען יאָגן די אַרבעטער פון די גאַסן, שלאָגן און קאַטעווען. די פאַרברעכערישע, אַנטי־יידישע העצע האָט געטון דאָס איריקע. שוואַכזיניקע, נישט באַ־וווסטזיניקע עלעמענטן פון די שטרייקנדע, האָבן זיך געלאָזט אַריינציען, געגלויבט די בלבולים און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקע יידן־הריגה, וואָס האָט זיך נישט געהאַט צו שעמען קעגן די קלאַסישע פּאָגראָם־,,מוסטערן" פון די 80־ער יאָרן.

איבער גאַנץ באַלוט און איבער די גאַסן: פראַנציסקאַנער, אַלעקסאַנדרינסקאַ (היינט זשידאָווסקאַ), שרעדניע (היינט פּאָמאָר־סקע), ווידזעווער (היינט קילינסקיעגאָ), קאַמיעננאַ, סקווערסאָוואַ, טאַרגאָוואַ, פּראָסנאַ, אַלטשטאָט און פּיש־האַלע, האָט זיך געטראָגן די ווילדע פּאָגראָם־אָרגיע. ספּעציעל אויף באַלוט זענען אַלע שויבן פון יידישע הייזער געוואָרן אויסגעהאַקט. די טירן און טויערן אויסגעבראָכן, די רינשטאָקן פול מיט פעדערן פון צעריסענע בעטגעוואַנט. די יידישע וווינונגען און געוועלבער זענען געוואָרן דעמאָלירט און צערויבט און די יידישע איינוווינער זענען אָפּגע־גאַנגען אין בלוט*).

שווער צו זאָגן, ווי גרויס ס'איז געווען די צאָל פאַרווונדע־טע, צי ס'איז געווען דערהרגעטע און וויפל. אין די אָפיציעלע דאָקומענטן, וועלכע זענען באַאַרבעט געוואָרן דורך ד"ר פּרוכניק, ווערט די צאָל פון פאַרווונדעטע יידן, אָדער געהרגעטע אינגאַנצן נישט אָנגעגעבן. אָבער ס'גענוגט צו דעם, וואָס מיר האָבן דאָ באַ־שריבן צוצוגעבן נאָך איינִיקע שילדערונגען פון מענטשן, וואָס האָבן דאָס איבערגעלעבט, כדי צו באַקומען אַ גענויע פאַרשטע־לונג וועגן דעם דעמאָלטיקן פּאָגראָם־גיהנום.

דער לאָדזשער זשורנאַליסט גוסטאַוו אייזנער (היינט אין אַמעריקע) שרייבט אין ,,לאָדזשער אַלמאַנאַך", וואָס דער לאָ־

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: ,,דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892".

דזשער ברענטש פון אַרבעטער־רינג אין ניו־יאָרק האָט אַרויסגע־
געבן:

„פון מיין פריעסטער יוגנט אָן האָט זיך אין מיין זכרון איינ־
געקריצט אַ סצענע, וואָס איך האָב איבערגעלעבט. די סצענע האָט
פאַרגעשטעלט, ווי מיין פאָטער ליגט אין אַ הויף ביי אַ סלופּ,
אַ צעבלוטיקטער, מיט ווונדן אין קאָפּ און אַרום אים שטייען
מענטשן און וואַשן אים מיט קאַלט וואַסער.

„איך בין דאַן אַלט געוועזן אַן ערך 7 יאָר און געוווינט
האָבן מיר אין לאָדזש אויף צעגעלניאַנאַ 46. כאָטש פאַר מיר איז
נישט געוועזן קלאָר, וואָס מיט מיין פאָטער איז געשען. האָב איך
פונדעסטוועגן געוווּסט, אַז ער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן פון עט־
לעכע קריסטן און, אַז דאָס איז געשען בעת דעם „ראַבונעק",
וואָס, איז דאַן פאַרגעקומען אין שטאָט".

אַ פולשטענדיק בילד פון דעם פּאָגראָם־גרויל גיט די קאָ־
רעספּאָנדענץ פון לאָדזש, וועלכע איז געווען אָפּגעדרוקט אין
„פּזשעגלאָנד סאָציאַליסטיטשני" פון 92־סטן יאָר, אַ פיר חדשים
נאָך די געשעענישן אין לאָדזש.

דער מחבר פון דעם בריוו, איז בראָניסלאַוו סאַמאָילאָ,
אַ טוער אין דער דעמאָלטיקער אַרבעטער־באַוועגונג. פון זיין בריוו
טראָגט זיך אַביסעלע אַ יידן־פיינטלעכער ריח. סאַמאָילאָ חזרט אי־
בער די אַלטע און אייביק נייע מעשיות, אַז יידן האָבן בעתן פּאָ־
גראָם געשאָסן פון די פענסטער מיט רעוואָלווערן, האָבן געגאָסן
הייס וואַסער, געוואָרפן אויף די קעפּ פון די דורכגייער שטיינער,
שטיין־קוילן און טעפּ. איינס, אַזאַ יידיש הויז, פון וואַנען מ'האָט
געזען יידן גיסן הייס וואַסער, האָט דער המון אונטערגעצונדן און
נישט געלאָזט ראַטעווען. די איינוווינער האָבן זיך דאָך אָפּגע־
ראַטעוועט*).

---

*) ציטירט פון מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי: „די געשיכטע
פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־
געביט", זייט 223.

מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי איז דער פּסעוודאָנים פון ל. קול־
טשיצקי (היינט אַ רעכטער). אַמאָל, אין יענע צייטן, פון וועל־

די דאָזיקע מעשיות ווערן דורך קיינעם פון די היסטאָרי־קער נישט באַשטעטיקט, בלויז ד״ר אַדאַם פּרוכניק דערמאָנט אין זיין „לאָדזשער בונט״, אַז די יידן האָבן זיך פאַרטיידיקט, און אַז נישט איינער פון די אָנפאַלער האָט באַקומען דאָס זייניקע.

סאַמאָילאָ קאַרגט אָבער אויך נישט קיין פאַרב ביים אָפּשיל־דערן די שרעקלעכע פּאָגראָם־געשעניש. מיר לייענען דאָרט:

„אויף דעם המון, סיי אויף די אָנפאַלער, סיי אויף די אַנט־לויפנדע, האָבן זיך געלאָזט די קאָזאַקן און די סטראַזשניקעס, שלאָגנדיק, שניידנדיק מיט די שווערדן, שיסנדיק צום ערשט מיט בלינדע און שפּעטער מיט שאַרפע קוילן. דער המון האָט זיך גע־נומען פאַרטיידיקן. אַ פּאָר קאָזאַקן, פאַרוווּנדעטע מיט שטיינער, זענען אַראָפּגעפאַלן פון די פערד. די רעשט האָט זיך גענומען דיסקרעט אַרויסרוקן, שלאָגנדיק אויפן צוריקקער: אי יידן, אי קריסטן. די נאַכט האָט זיך פאַרענדיקט מיט קאַמף, וועמענס אָפּ־קלאַנגען ס'איז געוואָרן נאָך שטאַרקער און איבערגעשראָקן די גאַנצע שטאָט, מיט דער ווערסיע, אַז דער גאַנצער יידישער קוואַר־טאַל וועט אַוועקגעלאָזט ווערן מיטן פייער.

....„פרייטאָג האָט דער קאַמף אַרומגענומען די גאַנצע שטאָט. שרעקלעך איז געווען אַדורכצוגיין די גאַסן. ס'איז געווען אַ פּאָר־מעלער געיעג אויף יידן, ציוויליזירטע (? — א. וו. י.) און אָפּגע־ריסענע, אויף פּוס־גייער און אויף די, וואָס זענען געפאָרן אין דראָזשקעס״*).

ווייטער גיט דער מחבר איבער אַן אַנטיסעמיטיש־צוגעפּע־פערט בילדל וועגן יידישער פּחדנות און פאַרגעסט דערביי, וואָס ער האָט פריער דערציילט, ווי יידן האָבן זיך העלדיש פאַרטיידיקט,

---

בע מיר דערציילן, איז נ. קולטשיצקי געווען אַ טוער אין דער רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט״. אין 1903 האָט ער אַרויסגעגעבן זיין „געשיכטע פון דער סאָציאַליסטי־שער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט״, פון וואַנען מיר ציטירן סאַמאָילאָס קאָרעספּאָנדענץ.

*) דאָרט.

געגאַסן היים וואַסער, געשאָסן מיט רעוואָלווערן א. אז. וו. און שרייבט:

„אַפּט האָבן אַ פּאָר לאָבוזלעך געטריבן פאַר זיך אַ גאַנצע מחנה אַנטלויפנדע יידן. זיי האָבן זיך אַפּילו נישט פאַרטיידיקט אין זייערע געוועלבלעך, וועלכע זענען לחלוטין חרוב געוואָרן, הגם מ'האָט נישט גערויבט" (? — א. וו. י.).

וועגן דער באַציאונג פון דער צארישער מאַכט צום פּאָגראָם אויף יידן, שרייבט סאַמאָילאָ:

„צו דעם פּאָגראָם האָט אויף אַ סך ערטער די מאַכט זיך צוגעקוקט גאַנץ גלייכגילטיק. איך האָב אַליין געזען, ווי זשאַנדאַרמען און סטראַזשניקעס האָבן אונטערגעהעצט מיט געלעכטער און וויצן דאָס קליינוואַרג נאָכצויאָגן זיך די יידן. נאָענט פון דער באַן־סטאַציע, האָבן זיך באַזעצט 2 שלעגער־מחנות, וועלכע האָבן „באַאַרבעט" יעדן ייד, וואָס האָט געוואָלט אַוועקפאָרן, אָדער איז געקומען צו פאָרן.

„שרעקלעך איז געוואָרן דאָס בילד, ווען אַרום 10 אַזייגער איז דאָס גאַנצע פעלד אַרום דער שטאָט געוואָרן פול מיט לויפנדע פויערים פון די נאָענטע דערפער, וועלכע האָבן געטראָגן מיסט־גאָפּלען, שטעקנס, העק, שנייד־מעסערס. זיי האָבן זיך געאיילט צו דער אַלטשטאָט, ווו, לויט ווי מ'האָט זיי דערציילט, יידן האָבן אויסגעהאַקט אין קאָסטשאָל די שויבן און געשענדעט דעם אַלטאַר.

„די קלאַנגען, „די אַלטשטאָט ברענט, די זעלנער שיסן און גייען אויף באַגנעטן", האָבן נאָך מער פאַרגרעסערט אין אַ שטאַרקער מאָס די שרעק. דאָס זענען געווען גוזמאַדיקע ידיעות. די פויערים האָבן זיך פאַרזאַמלט מחנותווייז אַרום קאָסטשאָל. אַרומגעקוקט און נישט זעענדיק אין אים קיין שום שאָדן, זענען זיי זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, אָפּטרעטנדיק פאַר דער פּאָליציי"*).

*) דאָרט, זייט 23—24.

אין דער צייט פון פּאָגראָם, איז דער שטרייק אָנגעגאַנגען און געוואַקסן:

פרייטאָג דעם 6־טן מאַי, ווען דער פּאָגראָם איז געווען אָמ־שטאַרקסטן, האָבן זיך אָפּגעשטעלט פּאָזנאַנסקים פאַבריק און די רעשט שייבלערס אונטערנעמונגען. דעם טאָג האָט גאַנץ לאָדזש געשטרייקט. קיין גענויע ציפערן פון דער צאָל שטרייקנדע, איז אין ערגעץ נישט אָנגעגעבן. אין די אַרבעטער־קרייזן און אין דער פּרעסע האָט מען געשאַצט די צאָל שטרייקנדע אויף 60 און 100.000*).

צוזאַמען מיטן פּאָגראָם, ווי מיר האָבן שוין איבערגעגעבן, האָבן זיך געשטאַרקט די רעפּרעסיעס קעגן די שטרייקנדע. פאַר די רעפּרעסיעס האָט די צאַרישע מאַכט געפּרוּווט דורך אַ „פריד־לעכער אַקציע'' ליקווידירן דעם שטרייק. ספּעציעלע באַקאַנטמאַ־כונגען, אונטערגעשריבן פון גובערנאַטאָר מילער, האָבן גערופן צו אַרבעט און רו און פאַרבאָטן זיך צו זאַמלען.

די באַקאַנטמאַכונגען זענען אָבער תיכף אָפּגעליידיקט געוואָרן פון די ווענט. גובערנאַטאָר מילער איז דאַן אַליין אַרומגעפאָרן איבער די גאַסן און אַגיטירט די שטרייקנדע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט פאַר די פאַבריקן, זיי זאָלן איבעררייסן דעם שטרייק**).

מילערס דרשות זענען באַגלייט געוואָרן מיט קאָזאַקישע נאַ־גייקעס און פּאָליציייאישע קלעפּ. מ'האָט גענומען מאַסנווייז טרייבן די אַרבעטער פון די גאַסן און אַרעסטירן זיי. די ביז־איצטיקע מילדקייט און גוטהאַרציקע רייד זענען נאָר געווען אַ רעזולטאַט פון דער קליינער צאָל מיליטער, וואָס די צאַרישע מאַכט־האָבער האָבן געהאַט אין זייער רשות. דער ווילדער געיעג אויף רואיק־שפּאַצירנדע שטרייקנדע, דאָס מערדערלעכע שלאָגן, האָט די מאַסע געוואַלטיק אויפגערעגט; מ'האָט גענומען באַוואַרפן דאָס מיליטער

---

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892''.

**) דאָרט.

מיט שטיינער; אפגעשלאָגן די ארעסטירטע און אפילו שיסן. דאָס מיליטער האָט אָנגעהויבן געבן זאַלפן.

דער לאָדזשער ברוק איז צום ערשטן מאָל באדעקט געוואָרן מיט טויטע און פאַרוואונדעטע ארבעטער*).

דאָס איז פאָרגעקומען דעם זעקסטן מאַי, אין דער אייגענער צייט, ווען אין יידישן קווארטאל האָבן פאָגראָמשטשיקעס גערויבט און געמאָרדעט יידן, האָט דאָס צארישע מיליטער געשאָסן אויף די ארבעטער, אויף די גאסן קאָנסטאנטינער, זאוואדזקאַ, זאכאָדניא. דאָרט אָבער, ווו ס'איז אָנגעגאנגען די פאָגראָם־ארבעט, האָט דאָס מיליטער נישט געהאט וואָס צו טון, דאָרט איז די פאָגראָמשטשי־קעס קיין האָר פון קאָפּ נישט געפאלן. נאָך אַ באווייז, אז די פאָ־גראָמשטשיקעס פון 1892, פונקט ווי די שפּעטערדיקע, האָבן גע־נאָסן פון דעם חסד פון זיין צארישן מאַיעסטעט.

די דעצידירנדע שטעלונג פון די ארבעטער און נישט, פאַר־שטייט זיך, פון די פאָגראָמשטשיקעס, האָט שטארק באאומרואיקט דעם גובערנאטאָר מילער און דעם פּאָלקאָווניק באָלטין, וועלכער האָט קאָמאנדירט מיטן מיליטער.

עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ טעלעגראַמען־אויסטויש צווישן גובערנאטאָר מילער, פּאָלקאָווניק באָלטין און די העכערע מיליטערישע און ציווילע מאכט אין פּעטערבורג און אין ווער־שע. דעמאָלט איז אָנגעקומען דער קלאסישער ענטפער פון ווער־שעווער גענ.־גובערנאטאָר גורקאָ: „סטריעלאט, פּאטראָנאוו ניע זשאַלעט" (שיסן, נישט קארגן קיין קוילן). מיט דעם דאָזיקן ענט־פער האָט געקאָכט די גאנצע אייראָפּעאישע פרעסע.

ד"ר אדאָם פּרוכניק גיט צו דער טעלעגראַמע צו אַזאַ פּירוש:

„מיר האָבן געוואָלט דעם דאָזיקן פאקט פעסטשטעלן פון זיין ערשטער קוועלע און איבערצייגן זיך מיט די אייגענע אויגן, צי די טעלעגראַם איז אַ היסטאָרישער פאקט און ווי זי האָט באמת געקלינגען".

„מיר האָבן באשלאָסן דעריבער די זאך פעסטצושטעלן אין

*) דאָרט.

די אקטן פון דער קאנצעלאריע פון גענעראל־גובערנאטאר גורקאָ, ווו עס דארפן זיין די ברוליאָנען פון די ארויסגעשיקטע דעפעשן און מיר האָבן זיך נישט פארפירט.

„...מילער און באַלטין האָבן מיטגעטיילט אים, אַז דאָס מי־ליטער צעיאָגט דעם המון, וועלכער קלייבט זיך צוזאַמען יעדעס מאָל אויף אַנדערע ערטער. דערויף האָט גורקאָ רעקאָמענדירט ני־קיטינען, דעם קאָמענדאַנט פון לאָדזשער גארניזאָן, ענערגיש פאַר־צוטרעטן. די טעלעגראַמע האָט געקלונגען אזוי:

„דעם המון נישט צעטרייבן, נאָר פארקערט, באַמיען זיך אים אריינצושטופן אין א ווינקל, קוילן נישט זשאַלעווען. ביז מאָרגן איינשטעלן אָרדענונג".

גענ. אדיוט. גורקאָ*).

נאָך דער דאָזיקער טעלעגראַם איז אָנגעקומען מיליטערישע פארשטארקונג און, לויט ווי עס שילדערט ד"ר פּרוכניק אין זיין אַרבעט, געשטיצט אויף די באַריכטן פון גובערנאַטאָר מילער, איז די „באַרואיקונגס־אַרבעט" פריער אָנגעווענדעט געוואָרן אין צענטער שטאָט, ווו עס האָבן זיך געזאַמלט גרויסע גרופּן אַרבע־טער, ד. ה. דאָרט, ווו די באַלוטער פּאָגראָמשטשיקעס האָבן נישט געממיתט קיין יידן. ערשט, ווען מ'האָט ליקווידירט דעם שטארקן שונא פון דער צארישער מאכט — די שטרייקנדע ארבעטער — האָט מען זיך גענומען צו די פּאָגראָמשטשיקעס.

און ס'איז כאראַקטעריסטיש, אַז אויף די גאַסן, ווו די כולי־גאַנעס האָבן געווילדעוועט קעגן יידן, האָט דאָס מיליטער און פּאָ־ליציי נישט באַגעגנט קיין שום ווידערשטאַנד. די פאַרברעכערישע עלעמענטן, די צארישע גוטע פריינט, זענען לייכט אָפּגעטרעטן פון זייער פּאָגראָם־אַרבעט, ד. ה. מיט אַנדערע ווערטער, ווען גובער־נאַטאָר מילער וואָלט געהאַט אַן אינטערעס אין דעם, וואָלט דער פּאָגראָם אויף יידן תיכף ליקווידירט געוואָרן.

---

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892".

דאָס שוין ציטירטע בונדישע פלוג־בלאַט פון 1902 שרייבט גאָך וועגן פּאָגראָם:

„גאַנצע דריי טעג האָט געדויערט די מאַסע (פּאָגראָמשטשי־קעס — א. וו. י.), וועלכע איז ענלעך געווען צו אַ סטאַדע ווילדע חיות, עס האָבן נישט געהאָלפן רעדן און בעטן פון די פאַרשטענ־דיקערע און וויטזיכטיקע חברים, וועלכע זענען אויסער זיך גע־ווען פון פאַרצווייפלונג, זעענדיק, וואָס עס קומט פאַר פאַר זייערע אויגן. שיכור פון די געדויבטע געטראַנקען און פאַרגאָסענעם בלוט, האָט זיך די אַרבעטער־מאַסע צעגאָסן אויף די אומבאַשיצטע אָרע־מע יידן, ווי אַ ברויזנדער טייך, ווען ער גייט אַרויס פון די ברע־געס.

„ערשט אויפן דריטן טאָג האָבן זיך באַוויזן קאָזאַקן"."

אַלזאָ, צוויי טעג האָבן פאַרברעכערישע און כוליגאַנישע עלעמענטן געווילדעוועט איבער דער יידישער באַפעלקערונג. ווען מ'זאָל נעמען לויט דאַטעס, קומט אויס אַזוי: דעם 5־טן מאַי האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָגראָם אויף יידן. גלייכצייטיק האָט זיך אין דעם טאָג, פרייטאָג, אָנגעהויבן מצד דער מאַכט — דאָס דער־שטיקן דעם שטרייק. שוין דעם 6־טן מאַי האָט מען באַנוצט היים געוועהר קעגן די אַרבעטער. דעם 7־טן מאַי אינדערפרי, איז אָנגע־קומען מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען און מ'האָט גענומען שיסן אויף רעכטס און אויף לינקס, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט דערגרייכט צום יידישן אָרעמען קוואַרטאַל, ווו עס האָט געבושע־וועט דער פּאָגראָם. ערשט אויפן דריטן טאָג פון פּאָגראָם, ד. ה. דעם 9־טן, נאָכדעם, ווי די שטרייקנדע זענען שוין געווען צע־שאָסן, צעשלאָגן און אַרעסטירט, האָט מען זיך גענומען אויך ליק־ווידירן דעם פּאָגראָם. אָבער דאָס איז געווען אַ ספּעציעל צאַרי־שער אופן פון ליקווידאַציע, מ'האָט נישט געזוכט קיין פּאָגראָמ־טשיקעס, נאָר ווי עס שרייבט דאָס „פלוג־בלאַט":

„די האָר שטעלן זיך קאַפּויער, נאָך איצט, ווען מען דער־מאָנט זיך אין דעם משפּט. זיי (די קאָזאַקן — א. וו. י.) האָבן זיך נישט באַגנוגנט דערמיט, וואָס זיי האָבן ביז בלוט געשלאָגן מיט די

נאָגייקעס די אַרבעטער, וועלכע זענען געקומען אויפן גאַס, נאָר זיי האָבן זיך אַריינגעריסן, ווי ווילדע חיות, אין די וווינונגען, צו די אַרבעטער, ווו יענע האָבן זיך באַהאַלטן. און נישט קוקנדיק, צי שולדיק, צי אומשולדיק, האָבן זיי געשלאָגן אומברחמנותדיק; דאָס בלוט פון די אַרבעטער האָט זיך גענאָסן טייכנווייז. די שרעקלעכע הריגה האָט געדויערט כמעט 3 טעג. נאָך ביז היינט איז אוממעג־לעך גענוי צו באַשטימען די צאָל פון די געפאַלענע און פאַרווונ־דעטע אַרבעטער".

רעס, אין זיין „געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַווע־גונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט" גיט אָן 14 געהרגעטע, וועלכע מ'האָט אַרויסגעפירט פון די שפּיטאָלן און שפּעטער האָט מען אַרויסגעפירט טעגלעך צו 2—3 טויטע, וועלכע זענען געשטאָרבן פון די ווונדן. ס'איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די ווונדן פון ביקסן־קוילן זענען געווען אויפן הינטערשטן טייל קערפּער. מ'האָט אַלזאָ געשאָסן צו אַנטלויפנדע. יעדנפאַלס זענען די צאָל דערהרגע־טע דערגאַנגען ביז 40, די צאָל פאַרווונדעטע איז קיינער נישט אימשטאַנד צו באַשטימען. אין „פּאָבודקאַ" פון יוני 1892 איז די צאָל אָנגעגעבן 40 דערהרגעטע און 200 שווער־פאַרווונדעטע.

אין די אָפיציעלע דאָקומענטן איז אָנגעגעבן זייער אַ קליינע, אומגלויבלעכע צאָל, פון דערהרגעטע סך־הכל זאָל האָבן גע־ווען 6 דערהרגעטע. די צאָל פאַרווונדעטע, לויט אָפיציעלע ראַ־פּאָרטן, זענען געווען 300. 28 האָבן באַקומען הילף אין פּאָזנאַנ־סקים שפּיטאָל, 241 האָבן גענומען הילף ביי דאָקטוירים*). די 28 פאַרווונדעטע אין פּאָזנאַנסקים שפּיטאָל זענען אין זייער גרעסטן רוב, מסתמא, געווען יידן. אָבער די 247, וואָס האָבן זיך גע־וואָנדן צו דאָקטוירים, פון זיי איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן די צאָל יידן, אַזוי, אַז מיר ווייסן נישט, ווי גרויס עס איז געווען די צאָל קרבנות יידן פון דעם דאָזיקן 3־טאָגיקן פּאָגראָם. די צאָל אַרעסטירטע בעת די געשעענישן איז דערגאַנגען ביז 900. 82 זע־

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892".

נען צוגעצויגן געוואָרן צום געריכט. לויט אָפיציעלע דאָקומענטן זענען געווען אַרעסטירט 348 פּערזאָן.

זייער כאַראַקטעריסטיש ביי דער פּאָגראָם־טראַגעדיע איז גע־וועזן די באַציאונג פון די יידישע אינדוסטריעלער. אָט די, וועל־כע האָבן צוזאַמען מיט אַנדערע אינדוסטריעלער, זיך בּאַראַטן אין „גראַנד"־האָטעל, וואָס מ'טוט מיט די צעבּונטעוועטע אַרבּעטער, האָבן וועגן פּאָגראָם גאָרנישט גערעדט. אין דער דאָזיקער בּאַראַ־טונג האָבן זיך בּאַטייליקט די יידישע אינדוסטריעלער: פּאָזנאַנ־סקי, שייע ראָזענבּלאַט, הירשבּערג, דער יונגער ראָזענבּלאַט. די נעמען פון יידישע פאַבּריקאַנטן ווערן דערמאָנט אין ד"ר פּרוכ־ניקס היסטאָרישער שטודיע אין שייכות מיט דער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך געפירט ביי די אינדוסטריעלער, צי מ'זאָל העכערן די אַרבּעטער־לוינען, אָדער נישט. די מערהייט האָט בּאַשלאָסן, אַז נישט.

די פאַבּריקאַנטן־בּאַראַטונג האָט אויסגעטיילט פון זיך צוויי פּערזאָן, וואָס דאַרפן אינטערווענירן ביי דער צאַרישער מאַכט צו דערשטיקן דעם אַרבּעטער־בּונט. די צוויי פּערזאָן זענען געווען: פּאָזנאַנסקי און שייבּלער. פּאָזנאַנסקי, פּונקט ווי די אַנדערע יידי־שע אינדוסטריעלער, האָבן גאַנץ גוט געדענקט וועגן זייערע פאַ־בּריקן, אָבער זיי האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן דער יידישער בּאַ־פעלקערונג, וואָס איז געפּייניקט און בּארויבּט געוואָרן פון כולי־גאַנישע עלעמענטן.

פון אַלע אַרכיוו־דאָקומענטן, וועלכע עס פאַרעפנטלעכט אין זיין „לאָדזשער בּונט" ד"ר פּרוכניק, איז נישטאָ קיין איינער, וועלכער זאָל דערמאָנען מכח אַן אינטערווענץ פון די לאָדזשער כלל־טוער אין שייכות מיט דעם פּאָגראָם אויף יידן.

נישט בּלויז די פּאָזנאַנסקים און די ראָזענבּלאַטס האָבן גע־שוויגן וועגן דעם יידישן פּאָגראָם. אויך די יידישע קהלה און פּרו־מע פּני האָט נישט געמאַכט קיין שום בּאַמיאונגען, אויף אָפּצו־שטעלן די יידן־שלעגעריי. אַפילו דער דעמאָלטיקער הרב מייזעל, וועלכן דאָס יידישע בּירגערטום האָט אַרומגעוועבּט מיט לעגענדעס און גוזמאַדיקע מעשיות פאַר זיין קאָנען אויספּועלן „טובות" ביי

דער צארישער נאטשאלסטווע, אפילו דער רב האט אויך געשוויגן בעתן פאגראם. געקלאגט זיך פארן אלמעכטיקן גובערנאטאר מי־לער האבן די פאגראמירטע אליין.

גובערנאטאר מילער דערציילט אין זיין ראפארט, אז ווען ער איז דורכגעפארן דעם יידישן קווארטאל, בעת עס האט געווילדע־וועט דער שרעקלעכער פאגראם, זענען אים אקעגנגעקומען „ייד'ן און יידענעס, צעשלאגענע, פארבלוטיקטע און געבעטן שוץ, ווייל זיי האבן מורא געהאט אהיימצוגיין אין די שטובן, פון וואנען זיי זענען אנטלאפן בעת די אנפאלן״*).

בכלל האט דער פאגראם ספעציעל געטראפן די ארעמע יידי־שע איינוווינער. וועגן דעם לייענען מיר אין שוין ציטירטן „פלוג־בלאט״.

„די רייכערע יידן, וועלכע האבן זיך באהאלטן אין זייערע זיכערע היימען, זענען געלעגן אומבארירט. דער גאנצער צארן פון דער מאסע, וועלכע האט אויסגעבראכן מיט אזא ווילדער געוואלט, האט זיך דעריבער אויסגעגאסן אויף די קליינהענדלער און צום טייל אויך אויף די ארבעטער״.

די ארעמע און פראלעטארישע יידישע מאסע איז אזוי־ארום געוועזן הילפלאז און שוצלאז אין פנים פון דער ווילדע־פאגראם־סטיכיע. קיינער איז דער יידישער באפעלקערונג נישט גע־קומען צוהילף אין איר ביטערער, שווערער נויט. קיין יידישע אר־בעטער־באוועגונג, וואס זאל זיך אננעמען די עולה פון ארעמען און אונטערדריקטן, איז נאך נישט געוועזן. עס איז געוועזן 5 יאר פאר דער אנטשטייאונג פון „בונד״.

*

מיר האבן געגעבן א גענוי בילד פון „גרויסן לאדזשער מאי״, ווי עס רופט אן רעם די ערשטע מאי־געשעענישן אין לאדזש פון 1892. עס בלייבט אונז נאר אויפצוקלערן, ווי האבן זיך בא־צויגן די פוילישע ארבעטער־טוער, די פארטיי „פראלעטאריאט״

---

*) דארט, זייט 71.

און דער „פאַרבאַנד פון פּוילישע אַרבעטער'' („זוויאָנזעק'') צו אַט דער שרעקלעכער יידן־שחיטה, אין וועלכער די צאַרישע מאַכט האָט פאַרוואַנדלט דעם ערשטן גראַנדיעזן ערשטן מאַי־שטרייק אין לאָדזש און בכלל אין גאַנץ פּוילן.

שווער צו זאָגן וועגן אַ באַשטימטער שטעלונג בעת די גע־שעענישן גופא. קיינער פון די דעמאָלטיקע פּוילישע סאָציאַליסטן און אַרבעטער־טוער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַן ערשטער מאַי־אויפרוף זאָל אַרויסרופן אַזעלכע געשעענישן, ווי ס'זענען דאַן פאָרגעקומען אין לאָדזש, אַמווייניקסטן האָבן זיך דאָס פאַרגעשטעלט די טוער פון „פאַרבאַנד'', וועלכע האָבן גע־פרעדיקט מעסיקייט, נישט צופיל פאַרנומען זיך מיט פּאָליטיק און פירן אַ קאַמף פאַר עקאָנאָמישע פאָדערונגען.

די לאָדזשער געשעענישן, דער שטרייק און פּאָגראָם, האָבן דעריבער געטראָפן די אַרבעטער־פירער אינגאַנצן אומדערוואַר־טעט, נישט צוגעגרייט, נישט טעאָרעטיש, נישט פּראַקטיש צו אַזאַ גראַנדיעזער מאַסן־באַוועגונג. דעריבער האָבן די טוער פון פאַר־באַנד, וועלכע זענען געווען די איינציקע טעטיקע, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, אויפן לאָדזשער באָדן, פּשוט פאַרלוירן די קעפּ און נישט געוווּסט, וואָס מ'הויבט אָן צו טון מיט דער דאָזיקער כּאָציאַלער ערד־ציטערניש.

אַנטאָני הומניצקי, וועלכער איז געווען דעמאָלט דער פּי־רער פון „פאַרבאַנד'' אין לאָדזש, האָט זיך מיט 15 יאָר שפּעטער געשלאָגן על־חטא איבער די דאָזיקע באַגאַנגענע זינד פון גלייכ־גילטיקייט, פון נישט־טעטיק זיין, בעת די טראַגישע לאָדזשער גע־שעענישן. אין זיינע זכרונות, וועלכע זענען דערשינען 15 יאָר נאָכן שטרייק און פּאָגראָם, שרייבט ער:

„מ'דאַרף אָנערקענען, אַז מיר זענען נישט געשטאַנען אויף דער הויך פון דער אויפגאַבע און מיר האָבן נישט באַוויזן אַרויס־צוטרעטן פּאַסיק צו דער אויפגאַבע פון מאָמענט. איך גיי נישט אַריין אין דעם, צי מיר האָבן געהאַט גענוג כחות דערצו, אָבער מיר האָבן נישט געמאַכט קיין שום פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אַ שטרייק־קאָמיטעט, מיר האָבן נישט געטראַכט וועגן קיין וואָך פון עפנט־

לעבער זיכערקייט, מיר האָבן נישט געפּרוּווט אַריינגיין אין אונטערהאַנדלונגען מיט דער מאַכט אין נאָמען פון די שטרייקנדע. מיט איין וואָרט, מיר האָבן גאָרנישט געטון, וואָס מ'דאַרף בּיי אַזאַ גרויסער מאַסן־בּאַוועגונג טון. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן בּאַשלאָסן, איז געווען: מיר זענען מחויב, לויט מעגלעכקייטן, צו זיין אויף דער גאַס און נישט זיצן אינדערהיים.

„און דער בּאַדאַרף אין טעטיקייט איז געווען בּיי דער מאַכע שטרייקנדע אַזוי בּרענענדיק, אַז אומאָפּהענגיק פון אונז, האָט עס זיך אָנגעהויבּן אַרויסווייזן. איך האָבּ געהערט, אַז די נויטיקייט אין אָרגאַניזירן זיך האָט געפונען זיין אויסגאַנג אין אַ גרויסער פאַרזאַמלונג אויפן מאַרק, וועלכע האָט אויסגעווײַלט אַ פירער. איך האָבּ געהערט ווייטער, אַז כדי נישט צו דערלאָזן מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען, האָבּן די אַרבּעטער צעשטערט דעם בּאַנפלאַנט און בּכלל האָט מען אָנגעהויבּן צו טראַכטן וועגן אַנטקעגנשטעלן זיך דעם מיליטער.

„....צום סוף, שוין בּעת די רעפּרעסיעס, בּין איך געווען אויף אַ פאַרזאַמלונג, וווּ עס האָבּן זיך געפונען צוו. אַנדערע אויך אַרבּעטער, וועלכע האָבּן זיך געהאַלטן פאַר סאָציאַליסטן און געצאָלט בּייטראַג. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מען פאַרלאַנגט פון מיר פּאַרטיי־געלט אויף אַרויסצושיקן אַ דעפּוטאַציע צום צאַר, כדי אויפצוקלערן אים, אַז די אַרבּעטער פירן אַ קאַמף מיט די פאַבּריקאַנטן און אין דעם קאַמף דאַרף זיך דאָס מיליטער נישט אַריינמישן. איך האָבּ זיי אויפגעקלערט די צוועקלאָזיקייט פון דעם פּראָיעקט"*).

רעם בּאַמערקט צו דעם: „מיר קאָנען צוגעבּן, אַז דער דאָזיקער משונהדיקער איינפאַל איז געווען אַ בּיטערע און וועדמיקע פּרוכט פון „עקאָנאָמיזם"**).

---

*) אַנטאָני הומניצקי: „זכרונות פון די יאָרן 1888—1892" (זייט 23).

**) רעם: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער בּאַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געבּיט" (זייט 338).

בײַ אַזאַ מצבֿ איז פֿאַרשטענדלעך, אַז אויך בעת דעם פּאָגראָם האָבן די „פֿאַרבאַנד"־טוער נישט אָנגענומען קיין ספּעציעלע מיטלען זיך קעגנצושטעלן דער דאָזיקער צאַרישער פּראָוואָקאַציע. עס זענען אָבער געווען פֿאַלן, ווו אַרבעטער און סאָציאַליסטן האָבן זיך קעגנגעשטעלט די פּאָגראָמטשיקעס און פֿאַרטיידיקט די ייִדן. וועגן דעם דערציילט ווײַטער הומניצקי אין זײַנע זכרונות: ווען די כוליגאַנעס האָבן זיך געוואָרפֿן אויף אַ קראַנקן ייִד, האָט ס. טאַדעושעוויטש אים פֿאַרשטעלט מיט זיך. ער איז געווען אומבאַוואָפֿנט, אָבער אין די אויגן האָט ער געהאַט אַזאַ גרייטקייט צו פֿאַלן און נישט צו דערלאָזן צו דער שאַנדע, אַז מ'האָט זיך אָפּגערוקט פֿאַר אים. ווען ער האָט דעם באַפֿאַלענעם אָפּגעפֿירט אויף אַ זיכער אָרט און דער ייִד האָט טאַדעושעוויטשן גענומען דאַנקען, האָט ער אים געענטפֿערט: „געדענק, אַז עס האָט דיך געראַטעוועט אַ סאָציאַליסט"*).

אויך סאַמאָילאָ, וועלכער איז שוין באַקאַנט פֿון זײַן אַנטיסעמיטיש־באַפֿאַרבטער קאָרעספּאָנדענץ אין „פּזשעגלאָנד סאָציאַליסטיטשני", שרײַבט אין דער ציטירטער קאָרעספּאָנדענץ:

„איך בין אַליין געווען אַן עדות, ווי נישט ווײַט פֿון יאָהנס פֿאַבריק האָבן אַרבעטער אַרויסגעריסן פֿון קונדסים אַ צעבלוטיקטן ייִד, אַ ליכוויאַזש (? — א. וו. י.) און אים אײַנגעאָרדנט אויף אַ זיכער אָרט"**).

אַ שטאַרקער טאָן קעגן דעם פּאָגראָם איז דאָ אין די סאָציאַליסטישע אויפֿרופֿן, וועלכע זענען דערשינען נאָך די געשעענישן און האָבן געגעבן אַן אָפּשפּיגלונג דעם „לאָדזשער מײַ". אַזעלכע אויפֿרופֿן זענען געווען 4. 2 זענען דערשינען און 2 זענען דורך דער פּאָליציי פֿאַרכאַפּט געוואָרן. דעם ערשטן אויפֿרוף, גלײַך נאָך די געשעענישן, האָט אַרויסגעגעבן דער „פֿאַרבאַנד" און

---

*) אַנטאָני הומניצקי: „זכרונות פֿון די יאָרן 1888—1892" (זײַט 24).

**) מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי: „די געשיכטע פֿון סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסיש אָקופּאַציע־געביטיי (זײַט 222)

איז געווענדעט צו די אַרבעטער פון לאָדזש, זגערזש און פּאַביאַ־ניץ. צוו. אַנד. לייענען מיר דאָרט:

„נויט, הונגער, אַרבעט אָן אָפּרו האָבן אייך געצוווּנגען אַרויסצוטרעטן מיט פאָדערונגען פון אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג און גרעסערע לוינען... אויף אייערע הייליקע פאָדערונגען האָבן די אויסנוצער אייך געשיקט זשאַנדאַרמישע קוילן און קאָזאַקישע נאַגייקעס. אַזאַ ענטפער האָבן זיי שטענדיק און אומעטום. איבערגעשראָקן פון אייער כח און סאָלידאַריטעט, האָבן די פאַבריקאַנטן שוין געוואָלט אָפּטרעטן, אָבער די רעגירונג האָט זיי דאָס פאַרבאָטן. זיי מיינען, אַז מיט ראָטעס זעלנער וועלן זיי צווינגען אונז צו באַשיידענעם שווייגן.

„...אָנשטאָט אונזער גרויסער לאָזונג: „קאַמף פאַר דער הייליקער אַרבעטער־זאַך'', וואַרפט אונז די רעגירונג אַ לאָזונג: „הו־זשאַ אויף יידן''. זי האָט געשטופּט אַ באַנדע גנבים און נישט־מיושבדיקע קונדסים צום ראַבירן. מיר אַרבעטער האָבן מיט דעם קיין שום געמיינזאַמעס נישט. מיר קעמפן נישט מיט קיין יידן און מיט קיין דייטשן, נאָר מיט אויסנוצער און אונטערדריקער. זאָל לעבן די אַרבעטער־זאַך! זאָל לעבן דער ערשטער מאַי!''*).

דער אויפרוף האָט די אונטערשריפט: „פּוילישע אַרבעטער''. אַזוי פלעגט זיך צוליב קאָנספּיראַציע אונטערשרייבן דער „פאַרבאַנד''.

דער „פּראָלעטאַריאַט'' האָט 2 מאָל געפּרוּווט אַרויסגעבן אויפרופן וועגן לאָדזשער מאַי, אָבער ביידע מאָל זענען די פּרוּוון דורכגעפאַלן. איין אויפרוף איז דורכגעפאַלן צוזאַמען מיט דער געהיימער דרוקעריי פון „פּראָלעטאַריאַט''. דער צווייטער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי ביים אַריבערפירן איבער דער גרענעץ דורך מאַכייסקיין**).

זייער אינטערעסאַנט איז דער אויפרוף, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן אַ גרופּע אַרבעטער. רעס שרייבט וועגן דעם: „דער

*) ד״ר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין 1892״, זייט 118.

**) דאָרט.

אויפרוף פאַרדינט אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט צוליב דעם, ווייל ער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פון אַ גרופּע אַרבעטער „פּראָלעטאַריאַטשיקעס“ און „פאַרבאַנדיסטן“ אָן דער באַטייליקונג פון דער אינטעליגענץ. דאָס דרוקל האָבן זיך אויך די אַרבעטער איינגעאָרדנט מיט אייגענע כחות“*).

אין דעם אויפרוף, וועלכער איז מאַסנווייז פאַרשפּרייט געוואָרן אין די אַרבעטער־צענטערן, לייענען מיר צוו. אַנד.:

„איינע איז די וועלט, אָבער נישט איינס איז דאָס פאָלק. עס זענען דאָ פאַרשידענע פעלקער און אין יעדן פאָלק צוויי געזעלשאַפטן, אין יעדער געזעלשאַפט 2 קלאַסן מענטשן, דער רייכער קלאַס און דער אָרעמער קלאַס. דער אָרעמער קלאַס שאַפט און דער רייכער קלאַס פרעסט אויף“.

ווייטער גייט אין אויפרוף אַ בילדערישע שילדערונג פון דער שרעקלעכער עקספּלואַטאַציע פון אַרבעטער: „טויזנטער אונזערע פאַלן ביי די פאַרשידענע באַשעפטיקונגען. אפילו אונזערע פרויען און קינדער מוזן זיך אָפּגעבן שווערער אַרבעט און אונזערע טעכטער און שוועסטער זענען אויסגעשטעלט זייער אָפּט אויף דעם רויב פון די אויסגעלאַסענע און ביי דעם קאָן מען יעדן אויגנבליק זיך דערוואַרטן דעם ברוטאַלן: „וואָן פאַרן טויער!“

נאָכדעם, ווי דער אויפרוף אַפּעלירט צו די אַרבעטער נישט אַראָפּצולאָזן די הענט, גייט ער איבער צו די לאָדזשער געשעענישן:

„ווען אונזערע ברידער אין לאָדזש האָבן זיך געמיינזאַם פאַראייניקט און מאָראַליש פאַרלאַנגט קירצן דעם אַרבעטס־טאָג און העכערן דעם לוין, האָט די גנביש־מערדערישע רעגירונג באַפוילן אין געהיים צוזאַמענצונעמען שפּיצלעס, פּאָליציי און גנבים פון באַלוט, וועלכע זאָלן רויבן און שלאָגן יידן, מיטטיילנדיק, אַז דאָס האָבן לאָדזשער אַרבעטער אַרויסגערופן געשלעגן און רויבערייען.

---

*) רעס: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט“, זייט 342.

באַלד האָט מען געגעבן שאָסן און עס האָט זיך געגאָסן דאָס אומ־שולדיקע בלוט פון אונזערע ברידער"*).

דער אויפרוף רעדט ווייטער אַרום די פאָדערונגען, וואָס די לאָדזשער אַרבעטער האָבן אַרויסגעשטעלט און דער ענטפער פון גאַגנעטן און קוילן, וואָס זיי האָבן באַקומען און ענדיקט מיט אַ רוף צו די ברידער־אַרבעטער צו פאַרייניקן זיך אַרויסצוטרעטן געמיינזאַם „אין דער פאַרטיידיקונג פון דער גערעכטער אַרבעטער־זאַך".

אויך די דייטשע אַרבעטער אין לאָדזש און אומגעגנט האָבן רעאַגירט אויפן „לאָדזשער מאַי". קיין באַזונדערע דייטשע סאָציאַ־ליסטישע אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען, אָבער ווי מיר ווייסן, האָט דער „פּראָלעטאַריאַט" אויך אַרויסגעגעבן אויפרופן אין דייטש צו די דייטשע אַרבעטער. בעת דעם מאַי־שטרייק האָבן דייטשע אַר־בעטער אַרויסגעגעבן אייגענע אויפרופן**). זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער שטימונג ביי די דייטשע אַרבעטער אין יענער צייט איז אַן אַנאָנימער בריוו, וואָס עס האָט דערהאַלטן דער דייטשער פּאַסטאָר אַנגערשטיין. דער פּאַסטאָר האָט „דערפילט זיין חוב" און אין אַ הייליקער דרשה פאַראורטיילט דעם שטרייק. אויף דעם האָט ער דערהאַלטן אַן אַנאָנימען בריוו פון זיינס אַ צוהערער, וועלכער האָט געשריבן:

„אויב מיר פאַמיליען־פאָטערס קאָנען ביי אַ 14־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג נישט פאַרדינען אַזויפיל, אויף צו דערנערן די קינ־דער, טאָ צו וואָס זאָלן מיר אַרבעטן ביטאָג און ביינאַכט פאַר זיך. מיר וועלן באַקומען גענוג ברויט און תפיסה".

דער דייטשער אַרבעטער, דער אַנאָנימער בריוו־שרייבער פאַרגעסט אויך נישט אין זיין ענטפער דעם פּאַסטאָר אַז די אָנפאַלן אויף יידן און פאַרזיכערט, אַז „אַרבעטער ווילן נישט שלאָגן קיין

---

*) מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי: „די געשיכטע פון דער סאָצ. באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט".

**) ד״ר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892".

יידן, יידן זענען נישט שולדיק אין די קליינע פארדינסטן פון די אַרבעטער. געשלאָגן די יידן האָבן גנבים פון באַלוט*).

אין דער סאָוויעטישער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם „לאָדזשער בונט" א. נ. דאָס רויטע לאָדזש, ווערט דערמאָנט אויך וועגן אַן אויפרוף אין יידיש, וואָס דער „פּראָלעטאַריאַט" האָט אַרויסגעגעבן אין שייכות מיט די לאָדזשער געשעענישן. צו אונז איז אָבער דער אויפרוף נישט דערגאַנגען.

די לאָדזשער געשעענישן, ווי אויך די צאַרישע אַנטי־יידישע פּאָגראָם־פּראָוואָקאַציע האָבן נאָך לאַנג, לאַנג נאָך דעם מאַי פון 92־סטן יאָר געגורטעוועט אין די אַרבעטער־רייען. כמעט ביי יעדער ווענדונג, וואָס סאָציאַליסטן האָבן אין פּוילן געמאַכט צו אַרבעטער, האָט מען זיך פאַררופן אויפן לאָדזשער מאַי.

אַן ערשטער מאַי־אויפרוף פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין 1893־סטן יאָר שרייבט צוו. אנד.:

„אומזיסט באַמיט זיך די מאָסקווער רעגירונג אונז צו שטופּן אויף יידן, אין וואַרשע אין 1890 (קיין פּאָגראָם איז דעמאָלט נישט געווען, ס'איז בלויז געהעצט געוואָרן צו אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען — א. וו. י.) און אין לאָדזש אין פאַריקן יאָר. געשלאָגן די יידן און גערויבט זייער פאַרמעגן האָבן גנבים און לאָבוזעס, און נישט מיר אַרבעטער.

„די מאָסקווער רעגירונג וויל אונז שטויסן אויף יידן, כדי צו שענדן אונזער פאָן... מיט אַזעלכע לאָזונגען ווענדעט זיך ה"ה טשינאָווניקעס (דאָ ווערן אויסגערעכנט די נעמען פון די דעמאָלטיקע צאַרישע מאַכטהאָבער אין פּוילן) צו אייערע קאָזאַקן און פּאָליציי, דאָרט וועלן אייערע ווערטער נישט בלייבן אָן דערפאָלג. אונז אַרבעטער וועט איר צו דעם קיינמאָל נישט שטויסן"**).

---

*) דאָרט, זייט 14 און 72.

**) מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט", זייט 238—239.

*

דער ערשטער מאָדערן־סאָציאַליסטישער ארויסטריט פון לאָ־דזשער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט אין היסטאָרישן 92־סטן יאָר, בעת וועלכן די אַרבעטער זענען אָפּגעגאַנגען מיט אַזויפיל בלוט און קרבנות, האָט אויף אַ לענגערער צייט אָפּגעשוואַכט די סאָציאַ־ליסטישע באַוועגונג אין פּוילישן מאַנטשעסטער. דער „פּראָלע־טאַריאַט" האָט ווייטער געפירט אַ קרייזל־טעטיקייט. צווישן אַ טייל באַוואוסטזיניקע אַרבעטער האָט זיך געשטאַרקט די שטרע־בונג צו טעראָר. ס'איז אַנטשטאַנען אַ געהיימער קרייז פון טע־ראָריסטן. אין 1893 איז דורך דעם „קרייז" אויסגעפירט געוואָרן אַ באָמבען־אַטענטאַט אויף קוניצערס פּאַלאַץ. ס'זענען פאָרגעקו־מען אַרעסטן, פּראָצעסן מיט 5 טויט־אורטיילן, וועלכע זענען פאַרביטן געוואָרן אויף לאַנג־יאָריקער קאַטאָרגע*), אָבער דאָס אַלץ האָט נישט אַרויסגערופן קיין גרעסערע באַוועגונג ביי דער מאַסע. די לעצטע טעראָר־אַקטן און פּראָצעסן האָבן אויסגעשעפּט די רעשט ביסל ענערגיע פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט.

„פון דאַן איז אַנטשטאַנען אין לאָדזש אויף לאַנגע יאָרן אַ טויט־שטילקייט, די באַוועגונג, וועלכע האָט זיך פאַנאַנדערגע־פלאַקערט מיט אַ גרויסן פלאַם, האָט זיך אויסגעברענט ביזן גרונט. נאָך דעם פּעריאָד פון שטורעם און אויפברויז איז געקו־מען די תקופה פון שטילשטאַנד און עס איז שווער געווען לאָדזש ארויסצונעמען פון דעם פאַרגליווערטן מצב. דורך אַ ריי יאָרן איז דער ערשטער מאַי, די דערמאָנונג פון דער גרויסער באַוועגונג פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט, אַדורכגעגאַנגען אָן שום עכאָ צווישן גלייכגילטיקייט און אומווילן.

„אַ רעטעניש נישט צום אויפלעזן איז געווען די פראַגע, ווי אַזוי צו גרינדן אין לאָדזש אַן אָרגאַניזאַציע. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס. האָט געשיקט נאָך לאָדזש מענטשן, וועל־כע זענען אַריינגעטרעטן אויף אַרבעט אין פאַבריקן, אָדער האָבן

*) דייר אַדאַם פּרוכניק: „דער לאָדזשער בונט אין יאָר 1892".

געגעבן לעקציעס ארבעטער־קינדער, כדי אָנצוקניפּן באַציאונגען מיט אַרבעטער, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געגעבן קיין שום רע־זולטאַט"*).

דאָס אייגענע איז אויך פאָרגעקומען צווישן די יידישע אַר־בעטער. אין די 90־ער יאָרן האָט שוין אין די יידישע צענטערן פון דער צארישער מלוכה געקאָכט מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אין לאָדזש איז געווען טויט. ערשטער מאַי־פייערונג און שטרייק איז געווען פאַרבונדן מיט דער דערינערונג וועגן פּאָגראָם. דאָס האָט זיך אָפּגעשלאָגן נישט נאָר אויף לאָדזש, נאָר אויך אויף אַנדערע שטעט. וועגן דעם דערציילט ח' ב. מיכאַלע־וויטש אין זיינע זכרונות:

„דער פּראָלעטאַרישער יום־טוב איז פאַרבליבן צו יענער צייט ביי יידן אין דער פאָרשטעלונג אַלס אַ שרעק־טאָג, אַ טאָג פון פּאָגראָמען און חורבן. דאָס האָט זיך גענומען פון דעם, וואָס אין ערשטן מאַי 1892 איז פאָרגעקומען אין לאָדזש אַ בלוטיקער פּאָגראָם.

„...דאָס האָט דערגרייכט דעם צוועק. ס'האָט טעראָריזירט אויף עטלעכע יאָר די אַרבעטער־מאַסן און אָפּגענומען ביי זיי דעם חשק צו דעמאָנסטרירן. דאָס האָט אויך פאַרמיאוסט דעם יום־טוב אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס שנאה, באַזונדערס — די יידן. יעדעס יאָר ערב דעם ערשטן מאַי פלעגט די יידישע באַפעלקערונג לעבן אין גרויס שרעק און פיינלעכן פחד. דער יום־טוב פון סאָלידאַריטעט און פרידן איז ביי זיי אידענטיפיצירט געוואָרן מיט רויב און פּאָגראָמען. די מיטלאַלטערלעכע מורא פון יידן פאַר דער קריסט־לעכער „פּאַסכאַ" איז איבערגעטראָגן געוואָרן אויף דעם שענסטן יום־טוב פון דער נייער צייט — אויף דעם ערשטן מאַי"**).

אפילו אַ צייט שפּעטער, ווען דער „בונד" האָט שוין גע־

*) דאָרט, זייט 135.

**) ב. מיכאַלעוויטש: „זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסטיי", ערשטער באַנד.

פירט איינציקע יאָר זיין אַרבעט אין לאָדזש, איז נאָך אויסגעקומען צו באַקעמפן די שרעק־שטימונג ביי די יידישע מאַסן. אין 1900־סטן יאָר לייענען מיר אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער „אַר־בעטער־שטימע" פון לאָדזש וועגן דער ערשטער מאַי־פייערונג:

„עס איז נויטיק דאָ צו באַמערקן, דאָס אין לאָדזש האָט זיך געהאַלטן אַ מיינונג, דאָס דער, ערשטער מאַי איז אַ טאָג, אין וועלכן די קריסטלעכע אַרבעטער ראַבעווען יידן. די מיינונג עק־זיסטירט פון 1892־סטן יאָר, ווען אַלע לאָדזשער אַרבעטער, אין דער צאָל פון 70.000 מאַן האָבן געפייערט דעם 1־טן מאַי. דאַן איז טאַקע צוליב געוויסע אורזאַכן, וועגן וועלכע דאָ איז נישט דאָס אָרט צו רעדן, פאָרגעקומען אַ יידישער ראַבונעק. פון יענער צייט אָן פלעגט וואַרפן אַן אימה דער ערשטער מאַי אויף אַלע יידן און אויך אויף די אַרבעטער. דער לאָדזשער סאָצ. דעמאָק. קאָמ. האָט אין זיינע פּראָקלאַמאַציעס דערקלערט די אַרבעטער די ריכטיקע אורזאַכן פון דער באַוועגונג אין 92־סטן יאָר און האָט אויפגעוויזן. אַז אויב עס איז דאָ זיך פאַר וועמען צו היטן, איז דאָס נאָר פאַר פּאָליציי און אַנדערע צאַרישע דינער"*).

דעם „בונד" האָט זיך לסוף איינגעגעבן די דאָזיקע שרעק־שטימונג פון די יידישע מאַסן צו פאַרטרייבן. אין דעם בונדישן פלוג־בלאַט פון 1902 צום אָנדענקן פון ערשטן מאַי 1892 לייע־נען מיר:

„די יידישע אַרבעטער וואַרטן שוין נישט אויפן ערשטן מאַי מיט שרעק, פאַרקערט, זיי דערוואַרטן אים מיט פרייד, אום שול־טער ביי שולטער, האַנט ביי האַנט מיט די קריסטלעכע אַרבעטער־ברידער צו קעמפן צוזאַמען פאַר זייערע געמיינזאַמע אינטע־רעסן"**).

---

*) „די אַרבעטער־שטימע", סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבע־טער־צייטונג, אָרגאַן פון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פוילן", נומ. 18, יולי 1900.

**) לאָדזשער פלוג־בלאַט צום אָנדענקען פון 1. מאַי 1892,

V

## אנהויב פון דער יידישער ארבעטער-באוועגונג

ערב „בונדיי.—ווער איז געווען דער גרינדער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש. — דער ערשטער קאָמיטעט. — די פּיאָנערן פון סאָציאַליזם ביי די לאָדזשער יידישע וועבער און שניידער. — קרייזן און מאַסן־אַרבעט. — די ערשטע שטרייקן. — זובאַטאָווס שפּיאָנאַזש־הויפּט־קוואַרטיר אין לאָדזש. — דער זובאַטאָוו־אַרעסט.

די יידישע ארבעטער־באוועגונג, די סאָציאַליסטישע טעטיקייט ביי דער יידישער מאסע האָט אין לאָדזש זיך אָנגעהויבן באַ־דייטנד שפּעטער אין פאַרגלייך מיט אַנדערע שטעט פון בונדישן ראַיאָן.

די בונדישע אָרגאַניזאַציעס כמעט אין אַלע שטעט פון פאַר־מלחמהדיקן „בונדישן ראַיאָן" האָבן געהאט זייער פאָרגעשיכטע. אין ווילנע און אין מינסק האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע צווישן די יידישע ארבעטער נאָך אין די זיבעציקער יאָרן, אין וואַרשע אין די ניינציקער יאָרן. אין אַ גאַנצער ריי שטעט האָבן נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון „בונד" עקזיסטירט ביי די יידישע ארבעטער קאַמף־ און שטרייק־קאַסעס. אין 1895 האָט ביאַליסטאָק שוין געהאט איר גרויסן וועבער־שטרייק, אין וועלכן עס האָבן זיך באַטייליקט 26.000 וועבער, דער־רונטער 3.000 יידן.

לאָדזש איז אין דער היגזיכט געווען אַן אויסנאַם. ביז איצט האָט קיין היסטאָריקער נישט פאַרצייכנט וועלכע ס'איז סאָ־

ציאַליסטישע און פּראָלעטאַרישע באַוועגונג בײַ די ייִדישע אַרבעטער אין לאָדזש פאַר דער אַנטשטייאונג פון „בונד".

וועגן אײנצלנע קאַמפן צווישן מייסטער און געזעלן, אָדער בעל־הבית און לערן־יונג, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דער „פאָרהיסטאָרישער צײַט" פון דער לאָדזשער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן מיר שוין דערמאָנט. די דאָזיקע סכסוכים און שטרײַטן זענען אָבער נישט אַרויס פון די ראַמען פון פּערזענלעכע סכסוכים און נישט איבערגעגאַנגען זיך אין קיין מאַסן־באַוועגונג אין זײַן מאָדערנער שטרייק־פאָרם.

נ. א. בוכבינדער אין זײַן „געשיכטע פון דער ייִדישער אַרבעטער־באַוועגונג" דערמאָנט, אַז „אין דעם פּעריאָד פון די יאָרן 1893—1897 האָט די שטרייק־כוואַליע אַרומגעכאַפּט" צווישן אַנדערע שטעט אויך לאָדזש. נ. בוכבינדער גיט אָבער נישט אָן די פּרטים פון די שטרייקן, ווער האָט געשטרייקט, בײַ וועמען און ער גיט אויך נישט אָן די קוועלע, פון וואַנען ער נעמט די מאַטעריאַלן וועגן די שטרייקן. ווי מיר ווייסן אָבער, זענען די יאָרן געווען אין לאָדזש, אין הינזיכט פון אַרבעטער־באַוועגונג די שטילסטע, די טויטסטע. עס איז דעריבער נישט וואַרשײַנלעך אַז אַ „שטרייק־כוואַליע" זאָל אין די יאָרן האָבן אַדורכגעגאַנגען צווישן די ייִדישע אַרבעטער און זאָל נישט איבערלאָזן נאָך זיך קיין געדעכעניש.

דער אײנציקער שטרייק, וואָס איז פאַרנאָטירט פאַר דער אַנטשטייאונג פון „בונד" אין לאָדזש, איז פאָרגעקומען אין ווישליצקיס פאַבריק. וועגן דעם שרײַבט די „אַרבעטער־שטימע":

„פאַבריקן ווינטער (ד. ה. ווינטער 1897 — א. וו. י.) האָבן זיך געשטעלט בײַם פאַבריקאַנט פון טיכער חיים ווישליצקי 50 ייִדישע וועבער, ווײַל ער האָט זיי געוואָלט אַראָפּרײַסן 50 קאָפּ. פון טוך. זיי האָבן אויסגעהאַלטן דעם שטרייק 2 וואָכן און זענען געווען געצוווּנגען זיך אונטערצוגעבן"*).

אויך ח' פּייסאַכזאָן („אַן אַלטער באַקאַנטער"), דער גריני־

*) „די אַרבעטער־שטימע", נומ. 8, פעברואַר 1989.

דער פון „בונד" אין לאָדזש, גיט איבער אין זיינע זכרונות וועגן דעם איינציקן פּרוּוו, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין 1895 דורך דעם אַרבעטער אהרן זאַלקינד איינצושטעלן אין לאָדזש יידישע סאָציאַליסטישע קרייזלעך, אָבער ס'האָט זיך אים נישט איינגעגעבן.

א חוץ דעם שטרייק ביי ווישליצקין און ח' זאַלקינדס פּרוּוו פון סאָציאַליסטישער אַרבעט, איז אין ערגעץ נישט נאָטירט וועלכע ס'איז סאָציאַליסטישע טעטיקייט אָדער שטרייקן אין לאָדזש פאַר דער אַנטשטייאונג פון „בונד".

ווּ ליגן די סיבות פון דער פאַרשפּעטיקונג אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין דעם דאָזיקן גרויסן פּראָלעטאַרישן צענטער?

איינע פון די דאָזיקע סיבות איז שוין באַקאַנט: די טראַגישע מאַי־פּייערונג פון 92־טן יאָר, וואָס האָט פיל בלוט און ענערגיע אָפּגעצאַפּט ביי די אַרבעטער און אויף די יידישע מאַסן אַרויפגעוואָרפן א פאַגראָם־שרעק. אָבער די געשעענישן פאַרענטפערן נאָר די פראַגע בנוגע די ניינציקער יאָרן. מיר ווייסן אָבער, אַז פריער שוין איז ביי די פּוילישע אַרבעטער אין לאָדזש געוועזן א סאָציאַליסטישע באַוועגונג, וועלכע האָט די יידישע מאַסן נישט אָנגערירט.

די סיבות, הלמאַי דער סאָציאַליזם האָט אָנגעהויבן אַזוי שפּעט צו ווירקן ביי די יידישע מאַסן אין לאָדזש, מוזן מיר דעריבער זוכן אין שפּעטן אָנהויב פון דער יידישער פּראָלעטאַריזאַציע און אין דעם אופן, ווי אַזוי די פּראָלעטאַריזאַציע איז פאָרגעקומען.

פאַר די ברייטע יידישע מאַסן אין אַמאָליקן קעניגרייך פּוילן איז לאָדזש אין די אַכציקער און ניינציקער יאָרן געוועזן א מין ניי־אַנטדעקטע אַמעריקע. דער שנעלער וווּקס פון דער אינדוסטריע אין לאָדזש האָט צוגעצויגן צו זיך מאַסן „אימיגראַנטן" פון די פּראָווינץ־שטעטלעך. לאָדזש איז פאַר דער פּראָווינץ געוועזן דאָס, וואָס שפּעטער אַמעריקע. מ'איז אַהערגעקומען נישט נאָר אַרבעטן, נאָר טאַקע רייך ווערן. פּונקט, ווי אין אַמעריקע, איז

אויך אין לאָדזש אַרומגעגאַנגגען לעגענדעס וועגן אָרעמע לייט, וואָס זענען אין אַ קורצער צייט געוואָרן פאַבריקאַנטן.

די צוגערייזטע פּראָווינצער יידישע יונגעלייט, אָדער אָפּגע־קומענע באַלעבאַטישע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אפילו אנטוישט אין דער האָפענונג אזוי גיך צו ווערן פאַבריקאַנטן, האָבן געלעבט מיט אַ צווייטער „זיסער" אויסזיכט: אָנזאַמלען אַ פּאָר רובל און אהיימפאָרן אין דעם שטעטל, כדי צו עפענען עפּעס אַ געוועלבל אָדער אַן אַנדערע אונטערנעמונג.

אַ חוץ דעם איז די ספּעציעלע סטרוקטור פון די יידישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען, ווי עס זענען געווען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער, געווען אַזאַ, וואָס ס'האָט געשאַפן אַ מין לייטער, דורך וועלכער דער „קליינער" האָט געקאָנט חלומען זיך אַרויפצודראַפּען אויף דער סאַמע הויך.

„די קאָנסטרוקציע פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געווען זייער אַן אייגנאַרטיקע: אזוי ווי אין אַ וואַלד וואַקסן נעבן הונדערט־יאָריקע ריזן־ביימער, קליינע ביימעלעך און קזשאַ־קעס, אזוי האָבן זיך צו די הויכע קוימענס פון די ריזן־פאַבריקן צוגעטוליעט אַ גרויסע צאָל קליינע פאַבריקלעך, וואָס האָבן זיך באַנוצט מיט איין געמיינזאַמען מאָטאָר, אָדער מיט דעם אַלט־פרענקישן האַנט־וועב־שטול, אָנשטאָט דעם מעכאַנישן. און עס האָט זיך אפילו געטראָפן, אַז אָנשטאָט אַ פאַבריק, איז געווען בלויז אַ מאַגאַזין פון גאַרן, וואָס פלעגט פאַרטיילט ווערן צווישן עטלעכע לוין־וועבער, וואָס האָבן געאַרבעט יעדער ביי זיך אינ־דערהיים אויף עטלעכע אָדער אפילו אויף איין וועב־שטול*).

די דאָזיקע זכרונות פון גרינדער פון „בונד" אין לאָדזש וועלכע שטעלן אונז בילדלעך פאָר די באַזונדערע סטרוקטור פון דעם ווירטשאַפטס־סעקטאָר, ווו ס'זענען געווען באַשעפטיקט די יידישע מאַסן, באַקומען זייער פולע באַשטעטיקונג דורך אַנדע־רע פאַרשער פון דער לאָדזשער געשיכטע.

*) „רויטער פנקס" II, „קולטור־ליגע", וואַרשע, „אָנהויב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש" פון אַן „אַל־טער באַקאַנטער".

אזוי שרייבט דער באַוווּסטער היסטאָריקער ד"ר פּיליפּ פריד־מאַן:

„זייער שטאַרק האָט זיך אין לאָדזש אַנטוויקלט די לוין־אַר־בעט אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. דער יידישער לוין־וועבער, דער „לוינקעטניק" האָט גענומען אַרבעט ביי אַ פאַרלעגער — אַ סוחר אָדער אַ פאַבריקאַנט — דירעקט אָדער נישט דירעקט. אָפט, בפרט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן לוין־וועבער מחוץ לאָדזש, האָט זיך אין דער דאָזיקער לאַנגער פּראָדוקציע־קייט אריינגעמישט נאָך איין פאַרמיטלער, דער „ליוועראַנט", וואָס פלעגט האָבן „זיינע" לוין־וועבער, פלעגט נעמען אַ גרעסערע באַ־שטעלונג ביי דעם סוחר־פאַרלעגער און צעטיילן צווישן די „לוינ־קעטניקעס"*).

פּ. ביעלשאָווסקי אין זיין אַרבעט „די טעקסטיל־אינדוסטריע פון לאָדזשער ראַיאָן" באַרעכנט, אַז אין יאָר 1900 זענען אין לאָדזש געווען 65 קאַנטאָרן, וועלכע האָבן געגעבן לוין־וועבער באַ־שטעלונגען און געמאַכט אַ יערלעכן אומזאַץ פון 10 מיליאָן 300.000 רובל. נעבן די דאָזיקע גרויסע קאַנטאָרן זענען נאָך גע־ווען אַ גרעסערע צאָל קלענערע פאַרלעגער, פאַרמיטלער ביז דעם לוין־וועבער.

די שטאַפּלען פון דער „גליק־לייטער", וועלכע האָט געפירט צו דעם פאַבריקאַנט, האָבן זיך אָנגעהויבן טאַקע ביי דעם לוין־וועבער. די נידעריקסטע שטופע איז געווען דאָס לערן־ייִנגל, דאָס אָרעמע בחורל, וואָס איז געקומען פון דער פּראָווינץ און האָט זיך פאַרקויפט צו דעם לוין־וועבער אויף צוויי אָדער דריי יאָר, אויס־צולערנען זיך וועבעריי. אַז אַזאַ ייִנגל האָט זיך „גוט אויפגע־פירט", האָט ער געקאָנט האָפן צו ווערן אַ „זמן־יונג", ד. ה. פאַר־דינגען זיך פון יום־טוב ביז יום־טוב, אויף אַ האַלב יאָר מיט עסן

*) דייר פיליפּ פרידמאַן: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פון 1867 ביז 1914. אַ נאָך נישט פאַרעפנטלעכטע אַרבעט פון דעם געשיכטס־פאָרשער. די ציטאַט איז פון אַ פראַגמענט, וואָס איז גע־דרוקט געווען אין יובל־נומער פון „נייעם פאָלקסבלאַט".

און שלאָפן און א באשטימטע געלט־סומע. נאָך איינעם אָדער צוויי זמנים, ווידער פאר ליטישקייט,, איז מען געוואָרן א ,,געזעל'' און אויב אזא בחורל האָט אויסגעהאַלטן אלע שטופן און אלץ גע־וועזן א ,,ליט'', האָט ער געקאָנט האָפן, אז דער לוין־וועבער זאָל אים אריינפירן צו זיין פאבריקאנט און אים מאכן פאר א לוין־קעטניק.

דער לוין־וועבער, אויב ער האָט זיך ,,ליטיש'' אויפגעפירט ביים פאבריקאנט, ד. ה. ער האָט באוויזן די גענוגנדיקע מאָס הכנעה און חניפה, האָט ער זיך געקאָנט דערשלאָגן מיט דער צייט אָנצוהויבן ארבעטן אויף ,,רעכענונג''. דער לוינקעטניק האָט איינגעקויפט אלע רוי־מאטעריאלן, אויסגעוועבט פארטיקע סחורה און פארקויפט זי דעם פאבריקאנט. דער צושטאנד האָט שוין באדייט גאָר א הויכע שטופע, ווייל פון ארבעטן אויף ,,רעכענונג'' ביז אליין ווערן א פאבריקאנט האָט שוין געפירט א קורץ וועגעלע*).

די דאָזיקע פאטריארכאלע באציאונגען אין די יידישע טעקסטיל־אונטערנעמונגען, ווי עס זענען געוועזן באשעפטיקט יידישע ארבעטער, האָבן א געוויסע צייט, משמעות, אָנגעהאלטן. מיט דעם וווקס פון די אונטערנעמונגען איז אויך געוואקסן די עקספּלואַטאציע. דער לוין־וועבער ווערט וואָס ווייטער אלץ מער א ווירטשאפטלעכער כח. עס זענען געוועזן לוין־וועבערייען, וואָס האָבן מיט זיך פארגעשטעלט גאנצע פאבריקן מיט צענדליקער באשעפטיקטע. די לוין־וועבער פילן זיך שוין אזוי שטארק, אז זיי ווילן אָננעמען מיטלען צו באגרענעצן דעם צופלוס פון יידישע ארבעטס־הענט פון דער פראָווינץ. צו דעם צוועק באנוצן זיי זיך מיט דעם אלטן תקיפים־מיטל, מיט מסירה. אין יאָר 1889 ווילן די יידישע לוין־וועבער אויפלעבן אין דער וועבעריי דעם אלטן צעך־סיסטעם, וועלכער איז אין לאָדזש אָפגעשאפט

*) א. וואָלף: ,,לאָדזש ערב באַריקאַדן־קאַמפן, בלעטלעך געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג''. ,,לאָדזשער וועקער'' נומ. 38, 1932.

געוואָרן נאָך אין יאָר 1844. די אויפגאַבן פון דעם וועבער־צעך דאַרף זיין צו דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ די קאָנקורענטן, וואָס קו־מען פון דער פּראָווינץ. אין דער בקשה צום גובערנאַטאָר שרייבן זיי מיט אַזאַ מין לשון:

„אפשר אַ 100 יידן, וואָס האָבן זיך דאָס וועבער־פאַך קיינ־מאָל נישט געלערנט, באַשעפטיקן זיך מיט דעם האַנטווערק פאַר אַזאַ נידעריקן לוין, וואָס מיר קענען פאַר אַזאַ באַלוינונג בשום־אופן נישט אַרבעטן, און אויך דערפאַר, ווייל עס איז נישטאָ אין לאָדזש קיין וועבער־צעך — פאַלט כסדר דאָס וועבער־פאַך אין לאָדזש". זיי בעטן צו לאָזן זיי גרינדן אַ באַזונדערן יידישן וועבער־צעך*).

אויך די באַציאונג פון דעם לוין־וועבער צו זיינע געזעלן האָט זיך געענדערט. איינער פון די עלטסטע בונדישע טוער אין לאָדזש, אַ וועבער, אַברהם שטערן באַשרייבט דאָס לעבן פון ווע־בער־געזעל אין יענער צייט בזה הלשון:

„מיר האָבן אָנגעהויבן די אַרבעט 6 אַזייגער אינדערפרי און געאַרבעט ביז 12 ביינאַכט. דער באַלעבאָס מיט זיין פאַמיליע פלעגן זיך לייגן שלאָפן. בייטאָג האָט מען אונז צוגעטיילט ברויט אין דער האַנט אריין; בכן האָבן מיר זיך באַנוצט וואָס די באַלע־באַטים שלאָפן שוין, האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צום ברויט און זיך אָנגעגעסן ביז זעט. דעמאָלט, אין די 90־ער יאָרן, זענען אַ חוץ לאָדזשער געזעלן צוגעקומען צו דער צייט פון סעזאָן, אַרבעטער (וועבער) פון דער פּראָווינץ, וואָס האָבן געאַרבעט זייער ביליק. אין איין שטוב זענען געשטאַנען 3—4 ריזיק גרויסע וואַרשטאַטן (וועב־שטולן), וואָס האָבן פאַרנומען די גאַנצע שטוב. די זעלבע שטוב איז געווען ס'שלאָף־צימער, די קיך און די וועבעריי. מיר האָבן געביטן די העמדער איין מאָל אין 2—3 וואָכן. געשלאָפן זע־נען מיר אויף דער ערד, מיט שטיקער סחורה צוקאָפּנס"**).

---

*) ד״ר פ. פרידמאַן: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פון 1867—1914. ציטירט לויטן פראַגמענט אין יובילעאום־נומער פון „נייעם פאָלקסבלאַט".

**) דאָרט.

אויך ח׳ בערישל קורביץ (בערישל ראָוועד), איינער פון די ער־שטע בונדישע טוער אין לאָדזש, נאָך ביז היינט אַ מיטגליד אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע, באַשרייבט אין זיינע נישט־פאַר־עפנטלעכטע זכרונות אויף אַן ענלעכן אופן דאָס לעבן פון די וועבער־געזעלן.

,,דאָס שלאָפן און עסן ביים מייסטער, האָט דעם מענטש גע־מאַכט פאַרשקלאָפט. מ׳איז זיך קיינמאָל נישט אויסגעשלאָפן. דער מייסטער האָט געקאָנט אויפוועקן, ווען ער האָט געוואָלט. כדי דאָס אויפשטיין זאָל צוגיין גיכער, האָט דער מייסטער אַרויפגע־גאָסן אויפן געלעגער אַ שעפּ וואַסער און גיי שלאָף אויף אַ נאַס געלעגער״.

פון דער ערשטער קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש אין דער ,,אַר־בייטער שטימע״ פון 17 פעברואַר 1898, ד. ה. אַ פּאָר חדשים נאָכן אַנטשטיין פון ,,בונד״, באַקומען מיר אַ פולשטענדיק בילד וועגן דער שטופנווייזער פאַרערגערונג פון מצב פון די יידישע טעקסטיל־אַרבעטער. דער קאָרעספּאָנדענט שרייבט:

,,די לאַגע פון די וועבער איז ביי אונז זייער אַ ביטערע. הגם דער סעזאָן פון היינטיקן יאָר איז זייער גוט, איז דער אַרבעטס־לוין דאָך קוים די נשמה צו דערהאַלטן. די פּרייזן אויף אַרבעט האַלט אין איין פאַלן. ווער ס׳האָט פאַרדינט מיט אייניקע יאָר צו־ריק 8—10 רובל אַ וואָך, פאַרדינט איצט קוים 4—5 רובל. אוי־סערדעם האָבן דאָ די לעצטע יאָרן געהערשט שרעקלעכע קריזיסן און מענטשן פלעגן אַרבעטן פאַר ברויט. אין אָזאָרקאָוו, דער־ציילט אַן אַרבעטער פון דאָרט, האָבן פאַבריקן יאָר געאַרבעט פּויע־רים פאַר אַ שיסל באָרשט מיט קאַרטאָפל. נאָר די לאַגע פון די יידישע וועבער איז נאָך פיל ערגער, דען פאַרן קלענסטן לוין אַר־בעטן זיי אומגעהויער לאַנג. זייער אָפט ביז 17—18 שעה אין מעת־לעת״*).

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון יידישן פּראָלעטאַריער אין לאָדזש אין דער תקופה פון אַנטשטיין פון ,,בונד״. צוזאַמען

*) ,,די אַרבייטער שטימע׳׳ נומ. 8, 17 פעברואַר 1898.

מיט דעם פאַרערגערן זיך פון דער לאַגע פון די יידישע וועבער־געזעלן, איז אָבער אויך געוואַקסן זייער צאָל.

לויט דער טאַבעלע, וועלכע עס האָט אויפגעשטעלט ה׳ יעקב לעשטשינסקי וועגן דעם פּראָפ. באַשטאַנד פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער באַפעלקערונג אין לאָדזש אין יאָר 1897, זענען געווען באַשעפטיקט אין האַנטווערק און אינדוסטריע 12.609 יידן, ד. ה. 39,7 פון דער עקאָנאָמיש־אַקטיווער יידישער באַפעלקערונג*).

צו די 12.609 גייט נאָך צו אין דער זעלבער טאַבעלע 709 באַשעפטיקט אין טראַנספּאָרט און טרעגער — 2,2 פּראָצ., אָנגע־שטעלטע און הויז־דינער — 6132, ד. ה. 19,3 פּראָצ. צוזאַמען אין פּראָדוקטיווע באַשעפטיקונגען, זענען געווען יידן 19450, אָדער 61,2 פון אַלע עקאָנאָמיש־אַקטיווע.

אין דער דאָזיקער צאָל גייען אַריין אי אונטערנעמער, אי אַר־בעטער. אָבער ס׳איז אַ באַוווּסטע זאַך, אַז אַרבעטער בילדן שטענ־דיק אַן איבערוויגנדע מערהייט צווישן די עקאָנאָמיש־אַקטיווע. אַזוי אַז מיר האָבן אין יענער צייט געהאַט אין לאָדזש אַ סך טויזנ־טער יידישע אַרבעטער. דאָס באַשטעטיקן אויך די סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן פון „י״קא״, וועגן יידישע אַרבעטער אין דער לאָ־דזשער טעקסטיל־אינדוסטריע אין 1898. לויט די מאַטעריאַלן, זע־נען אין 97 יידישע אונטערנעמונגען מיט דאַמף־קראַפט, וווּ עס האָבן געאַרבעט 10.967 אַרבעטער, ד. ה. 113 אַרבעטער אין אַ פאַבריק, געווען באַשעפטיקט יידן 1184 און אין 58 יידישע אונטערנעמונגען אָן דאַמף־קראַפט מיט דער אַלגעמיינער צאָל 1881 אַרבעטער, ד. ה. אין אונטערנעמונגען מיט 32 אַרבעטער זענען געווען באַשעפטיקט 779 יידן**).

---

*) יעקב לעשטשינסקי: „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פוילן (זייט 113). לעשטשינסקי שטיצט זיין טאַבעלע אויף דער ערשטער רוסישער פאָלקסציילונג אין יאָר 1897.

**) דאָרט, ז. 132. אין די יידישע אונטערנעמונגען מיט דאַמף־קראַפט, וועגן וועלכע עס רעדט זיך דאָ, מיינט מען אין גרעסטן טייל טעקסטיל־אונטערנעמונגען, וווּ יידן האָבן שוין אין יענער

ווי מיר זעען פון די געברענגטע ציפערן, האָט לאָדזש געהאַט אין סוף פון 19־טן י״ה נישט נאָר אַ גרויסע צאָל יידישע אַרבע־טער אין קלענערע אונטערנעמונגען, נאָר קרוב 2000 יידישע אַר־בעטער אין גרעסערע פאַבריקן.

לויט דעם באַריכט, וואָס עס האָט צוגעשטעלט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פאַריז, אין סעפּטעמבער 1900, זענען ביי די לוין־וועבער געוועזן באַשעפטיקט ביז 5000 וועבער. דערביי גייט צו אַ באַמערקונג צו דעם באַריכט, אַז די ריכטיקע צאָל פון יידישע וועבער איז נישט באַשטימט. מ'זאָגט, אַז עס איז פאַראַן פון 10 ביז 15 טויזנט אַרבעטער*).

און אין גאַנץ לאָדזש — שרייבט ווייטער דער באַריכט — זענען פאַראַן ביז 7000 וועבער, ד. ה. אַז 2000 אַרבעטן אין פאַ־בריקן.

ווי מיר זעען, האָבן אַלע באַדינגונגען ביי די יידישע אַרבע־טער אין לאָדזש אין סוף פון די 90־ער יאָרן רייף געמאַכט דאָס פעלד אויפצונעמען די קערנער פון סאָציאַליזם. מיט דעם אַנט־שטיין פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד הויבט זיך אָן אַ סאָציאַליסטישע אַרבעט אויך אויפן לאָדזשער באָדן. דעם אָנ־הויב פון דער דאָזיקער אַרבעט האָט געגעבן דער וואַרשעווער אַר־בעטער־טוער, איינער פון די גרינדער פון דער וואַרשעווער אָרגאַ־ניזאַציע פון „בונד", ח' איסאַק פּייסאַכזאָן („מאָטעלע", „אָן אַל־טער באַקאַנטער").

אונטער דעם פּסעוודאָנים אָן אַלטער באַקאַנטער באַשרייבט פּייסאַכזאָן זיין ערשטע אַרבעט אין לאָדזש:

„דאָס איז געוועזן אין האַרבסט 1897, באַלד נאָכדעם, ווי דער „בונד" איז באַשאַפן געוואָרן.

---

צייט געאַרבעט אין די נעבן־צווייגן. קיין יידישע קראַפט־וועבער זענען דעמאָלט נישט געוועזן.

*) „25 יאָר", זאַמלבוך צום 25־יאָריקן יובילי פון „בונד", פאַרלאַג „די וועלט", וואַרשע, 1922, זייט 149.

מיט די באַדינגונגען פון אַרבעט אין לאָדזש האָב איך זיך באַקענט נאָך פריער, אין מיטן זומער, ווען געיאָגט פון שפּיאָנען אין וואַרשע, האָב איך אויף אַ צייט „אָפּגעצויגן" קיין לאָדזש און דאָרטן זיך אויפגעהאַלטן ביי אונזערס אַ סימפּאַטיקער, ליפּע נאָ־וואָגרודזקי, וועלכער האָט געפירט אַ משכיליש־אַפּיקורסישע פּראָ־פּאַגאַנדע ביי אַ גרופּע בית־המדרש־בחורים.

דורך אָט די בחורים האָב איך זיך באַקענט מיט אַ גרופּע וועבער און שערער, אויך געוועזענע בית־מדרש־בחורים.

אַ חוץ די אויבנדערמאָנטע פּאָר וועבער, וואָס האָבן, ווי אַ רעוואָלוציאָנערער מאַטעריאַל קיין ווערט נישט געהאַט, האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין לאָדזש אַ ביאַליסטאָקער וועבער איי־זעק — זיין פאַמיליען־נאָמען האָב איך לײַדער פאַרגעסן — וואָס איז שוין געווען „אַ חבר", אָדער „אַן אָרגאַניזירטער". באַלד נאָך מיין קומען, האָב איך אים אויפגעזוכט, דערקלערט מיין פּלאַן „אויפצורודערן" די מאַסע דורך פלוג־בלעטער און אַגיטאַציע־בראָשורן. דער פּלאַן איז אים געפעלן געוואָרן און מיר זענען טאַקע גלייך צוגעטרעטן צו דער אַרבעט"*).

די דאָזיקע שילדערונג וועגן אָנהויב פון „בונד" אין לאָדזש באַשטעטיקט מיט דער גאַנצער זיכערקייט, אַז פאַר דער אַנטשטיי־אונג פון „בונד" אין לאָדזש איז קיין שום שפּור פון אַ יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג נישט געווען.

צוזאַמען מיט די פאַרשידענע צוגערייזטע פּראָווינצער, וועל־כע זענען געקומען אין דעם „נייעם אַמעריקע" זוכן אַ תכלית, האָבן זיך אויך געפינען געציילטע משכיליש־געשטימטע יונגעליט, געוועזענע ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן דאָ געזוכט אויך אַ תכלית פאַר זייער נשמה. נישט אָנטרעפנדיק אויף קיין סאָציאַליסטישער באַוועגונג, האָבן זיי געפירט אַ משכיליש־אַפּיקורסישע פּראָפּאַגאַנ־דע צווישן בית־מדרש־בחורים.

---

*) „רויטער פנקסי II, פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע, „אָנהויב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזשי פון „אַן אַלטער באַקאַנטער".

די משכילים זענען סוף־כל־סוף אריינגעפאלן אין גאָט־זוכע־ריי, ווי מיר זעען עס אין די ווייטערדיקע זכרונות פון „אן אלטער באקאנטער".

„צו יענער צייט האט די סעקטע באפטיסטן געפירט אין לאדזש אן אינטענסיווע פראפאגאנדע. אין איר זענען אריינגע־צויגן געוואָרן אויך א געוויסע צאל יידישע גאָט־זוכער, אויף וועל־כע די באפטיסטישע לערע מיט איר פרייער קריטיק פון דער ביבל, מיט אירע עטישע עקרים, און דאָס אחדות, וואָס האָט געהערשט צווישן די באפטיסטן, האט געמאכט א טיפן איינדרוק.

„אָט די דאזיקע גאָט־זוכער האָבן מיר באשלאָסן צו נעמען אין אונזערע הענט אריין, און עטלעכע פון זיי, ווי דער באפטיסט (אברהם שטערן — א. וו. י.) און משה לייב לעווקאָוויטש, זענען שפעטער געוואָרן אנגעזעענע טוער אין „בונד"*).

ווייטער דערציילט „אן אלטער באקאנטער", ווי דער צ. ק. פון „בונד" האט צוגעשטעלט הילף. עס זענען געקומען נאָך לאדזש ראזא גרינבלאט, א וויטעבסקערין, די ווילנער שניידערין שיינע רייזל סעגאל, אנופערקע פון ביאליסטאָק. שפעטער איז נאָך צוגע־קומען „גלעב", אבראם מוטניקאָוויטש און בארים פרומקין פון מינסק און עס איז געשאפן געוואָרן א קאָמיטעט פון „בונד".

די אנטשטייאונג פון קאָמיטעט פון „בונד" אין דער פאַ־בריקס־שטאָט האט באלד געשלאָגן טיפע וואָרצלען אין דעם בע־סערן טייל פון די וועבער־ארבעטער, דאָס גאָט־זוכעריי האט זיך באלד אומגעענדערט אין א באוווסטזיניקן סאָציאליסטישן דענ־קען. זייער גיך איז אויסגעוואקסן דער טיפ בונדישער אגיטאטאָר. וועלכער האט זיך אין זיין ארבעט נישט אפגעשטעלט פאר קיין שום זאך, כדי צו טראָגן דאָס בונדישע וואָרט צווישן דער מאסע.

ס'איז כדאי זיך נענטער צו באקענען מיט די פיאָנערן פון „בונד", פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין לאדזש.

דער פאקטישער גרינדער פון „בונד" אין לאדזש, חבר יצחק פייסאכזאָן (וווינט היינט אין בענדין), איז געקומען נאָך לאדזש

*) „רויטער פנקס" II א. א. וו.

שוין מיט אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער און סאָציאַליסטישער פּראַקטיק. אין אָנהויב נײַנציקער יאָרן, ווען דער שפּעטערער גרינדער פון ,,בונד'' אין לאָדזש איז אַלט געווען קוים 16 יאָר, האָט ער זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון דער רוסישער נאַראָדנישער באַוועגונג און געטראַכט וועגן באַזעצן זיך אין אַ רוסישן דאָרף, כדי צו פירן אַ פּויערים לעבן, אָבער באַלד באַקענט ער זיך אין וואַרשע מיטן סאָציאַליזם און ווערט אַן אָנהענגער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג.

ח' פּייסאַכזאָן ווערט אַריינגעצויגן צווישן אַ גרופּע שטודירנדע יוגנט, וועלכע פאַרנעמט זיך מיט לערנען מאַרקסיסטישע ליטעראַטור און באַהאַנדלען עטישע און ליטעראַריש־קינסטלערישע ענינים. דער קרייז ווערט נענטער מיט יידישע אַרבעטער און דעם ערשטן מאַי 1893 לאָזט די גרופּע אַרויס אַן אויפרוף אין יידיש. דער אויפרוף איז געשריבן געוואָרן אין פּויליש און ח' פּייסאַכזאָן האָט אים איבערגעזעצט אין יידיש.

ווען דער קרייז צעפאַלט זיך, קאָן שוין ח' פּייסאַכזאָן נישט איינרוען. אים ציט צו פאַרשפּרייטן סאָציאַליזם ביי יידישע אַרבעטער. ער אָרגאַניזירט יידישע אַרבעטער־גרופּן, וועלכע ער באַקענט מיטן מאַרקסיזם. ער געהערט צום אַרבעטער־קרייז, וואָס האָט זיך גרופּירט אַרום דעם דיכטער פּרץ אויף צו פאַרשפּרייטן פּרצס ,,יום־טוב־בלעטלעך''.

שפּעטער שאַפט ח' פּייסאַכזאָן צוזאַמען מיט אַנדערע יידיש־מאַרקסיסטישע טוער דעם ,,יידישן אַרבעטער־בונד אין וואַרשע''. דאָס איז נאָך געווען פאַר דער אַנטשטייאונג פון ,,אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער־בונד''.

אונטער דעם פּסעוודאָנים ,,וואַגנער'' פירט דער יונגער, הייסבלוטיקער סאָציאַליסט אַן מיט שטרייק־אַקציעס צווישן די ייד. אַרבעטער. פּאָליציי דערוויסט זיך, אַז אַ ,,וואַגנער'' פירט אָן מיט די שטרייקן און מ'נעמט אים זוכן. ס'ווערן אַדורכגעפירט רעוויזיעס ביי אַלע וואַגנערס אין וואַרשע. פּאָליציי באַפאַלט אַ פאַרזאַמלונג פון 40 יידישע אַרבעטער, מ'זוכט דעם וואַגנער, אָבער צו פּייסאַכזאָן־וואַגנער דערגייען זיי נישט.

סוף־זומער 1897, ווען ס'איז געגרינדעט געוואָרן „דער אַלגע־מיינער יידישער אַרבעטער־בונד אין רוסלאַנד און פוילן", ווערט ה' פייסאַכזאָן אַ טעטיקער אַגיטאַטאָר פון „בונד"*). ער קומט קיין לאָדזש, די שטאָט, וועלכע ער האָט „אַנטדעקט" פאַר דער בונדישער אַגיטאַציע און דאָ שאַפט ער אַ בונדישע באַוועגונג.

צו זיין אַרבעט האָט ה' פייסאַכזאָן, ווי ער שרייבט, באַקו־מען הילף פון צ. ק. פון „בונד".

ס'איז געוועזן דעמאָלט דער פאַרטאָג אין יידישן לעבן. די פינף באַשיידענע שורהלעך, וועלכע האָבן זיך באַוויזן אויפן לעצטן זייטל צום סאַמע סוף פון „דער אַרבייטער שטימע", נומ. 4/5 1897, האָבן געצונדן באַגייסטערונג ביי די יידישע סאָציאַליסטי־שע טוער. אין אָט די שורהלעך האָט זיך געלייענט: „אין סעפטעמ־בער דיזעס יאָהר איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָהר (סיעזד) פון די פאָרשטעהער דער יודישען סאָציאַל דעמאָקראַטישען גרופען; אויף דעם צוזאַמענפאָהר איז געגרינדעט געוואָרען „דער אַלגע־מיינער יודישער אַרבייטער־בונד אין רוסלאַנד און פוילען".

די באַטייליקטע אין דעם צוזאַמענפאָר זענען זיך צעפאָרן אין פאַרשירענע שטעט צו בויען בונדישע אָרגאַניזאַציעס. ה' פייסאַכ־זאָן באַקומט „הילף". קיין לאָדזש קומען יענע איידעלע רעוואָ־לוציאָנערע געשטאַלטן, וואָס די יונגע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג האָט שוין געהאַט פון זיך ארויסגעגעבן.

„גלעב", אַבראַם מוטניקאָוויטש איז געוועזן פון יענע ער־שטע ווילנער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן פאַרשפרייטן סאָציאַליזם צווישן די יידישע אַרבעטער נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון „בונד". נאָך לאָדזש איז ער שוין געקומען אַלס מיטגליד פון ערשטן צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד", וועלכער איז געוויילט גע־וואָרן אויפן ערשטן בונדישן צוזאַמענפאָר.

באָריס פרומקין איז געקומען קיין לאָדזש פון מינסק, ווו ער

---

*) „25 יאָריי, זאַמלבוך געווידמעט דעם 25־יעריקן יובילייפון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.



מ. פייסאכזאָן

גרינדער פון לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד“.



„גליעב“-מוטניקאָוויטש.

מיטגליד פון ערשטן צענטראַלן-קאָמיטעט פון „בונד“
און פון ערשטן לאָדזשער קאָמיטעט.

האָט שוין פון פריער געפירט אַ סאָציאַליסטישע טעטיקייט. באַרי־
כעם שוועסטער, פרומע, וועלכע איז אויך געוועזן אין לאָדזש, איז
קיין מיטגליד פון „בונד" נישט געוועזן, אָבער זי האָט אויך מיט־
געהאָלפן אין דער אַרבעט. פרומע פרומקין איז שפּעטער אַריבער
צו די ס. ר.ן. אין קיעוו האָט זי אויסגעפירט אַן אַטענטאַט אויפן
זשאַנדאַרמען־גענעראַל נאָוויצקי און איז אין 1906, לויט אַן אור־
טייל פון צאַרישן געריכט אויפגעהאָנגען געוואָרן אין מאָסקווע.

די אָריגינעלסטע פּערזאָן פון ערשטן בונדישן קאָמיטעט אין
לאָדזש איז געוועזן ראָזאַ גרינבלאַט פון וויטעבסק.

ראָזאַ האָט שוין געפירט אַ רעוואָלוציאָנערע אַרבעט אין אָנ־
הויב פון די 90־ער יאָרן. זי האָט געהערט צו אַ קרייז „צו פאַר־
שפּרייטן בילדונג צווישן פאָלק". דאָס מיידל פון רייכע עלטערן
האָט זיך פאַרהילט אין אַ גרויסער פאַטשיילע, אַרומגעגאַנגען אי־
בער יידישע הייזער און אַגיטירט פאַר לייענען ביכער. שפּעטער
איז זי געקומען קיין ביאַליסטאָק, געוואָרן אַ טעקסטיל־אַרבעטע־
רין, אַ נופּערין און גענומען פירן אַ פּראָלעטאַריש לעבן. אויך
ראָזאַ גרינבלאַט איז געוועזן פון די גרינדער פון „בונד". אויף
דעם ערשטן צוזאַמענפאָר האָט זי פאַרטרעטן די ביאַליסטאָקער
אָרגאַניזאַציע פון יידישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן. נאָך דער רייכער
טעטיקייט איז זי געקומען קיין לאָדזש און געוואָרן אַ מיטגליד פון
ערשטן קאָמיטעט פון „בונד".

אַ פּראָלעטאַריערין מיט אַ פּראָלעטאַרישער אָפּשטאַמונג, איז
אין דעם קאָמיטעט געוועזן שיינע רייזל סעגאַל. אַ טאָכטער פון
אַן אונטער־שמש אין אַ ווילנער קלויזל. איידער שיינע רייזל איז
געקומען אין לאָדזש, האָט זי שוין געפירט אַ רעוואָלוציאָנערע
טעטיקייט אין ביאַליסטאָק. דאָס איז געוועזן אַ פרוי מיט אַ גע־
בוירענעם רעדנער־טאַלאַנט. בעת דעם גרויסן שטרייק אין ביאַלי־
סטאָק אין 1895 האָט זי מיט אירע רעדעס אָנגעצונדן די טויזנ־
טער וועבער יידן און קריסטן. די רעדעס האָט זי געהאַלטן אין
רוסיש און יידיש. זי איז אויך מיט די שטרייקנדע אַרבעטער
אַרומגעגאַנגען אָפּשטעלן די פאַבריקן און ווו זי האָט זיך באַוויזן,

האָבן די אַרבעטער פאַרלאָזט די פאַבריק און צוגעשטאַנען צום שטרייק*).

אזוי האָט אויסגעזען דער ערשטער קאָמיטעט פון „בונד" אין לאָדזש. אין דעם קאָמיטעט איז קיין איין לאָדזשער נישט געווען. אָבער באַלד האָבן אָנגעהויבן אַרויסרוקן זיך ליכטיקע רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן אויך פון דער לאָדזשער יידישער אַרבעטער־מאַסע.

ח' פּייסאַכזאָן (אַן אַלטער באַקאַנטער) דערציילט ווייטער פון דער ערשטער אַרבעט, וואָס דער ניי־געשאַפענער בונדישער קאָמיטעט האָט געטון:

„די אַרבעט איז געוואָרן מער סיסטעמאַטיזירט. פון די אַקטיווערע עלעמענטן, וואָס די מאַסע האָט פון זיך אַליין אויסגעשיידט, איז געבילדעט געוואָרן אַ קרייז, אָדער צוויי, וווּ מ'האָט זיך שוין אָפּגעגעבן מיט אַ טיפערן שטודיום פון סאָציאַליזם. אָט פון די קרייזן זענען אַרויסגעקומען שפּעטער באַרימט־געוואָרענע אַרבעטער־פירער: „שמאי", משה לייב לעווקאָוויטש. משה לייב האָט אין זיין קרייז אויסגעזען דער ייִנגסטער, ווי פון אַ יאָר 16—17, מיט אַ מאָגער געלבלעך פּנים, כמעט נאָך אַ ייִנגל, ער האָט מערסטנטיילס געשוויגן, ווי ער וואָלט געווען אַ שעמעוודיקער, אָבער מיט זיינע געציילטע ווערטער האָט ער באַוויזן חריפות כ'האָט זיך געלאָזט מערקן, אַז די נייע תורה באַנעמט ער לייכט, טיף און איך האָב גלייך געוואָרפן אויף אים אַן אויג, ווי אויף איינעם פון די בעסטע.

בעת אונזער אַרעסט אין יאָר 1898, איז ער געבליבן פריי און אַז איך האָב מיך דערוווּסט דערפון, איז מיר לייכטער געוואָרן אויפן האַרץ, ווייל צווישן די אַרבעטער איז געבליבן אייגער, וואָס זאָל קאָנען ווייטער פירן די אַרבעט. בעת אָנפאַנג 1901 בין איך ווידער געקומען קיין לאָדזש אין אַ פּאַרטייאישער שליחות, האָב איך משה לייבן קוים דערקענט. ער איז פאַר דער צייט אויסגעוואַקסן סיי קערפּערלעך, סיי גייסטיק, אָנשטאָט

---

*) ב. מיכאַלעוויטש: זכרונות, ערשטער באַנד.

א בחורל, האָב איך געהאַט פאַר זיך א מאַן מיט אַן ערנסט„ איג־טעליגענט פּנים. ער איז אָפּט געווען פאַרטיפט אין שטודירן באָק־לען אין דער דייטשער שפּראַך. מער האָב איך אים נישט געזען, אָבער געהערט האָב איך פון אים א סך. דאָס איז געווען איינער פון די שענסטע טיפּן אַרבעטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען פון בית־מדרש״*).

װעגן א צווייטן בונדיסט פון יענע ערשטע, וועלכער האָט נישט פאַרנומען קיין אָנפירנדן אָרט און דאָך זיך געלאָזט פילן אין דער באַוועגונג, דערציילט ווייטער „אַן אַלטער באַקאַנטער״:

„אים קאָן איך נישט פאַרגעסן. געווען איז ער א יונגער־מאַן, א מלמד, וואָס האָט ערגעץ אויף באַלוט אויפגעהאַלטן א שטיקל חדר מתוקן פאַר מיידלעך, א דורך און דורך טיף־רעלי־גיעזער נאַטור, האָט ער אויפן העכסטן אופן פיינט באַקומען דאָס צביעות פון דער סקאַרבאָווער פרומקייט און אַז צו אים האָט דער־גרייכט אונזער נייע תורה, איז ער געוואָרן איינער פון אירע הייסטע אָנהענגער.

„ער האָט באַזוכט אַלע פאַרזאַמלונגען, האָט היים אַגיטירט און אָפּגעגעבן זיין חדר פאַר פאַרזאַמלונגען. אַרעסטירט איז ער געוואָרן צוזאַמען מיט אונז אַלעמען אין יולי 1898, בעת דעם ערשטן גרויסן בונדישן אַרעסט. געהאַלטן האָט ער זיך מוסטער־האַפט אויף די פאַרהערן, אָבער זיין רעליגיעזער עקסטאַז האָט זיך אין געפענגעניש ביי אים נאָך מער אַנטוויקלט. א קנאַפּ יאָר צייט האָט ער אין טורמע געלעבט בלויז פון ברויט מיט טיי, ווייל קיין טריפות האָט ער נישט געוואָלט עסן. שפּעטער איז ער אַריינגע־פאַלן אין רעליגיעזע האַלוצינאַציעס, דאָך האָט מען אים אָפּגע־האַלטן אין תפיסה איבער א יאָר צייט, אין דער האָפענונג עפּעס פון אים אַרויסצובאַקומען, וואָס עס איז נישט געלונגען. וואָס מיט אים איז געוואָרן נאָך זיין באַפרייאונג, ווייס איך נישט״**).

*) „לאָדזשער וועקערײ נומ. 41, 1927 יאָר, „אַן אַלטער באַ־קאַנטערײ: „פאַר דרייסיק יאָרײ.

**) „לאָדזשער וועקערײ נומ. 42, 1927 יאָר. „אַן אַלטער באַקאַנטערײ: „פאַר דרייסיק יאָרײ.

וועגן דעם זייער פּאָפּולערן פּיאָנער פון בונדיזם אין לאָדזש, ח' שמאי וויסענבלום (שמאי קרומקאָפּ), שרייבט ח' קורסקי:

„צו יענער צייט (1899 לויט ח' קורסקי, אָבער שמאי איז געווען טעטיק נאָך פריער—א. וו. י.) באַוויזט זיך אין לאָדזשער קאָמיטעט שוין אַן ערנסטער טוער, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין לאָדזש גופא, אינאַגנצן אַ לאָדזשער, מיטן שיינעם פּויליש־יידישן לשון, באַקאַנט מיט אַלע איינצלהייטן פון אָרטיקן לעבן און זייער פּאָפּולער ביי דער יידישער אַרבעטערשאַפט. דאָס איז געווען שמאי וויסענבלום.

„...זומער 1903 איז דער וויכטיקסטער טוער פון לאָדזשער קאָמיטעט געווען שמאי. (ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס דע־לעגאַט צום 5־טן צוזאַמענפאָר פון „בונד", יוני 1903 אין ציריך"*).

אַ חוץ די דערמאָנטע חברים לאָדזשער, וועלכע האָבן זיך אַרויסגערוקט אויף די ערשטע ערטער אין „בונד", זענען דעמאָלט געווען טעטיק אין די בונדישע קרייזלעך פאָלגנדע אַרבעטער:

שוואַרצער הערש לייב (אַ וועבער), הויכער יאָסל (אַ וועבער), יחיאל זילבערבערג („רבי" — אַ וועבער), יודל ראָזען (אַן איינבינדער), יוסף („ביק"), קאַץ (אַ וועבער), מאיר לאַקס (שוואַרצער מאיר — אַ וועבער), אברהמל בעל־תשובה (אַ שניידער), אברהם שטערן, יהודה יוסף ביינאַן, פּנחס קאַלקשטיין, מרדכי אייבערט (מאַקס טישלער — אַ סטאָלאַר־אַרבעטער), חנא ביק (אַ וועבער), יעקל קייזער, משה קאָנאָפּניצקי (משה מייזעלס— אַ וועבער), „סאָקראַטעס", אבראַם שניידער (אַ וויטעבסקער), מענדל פון גוטן אָרט, יעקל פוקס (אַ וועבער).

די אַלע דערמאָנטע חברים האָבן געבילדעט דעם קערן פון דער בונדישער באַוועגונג, זיי האָבן אויסגעפילט די „סכאָדקעס", די אַגיטאַטאָרן־גרופּן. דער אידעאַליזם און מסירת־נפש פון דעם גרעסטן טייל פון זיי האָט ביי דער אַרבעטער־באַפעלקערונג גע־

---

*) „לאָדזשער וועקער" נומ. 41, 1927. פ. קורסקי: „וואָס איך ווייס וועגן די בונדישע טוער אין לאָדזש.

שאַפֿן וועגן די אחדות אַ פֿאַרשטעלונג, ווי וועגן הייליקע. אַרום דעם קערן איז זיך פֿאַנאַנדערגעוואַקסן אַ גרויסער, ברייט־פֿאַר־צווייגטער קערפּער".

אַזוי האָט אויסגעזען די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש אין דעם ערשטן יאָר פֿון איר עקזיסטענץ. זי איז באַשטאַנען אין איר גרעסטן רוב פֿון אַרבעטער, וועלכע זענען געקומען פֿון די באַ־לוטער וועב־שטובן און פֿון שניידער־ און שוסטער־וואַרשטאַטן. דאָ, אין לאָדזש, אין דער שטאָט פֿון אַרבעט און נויט, האָט די יונגע בונדישע אידעע געפֿונען איר פּרוכטבאַר פֿעלד. די פֿאַר־זייטע קערנדלעך זענען אויפֿגעגאַנגען מיט פֿולער שפּע. עס האָט זיך באַלד געלאָזט פֿילן יענע גרויסע רעוואָלוציע, וואָס דער „בונד" האָט אַריינגעטראָגן אין יידישן לעבן. די בחורים, וואָס זענען געקומען פֿון דער פּראָווינץ, כּדי דורך וועבעריי צו מאַכן אַביסל געלט און האָבן ביז וואָס ווען דערוויייל אָפּגעפֿינסטערט אַ יוגנט מיט לאַנגע, פֿאַרמאַטערנדע אַרבעטס־טעג און שווערע, קורצע, קאָשמאַרדיקע נעכט אויף האַרטע געלעגערס — די וועבער־געזעלן פֿון פֿינסטערן באַלוט האָבן פּלוצים דערזען פֿאַר זיך אַ נײַ לעבן. זיי האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, פֿילן און באַגרייפֿן און פֿון די וועבער־רייען זענען אַרויסגעוואַקסן באַוווסטזיניקע רעוואָלוציאָ־נערן, וואָס זענען געוואָרן דער שטאָלץ פֿון יידישן אַרבעטער־קלאַס.

*

די ערשטע אַרבעט פֿון ערשטן לאָדזשער קאָמיטעט פֿון „בונד" איז באַשטאַנען קודם־כּל אין אָנקניפּן אַ קאָנטאַקט מיט ד'ער מאַסע. דער „בונד" איז פֿון זיין אַנטשטיין אָן קיינמאָל נישט געווען קיין קרייזל־באַוועגונג. די קרייזלעך האָבן געדינט ווי אַ מיטל אויסצובילדן אַגיטאַטאָרן, פּאַרטיי־טוער, וועלכע האָבן גע־דאַרפֿט פֿאַרבינדן זיך מיט דער מאַסע און שאַפֿן די מאַסן־באַווע־גונג. אויך אין לאָדזש איז געגאַנגען די אַרבעט אין דער ריכטונג. גלייך מיטן איינשטעלן קרייזן פֿון די באַוווסטזיניקע אַרבעטער, אויף צו שטודירן מאַרקסיזם און אויסצובילדן אַגיטאַטאָרן, זע־

נען שוין אָנגענומען געוואָרן מיטלען צו פאַרבינדן זיך מיט דער בריטער וועבער־מאַסע, וועלכע האָבן פול געמאַכט די וועבער־שטובן אין באַלוט און אין די האַנט־וועב־פאַבריקן.

די דאָזיקע אַרבעט פון גיין אין דער מאַסע איז נישט געוועזן קיין לייכטע. ה׳ פּיסאַכזאָן שרייבט וועגן אָט דער אַרבעט:

„די גרויסע מאַסע וועבער איז באַשטאַנען פון אַ קליינשטעטלדיקן פאַרגרעבטן עלעמענט, וואָס האָט קוים געקענט עפּעס לייענען, צעזייט איבער טויזנטער וועבער־ווערקשטעלן, מערסטנטייל האָבן זיי געוווינט ביי די לוין־וועבער גופא, דערביי איז דער מער־אינטעליגענטער טייל — די קעטן־מאַכער, די שערער באַשטאַנען פון לויטער בית־מדרש־עלעמענטן, וואָס בלויז יחידים פון זיי זענען געוועזן אַ גוטער מאַטעריאַל פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, דאָס רוב אָבער איז געוועזן דורך און דורך קאָנסערוואַטיוו, האָט זיך געפירט חסידיש, געקלעבט צום „שטיבל״ און געקוקט אויף די וועבער פון אויבן אַראָפּ, ווי אויף אַזעלכע, מיט וועמען ס׳איז אַ פּחיתת־הכבוד צו האָבן אַ מגע־ומשא״*).

צו דעם דאָזיקן געשילדערטן מצב איז נאָך צוגעקומען די נידערגעשלאָגנקייט, דאָס גרויסע פּחד־געפיל, וואָס איז איבערגעבליבן ביי די יידישע מאַסן אין לאָדזש פון דעם ערשטן אַרבעטער־שטרייק און פּאָגראָם אין מאַי 1892־סטן יאָר, די שרעק און אומצוטרוי צום נישט־יידישן אַרבעטער, דער אומגלויבן אין אייגענעם כח, די ווילדע פאַרשטעלונג וועגן „ציציליסטן״, וואָס מ׳פאַרקאַטעוועט אויף טויט, האָבן אָפּגעטיילט די יידישע מאַסע פון סאָציאַליזם מיט אַ מויער, נישט צום אַריבערקומען. דאָך האָט עס נישט אָפּגעשראָקן די ערשטע בונדישע אַגיטאַטאָרן. די טיפע איבערצייגונג און דער שטאַרקער גלויבן אין דער אידעע האָט צוגעגעבן מוט אַלץ מנצח צו זיין.

„טאָג ביי טאָג, ווען עס פלעגט ווערן פינסטערלעך, פלעגן

---

*) אַן אַלטער באַקאַנטער: „דער אָנהויב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, „רויטער פּנקס״ II.

מיר זיך אוועקלאָזן אויף באַלוט און אין די שכנישע גאַסן און אונ־טערליינן ערגעץ אויף אַן אָרט, אַז מ׳זאָל עם באַלד געפינען, דאָ א בלעטל, דאָרט א בראָשורל און איינציכן האָט אין שטאָט אָנגע־הויבן צו קאָכן. מ׳האָט אונזער ליטעראַטור געלייענט, געציטערט און דאָך געלייענט. געציטערט און איבערגעגעבן ווייטער און גאָר איינציכן האָט זיך באַשאַפן ביי דער ברייטער יידישער אַרבעטער־מאַסע א שאַרפע שטרייק־שטימונג״*).

די שטימונג איז באַלד איבערגעגאַנגען אין מעשים. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן א ריי שטרייקן ביי יידישע אַרבעטער. אין נאָוועמ־בער האָבן געשטרייקט 25 יידישע וועבער ביים לוין־וועבער זעליג פּרעזנער, ווייל ער האָט געוואָלט אַראָפּרייסן 25 קאָפּיקעס פון שטיק אַרבעט. פּרעזנער איז געוועזן געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן פון דער לוין־רעדוקציע. אין יאַנואַר האָבן געשטרייקט יידישע אַרבע־טער פון 3 וואַרקשטאַטן, 24 מאַן ביים לוין־וועבער וועלער. דער שטרייק האָט געדויערט אַנדערטהאַלבן טעג און מ׳האָט אַרויסגע־צוויגן 30 קאָפּיקעס אויפן שטיקל. אויף דער וואָך האָט עס אויסגע־מאַכט פון 60—80 קאָפּיקעס**). מער זענען קיין שום אַקציעס פון יאָר 1897 און אָנהויב 1898 נישט פאַרנאָטירט, אָבער ווי עס גיבן איבער אַלטע וועבער, זענען איינצלנע שטרייקן ביי וועבער אין דעם יאָר נאָך פאָרגעקומען. וועגן דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער בונדישער אַרבעט ביז דעם ערשטן זובאַטאָוו־אַרעסט אין יולי 1898, דערציילט ווייטער ח׳ פּייסאַכזאָן:

„אזוי איז דורך דער ווינטער. מיר האָבן שוין געהאַט ברייט־פאַרצווייגטע באַציאונגען מיט דער מאַסע, נישט בלויז וועבער, נאָר אויך פון אַנדערע פאַכן. די מורא פאַר טריפה ביכלעך איז ביסלעכווייז פאַרשוווּנדן און די מער־אַנטוויקלטערע אַרבעטער האָבן ממש געשלונגען די נייע תורה... א חוץ דעם האָבן מיר אָנגעהויבן איינאָרדנען מאַסןוועקעס, פאַרזאַמלונגען ביז עטלעכע און דרייסיק מאַן, ווו מ׳פלעגט שוין אַרויסטרעטן מיט רעדעס, פאַרשטייט זיך,

---

*) דאָרט.

**) „די אַרבייטער־שטימע״ נומ. 8, 17 פעברואַר 1898.

אז די קאָנספּיראַציע פּלעגט דערביי ווערן גאַנץ שטרענג אָפּגעהיט"*).

די דאָזיקע ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען פון „בונד" זענען צוליב די שווין דערמאָנטע באַדינגונגען נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. דאָס וואַכזאַמע אויג פון דער צאַרישער פּאָליציי איז געווען אומעטום. צווישן די לוין־וועבער, וועלכע זענען געוועזן פאַרהאַסט אויף די „ציציליסטן", האָט זיך געפונען נישט איינער, וואָס איז גרייט געוועזן מקיים צו זיין די „מצווה" פון מסירה און אויב אַזעלכע מאַסוּוּקעס האָבן זיך פּאָרט איינגעגעבן, איז נאָר געוועזן צו פאַרדאַנקען די גרויסע סימפּאַטיע, מיט וועלכער דער באַלוטער עולם האָט אַרומגערינגלט די נייע באַוועגונג. באַלוטער האָבן זייער לייכט אָפּגעגעבן זייערע דירות אויף אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען. „נישט געקוקט אויף דער סכנה אַרעסטירט צו ווערן א. א. וו., האָבן עטלעכע פון די סימפּאַטיקער געהאַלטן פאַר אַן אמתער מצווה אין דעם פּרט צו דינען דער באַוועגונג"**).

אַזוי זענען אַדורך די ווינטער־חדשים פון ערשטן יאָר „בונד" אין לאָדזש.

דער ערשטער מאַי פון דעם יאָר איז אויף אַ שטילן, באַשיידענעם אופן געפייערט געוואָרן צום ערשטן מאָל פון די יידישע אַרבעטער אין לאָדזש. מאיר לאַקס, איינער פון די עלטסטע לאָדזשער בונדיסטן, וועלכער געפינט זיך היינט אין אַמעריקע, דערציילט וועגן דער ערשטער מאַי־פייערונג:

„עס איז געוועזן אין יאָר 1897, אָדער 1898, זענען זיך צוזאַמענגעקומען 8 יידישע וועבער־געזעלן און אַ מיידל מיטן נאָמען שיינע רייזל די נייטאָרין (שיינע רייזל סעגאַל — א. וו. י.) אין דעם הויז אויף טאַרגאָווע גאַס נומ. 11 אין הויף אויף דער לינקער זייט. אויפן לעצטן שטאָק אין אַ צימערל, אין וועלכן ס'איז געשטאַנען אַ קליין אויפשטעל־בעטל, אַ קליין טישל און אַ פּאַמעראַנצן־קעסטל,

---

*) אַן אַלטער באַקאַנטער: „דער אָנהויב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש", „רויטער פּנקס" II.

**) דאָרט.

## די עלטסטע בונדישע טוער אין לאָדזש



פון לינקס: עס שטייען — שמאי ווייסענבלום (שמאי קרומקאָפּ), קאַסקל קריגער, יהודה יוסף ביינאָן, אברהם שטערן, גרשון ראָזענבערג (קליינער גרשון); עס זיצן: באַשא, דבורה לייב, חיימל זילבערמינץ (פּראָפעסאָר), יאקל שערער.

וועלכעם האָט געדינט פאַר א שטול, ווו זיך צו זעצן. אין אַזאַ שטיבל זענען זיך צוזאַמענגעקומען 8 יידישע אַרבעטער, צו פייערן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער־יום־טוב... מ'האָט אָפּגעהוליעט ביז איינס אַזייגער ביינאַכט, געגעסן און געטרונקען און געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און, פאַרשטייט זיך, אויך געהאַלטן אַ רע־דע וועגן ערשטן מאַי און דוקא פון דעם מיידל שיינע רייזל די ניי־טאָרין. איינס אַזייגער ביינאַכט איז זיך יעדער צוריקגעגאַנגען צו זיין לוין־וועבער שלאָפן".

ווען די פאַר אַרבעטער זענען זיך צעגאַנגען, האָבן זיי אויפן וועג באַגעגנט 3 דראָזשקעס מיט זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן געאיילט די געפערלעכע פאַרזאַמלונג צו אַרעסטירן. אין דער אייגענער נאַכט איז טאַקע די חברטע שיינע רייזל סעגאַל אַרעסטירט געוואָרן און אַוועק אין סיביר*).

אין די פרילינג־חדשים 1898 איז זיך די אַרבעט ווייטער אויסגעוואַקסן און איבערגעטראָגן געוואָרן אין די אַרומיקע לאָ־דזשער וועלדער. דער היסטאָרישער קאָנסטאַנטינער וואַלד, וועלכער האָט פאַרנומען אַ גרויסן שטח צווישן לאָדזש און קאָנסטאַנטין, דאָרט, ווו היינט געפינט זיך דער פאָלקס־פאַרק, מאַגיסטראַט־היי־זער, דענקמאָל פון געפאַלענע א. א. וו. אָט דער וואַלד מיט זיינע געדיכט־באַבלעטערטע ביימער איז געוואָרן דער וואַרקשטאַט, ווו עס האָט זיך געהאַמערט די קומענדיקע רעוואָלוציע. שפּעטער איז די ערד פון דעם וואַלד געוואָרן די שוים, ווו עס האָבן געפונען זייער רו די געהאָנגענע און דערשאָסענע סאָציאַליסטן און קעמפער פאַר פוילנס אומאָפּהענגיקייט.

די ווייטערע אַנטוויקלונג פון דער בונדישער טעטיקייט אין לאָדזש איז אינמיטן פון זומער 1898 פּלוצים איבערגעריסן גע־וואָרן דורך דעם גרויסן אַרעסט, באַקאַנט אונטערן נאָמען: זובאַ־טאָוו־אַרעסט.

---

*) ,,לאָדזשער אַלמאַנאַך'', אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 25־יאָריקן יובילייַ פון לאָדזשער בראַנטש פון אַרבעטער־רינג, ניו־יאָרק. מאיר לאַקס: ,,שיינע רייזל די נייטאָרקע'', אַביסל זכרונות.

די קאָנצענטראַציע פון די רעוואָלוציאָנערע כחות, דאָס אַנט־שטיין פון „בונד" אין סעפּטעמבער 1897 און דער ערשטער צו־זאַמענפאָר פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבע־טער־פּאַרטיי אין 1898, האָט אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק אויף דער צאַרישער מאַכט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געוואַלטיקע אויסשפּיר־טעטיקייט אַרום די נייע רעוואָלוציאָנערע קעמערלעך. די דאָזיקע אַרבעט האָט איבערגענומען איינער פון די פעיקסטע צאַרישע שפּיאָנען, דער שעף פון דער זיכערהייטס־אָפּטיילונג (אָכראַנע) אין מאָסקווע ס. וו. זובאַטאָוו. ער האָט זיך עס גענומען פאַר אַן אויפ־גאַבע צו פאַרטיליקן און אויסצוּוואָרצלען דעם „בונד"*).

דער גאַנצער ראַיאָן פון „בונד" איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַ ים שפּיאָנען. ספּעציעל האָט מען געהאַט אויפן אויג און אָפּגעהיטן די שליחים פון צ. ק. פון „בונד", וועלכע האָבן פאַר־בונדן דעם צענטער מיט די אָרטיקע נײַ־אַנטשטאַנענע אָרגאַניזאַ־ציעס. לאָדזש האָט „גענאָסן" פון אַ באַזונדערן „חסד" פון זו־באַטאָוון. די הויפּט־קוואַרטיר פון זיינע מענטשן איז געווען, ווי עס ווייזט אויס, אין לאָדזש. דאָ איז זובאַטאָוו געווען אין טעות. ער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז דער צענטער איז גע־ווען אין אַזאַ קליין שטעטל, ווי מינסק"**). נאָך אַ סיבה איז גע־ווען, וואָס זובאַטאָווס אויג האָט זיך ספּעציעל געווענדעט אויף לאָדזש: דאָ האָט זיך באַזעצט דער מיטגליד פון ערשטן צ. ק. פון „בונד", חבר „גליעב"—אַבראַם מוטניקאָוויטש. לאָדזש איז דערי־בער באַזונדערס פאַרכאַפּט געוואָרן פון די זובאַטאָווישע שפּיאָנען. די שליחים פון צ. ק. האָבן אָפּגעשיקט באַריכטן אין צענטער, אַז „די זובאַטאָווער ברואים קריכן אַלץ מער אין די אויגן. דער רינג האָט זיך אַלץ מער צוזאַמענגעצויגן. פון די שפּיאָנען האָט מען

---

*) נ. א. בוכבינדער: „די געשיכטע פון דער יידישער אַר־בעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד".

**) אַרקאַדי קרעמער (אַלעקסאַנדער): „ערשטער צ. ק. פון „בונד", עפּיזאָד — זובאַטאָוו", „נייע פאָלקסצייטונג", נומ. 237 1927, יובליי־נומער.

נישט געקענט אוועקגיין. עס איז אויסגעקומען, אז מען ארבעט שטענדיק אונטער א שפּיאָנישער השגחה און אַלץ, וואָס מען טוט, ווערט פאַרצייכנט״*).

אין רעזולטאַט פון דער שפּיאָנען־ארבעט, איז אין דער נאַכט פון 26 יולי 1898 פאַרגעקומען רעוויזיעס און ארעסטן אין כמעט אַלע שטעט פון בונדישן ראַיאָן. עס זענען ארעסטירט געוואָרן 55 בונדישע טוער, דערונטער אין לאָדזש 10**). אין נומער 11 „די ארבייטער שטימע״ פון 1898־סטן יאָר, וועלכע איז דערשינען נאָך די אַרעסטן און נאָכן פאַרכאַפּן די דרוקעריי פון דער צייטונג אין באָברויסק, געפינען מיר אויסגערעכנט נעמען פון די אַרעסטירטע אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, צווישן זיי אויך די לאָדזשער: באַרים פרומקין און זיין שוועסטער פרומע. אבר. מוטניקאָוויץ, מ. פּייסאַכזאָן. די דערמאָנטע אַרעסטירטע, א חוץ פּ. פרומקין, האָבן געבילדעט דעם לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״. די אַרעסטירטע זענען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע אין זובאַטאָווס רשות.

ביי די לאָדזשער אַרעסטירטע בונדיסטן האָט מען קיין שום קאָמפּראָמיטירנד מאַטעריאַל נישט געפונען. ביי זיין גאַנצן קאָמפּליצירטן שפּיאָנאַזש־אַפּאַראַט איז זובאַטאָוון דאָך נישט געלונגען צו באַווייזן די אַרעסטירטע א „פאַרברעכערישע טעטיקייט״. אַלע אַרעסטירטע האָבן דעריבער באַקומען אַדמיניסטראַטיווע שטראָפן. די לאָדזשער האָבן באַקומען: אַבראַם מוטניקאָוויטש, איצעק מרדכי פּייסאַכזאָן — 3 יאָר עפנטלעכע פּאָליציי־אויפזיכט, ברוך פרומקין — 2 יאָר, פרומע פרומקין — 1 יאָר. „א חוץ דעם איז זיי פאַרבאָטן געוואָרן אין דער צייט פון דער פּאָליציי־אויפזיכט צו וווינען אין די הויפּט־שטעט, אין די רעזידענץ־גובערניעס, אין די

---

*) וולאַדימיר קאָסאָווסקי: „די ערשטע „ליקווידאַציע״ זכרונות וועגן „בונד״, „נייע פאָלקסצייטונג״, נומ. 237, 1927. יובילעי־נומער.

**) נ. א. בוכבינדער: „די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד״.

מקומות, ווו עס געפינען זיך פאבריקן און ווו דער מיניסטער פאר אינערן געפינט, אז זיי קאנען זיין שעדלעך"*).

דער ארעסט פון דעם ערשטן קאמיטעט פון „בונד" אין לאדזש האט אויף א געוויסער צייט אפגעשוואכט די ארבעט. דאס קארגע יאר, אין וועלכן עס האבן געפירט זייער טעטיקייט די בונ־דישע טוער, איז, פארשטייט זיך, געווען צו ווייניק אויף אויס־צובילדן קרעפטן, וועלכע זאלן זיך שוין קאנען אוועקשטעלן אין שפיץ פון דער באוועגונג. ס'זענען אבער געבליבן אויף דער פריי אזעלכע באדייטנדע פערזאנען, ווי משה לייב לעווקאוויטש און שמאי ווייסענבלום (קרומקאפ) און ס'האט נישט לאנג געדויערט און די בונדישע ארגאניזאציע אין לאדזש איז צו זיך געקומען נאך די זובאטאווישע קלעפ.

ווער איז געווען דער אויפריכטער פון דער ארבעט אין דער פאבריקס־שטאט? משמעות, האט דאס געמוזט זיין חבר דוד קאץ (טאראס). ח' קאץ איז געווען פון די באטייליקטע אין גרינדונגס־צוזאמענפאר פון „בונד" און איז געשטאנען נאענט צום צ. ק. דער זובאטאוו־ארעסט האט אים נישט דערגרייכט. ער האט דערוי־בער באלד נאכן דורכפאל פון דער בונדישער ארבעט זיך פארנו־מען מיט אויפשטעלן די פארבינדונגען און אויפלעבן די ארגאני־זאציעס. אויך אין לאדזש האט ער משמעות די ארבעט געטון. מיר שטיצן אונזער השערה אויף דעם, וואס אויף דעם אויפרוף פון לאדזשער קאמיטעט פון „בונד" אין 1899־טן יאר, וועלכער גע־פינט זיך אין בונדישן ארכיוו אין פאריז, איז אויפגעשריבן מיט „טאראס" האנטשריפט: „נאוועמבער 1899"**).

דער אויפרוף איז ארויסגעגאנגען אין חודש אקטאבער 1899־טן יאר***), ביז דער צייט איז ווען א בונדישער טעטיקייט

---

*) נ. א. בוכבינדער: „די געשיכטע פון דער יידישער ארבע־טער־באוועגונג אין רוסלאנד".

**) „לאדזשער וועקער", נומ. 43, 1927, „פון בונדישן אר־כיוו".

***) „די ארבייטער שטימע" נומ. 15, 1899, „קליינע נאכ־ריכטן".

אין לאָדזש אין ערגעץ לחלוטין נישט נאָטירט געוואָרן. אין באַ־ריכט פון די ערשטע מאַי־פייערונגען אין רוסלאַנד פון 1899, וועל־כער איז געוועזן פאַרעפנטלעכט אין דער „אַרבייטער שטימע״ נומ. 14, 1899, איז וועגן לאָדזש אינגאַנצן נישט דערמאָנט, אַזוי, אַז מיר דאַרפן אָננעמען, אַז ערשט אין די זומער־חדשים, מיטן אָנ־קומען פון „טאַראַסן״, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ בונדישע אַר־בעט צווישן די לאָדזשער יידישע פּראָלעטאַריער.

VI

# אויפבוי פון דער בונדישער ארגאניזאציע נאכן זובאטאוו-ארעסט

דער צוויי־יעריקער קריזיס אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע. — סיבות פון קריזיס. — דער שווערער מצב פון די יידישע האנט־וועבער און די פילאנטראפישע הילף. — די בערזע אויפן שול־הויף. — דער ערשטער בונדישער אויפרוף אין לאדזש. — שטרייקן אין אלע פאכן. — א מעכאנישע פאבריק פאר יידישע וועבער.

די פאלגנדע 2 יארן 1899—1901 זענען געווען אין לאדזש קריזיס־יארן. אין דער לאדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע זענען קריזיסן געווען אן אפטע דערשיינונג. אין די 80־ער און 90־ער יארן זענען די קריזיסן פארגעקומען אין דער פאלגנדער ריי: 1884—1885, 1891—1892, 1899—1901. דער קריזיס אין 1899—1901 איז געווען דער שווערסטער פון אלע קריזיסן, וואס לאדזש האט ביז דאן איבערגעלעבט. נאך דער שטארקער אויפלעבונג אין דער טעקסטיל־אינדוסטריע אין די פאריקע יארן, בעת וועלכער עס זענען צוגעבויט געווארן א גאנצע ריי פאבריקן, איז געקומען א גע־וואלטיקע איבער־פראדוקציע. דער אינדוסטריע־מאגן האט נישט געקאנט פארדייען דעם צו גרויסן ביסן. די נישט־פארקויפטע סחורות, וואס זענען געבליבן אויף לאגער, האבן באטראפן די ריזיקע סומע פון 40 מיליאן רובל. דער קריזיס איז ארויסגערופן גע־ווארן דורך דער 2־יעריקער אומגערעטעניש אין דרום־רוסלאנד און דורך דעם, וואס די ענגלישע קאפיטאליסטן האבן צוליב א גאנצער ריי סיבות: בורן־מלחמה, כינעזישע מלחמה, שפאניש־אמעריקאני־

שער קריג א. אנד. אנגעהויבן ארויסציען זייער געלט פון די דייט־שע בענק. די דייטשע בענק, וועלכע האבן פינאנסירט די לאדזשער אינדוסטריע, האבן גענומען צוריקציען די קרעדיטן און עס איז געווארן א מאנגל אין קרעדיט*).

עס איז געווען א טיפיש־קאפיטאליסטישער קריזיס, וועלכער האט זיך, ווי שטענדיק, אמשווערסטן אפגערופן אויף דער האנט־וועבעריי און אויף די באשעפטיקטע אין דער בראנזשע, אויף די יידישע ארבעטער.

די האנט־וועבעריי האט וואס ווייטער אלץ מער געלעבט אין זכות פון גוטע קאניונקטורן, אז די שפע איז גערינען איבער דער גרויס־קאפיטאליסטישער שיסל, איז א טייל אויך צוגעפאלן דער האנט־וועבעריי, וועלכע האט אנגעהויבן וועגיטירן, נישט אויס־האלטנדיק די קאנקורענץ פון מעכאנישן וועב־שטול. די בונדישע טוער אין יענער צייט האבן דאס קלאר געזען און שוין דאן אויפ־געהויבן די פראגע וועגן אריינפירן יידישע ארבעטער אין די קראפט־פאבריקן.

אין דעם שוין דערמאנטן באריכט, וואס דער לאדזשער סאצ. דעמ. קאמיטעט פון „בונד" האט צוגעשטעלט דעם אינטערנאציאנאלן סאציאליסטישן קאנגרעס אין פאריז, אין סעפטעמבער 1900, ווערט אזוי געשילדערט די לאגע פון דער האנט־וועבעריי:

„וועגן דער הויז־וועבעריי קאנען מיר זאגן דאס זעלבע, וואס וועגן דער הויז־פראדוקציע איבערהויפט. פאר איר פאסט אינגאנצן דער נאמען שוויץ־סיסטעם. דער ארבעטס־טאג איז דא שרעקלעך לאנג. מ'ארבעט דעם גאנצן טאג אן אויפהער. עסן עסט מען זיצנ־דיק ביים וועב־שטול. דער פארדינסט איז א שרעקלעך קליינער. (איז צוויי מאל קלענער, ווי ביי די פאבריק־ארבעטער). מ'ארבעט פון שטיק און דעם לוין צאלט מען אויס זייער זעלטן. דער גרעס־טער טייל פון די ארבעטער זענען נישט קיין היגע, זיי עסן און

---

*) דייר פ. פרידמאן: „לאדזש, די מעטראפאליע פון דער פוי־לישער אינדוסטריע און איר ווירטשאפטלעכע און סאציאלע אנט־וויקלונג ביז 1914". נישט פארעפנטלעכטע ארבעט.

וואוינען ביי די באַלעבאַטים און דעריבער זענען זיי שוין ביי זיי אין די הענט. די ווערקשטאַטן זענען קליינע, שמוציקע לאָקאַלן, אין וועלכע די וועבער מוזן אַרבעטן, שלאָפן און עסן. די אַרבעטער שלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע און אָנשטאָט בעטגעוואַנט, ליגן זיי זיך אונטער דאָס געוועב. די לאַגע פון די פרויען איז נאָך אַן ערגערע, ווי די לאַגע פון די מענער, זיי פאַרדינען פיל ווייניקער, ווי די מענער. דערצו ווען זיי פאַרטיקן זיך אָפּ מיט זייער אַרבעט, מוזן זיי נאָך העלפן זייערע באַלעבאָסטעס אין דער שטוב־אַרבעט.

„...איבערהויפּט וועט זיך ביי אונז די האַנט־וועבעריי שוין נישט האַלטן. קיין צוקונפט האָט זי נישט. זי ווערט אַלץ מער אַרויסגעשטופּט דורך דער מעכאַנישער וועבעריי. איצטער קאָן זי זיך נאָך האַלטן, ווייל די פּראָדוקציאָנעלע קאָסטן זענען ביי דער האַנט־וועבעריי זייער קליין און אָט פאַרוואָס: יידן נעמט מען נישט אָן אין מעכאַנישע פאַבריקן און דעריבער מוזן זיי זיך ממילא באַנוגענען מיט דעם שרעקלעך קליינעם לוין"*).

אזוי האָט, לויט דעם געשילדערטן באַריכט, אויסגעזען די „נאָרמאַלע" לאַגע פון די האַנט־וועבער. בעת אַ קריזיס, ווען די אַרבעט האָט זיך אָפּגעשטעלט, פלעגט די לאַגע פון די האַנט־וועבער־געזעלן פּשוט דערגיין צו אַ קאַטאַסטראָפע. דער לוין־וועבער האָט דעם געזעלן נישט געוואָלט האַלטן ביי זיך, ווייל ער האָט מער נישט געקענט ציען פון אים קיין נוצן, האָט מען אים פּשוט אַרויסגעוואָרפן פון שטוב. אויך די לאַגע פון דעם לוין־וועבער איז נישט געוועזן מקנא צו זיין. בעת דעם שווערן קריזיס פון 1899—1901 זענען טויזנטער יידישע האַנט־וועבער געבליבן אָן ברויט. די יידישע פילאַנטראָפּיע אין לאָדזש האָט שוין געהאַט איר אויסגעטרעטענעם וועג, ווי צו העלפן די „שנאָרערס": מ'האָט געעפנט אַ ביליקע קיך, אָדער געטיילט גראַשנדיקע שטיצע פאַר די פּראָווינצער אַהיימצופאָרן.

---

*) „25 יאָר", זאַמלבוך געווידמעט דעם 25־יעריקן יובילײ פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. אָפּט. „היסטאָרישע דאָקומענטן".

אַן אַלטער וועבער, שפּאַן, אַ לאַנג־יעריקער מיטגליד פון „בונד‟, דערציילט וועגן דער אַרבעט פון דער יידישער פילאַנ־טראָפּיע בעת יענעם קריזיס:

„די פילאַנטראָפּן האָבן געשאַפן אַ קיך אויף שוו. יאַקובאַ גאַס נומ. 6. דאָרט האָט מען פאַרשריבן אויף מיטאָג. אויך די לוין־וועבער האָבן באַקומען שטיצע אין געלט.

ביים אַרויסגעבן מיטאָג, האָבן די וועבער־געזעלן זיך געבונ־טעוועט. איינער האָט געהאַלטן אַ רעדע: „מיר זענען באַלעבאַטי־שע קינדער, די קיך איז פאַר שנאָרערס. מיר דאַרפן אויך באַקומען געלט‟. פון די וועבער־געזעלן איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ דעלע־גאַציע, וועלכע האָט פאַרלאַנגט פון קאָמיטעט, ער זאָל אויסצאָלן די געזעלן געלט, אָנשטאָט עסן.

די דעלעגאַציע האָט גאָרנישט געפועלט. ס'איז געבליבן, אַז די געזעלן דאַרפן באַקומען מיטאָגן‟.

די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט דעם קריזיס אויסגענוצט פאַר אַ ברייטער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע. די פּראָווינצער, וועל־כע זענען געקומען דאָ אַהער, כדי צו „מאַכן‟ אַ גראָשן, האָט די אַרבעטסלאָזיקייט געטראָפן אומגעריכט, ווי אַ דונער פון הימל. אין פשיטא, צי אין כמיעלניק האָט מען זיך זיכער נישט פאָרגע־שטעלט, אַז אין דעם לאָדזש, ווו „גאָלד וואַלגערט זיך אין די גאַסן‟, קאָן מען זיך אַרויסדרייען און הונגערן און נישט האָבן אַפילו אויף די הוצאות, כדי זיך אַרויסצובאַקומען פון דעם גיהנום.

די בונדישע אַגיטאַטאָרן האָבן פאַר די פּראָווינצער קלאָר גע־מאַכט זייער לאַגע, צעריסן די אילוזיעס וועגן אַרויפאַרבעטן זיך און אויפגעקלערט דעם ריכטיקן מצב פון אַ פּראָלעטאַריער. דאָס אָרט, ווו די וועבער־געזעלן און לערן־ייִנגלעך פלעגן זיך זאַמלען, איז פון אַלטע צייטן אָן געוועזן דער שול־הויף. אַ פאָטער איז גע־קומען פון אַ דאָרף, אָדער פון אַ שטעטל מיט זיין יינגל, וועלכן ער האָט געוואָלט אָפּגעבן אין דער לער צו אַ וועבער, ווו איז ער געגאַנגען אין דער דאָזיקער פּרעמדער, פאַרטאַראַמטער שטאָט? פאַרשטייט זיך, אין בית־המדרש אַריין. אַ געזעל האָט פאַרלוירן זיין אַרבעט, איז ער ווידער געגאַנגען אין בית־המדרש, ווו ווינטער איז

געוועזן וואָרעם און זומער האָט מען געקאָנט שטיין אויפן שול־הויף און אָפּרעדן זיך פון האַרץ, אָדער סתם דערציילן מעשיות. דאָ פלעגט מען זיך טרעפן מיט באַקאַנטע פון היימישן שטעטל און בכלל איז מען דאָ געוועזן צווישן יידן... אויך אַ וועבער אָדער אַ פאַבריקאַנט, אַז ער האָט געוואָלט צונעמען אַ יידישן אַרבעטער, איז ער אים געקומען זוכן אויפן שול־הויף, אָדער אין בית־המדרש*), אַזוי אַרום איז דער בית־המדרש און שול־הויף געוואָרן די בערזע פון די וועבער־אַרבעטער און דאָ זענען טאַקע געקומען די ערשטע בונדישע אַגיטאַטאָרן און געפירט זייער סאָציאַליסטישע אויפקלערונג.

ח׳ בעריש קורביץ (בערישל ראַווער) שילדערט אין זיינע נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות דעם קריזיס פון 1899 און די אַגיטאַציע אויפן שול־הויף:

„אין יענער צייט, 1899, איז אין לאָדזש געוועזן אַ גרויסער קריזיס ביי די האַנט־וועבער. די יידישע פילאַנטראָפיע האָט געוואָלט עפּעס טון פאַר דער יידישער אָרעמקייט, האָט זי געשאַפן אַ קוך, וווּ פאַר אַ פּאָר גראָשן האָט מען געקאָנט באַקומען אַ פונט ברויט מיט אַ טעלער זופּ, און ווען אַן אַרבעטסלאָזער האָט געוואָלט אַוועק פון לאָדזש, האָט ער באַקומען אויף הוצאות אַוועקצופאָרן.

„איך האָב זיך צו יענער צייט געפונען אין מיין געבורטס־שטעטל ראַווע (נישט ווייט פון לאָדזש) ביי מיינע עלטערן. איך בין אויך געוועזן אַ האַנט־וועבער און נישט געהאַט קיין אַרבעט. איך בין דעריבער געצוווּנגען געוועזן צו זיין ביי מיינע עלטערן.

„שוין דעמאָלט האָט מען געשמועסט, אין דעם קליינעם שטעטל, וווּ איך בין געוועזן, אַז אין לאָדזש וואַרפט מען אונטער די וועבער־געזעלן „פּאַשקווילן״**) אין די שעניקעס אַריין. אין די „פּאַשקווילן״ רעדט זיך, אַז די אַרבעטער דאַרפן נישט ווערן קיין שנאָרערס און גיין אין די קיכן, נאָר באַקומען אַ גענוגנדע שטיצע.

---

*) דערציילטע זכרונות פון אַלטע לאָדזשער וועבער.

**) פּאַשקווילן — אַזוי האָט מען אין לאָדזש גערופן די ערשטע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס דער „בונד״ האָט פאַרשפּרייט.

די „פּאַשקווילן" האָבן אויך גערעדט קעגן לאַנגן אַרבעטס־טאָג, קעגן שלאָפן און עסן ביים מייסטער און פאַר שליסן „אחדות"*).

די דאָזיקע זכרונות פון ח' בערישל ראַוועד שפּיגלען ריכטיק אָפּ יענע צייט, ווייל טאַקע אין דער צייט האָט דער „בונד" אַרויס־געלאָזט אַן אויפרוף, אין וועלכן דער קריזיס ווערט אָפּגעשאַצט אויף אַזאַ אופן, ווי עס שילדערט דער חבר. ווייטער דערציילט ח' קורביץ אין זיינע זכרונות, ווי ער איז אָנגעקומען קיין לאָדזש:

„דאָרט האָב איך געהאַט אַ קוזין, אַ וועבער, וועלכער איז געוועזן פון די גליקלעכע, וואָס האָבן צו יענער צייט געהאַט אַרבעט. ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט, האָט ער מיך צוגערופן און גאַנץ שטיל איבערגעגעבן, איך זאָל מיט אים מיט־גיין אויפן שול־הויף, דאָרט קלייבן זיך אַלע אויפדערנאַכט צוזאַ־מען אייניקע אַרבעטער און מ'רעדט וועגן „אחדות". אויפן שול־הויף האָבן מיר שוין געטראָפן אַ קליין גרופּקעלע מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען, ווי צוגעטוליעט איינער צום צווייטן און צוויש־זיך געשמועסט. איינער האָט געפרעגט, דער צווייטער האָט געענט־פערט און די אַרומיקע האָבן זיך צוגעהערט. אויך די צוהערער האָבן געשטעלט פראַגן. מיר איז געבליבן אין זכרון דער פסוק פון תהילים, וואָס איינער האָט באַנוצט: „הזורעים בדמעה ברנה יקצורו", אַז מ'זייט מיט טרערן, שניידט מען מיט געזאַנג. דאָס קליינע, קרענקלעכע מענטשל, וואָס האָט גערעדט און אַלע פראַגן אַזוי קלאָר פאַרענטפערט, האָט מען גערופן „סאָקראַטעסל" און דעם צווייטן רעדנער, ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט מען גערופן משה מייזעלס (משה קאָנאָפּניצקי). פון אים האָב איך טאַקע באַקומען דאָס ערשטע ביכל: „וואָס יעדער אַרבעטער דאַרף וויסן און געדענקען". איך האָב באַקומען נאָך אַזעלכע קליינע ביכלעך, ווי אַ „מעשה פון 4 ברידער", „דער אַרבעטס־טאָג" א. אַנד.

*) מיטן נאָמען „אחדותיי זענען אין לאָדזש גערופן גע־וואָרן די בונדיסטן און סאָציאַליסטן. דער נאָמען האָט זיך גענו־מען, ווי מיר זעען, פון דעם אָפּטן רופן צו אחדות, צו אייניקייט.

„איך האָב שוין צו יענער צייט געלעזן אויך אַנדערע ביכער, ווי שמ״רס ראָמאַנען. אָבער די קליינע ביכלעך, וואָס איך האָב באַקומען אויפן שול־הויף, האָבן מיר געעפנט די אויגן. זיי האָבן געדערדט צו מיר פון מיין אַרבעט, פון מיין לעבן און געוויזן מיר דעם וועג צום קאַמף.

„איך בין יעדן טאָג געגאַנגען אויפן שול־הויף. די גרופּקעלעך זענען געוואַקסן. עס האָבן זיך אַרויסגערוקט פרישע אַגיטאַטאָרן, ווי אהרן דוד, דער לאָמער אַברהמטשע, וועלכער איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין דייטשלאַנד, אַראָפּוואַרפנדיק זיך פון אַ בריק.

באַלד זענען די גרופּקעלעך זיך אַזוי פאַנאַנדערגעוואַקסן, אַז דער שול־הויף איז שוין געווען פאַר זיי צו קליין. מיר האָבן שוין פאַרנומען אויך דעם בית־המדרש־פּלאַץ.

„איך בין געוואָרן אַן „אחדות״. איך האָב באַמיט זיך מיין לעבן צוצופּאַסן צו דעם, וואָס עס שרייבט זיך אין די ביכלעך. דאָרט האָט זיך גערעדט, אַז מ׳דאַרף אַרבעטן אַ קורצן אַרבעטס־טאָג און לעבן, ווי אַ מענטש. איך בין געקומען צום אויספיר, אַז דאָס שלאָפן און עסן ביים מייסטער, מאַכט דעם מענטש פאַרשקלאַפט, דעריבער מוז מען אַוועקגיין פון מייסטער און איינאָרדענען זיך זעלבסטשטענדיק. צו יענער צייט האָבן מיר געאַרבעט 3 פּערזאָן ביי אַ וועבער. צווישן זיי איז געווען איינער, מיט וועמען איך האָב זיך געטראָפן אויפן שול־הויף, האָבן מיר זיך צוזאַמענגערעדט וועגן דינגען אַ וווינונג און געשאַפט זיך אַ קליין שטיבל אויף דער גרינער גאַס נומ. 7.

„איך בין נאָך דעמאָלט נישט געווען קיין מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע, אָבער מיין „באַקאַנטער״ (אַזוי האָט מען דעמאָלט גערופן אַ חבר), מיט וועלכן איך האָב געוווינט צוזאַמען, האָט שוין צו איר יאָ געהערט און ער האָט מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע און איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין „בונד״.

„אין יאָר 1900, די דאַטע געדענק איך נישט, האָט מען מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל גיין אויף אַ פאַרזאַמלונג. מיט אַ ציטערדיק

הארץ האָב איך דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אויף צימערס גאַס, אין באַלוט, אין אַ קליין הילצערן הייזל. מיר זענען געווען פאַרזאַמלט אַ פּאָר אַרבעטער, גערעדט האָט משה לייב לעווקאָוויטש. ער האָט גערעדט וועגן עקספּלואַטאַציע און אויסנוצונג און מ'דאַרף מאַכן אחדות. צום סוף פון דער פאַרזאַמלונג האָבן אַלע מיט באַגייסטערונג געזונגען די ,,שבועה'', נישט די היינטיקע, נאָר די ,,שבועה'', וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: ,,מיר לייגן אויף אונזער הארצן די רעכטע האַנט און שווערן אויף פרייהייט איצט''. מיט צופרידנקייט און קעמפערישן מוט בין איך אַוועק פון דער געהיימער פאַרזאַמלונג און געפילט, אַז עפּעס אַ גרויסע און וויכטיקע ענדערונג איז פאָרגעקומען אין מיין אָרעם וועבער־לעבן''.

אַן ענלעכע שילדערונג וועגן דער בונדישער אַגיטאַציע אויפן שול־הויף גיט אויך איבער דער ח' יודל ראָזען (יודל בוכבינדער), איינער פון די פּיאָנערן פון ,,בונד'' אין לאָדזש, וועלכער איז ביז היינט אַ מיטגליד אין דער אָרגאַניזאַציע. ח' ראָזען רופט אָן אויך אַנדערע בונדישע אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן געאַרבעט אויפן שול־הויף: אַבראַם שניידער, אַ וויטעבסקער, וואָס האָט געאַרבעט אין לאָדזש, מענדל פון גוטן אָרט, אַ וועבער, אַ מיטגליד פון דער שטאָטישער סכאָדקע, וועלכער האָט געבראַכט ליטעראַטור אויפן שול־הויף.

ווען ראָזען איז געוואָרן אַ מיטגליד אין ,,בונד'', איז זיין פאָר־שטייער געוואָרן משה מייזעלס. ח' ראָזען און בעריש טיפּאָגראַפּטשיק איז איבערגעגעבן געוואָרן צו אָרגאַניזירן דאָס דרוקער־ און איינבינדער־פאַך. די ערשטע אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג האָט ראָזען באַזוכט אין מאַי 1900. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין קאָנסטאַנטינער וואַלד. גערעדט האָט יעקל פוקס, נישט דער שערער, נאָר אַ וועבער, וואָס האָט געאַרבעט ביי פוקסן אין פאַבריק. אין דער שפּיץ פון דער אַרבעט זענען דעמאָלט געשטאַנען: משה לייב לעווקאָוויטש, דער שוואַרצער הערש לייב, משה מייזעלס, אברהם דער שניידער און שמעון מאַלאַזש.

פון די שילדערונגען פון די צוויי חברים, די בויער פון דער

בונדישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש, נאָך דעם זובאַטאָװ־אַרעסט, באַקומען מיר אַ גענוי בילד פון דער אַרבעט פון דער אָר־גאַניזאַציע אין די קריזיס־יאָרן 1899—1901. עס איז געװעזן אַ פּיאָנערן־אַרבעט. מ׳האָט אָפּגעבױט דאָס, װאָס דער זובאַטאָװ־שטורעם האָט חרוב געמאַכט. דער שול־הױף איז די אַרבעטער־בערזע. דאָ קומען זיך צונױף די װעבער און שנײַדער שױן נישט צום דאַװנען, נאָר הערן אַ סאָציאַליסטיש בונדיש װאָרט. פון דאַ־נען װערט דער בונדיזם פּאַנאַנדערגעטראָגן אין די װעבער־שטובן, אין די שנײַדער,־ שוסטער־ און דרוקער־װאַרקשטאַטן און עס װאַקסט און צעמענטירט זיך די אומלעגאַלע בונדישע אָרגאַניזאַציע. די אַרבעט, װעלכע איז געפירט געװאָרן אָפן, אונטערן פרײַען הימל האָט נישט געליטן אין יענעם פּעריאָד פון קײן דורכפאַלן. דאָס לאָזט זיך דערקלערן נאָר מיט דער װאַרעמער סימפּאַטיע, מיט װעל־כער די ברײטע יידישע מאַסן, אַפילו די פרומע דאַװנער פון שול און בית־המדרש האָבן אַרומגערינגלט די „אַחדות" — די בונ־דישע באַװעגונג.

אין 1899־סטן יאָר, אַ יאָר נאָך דעם, װי דער צאַרישער נאַ־טשאַלניק זובאַטאָװ האָט פּעסטגעשטעלט, אַז מיט זײַן שפּיצלערי־שע מלאכה האָט ער געגעבן דער יידישער אַרבעטער־באַװעגונג אַזאַ טױט־קלאַפּ, אַז זי װעט שױן נישט קומען צו זיך — האָט לאָדזש װידער געהאַט אַ שטאַרקע בונדישע אָרגאַניזאַציע, װעלכע האָט אָנגעפירט שטרײַקן אין כמעט אַלע פאַכן, ס׳איז געגאַנגען אַ ברײַ־טע סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע און עס זענען אַרױסגעלאָזן געװאָרן אױפרופן.

אײן אױפרוף איז אַרױס אין חודש אָקטאָבער און האָט דער־קלערט די אַרבעטער די װיכטיקײט פון „אַחדות" און גערופן צו פאַרײניקן זיך. דער צװײטער אױפרוף, װעלכן מיר ברענגען װײַ־טער, איז װעגן דעם קריזיס און די לאַגע פון די אַרבעטער.

מיר גיבן דעם אױפרוף אין פולן טעקסט, װי ער איז אי־בערגעדרוקט אין „לאָדזשער װעקער", אַלס דער ערשטער, אָדער דער צװײטער אױפרוף פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד".

אַרבייטער אַללער לענדער פעראייניגט אייך. אייניגקייט איז די מאַכט פון די אַרבייטער!

רוססלענדער סאָציאַלדעמאָקראַטישע אַרבייטער־פּאַרטיי. אַלגע־מיינער אידישער אַרבייטער־בונד אין רוסלאַנד און פּוילען.

צו אַללע לאָדזער וועבער־געזעלין! שלעכט ברידער, ניטאָ קיין אַרבייט! דאָס געשריי ווערט אַלס שרעקליכער, פערצווייפעל־טער ווערט אונזער לאַגע. וואָס זאָללען מיר טאָן? מיר האָבען פון זיך אַראָפּגעצויגען דאָס לעצטע קלייד און אַוועקגעטראָגען אין לאָמ־באַרד, מיר האָבען זיך שוין פאַרשולדיגט פון קאָפּ ביז פיס, און צו די שלעכטע אומגליקליכע צייט זעט זיך נאָך גאָר קיין ענדע ניט. פערקערט, וואָס ווייטער ווערט אַלס ערגער און פערצווייפעלטער אונזער לאַגע. מיט אויסגעדאַרטע בלאַססע געזיכטער, מיט פער־שמאַכטעטע ליפּען פון הונגער, לויפין מיר צום רב, מיר בעטען, טאָמער וועט ער אונז העלפען. אונזער פינסטערע לאַגע האָט אונז געבראַכט צו אַזאַ שטופע, דאָס אַ סאַך פון אונז לויפין און וואַרטין צו די וואָלטהעטיגע פאַבריקאַנטין, וואָס טיילען אַ פּאָר גראָשען די אויסגעמאַטערטע אויסגעשמאַכטע געזעלין, וואָס האַלטין זיך קוים אויף די פיס פון הונגער. ברידער! לאָמיר נאָר אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך ביי דער טיר פון די וואָלטהעטער אונזערע, וועל־כע האָבען פריהער, ווען עס איז געווען אַרבייט אונז אַרויסגעטריי־בען די נשמה דאָס מיר זאָללען וואָס מערער אַרבייטען, און וואָס מער מיר האָבין געאַרבייט, דאָס מערער האָבען זיי גיהאַט דיא מעג־ליכקייט אונז צו רייסען דעם לוין און צוליב דעם ליידען מיר יעצט אַזאַ נויט און דחקות.

יעצט שטעהען פון אונז הונדערטער אויסגימאַטערטע, ציטערענדע פון קעלט אַרבייטער, און מיינען, אַז די וואָל־טהעטער אונזערע ווערין אונז צוואַרפען אַ פּאָר גראָשען, העל־פען זיי אונז מיט דעם, זיי, די פאַבריקאַנטין שטעלין זיך יעצט אַרויס פאַר אונזערע העלפער אין אונזער נויט. אַ שיינע הילף, ניטאָ וואָס צו רעדין! פון איין זייט וואַרפען זיי צו אַ הונדערטין פון אונז אַ פּאָר גראָשין, פון צווייטען זייט רייסען זיי אונז אַלעמען דעם לוין, סיי פאַבריקען־גיזעלין סיי די גיזעלין פון לוין־וועבער

פיעל זייער האַרץ גילוסט זיך. אין די צייט ווען מיר שטאַרבען פון הונגער און ווערין פערפרוירען פון קעלט, האָבען די פאַבריקאַנטען אָנגיגרייט הונדערטער טויזענדער און לעבין אַ גליקליכען לעבין, צו וואַרפענדיג אַ איינציגען פאַרהונגערטין אַרבייטער אַ ברעקיל פון זיי'ער פעטין טיש, ברידער! פון אונזערע אָנגיהאָרעווועטע רובעלס וואַרפין זיי איינציגע פון אונז צו גראָשענס און זיי קענען נאָך שוייען: „מיר זיינען וואָלטהעטער, מיר מאַכין וואָלטהעטיגע גיזעל־שאַפטען פיר די אָרעמע אַרבייטער נעבאַך". און מיר אין אונ־זער פערצווייפעלטער לאַגע, הייבען טאַקע אָן צו האָפין און מיינען, אַז זיי די פאַבריקאַנטין ווילען און קענען אונז העלפין. גינוג ברי־דער אונז שוין לעבין אין טעות. גינוג אונז צו האָפין אין פוסטע חלומות אויף די הילף פון די פאַבריקאַנטין, מיר זעהען יעצט קלאָר אַרויס, אַז צו אונזער אומגליק קען קיין הילף קומען דורך די רייכע, מיר וויסען יעצט, אַז אונזער שמאַכטען און הונגערין, איז נור צוליעב דעם, וואָס אונזער לוין איז געווען אַזוי קליין אין דער צייט ווען מיר האָבען געאַרבייט, דאָס מיר האָבען דאַן קוים גיהאַט אויף איבער צולעבין און דעריבער האָבין מיר זיך ניט מיט וואָס צו בעשיטצען אין אַזאַ אומגליקליכע צייט ווי יעצט, מיר וויסין אויך גאַנץ קלאָר, דאָס אונזערע שכירות איז צוליעב דעם גיווען אַזוי קליין, ווייל מיר האָבין געאַרבייט אָן אַ שיר און אָן אַ ערך, וואָס ווייניגער שעהין מיר וואָלטין געאַרבייט אין דער גו־טער צייט, דאָס מער וואָלטין מיר פאַרדינט. וואָרום עס וואָלטין זיך ניט אַרום גידרייט קיין אַרבייטער, וואָס זאָלין זיין גינויט צו וואַר־פין דעם פרייז, און דאַן וואָלט שוין באַלד גיוואָרין העכער אונזער לוין.

ברידער! מיר זיינען ביז יעצט גיווען ווי איינגעשפאַנטע פערד, מיר האָבין נאָר גיוואוסט צו אַרבייטען פיעל דער פאַבריקאַנט און דער לוין־וועבער האָבין אונז געצוואונגען, און דעריבער לעבין מיר יעצט איבער אַזאַ שרעקליכע צייט. מיר גייען יעצט אָן מוט. יעדע־רער פון אונז איז אַזוי פערצווייפעלט, אַז ער טראַכט זיך וואָס טויג מיר די רייד, אַז דער הונגער לאָזט מיר ניט וועגין קיין זאַך טראַכטין, נאָר מיר דאַרפין ניט פערגעסען, אַז אויב מיר ווען'לין

ניט קלערין און שטרעבין וועגען אַ מיטעל ווי זיך צו ראַטעווען און צו בעשיצען זיך נאָך אַ מאָל פון אַזאַ שלעכטע צייט, וועט אונז געוויס אַללס אָפטער אויסקומען איבער צו לעבין אַזאָלכע אומ־גליקליכע צייטען. מיר דאַרפען ניט פערגעסען, אַז די שלעכטע צייט מוז אַוועק גיין, און עס מוז קומען אַ צייט פון אַרבייט און דערי־בער דאַרפין מיר יעצט ניט שלאָפען, מיר האָבען ניט וואָס צו לויפין צום רב, דער רב קען אונז קיין אַרבייט ניט געבין, מיר האָבין ניט צו האָפין אויף די פאַבריקאַנטין מיט די לוין־וועבער, וועלכע בענוצען זיך מיט אונזער אומגליק, און מאַכין מיט דעם ויאָס זיי רייסין יעצט אונזער לוין דאָס אומגליק נאָך גרעסער און אונז שפלער מיט דעם וואָס זיי וואַרפין צו אַ הונדערטין פון אונז אַ פאָר גראָשין. מיר מוזין און קענען האָפין נאָר אויף זיך אַלליין. איינציגע זיינען מיר שוואַך, אָבער אַלע צוזאַממען זיינען מיר שטאַרק, מיר מוזען זען זיך צוגרייטין און פעראייניגען זיך און פערשפרייטין אַללס וואָס מערער צווישען אונז אַחדות, אַז מיר זאָללין אין דער צייט פון אַרבייט קענען זיך פערהעכערין דעם לוין, דאָס מיר זאָללען קענען פערקירצען די מאָס פראַצע, וועלכע מאַכט אונז שוואַך, אונוויסענד און אָרעם, אַלזאָ ברידער מיט מוט, מיר וועלין זיך יעצט נעמען צוגרייטין. מיר וועלין זיך וואָס מערער פער־זאַמלען אום מיר זאָללען זיך קענען דורך ריידען, ווי צו העלפין איינער דעם צווייטין, ווי צו פערשפרייטין אַחדות. יעצט קענען מיר זיך ניט אַרויסשטעלין און מאַכין אַ שטרייק, נאָר ווען, עס וועט קומען די צייט פון אַרבייט זאָללען מיר זיין צוגעגרייט צו אַ שטרייק און דאַן קענען מיר זיין זיכער דאָס מיר וועללין זיגען.

עס זאָל לעבין דער קאַמפף פיר אַ בעסערין לעבין.

לאָדזער סאָציאַלדעמאָקראַטישער קאָמיטעט.

דרוק פון אַלגעמיינעם יודישען אַרבייטער בונד אין רוססלאַנד און פוילין*).

*) דער אויפרוף וועגן קריזיס איז איבערגעדרוקט אין „לאָ־דזשער וועקער" נומ. 44 פון 1927־סטן יאָר. דאָרט ווערט דער אויפרוף טיטולירט אַלס „ערשטער געדרוקטער אויפרוף פון לאָ־דזשער קאָמיטעט פון „בונד". צום סוף פון אויפרוף גייט אַ „באַ־

מיט די דאָזיקע 2 אויפרופן שליסט זיך אָפּ די טעטיקייט פון ,,בונד'' אין לאָדזש אין יאָר 1899.

*

אין אָנהויב יאָר 1900 קומט אין לאָדזש צופאָרן ח' נח. ח' נח איז נאָר־וואָס געהאַט אַנטלאָפן פון סיביר. ער האָט זיך גלייך געשטעלט אין רשות פון צענטראַל־קאָמיטעט פון ,,בונד''. דער צ.ק. האָט אים איבערגעגעבן די אַרבעט פון אַרויסגעבן דעם נומער 17 ,,אַרבייטער שטימע''. עס איז געווען אין חודש מערץ. דער נומער האָט געזאָלט אַרויס אין אַפּריל און זיין אַ מאַי־נומער.

אין לאָדזש האָט זיך דעמאָלט געפונען אַ דרוקעריי פון ,,בונד''. צי דאָס איז געווען די איינציקע דרוקעריי, אָדער אַ ספּעציעל לאָדזשער, האָבן מיר נישט קיין אינפאָרמאַציעס. בכלל האָבן מיר ווייניק ידיעות פון דער דרוקעריי. מיר ווייסן נישט, אויף וועלכער גאַס זי האָט זיך געפונען און ווי אַזוי זי איז געווען איינגעאָרדנט, מיר ווייסן נאָר, אַז אין דער דרוקעריי האָבן געאַרבעט ליזאַ אַמסטערדאַם און דער ביאַליסטאָקער וועבער אייזיק.

ח' נח האָט זיך ,,באַזעצט'' אין לאָדזש און אַליין אָנגעשריבן דעם ערשטן מאַי־נומער ,,אַרבייטער שטימע'' פון יאָר 1900. דער נומער איז געדרוקט געוואָרן אויף רויט פּאַפּיר און געהאַט 4 זייטן. דער אינהאַלט: אַ גרויס אַרטיקל וועגן ערשטן מאַי און אַן אויפרוף צו פייערן דעם אַרבעטער־יום־טוב. ס'איז צו באַוואונדערן דעם אויסערגעוויינלעך שיינעם דרוק פון דעם נומער, וועלכער איז אַרויס אין אַן אומלעגאַלער דרוקעריי. פון לאָדזש האָט די דרוקעריי אַוועקגעוואַנדערט נאָך בערדיטשעוו.

מיט דער דרוקעריי איז אויך פאַרבונדן דער נאָמען פון פּראָוואָקאַטאָר ישראל מיכאל קאַפּלינסקי. אין דער ,,שטימע פון בונד''

---

מערקונג פון אַרכיוו: אויפן אָריגינאַל איז פאַרמערקט די דאַטע מיט דער האַנט פון ,,טאַראַסיי'': ,,נאָוועמבער 1899. פון דער נאָטיץ אין דער אַרבייטער־שטימע'' נומ. 15, 1899 יאָר, דערוויסן מיר זיך אָבער, אַז אַן אויפרוף איז אויך אַרויס אין אָקטאָבער חודש. אַלזאָ, ,,טאַראַסייעס אויפרוף איז נישט געווען דער ערשטער.

נומער 3, מערץ 1910 זענען אויסגערעכנט די פּראָוואָקאַציעס פון קאַפּלינסקין. די ידיעות וועגן „בונד", וואָס דער פּראָוואָקאַטאָר האָט צוגעשטעלט זובאַטאָוון, צוו. אנד. דערציילט זיך:

„אין יולי פון זעלבן יאָר זאָגט ער אָן: מערע גינצבורג און לעאָן גאָלדמאַן דאַרפן חתונה האָבן, ווערען אומלעגאַל און אַר־בייטן אין אַ יודישער דרוקעריי אין אָדעס. די דרוקעריי ווערט איינ־געאָרדענט מיט'ן אָנטייל פון ד. כ־ץ און ווערט איבערגעפירט פון לאָדזש קיין אָדעס".

ווייטער גייט אין די אינפאָרמאַציעס, אַז „ד. כ־ץ לעבט אומ־לעגאַל און אַרבייט אין דער לאָדזשער דרוקעריי, צ. ה־טש, וועלכע האָט געאַרבייט אין דער דרוקעריי אין לאָדזש און האָט דערנאָך געוואוינט אין פּעטערבורג, איז אַוועקגעפאָרן אין וואַרשא".

פון די זכרונות פון א. וויינשטיין וועגן קאַפּלינסקין קאָן מען פעסטשטעלן, ווען קאַפּלינסקי האָט געמיינט מיט די איניציאַלן: ד. כ־ץ — דוד כיץ (קאַץ), צ. ה־טש — צביה הורוויטש*).

דוד קאַץ און צביה הורוויטש זענען אין יענער צייט טאַקע געווען טעטיק אין לאָדזש, אַזוי, אַז דער פּראָוואָקאַטאָר האָט דע־מאָלט זובאַטאָוון געגעבן ריכטיקע אינפאָרמאַציעס וועגן די בונדי־שע טוער אין לאָדזש. די אָנגערופענע חברים האָבן אָבער נישט געאַרבעט אין דער דרוקעריי. אין דעם פּעריאָד זענען אין צענטער פון דער לאָדזשער באַוועגונג געשטאַנען: משה לייב לעווקאָוויטש, פּנחס קאַלקשטיין (פּנחס שוסטער), אברהם שטערן, שמאי וויסענ־בלום (שמאי קרומקאָפּ), חיימל זילבערמינץ (חיימל פּראָפעסאָר).

דער ערשטער מאַי פון 1900 איז אין לאָדזש געפייערט גע־וואָרן מיט מער אָנזען, ווי אין די פריערדיקע יאָרן.

אין נומ. 18 „ארבייטער שטימע" פון 1900־סטן יאָר לייענען מיר אַ באַריכט וועגן דער ערשטער מאַי־פייערונג אין לאָדזש אין דעם יאָר 1900:

---

*) א. וויינשטיין: „דער גרעסטער פּראָוואָקאַטאָר אין „בונד". „רויטע בלעטער", אַרויסגעגעבן פון דער ווייסרוסישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

„עטלעכע טעג פאַרן 1־טן מאַי האָט דער אָרטיקער קאָמיטעט פון „בונד“ פאַנאַנדערגעשפּרייט מאַי־פּראָקלאַמאַציאָנען, אין וועל־כע ער האָט ערקלערט די באַדייטונג פון דעם יום־טוב און ווי נייטיק עס איז פאַר די לאָדזשער אַרבייטער אים צו פייערן“. דער אויפרוף רעדט ווייטער אַרום די שרעק־געפילן, וואָס באַפאַלן יעדי־שע אַרבעטער ערב דעם ערשטן מאַי, צוליב דער דערמאָנונג פון פּאָגראָם פון 1892־טן יאָר און קלערט אויף, אַז אויב עס איז דאָ פאַר וועמען זיך צו היטן, איז דאָס נישט פאַר אַרבעטער, נאָר פאַר פּאָליציי און אַנדערע צאַרישע דינער.

„די פּראָקלאַמאַציאָנען האָבען געמאַכט אַ גרויסען ווירקונג. שבת פאַרן ערשטן מאַי האָבען זיך צונויפגעקליבן אין וואַלד הינ־טערן שטאָט ביי 300 אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן. אייניקע מער אַנטוויקלטע אַרבעטער האָבן געהאַלטן רעדעס פאַר דער מאַסע. מ'האָט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער. דאָס אַלעס האָט זייער באַגייסטערט די אַרבעטער. די באַגייסטערונג האָט דערגרייכט איר העכסטן גראַד, ווען אַלע האָבן גענומען זינגען די „שבועה“ און דערביי האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּרייט אַ רויטע פאָן, אויף וועלכער ס'זענען געווען אויפגעשריבן אונזערע פאָדערונגען“.

די דאָזיקע ערשטע מאַי־פייערונג, הגם קיין שטרייק איז נישט פאָרגעקומען, האָט געהויבן דעם מוט ביי די טוער און מיטגלידער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַן אומלעגאַלע פאַרזאַמלונג פון 300 מאַן מיט אַ רויטער פאָן פון „בונד“, דאָס האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם. משמעות, אַז די רויטע פאָן איז דאַן דעם ערשטן מאָל אויפגעהויבן געוואָרן אין לאָדזש צווישן ייד. אַרבעטער אויף יענער מאַי־פאַרזאַמלונג אין וואַלד. ביז דער פאַרזאַמלונג איז אין ערגעץ נישט נאָטירט אַ בונדישער אַרויסטריט מיט אַ רויטער פאָן אין לאָדזש.

די ווירקונג פון דער דאָזיקער מאַי־פייערונג איז אַריבערגע־גאַנגען די ראַמען פון דער אָרגאַניזאַציע. צווישן די אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן האָט זיך באַלד נאָכן ערשטן מאַי אָנגעהויבן אַ שטרייק־באַוועגונג.

„אונזער שטאָט, לייענען מיר אין דער „אַרבייטער שטימע“,

לעבט איצט איבער זייער א שלעכטע צייט... יעדער באנקראָט רופט זיך גלייך אָפּ אויף אונז ארבעטער, ווייסנדיק דאָס אַלעס, קאָן מען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אז עס זאָל מעגלעך זיין ביי אונז צו שטרייקן און נאָך אויספירן א שטרייק. דאָך, צייט נאָכן ערשטן מאַי האָט זיך אָנגעהויבן א רײ שטרייקן. איבערהויפּט שטרייקן וועבער.

„די וועבער האָבן געפאָדערט א העכערן לוין און האָבן אויסגעפירט. מען האָט זיי געהעכערט ווי 50, ווי 80 קאָפּ. א וואָך. אויסער ביי זיי, זענען פאָרגעקומען איינציקע שטרייקן אין די פאַבריקן. (עס האַנדלט זיך וועגן האַנט־וועבער־פאַבריקן, ווי יידישע ארבעטער זענען געווען באַשעפטיקט). כמעט אומעטום האָט מען אויסגעפירט אין גאַנצן. אין אַלע שטרייקן האָבן אָנטייל גענומען העכער 500 וועבער. א חוץ ביי וועבער האָט מען געשטרייקט ביי בײַנגלבעקער אין 4 בעקערייען. זיי האָבן זיך פארהעכערט פון 50 קאָפּ. ביז 1 רובל א וואָך און אפילו פארקירצט דעם ארבעטס־טאָג"*).

דער וווּקס פון דער באוועגונג און די שטרייק־אויסברוכן האָבן געפאָדערט א נענטערן קאָנטאַקט מיט דער מאַסע, וועלכע איז געשטאַנען מחוץ דער אָרגאַניזאַציע. דער איינציקער וועג דערצו אין יענע אומלעגאַלע צייטן איז געווען נאָך די „פּראָקלאַמאַציע", האָט טאַקע דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אויסגענוצט דאָס מיטל און אין אויגוסט חודש זענען ווידער ארויסגעגעבן געוואָרן 2 אויפרופן. איינער צו די וועבער־געזעלן אין 14 הונדערט עקזעמפּלאַרן און דער צווייטער צו אַלע לאָדזשער ארבעטער און ארבעטערינס אין 3000 עקז. די אויפרופן האָבן געהאַט זייער ווירקונג. עס איז נאָכדעם פאָרגעקומען א דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט קריסטן און יידן. 7 פּערזאָן זענען ארעסטירט געוואָרן**).

דאָס דאָזיקע רייכע טעטיקייטס־יאָר פון דער בונדישער אָר־

---

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 18, 1900 י.

**) דאָרט. וועגן דער דאָזיקער דעמאָנסטראַציע געפינען מיר נישט אין „דער אַרבייטער שטימע" קיין שום פּרטים.

גאניזאציע אין לאָדזש שליסט זיך אָפּ מיט אַ ריי שטרייקן אין כמעט אַלע פאַכן.

דער מצב פון די געזעלן, זמן־אַרבעטער און לערן־ייִנגלעך אין די בעל־מלאכהשע פאַכן איז דאַן געווען אַ שרעקלעכער. מ׳האָט געאַרבעט 18—20 שעה אין מעת־לעת. פון 4—5 אין דער פרי ביז 11—12 אין דער נאַכט, דאָנערשטיק אַ גאַנצע נאַכט, אויך שבת־צו־נאַכטס, ספּעציעל אין די לאַנגע ווינטער־אָוונטן, פלעגט מען אַר־בעטן. די אַרבעטער זענען אין גרעסטן רוב געווען ביי די באַלע־באַטים מיט עסן און שלאָפן, דאָס עסן איז געווען שלעכט, די וווי־נונג ענג און שמוציק און געשלאָפן איז מען אויף דער פּאָדלאָגע. נישט געקוקט אויף דער גרויסער האָרעוואַניע, זענען די פאַרדינסטן געווען קליין — 25 ביז 30 רובל אַ זמן, און דאָס האָט מען אויך נישט אויסגעצאָלט צו דער צייט. די שטרייקן האָבן דעם דאָזיקן מצב געענדערט.

די היטלמאַכער האָבן געשטרייקט 10 טעג און געוווּנען: „וואָכיקע שכירות, שבת־צו־נאַכטס נישט אַרבעטן, אויך האָבן די באַלעבאַטים איינגעוויליקט די חובות צו באַצאָלן. דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך פאַרקירצט. די באַלעבאַטים האָבן זיך שטאַרק גע־האַלטן קעגן די שטרייקנדע, זיי האָבן אחדות געמאַכט, אסיפות גע־רופן און באַשטימט נישט אונטערצוגעבן זיך. אָבער ווען זיי האָבן דערזען די אַרבעטער־אחדות, האָט זייער אייניקייט געפּלאַצט״*).

די טאָקאַרעס, אין דער צאָל פון 35—40 פּערזאָן, האָבן גע־שטרייקט 1 טאָג און געוווּנען וואָכיקע שכירות. טאַמבורירער — 14 אַרבעטער פון איין באַלעבאָס — האָבן געשטרייקט אַנדערט־האַלבן טאָג און געוווּנען, מ׳זאָל זיי אויסצאָלן פאַרלעגענע לוינען אויף 500 רובל. קלענערע שטרייקן זענען פאָרגעקומען ביי פּלוש־וועבער, שניידער, בייגל־בעקער און אין לוין־וועבערייען. אומעטום זענען די פאָדערונגען נאָכגעגעבן געוואָרן**).

---

*) דאָרט.
**) דאָרט.

צום ערשטן מאָל שטויסן זיך אין יענער צייט אָן די בונ־דישע טוער אין אַ ספּעציעל לאָדזשער יידישן אַרבעטער־פּראָבלעם, וועלכער איז געוואָרן ברענענדיק אַקטועל ערשט אין די שפּעטער־דיקע יאָרן — דאָס איז די פראַגע וועגן איבערגאַנג פון האַנט־וועבער אין די מעכאַנישע פאַבריקן.

מיר האָבן שוין פריער ציטירט דעם באַריכט, וואָס דער לאָ־דזשער סאָצ. דעמאָק. קאָמיטעט פון „בונד" האָט צוגעשטעלט דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָצ. קאָנגרעס אין פּאַריז אין 1900־סטן יאָר. פון דעם באַריכט איז קלאָר, אַז די בונדישע טוער האָבן אין יענער צייט נישט פאַרמאַכט די אויגן אויף דעם אמתן צושטאַנד, נאָר מיט דער גאַנצער שאַרפקייט אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דעם אונ־טערגאַנג פון דער האַנט־וועבעריי. די צייט איז נאָך נישט געווען קיין פּאַסיקע אויף צו פּרווון לעזן דאָס פּראָבלעם. קודם־כל זענען נישט געווען קיין שום מיטלען דערצו.

דער „בונד" האָט דעמאָלט, ווי אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהאַלטן, אַז דער איבערגאַנג פון יידישע האַנט־אַרבעטער אין די מעכאַנישע פאַבריקן, קאָן פאָרקומען, נאָר אין פאַרשטענדיקונג מיטן באַוווּסטזיניקן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט און נישט מיטן יידישן פאַבריקאַנט. ד. ה. אַזאַ אַקציע זאָל טראָגן נישט קיין נאַציאָנאַלן, נאָר אַן אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אין 1900־סטן יאָר איז עס ביי לאָדזשער באַדינגונגען נישט מעגלעך געווען. פּשוט דערפאַר, ווייל עס איז נישט געווען מיט וועמען זיך צו פאַרשטענדיקן. א חוץ דעם „בונד" איז אויפן לאָדזשער באָדן נישט געווען קיין שום סאָ־ציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל האָבן דעם מינדסטן איינ־פלוס אויף די מאַסן. אויסער דעם איז די גאַנצע אַרבעט פון די רע־וואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס און ממילא אויך פון „בונד" געגאַנ־גען אין דער ריכטונג פון צעשמעטערן דעם צאַריזם, וועלכער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון אַלדאָס בייז. אין דער ריכטונג זענען געווען געווענדט אפילו די עקאָנאָמישע שטרייקן. אַלץ איז געווען ווי אַ מיטל צו דעם גרויסן ציל: אַ פריי, דעמאָקראַטיש רוסלאַנד. ס'איז דעריבער נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו פאַרנעמען זיך מיט דעם, וואָס מיר רופן היינט איבערשיכטונג. אַן אַרבעט, וואָס

פאָדערט אַ סך געדולד, אויסדויער און גיט נישט אַזוי גיך קיין רעזולטאַטן.

אַ טראַכט געטון וועגן דעם און געפּרוּווט עפּעס ממשותדיקס טון אין דער ריכטונג, האָבן גראָד די יידישע בירגערלעכע עלעמענטן אין לאָדזש. דאָס הייסט נישט, אַז די יידישע פאַבריקאַנטן האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייער בויקאָט־פאַרברעכן לגבי יידישע אַרבעטער און געעפנט פאַר יידישע האַנט־וועבער די פאַבריקן. ניין, גראָד פאַרקערט, אין דער זעלבער צייט, ווי מיר וועלן ווייטער זען, האָבן יידישע אונטערנעמער געמאַכט פּרוּוון צו באַזייטיקן יידישע וועבער אַפילו פון די האַנט־וועבערייען און צונעמען אויף זייער אָרט נישט־יידן, וואָס האָבן געאַרבעט ביליקער. אויב ס'איז דאָך ביי ציוניסטישע טוער און ביים הרב מייזעל אין יענער צייט געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן אַ מעכאַנישע פאַבריק פאַר יידישע וועבער, איז עס נאָר אויסשליסלעך געווען צו פאַרדאַנקען דעם געוואַלטיקן וווּקס פון „בונד", וועלכער האָט וואָס ווייטער אַלץ מער באַקומען די השפּעה אויף די ברייטע יידישע מאַסן פון לאָדזש.

דער הרב מייזעל, דער פירער פון לאָדזשער יידישן בירגערטום, מיט וועלכן מיר וועלן ווייטער זיך נענטער באַקענען, איז געווען אַ דורכגעטריבענער, קלוגער רעאַקציאָנער. ער האָט געזען, ווי די „שעפעלעך" פון זיין עדה פאַרבלאָנדזשען, וואָס ווייטער אַלץ מער צו די „אחדות", האָט ער געפּרוּווט קעגנווירקן מיט „ליבעראַלע" מיטלען, דורך אָפּשוואַכן די פאַרברעכנס, וואָס די יידישע פאַבריקאַנטן זענען באַגאַנגען קעגן די יידישע אַרבעטער. מיט דער הילף פון ציוניסטישע טוער און אייניקע פאַבריקאַנטן, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַזאַ מעכאַנישע פאַבריק. דאָ האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן, פאַר וועלכן פּרייז די יידישע פאַבריקאַנטן ווילן שאַפן פאַר די יידישע וועבער אַ מעכאַנישע פאַבריק.

די מעכאַנישע פאַבריק האָט אָנגעהויבן טעטיק זיין אין זומער 1900־סטן יאָר. מתחילת איז געקומען צו קליינע אינצידענטן מיט די אַרבעטער. דער נומער 20 „אַרבייטער שטימע" גיט איבער:

„אונזערע ציוניסטן האָבן געגרינדעט אַ מעכאַנישע פאַבריק, וווּ זיי נעמען צו נאָר יידישע אַרבעטער. ערב ראש־השנה האָבן זיך

צוויי אַרבעטער אַנטזאָגט צו טון. דער פאַרוואַלטער האָט געשיקט נאָך פּאָליציי און מען האָט זיי אַרעסטירט. די איבעריקע אַרבעטער האָבן געוואָרפן די אַרבעט און זיי זענען אַוועק צו איינעם פון די גרינדער פון דער פאַבריק און האָבן געפאָדערט, מען זאָל באַפרייען זייערע חברים, אויב ניט, וועלן זיי שטרייקן. דער ציוניסט האָט זיך דערשראָקן, האָט גענומען מוסרן די אַרבעטער, דאָס עס איז אַ שאַנדע פאַרן ציוניזם, ווען זיי וועלן שטרייקן, ווייל מ'וועט גע־וויס וועגן דעם אין די ציטונגען שרייבן. ער האָט אָבער צוגעזאָגט צו באַפרייען די אַרעסטירטע און האָט דערמיט באַרואיקט די אַר־בעטער"*). די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פון דער מעכאַנישער פאַ־בריק האָט דערפירט צו אַן אמת־סקאַנדאַליעזער האַנדלונג בנוגע די אַרבעטער.

אין דער „אַרבייטער שטימע" נום. 22 האָבן מיר אַ גענויע באַשרייבונג וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער פאַ־בריק. דאָרט שרייבט זיך:

„...דער רב מייזעל (הער מייזעל, ער איז איבעראַל אַן איש נכבד און איז זייער אויסגענומען ביי פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע), האָט צוזאַמענגערופן די פאַבריקאַנטן ־ ציוניסטן און פאָרגעלייגט עטוואָס צו טון פאַר די ליידיקגייענדיקע, הונגעריקע וועבער און נישט וואַרטן, ביז זיי וועלן זיך נעמען פאַר „בונטן". אגב, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען זען די אַרבעטער צו דערווייטערן פון סאָציאַ־ליזם. אַזוי האָט מען געגרינדעט די דאַמף־פאַבריק. יעדער פאַברי־קאַנט־ציוניסט האָט געשטעלט אַהין עטלעכע שטולן און מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן.

„...פון אָנפאַנג איז די צאָל אַרבעטער אין פאַבריק געוועזן ביז 60; דורכאויס יידן. דער אַרבעטס־טאָג האָט זיך דאָ גע־שטעלט גלייך אַ גרעסערער, ווי אין אַנדערע פאַבריקן: פון 6 פרי ביז האַלב אַכט אָוונט. (אין אַנדערע פאַבריקן פון האַלב אַכט ביז 7 אָוונט). די שכירות זענען דאָ שרעקלעך קליין: דערוואַקסענע אַר־בעטער פאַרדינען פון 2 מיט אַ האַלב ביז 3 רובל אַ וואָך (אין אַנ־דערע פאַבריקן איז דער לוין דורכשניטלעך: 4 רובל מיט 50 קאָפּי־

*) „אַרבייטער שטימע" נום. 20, דעצעמבער 1900.

קעם אַ וואָך). פאַר יעדער קלייניקייט זענען געווען שטראָפן. אין גרויסע שטראָפן ביז 30, 40, 50 קאָפּיקעס אָפּט אַ וואָך. דערצו האָט מען גענומען געבן, אַליץ ערגערע סחורה צו אַרבעטן און דער פאַר־דינסט האָט זיך אָנגעהויבן נאָך מער צו פאַרקלענערן. די אַרבע־טער האָבן גענומען זוכן מיטלען, ווי אַזוי זיך צו פאַרבעסערן. זיי צו הילף זענען געקומען די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע „די אחדות־מענטשן", ווי מען רופט זיי ביי אונז. מען האָט געמאַכט עטלעכע פאַרזאַמלונגען. מען האָט זיך געשטעלט און געפאָדערט צו העכערן דעם לוין אויף 15 קאָפּיקעס פון שטיק. דער שטרייק האָט געדויערט 8 טעג. דער פּשרה־מאַכער צווישן די אַרבעטער איז געווען דער רוסישער אַרבעטס־אינספּעקטאָר, דער לוין האָט זיך געהעכערט ביז 10 ק. אויפן שטיק.

עס איז אַריבער נאָך 2 וואָכן און מען האָט ווידער גענומען רייסן דעם לוין. אין צייט פון שטרייק האָט איינער פון די פאַברי־קאַנטן, אַבראַניצקי, זיך אויסגעדריקט:

„די פאַבריק איז געמאַכט געוואָרן נאָר טרוקן ברויט צו געבן די אַרבעטער, קיין פּוטער קען איך נישט געבן און ווער עס וויל פּוטער, קען גיין ערגעץ אַנדערש".

„גלייך נאָכן שטרייק האָט מען אָנגעהויבן אָננעמען אין פאַ־בריק — קריסטן. איצט אַרבעטן שוין ביז 50. מיר לאָזן זיך נישט אַזוי רייסן, האָט מען אונז פאַרביטן אויף קריסטלעכע אַרבעטער"*).

די ציוניסטישע עסקנים מיט זייערע פילאַנטראָפּישע פאַברי־קאַנטן האָבן, ווי מיר זעען, נישט געקאָנט אַרויסשפּרינגען פון דער אייגענער הויט. זיי האָבן געוואָלט, אַז דער האַנט־וועבער זאָל זיי אָפּדאַנקען פאַר זייער „גוטס־טועריי" מיט אַ לענגערן אַרבעטס־טאָג און פאַרקלענערטן אַרבעטס־לוין, ווען די יידישע אַרבעטער האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, האָבן די ציוניסטישע כּלל־פאַרזאָרגער די ערשטע יידישע מעכאַנישע פאַבריק באַזעצט מיט נישט־יידישע אַרבעטער. אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער פּרוּוו פון ציוי־ניסטישע עסקנים צו מעכאַניזירן די יידישע האַנט־וועבער.

---

*) „אַרבייטער שטימע" נומ. 22, מערץ 1901.

VII

# קאַמף צווישן אַרבעטער און אונטערוועלט

דער טויט פון משה קאָנאָפּניצקי (מייזעלס). — די העצע פון די פּרומאַקעס קעגן די „אַחדותי׳׳.—די ראָל פון הרב מייזעל.—מעסער־שטעכער־באַנדעס באַפאַלן די אַרבעטער. — די מעשים פון די מוסרים. — שרעקלעכע אַכזריות אין די צאַרישע צירקלען קעגן די יידישע אַרבעטער. — דער העלדישער ווידערשטאַנד. — הונגער־שטרייקן אין דער לענטשיצער תפיסה. — ערשטער פּאָליטישער שטרייק. — די „ווייכקייט׳׳ פון דער צאַרישער מאַכט.

דאָס יאָר 1901 געהער אין דער געשיכטע פון לאָדזשער „בונד׳׳ צו די שטאַרקסטע קאַמפּס־יאָרן פון דער „שטילער צייט׳׳. אין דעם יאָר האָט דער „בונד׳׳ דערגרייכט זייער אַ הויכע מדרגה אין זיין אומלעגאַלער טעטיקייט און צוליב דעם אויפגעהויבן קעגן זיך די גאַנצע יידישע און צאַרישע רעאַקציע. דער גאַנצער צאַרישער אַפּאַראַט, פּאָליציאַנטן, זשאַנדאַרמען, קאָזאַקן האָבן זיך געוואָרפן אויף דער בונדישער באַוועגונג. זיי צוהילף זענען געקומען געוויסע יידן, פרומע לייט, אונטערנעמער, וועלכע האָבן מיט מסירה צוגעהאָלפן דעם צאַרישן פּאָליציי־אַפּאַראַט אין קאַמף קעגן די „אַחדות׳׳. ס׳האָט זיך אויך אויפגעהויבן די יידישע אונטערוועלט: גנבים, מעסער־שטעכער, אַלפאָנסן א. אַז. וו., וועלכע האָבן זיך פאַרקויפט צום יידישן קלער און גבירים, כדי זיי צו העלפן אין זייער הייליקער פאַרטיליקונגס־מלחמה קעגן די צעבונטעוועטע יידישע מאַסן. דער „בונד׳׳ איז אָבער פון די אַלע קאַמפן ווידער

ארויס אַ זיגער און געשטאַרקט הן זיין אַנזען, הן זיין אָרגאַני־
זאַציע.

אין מערץ־חודש איז אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פּאַרגע־
קומען אַ געשעעניש, וואָס האָט ארויסגערופן אַ טיפן טרויער בײַ
אַלע בונדיסטן און גלייכצייטיק אויפגעהויבן קעגן „בונד" די גאַנ־
צע יידישע רעאַקציע און די העלדן פון דער „אונטערוועלט". עס
איז געשטאָרבן אַן אַרבעטער פון מייזעלס פאַבריק, משה קאָנאָפּניצ־
קי, וועלכער האָט זיך אין דער פּאַרטיי גערופן משה מייזעלס.

משה מייזעלס איז געווען פון די פּיאָנערן פון „בונד" אין
לאָדזש און געהאַט די אַלע מעלות פון די ערשטע בויער פון בונד:
אַ האַרציק־איבערגעגעבענער חבר, וועלכער איז גרייט געווען צו די־
נען נישט נאָר דער בונדישער אידעע, נאָר יעדן חבר מיט האַרץ
און נשמה. אַ סך געלייענט און געלערנט. ציוניסטן האָבן זיך באַ־
מיט אים אַריינצובאַקומען אין זייערע רייען, אָבער משה מייזעלס
איז געגאַנגען צום סאָציאַליזם, צום „בונד". וועגן משה מייזעלס
שרייבט זיין צייט־חבר, יודל בוכבינדער:

„חבר משה קאָנאָפּניצקי איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל
באָבראָשיץ (בײַ סטערדעוו) אין 1879־סטן יאָר בײַ זייער פרומע
עלטערן. דער פאָטער זיינער האָט געהאַט אַ בראָנפן־ברויז. צו 6 יאָר
האָט ער פאַרלוירן דעם פאָטער. צו 10 יאָר זעען מיר אים שוין אַלס
לערן־ייִנגל בײַ אַ וועבער און צו 13 יאָר איז ער שוין אַ לוין־וועבער
בײַ זיך אינדערהיים.

אַלט זייענדיק 17 יאָר (ארום 1897), קומט ח' משה נאָך
לאָדזש און באַלד פאַלט ער אַרונטער אונטער דער השפּעה פון
ח' משה לייב לעווקאָוויטש — דעם פּיאָנער פון דער יידישער אַר־
בעטער־באַוועגונג אין לאָדזש און משה מייזעל ווערט אַריינגעצויגן
אין דער פּיאָנערן־אַרבעט פון „בונד"*).

אין די ווינטער־חדשים פון 1900—1901 האָט אין לאָדזש גע־
הערשט טיפוס, אַן עפּידעמיע, וואָס איז געווען אַן אָפטער גאַסט

*) „פאָלקסצייטונג", ל. זייט, נומ. 165, 1936, יודל ראָזען (יודל בוכבינדער): „די ערשטע בונדישע דעמאָנסטראַציע אין לאָדזש", צום 35־סטן יאָרצייט פון ח' משה מייזעלס (קאָנאָפּניצקי).

אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן, ספּעציעל אין באַלוט. אַלס קרבן פון דער עפּידעמיע איז געפאַלן אויך ח' משה מייזעלס. די בונדיסטן האָבן פאַרוואַנדלט זיין לויה אין אַ דעמאָנסטראַציע. אין דער „אַר־בייטער שטימע" לייענען מיר וועגן דעם טויט און לויה פון ח' משה מייזעלס:

„משה מייזעלס איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל פון טיפוס.

„...צו זיין לויה האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן העכער 2000 מאַן, אין גרעסטנטיילס וועבער, דורכאויס יידן. ווען עס וואָלט געוועזן צייט אָנצוזאָגן, וואָלט אַ סך מער געוועזן. אונטערן שטאָט האָט מען אַרויסגענומען די מטה פון אָרון און געטראָגן אויף זיך ביזן בית־עולם. אויפן בית־עולם האָט איין אַרבעטער ביים אָפענעם קבר געהאַלטן אַ רעדע.

„די דעמאָנסטראַציע האָט שרעקלעך אויפגערעגט די לאָדזשער פאַבריקאַנטן און לוין־וועבער, אויף אַזאַ אחדות צווישן זייערע אַר־בעטער האָבן זיי זיך גאָרנישט געריכט; זיי האָבן גענומען מסרן פאַר פּאָליציי, וועלכע האָט אָנגעהויבן אַרעסטירן אָן שאלות, וועמען זי האָט נאָר געכאַפּט, אין אַ פּאָר טעג האָט מען פאַרהאַלטן ביז הונדערט מאַן"*).

וועגן דעם טויט און לויה פון ח' מייזעלס שרייבט נאָך ח' יודל ראָזען:

„באַלד, ווי די ידיעה וועגן טויט פון ח' משה מייזעלס איז אָנגעקומען, האָבן מיר, אַ גרופּע חברים, אויפן אָרט — אין דער טשיינע — זיך באַראַטן וועגן דער לויה. ח' חיים קאַמאַשנמאַכער, וועלכער איז אַליין אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וואַרשע פאַר אָנטייל־נעמען אין אַ דעמאָנסטראַציע, האָט געוואָרפן דעם געדאַנק וועגן איינאָרדענען אַ לויה־דעמאָנסטראַציע. ח' מאַקס טישלער (מרדכי אייבערט), חיים קאַמאַשנמאַכער און איך האָבן זיך גענומען איינ־אָרדענען די לויה.

„ביים אָפענעם קבר האָט דעם חבר געזעגנט „דער שוואַרצער הערש־לייב" און אין געשלאָסענע רייען מיט רעוואָלוציאָנערע לי־דער האָבן מיר זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין. אויפן וועג איז

*) „אַרבייטער שטימע" נומ. 22, 1901.

אונז אקעגנגעקומען פּאָליציי מיט קאָזאַקן און די דעמאָנסטראַציע פאנאנדערגעטריבן.

„די לויה האָט געמאַכט אין שטאָט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק און אויפגעברויזט דאָס גאַנצע יידישע געמויזעכטס קעגן די „לאָ־בּוזעס". די „אחדותניקעס", וועלכע שטייען אויף נישט נאָר קעגן קייסער, נאָר אויך קעגן גאָט.

„עס האָט געקאָכט און געברויזט, ווי אין אַ קעסל. אין אַלע חברות, שטיבלעך, שולן און בתי־מדרשים האָט מען געהאַלטן אין איין רעדן וועגן דער אומדערהערטער געשעעניש.

„דעם זעלבן שבת־צו־נאַכטס איז פאָרגעקומען וועגן דעם אַ גרויסע אסיפה ביים לאָדזשער רב מייזעל. אין דער אסיפה האָבן זיך באַטייליקט די גאַנצע כלי־קודש און פיל קהלשע קאָכלעפל".

„...אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך באַוויזן חסידישע יונ־געלייטלעך, וועלכע האָבן גענומען נאָכקוקן און נאָכגיין יעדן פאַר־דעכטיקן אַרבעטער. דעם רבס שפּיאָנען — ווי מ'האָט זיי באַלד אָנגעהויבן רופן — זענען אָבער געווען אַזוי אַמעראַצעדיק און אימגעלומפּערט, אַז עס איז מיט זיי פאָרגעקומען פיל קאָמישע אינ־צידענטן. מער ווי איינער פון זיי האָט געקריגן אָנגעבראָכן די ביינער*).

דער דאָזיקער פאַקט פון אָנשליסן זיך פון יידישן קלער, פרומע לייט און סתם גבירים צוזאַמען מיט הרב מייזעל אָן דעם קאַמף, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט געפירט קעגן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, איז אָפּגעלייקנט געוואָרן מצד די יידישע בירגערלעכע

---

*) „נייע פאָלקסצייטונג" ל. זייט, נומ. 166, 1936, יודל ראָזען (יודל בוכבינדער): „די ערשטע בונדישע דעמאָנסטראַציע אין לאָדזשי", צום 35־סטן יאָרצייט פון חי משה מייזעלס (קאָנאָפּ ניצקי).

אויך פּעפּעסישע קוועלן דערציילן וועגן דער לויה־דעמאָנ־סטראַציע. אין די מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון פּ. פּ. ס., 2־טער באַנד, זייט 163 ווערט אָנגעגעבן די צאָל באַטייליקטע אין דער לויה 15 הונדערט פּערזאָן, וועלכע האָבן מיט רעוו. לידער אָפּגעפירט דעם מת אויפן בית־עולם.

הרייזן. דער פאַקט לאָזט זיך אָבער נישט אַפּליקירן, ווייל אים גע־
דענקען אַלע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעמאָל־
טיקער באַוועגונג.

ה' סוכער אַבראַמאָוויטש, אַ בונדיסט פון יענער צייט, היינט
אין אַמעריקע, וועמענס נאָמען (שווארצער סוכער) גייט אַרום ווי
אַ לעגענדע צווישן די אַלטע וועבער, שרייבט אין זיינע זכרונות:

„דעם זעלבן יאָר איז געשטאָרבן חבר מייזעל. זיין לויה איז
פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע. אַלע אַרבעטער
האָבן געוואָרפן די אַרבעט, אום צו באַטייליקן זיך אין דער לויה.
אויפן בית־עולם האָט געדעדט הערש לייב, משה לייב און איינע
פּאָניע פון ביאַליסטאָק. די שטימונג איז געווען אַן ערנסטע, דאָך
איז פאָרגעקומען אַ קליינער קוריאָז. אין איר רעדע האָט סאָניע די
ביאַליסטאָקערין געזוכט צו דערקלערן, אַז ה' מייזעל איז נישט גע־
שטאָרבן, נאָר זיין גייסט איז אויסגעגאַנגען, עס האָט זיך אָפּגע־
שטעלט די עלעקטריציטעט. די פרומע האָבן פון דעם גערדונגען,
אַז די „אַחדות" (אַזוי האָבן די מאַסן דאַן גערופן דעם „בונד")
זענען קעגן גאָט.

„פאַרשטייט זיך, אַז די פרומאַקעס זענען געווען אָנגעשטויסן
אויפן „בונד" און די גאַנצע „שיינע געזעלשאַפט": די גנבים, לאָ־
בוזעס און אין אַלגעמיין די גאַנצע אונטערוועלט האָט נישט גע־
קאָנט פאַרגעבן די „אַחדות" זייער אַפּיקורסות"*).

ווי מיר זעען, באַשטעטיקן אַלע קוועלן, אַז די לויה־דעמאָנ־
סטראַציע פון ה' משה מייזעלס האָט געגעבן אַ פּרעטעקסט די פרו־
מע יידישע גבירים און אונטערוועלט צו באַפאַלן דער יונגער יידי־
שער אַרבעטער־באַוועגונג. הגם ה' סוכער אַבראַמאָוויטש מאַכט
אַ טעות בנוגע דעם יאָר. ער שרייבט, אַז עס איז פאָרגעקומען אין
1900 און האָט געענדערט עטוואָס דעם נאָמען פון משה מייזעלס
אויף מייזעל, אָבער דעם עצם פאַקט באַשטעטיקט ער: נאָך משה

---

*) סוכער אַבראַמאָוויטש: זכרונות, „לאָדזשער אַלמאַנאַך",
אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 25־יעריקן יובילײ פון לאָדזשער בראָנטש.

מייזעלס לויה האָבן די פּרומאַקעס און די אונטערווועלט אָנגעהויבן באַפאַלן דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

דער פאַקט, וואָס עס דערציילט ח' יודל ראָזען, אַז וועגן דער לויה איז פאָרגעקומען אַ ספּעציעלע אַסיפה ביים הרב מייזעל מיט דער באַטייליקונג פון צאַרישע מאַכט־האָבער, ווערט פון קיין שום אַנדערע קוועלע נישט דערמאָנט. עס איז אָבער קלאָר, אַז ביי דער ראָל, וואָס דער הרב מייזעל האָט געשפּילט אין לאָדזש, ביי זיין נאָענטקייט מיט דער צאַרישער מאַכט, ביי זיין קאָנסערוואַטיווקייט און רעאַקציאָנערישקייט, אַז ער זאָל אָנווענדן אַלע מיטלען צו דער־שטיקן די אַפּיקורסיש־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג ביי די יידישע אַרבעטער.

איבעריקנס איז עס בכלל נישט געווען קיין נייעס, אַז דער יידישער קלער מיט די גבירים זאָל העלפן דער צאַרישער מאַכט אין קאַמף קעגן די יידישע סאָציאַליסטן. עס איז געווען די צייט פון ר' עקיבהלע פון פאַלטאַווע און פון ר' וועלוול פון גראָדנע, וועלכע האָבן „פאָרגעלייגט צו מאַכן יד אחת מיט דעם צאַריזם, אַרויסצוגעבן אַלע פּאָליטישע פאַרברעכער און אויסצושליסן זיי מכלל ישראל*).

ביי אַזאַ שטעלונג פון קלער איז נאַטירלעך, אַז הרב ר' אליהו חיים מייזעל האָט נישט געקאָנט זיין קיין אויסנאַם. דאָס אַלץ, וואָס ווערט באַשריבן אין דער „אַרביטער שטימע" און אין אַנ־דערע סאָציאַליסטישע אויסגאַבן וועגן לאָדזשער רב מייזעל, דאַרף מען אָננעמען פאַר היסטאָרישע פאַקטן.

פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון לאָדזשער רב איז נויטיק צו־צוגעבן נאָך איין פאַקט, ביי וועלכן דער שרייבער פון די שורות איז געווען אַן עדות.

אין 6־טן יאָר, אין איינעם אַ טאָג, בעת דער רב ר' אליהו חיים מייזעל האָט אויפגענומען ביי זיך פאַרשידענע יידן, וואָס זענען געקומען מיט בקשות, ווענדונגען א. אַז. וו., זענען צווישן

---

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 35, 1903, „פון פּראָלעטאַ־רישן לעבן און קאַמף".

די אַנוועזנדע אויך געוועזן צוויי באַלעבאַטיש־געקליידעטע יונגע־לייט, אין געהאַקטע יופּיצלעך, קליינע טוכענע היטעלעך, ווייסע אומגעלייגטע קראַגנס און אין ברילן. דער רב האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע אַנוועזנדע און גלייך געפרעגט זיך אויף די יונגעלייט:

— וואָס ווילן די יידן?

— מיר ווילן עסן, — האָבן די יונגעלייט דרייסט געענטפערט.

— מילא, איר ווילט עסן, גייט אַריין אין שטוב, וועט מען אייך געבן צו עסן.

— ניין, נישט אַזאַ עסן ווילן מיר — האָבן די צוויי יונגע־לייט אָנגעהויבן אין אַן אויפגערעגטן טאָן — רבי, איר האָט אונז צוגענומען אונזער ברויט. מיר זענען באַהעלפערס. מיר קומען אין נאָמען פון אַלע באַהעלפערס אין די חדרים. איר, רבי, האָט באַפוילן, מ׳זאָל אונז אַרויסוואַרפן פון אונזערע פּאָסטנס. מ׳האָט צו־גענומען אונזער ברויט.

דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, איז דאָס קליינע, גראָע יידל מיט די מילדע, ווייכע אויגן אויפגעשפּרונגען, און מיט אַן אויסערגעוויינלעך קול, וואָס האָט זיך גאָרנישט צוגעפּאַסט צו זיין קליינער פיגור, האָט ער גענומען שרייען:

— שקצים, לאָבוזעס, אַרויס פון מיין שטוב! באַהעלפערס זענט איר, גויים. „טשערוואָני שטאַנדאַר״ האָט איר אויסגעלערנט די קינדער, אָנשטאָט „מודה אני״, קיינער פון אייך וועט די שוועל פון קיין חדר מער נישט איבערטרעטן!

די „בעלפער״־דעלעגאַציע האָט נאָך געוואָלט עפּעס רעדן, פאַרטיידיקן זיך, נאָר דעם רבס לייט האָבן זיי אַרויסגעשטופּט פון שטוב.

די סיבה פון דעם הייליקן צאָרן, וועלכער האָט זיך אָנגע־צונדן אין דעם מנהיג פון דער לאָדזשער קהלה איז געוועזן, ווייל די באַהעלפערס אין די חדרים, וועלכע זענען באַהאַנדלט געוואָרן ערגער, ווי קנעכט, געווען אונטערגעוואָרפן קלעפּ און באַליידיקונ־גען פון מלמד, האָבן זיך געפּרוּווט אָרגאַניזירן אין אַ פאַריין. דער

הרב מייזעל, וועלכער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָט געהייסן אַרויסוואַרפן אַלע באַהעלטערס פון די חדרים.

*

גלייך נאָך דער דעמאָנסטראַציע, בעת דער לויה פון ח׳ משה מייזעלס, האָבן, ווי שוין דערמאָנט, זיך אָנגעהויבן אַ ריי אַרעסטן. מ׳איז באַפאַלן יידישע אַרבעטער אויפן גאַס. מ׳איז אַריין אין אַרבעטער־וווינונגען, אויף וועלכע יידישע פרומע מוסרים האָבן אָנגעוויזן און אַרעסטירט די „אחדות״, וועלכע מ׳האָט אין די צאַרישע צירקלען (קאָמיסאַריאַטן) שרעקלעך געפייניקט. הבר בע־ריש קורביץ דערציילט וועגן די אַרעסטן אין זיינע נישט־פאַרעפנט־לעכטע זכרונות:

„צומאָרגנס נאָך דער לויה, שבת, אינדערפרי, האָט אין מיין שטוב געזאָלט פאָרקומען אַ זיצונג פון אייניקע חברים. צום גליק האָט זיך פּאָליציי געפעדערט און נאָך פריער אָפּגעשטאַט מיר אַ וויזיט. מיין מיטוווינער, וועלכער איז אָנגעקומען בעת דער רע־וויזיע, האָבן שוין שכנים געוואָרנט, ער זאָל נישט אַריינגיין אין שטוב. אַזוי אַרום איז ער און אַנדערע חברים ניצול געוואָרן פון אַרעסט.

„מיך האָט מען אָפּגעפירט אין צירקל, דאָרט האָב איך שוין געטראָפן פיל אַרבעטער, וועלכע מ׳האָט צוגענומען פון שטובן אָדער פון גאַס, אין שייכות מיט דער נעכטיקער לויה. וועגן דער לויה האָבן פרומע לייט פאַרשפּרייט אין דער שטאָט די ווילדסטע קלאַנגען, אַז מ׳האָט געפירט דעם מת ביי די הענט, אַז מ׳האָט אָנגעטון אַ הונט אַ פּאָר תפילין א. אַז. וו. אין שטאָט האָט מען געשמועסט, אַז דער לאָדזשער רב, וואָס איז געוועזן דעמאָלט אַ רע־גירונגס־מענטש, האָט געהייסן די „אחדות״ אָנלערנען און פּאָלי־ציי האָט טאַקע אויסגעפירט זיין פאַרלאַנג.

„אַזוי ווי מיר זענען געוועזן אין צירקל, איז אַריינגעקומען דער פּריסטאַוו און גלייך זיך צערעוועט מיט דעם עכט־צאַריש; „יעמוד״ אין דער מאַמען אַריין, און געדראָט: „איר אחדות,

איך וועל אייך ווייזן". ער איז גלייך צו צום טעלעפאָן און געהייסן זיך צושיקן קאָזאַקן.

„עס האָט נישט לאַנג געדויערט און באַלד האָט זיך גע־הערט דאָס קלאַפּן פון פערדישע פּאָדקאָוועס. דאָס טויער פון צירקל האָט זיך געעפנט און די קאָזאַקן זענען אַריינגעריטן. מ'האָט גענומען יעדן אויסרופן ביים נאָמען און אַרויסגעפירט. אויך מיך האָט מען גערופן, פאַרשריבן, ווי איך הייס, פון וועלכער שטאָט איך שטאַם און מיך אַרויסגעפירט אויפן צירקל־הויף. אַ קאַלטער שווייס האָט באַדעקט מיין לייב. איך האָב דערזען, וואָס מיך דער־וואַרט.

„אין צוויי רייען זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט די קאָ־זאַקן, איינע קעגן די אַנדערע און אינדערמיט איז געווען אַ „פרייער" דורכגאַנג. אַ סטראַזשניק האָט מיך אַ שליידער אַריין געגעבן צווישן די קאָזאַקישע רייען און געשריגן מיט חוזק: „לויף, יידל, וועט דיר לייכטער זיין". פוןביידע רייען האָבן זיך גענו־מען שיטן אויף מיין קערפּער נאַגייקעס. די ברענענדיקע קלעפּ זע־נען געפאַלן אויפן קאָפּ, איבערן פּנים, פּלייצע, ווו זיי האָבן נאָר געטראָפן. איך האָב נישט געשריגן, נאָר מיט פאַרקריצטע ציין אַדורך די „בראַנד". דער סטראַזשניק, וואָס האָט מיך אָפּגעוואַרט אויף יענער זייט פון דער „בראַנד", האָט מיך געכאַפּט, ווי אַ שפּיל־באַלעם און אַ שליידער אַריין געגעבן אין דער קאַמער. איך בין שוין געווען אָפּגעמשפּט..."

אזוי האָט די צאַרישע מאַכט זיך נוקם געווען אין די „אחדות" פאַר באַגלייטן צו אייביקער רו זייערס אַ חבר און ווען מיר לייענען די שילדערונגען פון יענער צייט, ווען מיר הערן די זכרונות פון עלטערע אַרבעטער, ווערט קלאָר, ווער ס'האָט מיטגע־האָלפן דאָן דער צאַרישער פּאָליציי אין איר אַכזריות קעגן די יידישע אַרבעטער. ביי דעם גאַנצן גוט־אָרגאַניזירטן שפּיאָנאַזש־אַפּאַראַט פון דער „אָכראַנע" (פּאָליטישע אויספאָרשונגס־פּאָליציי), וואָלט פאָרט אוממעגלעך געווען דורכצופירן אַזאַ גרויסן אַרעסט צווישן די אַרבעטער, ווי דער, וואָס איז געווען נאָך דער לויה פון ח' משה מייזעלס. ס'איז דעריבער אויסער יעדן צווייפל, אַז

די האַנט פון די פרומע לייט האָט אָנגעוויזן, ווען מ'דאַרף אַרעסטירן.

מיט די פייניקונגען אין די צירקלען האָט זיך נאָך נישט גע־ענדיקט די שטראָף פאַר די „אחדות". די צאַרישע מאַכט האָט קעגן די אַרבעטער געהאַט נאָך אַ מיטל, וואָס מ'האָט גערופן „טראַנספּאָרט" (גיין מיטן עטאַפּ). דער גרעסטער טייל יידישע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאָדזש, זענען געווען צו־געפּאָרענע פון דער פּראָווינץ. ביי דער צאַרישער מאַכט האָבן זיי זיך דעריבער גערעכנט פאַר פרעמדע און מ'האָט זיי געקאָנט אַרויס־שיקן פון לאָדזש, ווען מ'האָט געוואָלט. אויך די אַרעסטירטע אין שייכות מיט דער לויה האָט מען אָפּגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט. ח' בערישל שרייבט וועגן דעם טראַנספּאָרט אין זיינע זכרונות:

„אין אייניקע טעג אַרום האָט מען מיך אַוועקגעשיקט אין פּאָליציי־אַרעסט און פון דאָרט אַהיימגעשיקט מיטן „טראַנספּאָרט". צו גיין מיטן „טראַנספּאָרט" איז אויך נישט געווען פון די לייכ־טע זאַכן; מ'האָט געמוזט אַרומשלעפּן זיך אין אַ סך תפיסות, אָנ־באַלאַנג, ווי ווייט עס איז געווען צום געבורטס־אָרט און דעם גאַנצן וועג גיין געשלאָסן אין קייטן, ווי דער ערגסטער פאַרברע־כער. אויב מ'האָט נאָך אָנגעטראָפן אויף אַ שמירה פון סאַדיסטן, איז מען נאָך אַהיימגעקומען מיט אַ צעשאַטקעוועט לייב".

פאַר די געבוירענע אין לאָדזש איז אויך געווען אַ מין „טראַנספּאָרט". מ'האָט דעם פּאָליטישן אַרעסטאַנט געפירט אי־בער אַלע קאָמיסאַריאַטן אין דער שטאָט אויפן זעלבן אופן, ווי מיטן טראַנספּאָרט. יעדע פאַר נעכט איז מען געשלאָפן אין אַן אַנ־דער „קאָזע".

די יידישע אַרבעטער זענען, פאַר זייער באַטייליקן זיך אין דער לויה, נישט אָפּגעקומען בלויז מיט אכזריות פון דער צאַרי־שער מאַכט. בעת די צאַרישע פאַרפאָלגונגען זענען אַרויס פון זייערע קנייפּעס די יידישע דעק־עלעמענטן און ווי ווילדע חיות זיך געוואָרפן אויף די „אחדות"־בונדיסטן.

די דאָזיקע קאַמפן מיט דער אונטערוועלט, וועלכע זענען פאָר־געקומען אין אָנהויב פון דער בונדישער באַוועגונג אין כמעט אַלע

שטעט פון בונדישן ראיאָן, האָט אין לאָדזש אַלס, רעזולטאַט פון דער לויה, אָנגענומען אַ ספּעציפישן כאַראַקטער. און פאַרענדיקט געוואָרן ערשט אין 1902־טן יאָר.

די ערשטע מאַי־פייערונג אין דעם יאָר איז אַדורך זייער בלאַס. די אַלגעמיינע אויפטרייסלונג דורך דעם באַליבטן חברס טויט, זיין לויה און די רעפּרעסיעס האָבן אָפּגעשוואַכט די פאַר־באַרייטונגען צום ערשטן מאַי. און די פייערונג פון אַרבעטער־יום־טוב איז דעריבער אַדורך כמעט ווי אומבאַמערקט. „אין לאָדזש איז קיין דעמאָנסטראַציע נישט געווען. אויף פּיעטריקאָווער גאַס איז נאָר צו זען דעם 28־סטן אַפּריל זייער פיל פּאָליציי און שפּיאָ־נען" — באַריכטעט „די אַרבייטער שטימע" נום. 24, 1901.

די פּ. פּ. ס. האָט צום ערשטן מאַי פון דעם יאָר געפּרוווט איינאָרדענען אַ דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט זיך נישט איינגע־געבן. דער „פּזשעדשוויט" נומ. 7 פון יאָר 1901 דערציילט וועגן דעם פּרווו:

„אין אָוונט דעם 25־סטן אַפּריל האָט מען פאַנאַנדערגעוואָרפן און פאַנאַנדערגעקלעפּט אין דער גאַנצער שטאָט קאַרטלעך מיט דער אונטערשריפט פון לאָדזשער אַרבעטער־קאָמיטעט פון פּ.פּ.ס., וועלכע האָט באַשטימט אַ מאַניפעסטאַציע אויף דעם 28. אַפּריל 5 נ. מ. אַלס זאַמלפּונקט איז באַשטימט געוואָרן ראָג פּיעטריקאָ־ווער און דזשעלנע.

„...עס איז געקומען צופאָרן גובערנאַטאָר מילער. מ'האָט גע־בראַכט קאָזאַקן. די הויז־וועכטער האָבן באַקומען ספּעציעלע פאַר־אָרדענונגען... זונטאָג 4 אַזייגער האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן די דראָזשקעס. דאָס בורזשואַזע פּובליקום האָט זיך גענומען אָפּ־רוקן און עס האָבן אָנגעהויבן זיך זאַמלען גרופּן אַרבעטער. די אַרבעטער־מאַסן זענען געוואַקסן, וואָס ווייטער אַלץ מער און באַלד פאַרגאָסן די גאַנצע פּיעטריקאָווער גאַס. צווישן די שפּאַצירנדע זענען אויך געווען אַ סך יידישע חברים. מיר האָבן אַרויסגעגעבן אַ יידישן אויפרוף. צו קיין דעמאָנסטראַציע איז דאָך נישט גע־קומען.

די נאָך מאַי־אַרבעט איז אַוועק אויף די אַלטע, שוין־אויס־

געטרעטענע וועגן: פאַרזאַמלונגען אין די וועלדער, צוזאַמענטרע־פונגען אויף דער בערזע אויפן שול־הויף, ווו מ׳האָט געטיילט לי־טעראַטור, אין שטרייקן און אַקציעס אין די פאַבריקן און ווערק־שטאַטן.

די פּאָליציי איז נישט געשלאָפן און ווייטער געפירט דעם קאַמף מיט די „אחדות״. ח׳ יודל ראָזען (בוכבינדער) דערציילט וועגן דער דעמאָלטיקער פּאַרטיי־אַרבעט אין זיינע נישט־פאַרעפנט־לעכטע זכרונות:

„אין מאַי 1901 איז אָנגעקומען ליטעראַטור פון צ. ק.: „די אַרבייטער שטימע״, דער אָרגאַן פון בערשטער־בונד „דער וועקער״. די ליטעראַטור איז אָנגעקומען אויף עקספּעדיציע און דער חבר חיים רויטמאַן האָט פאַרזעצט זיין ווינטער־פּאַלטן אין לאָמבאַרד, כדי צו קאָנען אויסלייזן די ליטעראַטור. דער אייגענער חבר האָט שוין זיין פּאַלטן נישט אויסגעלייזט, ווייל מ׳האָט אים אַרעסטירט, בעת ער האָט אַוועקגעטראָגן אַ פּעקל בלעטלעך נאָך באַלוט. עס איז אויך אַרעסטירט געוואָרן מאַקס טישלער (מאַקס אייבערט). ביידע האָבן באַקומען אַנדערטהאַלבן יאָר תפיסה און שפּעטער פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר.

„אין שייכות מיטן בעקער־שטרייק, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען, איז אַרעסטירט געוואָרן יעקל בעקער, שמואל בעקער און יעקל פּאַקולאַ, וועלכער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין אוטשאַסטאַק.ביים פאַנאַנדערטיילן דאָס בלעטל וועגן דער דערמאָרדונג פון פּאַקולאַן זענען אַרעסטירט געוואָרן יודל ראָזען (בוכבינדער), געלאָזט אַרעסטירן האָט אים אַ מייסטער פּנחס ליבערמאַן. די אַרעסטירטע זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן נאָך לענטשיץ. דאָ זענען געזעסן עטלעכע פערציק פּאָליטישע פון „בונד״ און פּ. פּ. ס. צווישן זיי אויך חבר ריבלינסקי. דער „דזשאַדעק״ ריבלינסקי איז דעמאָלט געווען אַן אָנגעזעענער פּעפּעסישער טוער.

אין דער אייגענער צייט איז פאָרגעקומען אַן איבערפאַל אויף אַ פאַרזאַמלונג אין וואַלד. וועגן דעם איבערפאַל דערציילט אין זיינע זכרונות ח׳ ס. שעלי. דער מחבר פון די זכרונות, וועלכער איז היינט אין אַמעריקע, קאָן נישט פעסטשטעלן דאָס יאָר, ווען די

פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען — 1900 אָדער 1901. פון די פערזאָנען אָבער, וועלכע האָבן, לויט די זכרונות, זיך באַטייליקט אין דער פאַרזאַמלונג, האָט דאָס געמוזט פאָרקומען נאָר אין 1901.
די באַשרייבונג פון חבר שעלי איז טאַקע אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס מיר באַקומען די נעמען פון חברים, וועלכע זענען טעטיק געוועזן אין דער באַוועגונג. חבר ס. שעלי דערציילט:

„שבת 6 פאַרטאָג האָט שוין סרולקע*) געוואַרט אויף מיר אין פראָנט פון קאָנסטאַנטינער וואַלד. מיר גייען. די וואַך, וואָס איז געוועזן אויסגעשטעלט צו ווייזן דעם וועג, האָט אים שוין גוט געקענט און מ'האָט אונז געהאַלטן אין איין ווייזן צו גיין ווייטער. גייענדיק, האָבן מיר יעדעס מאָל באַגעגנט אַנדערע, זיצנדיק צווישן די קוסטעס און סרולקע האָט מיר אויסגערעכנט: „זעסט, דאָ זיצט יעקל קאַציק, פערל לאה, ברוך לייב פאָניע (פאָדגאָראָוויטש), דער קליינער שלמהלע, משה באָסיאַק, רעלע (רעלע פּיליצער, די גרויסע הינדע, יצחק פרידמאַן, יאָסל פאָניע (קאַוויאָר), כמעט אַלע פון זיי זענען איצט אין אַמעריקע.

„אַלע זענען געוועזן די דעמאָלטיקע וואָרט־זאָגער פון דער יונגער בונדישער באַוועגונג, כמעט אַלע פון וועבער־פאַך. פון אַנדערע פאַכן זענען שוין געוועזן גאָר ווייניק. פון די אָקריטשע־שניידער: אַברהמל אַבראַמאָוויטש, אַלטער, מרדכי שאַשקע, משה בענטביוועער (טראָי), די פעפערס, שלמה גאָלדשטיין, די גערטלערס, משהלע באָדיעוו א. אנד.

„מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט. ס'איז צוגעקומען ברוך לייב און האָט פאַר אונז פאָרגעטראָגן איבער דער פראַגע: וואָס ווילן די ס. ד. אין רוסלאַנד. פּלוצלינג לויפט אָן אַ חבר און גיט שטיל אַ זאָג: „לויפט שנעל אַרויס פון וואַלד, ס'זענען דאָ קאָזאַקן". מיר האָבן זיך שנעל אויפגעהויבן, אָבער נישט געלאָפן, נאָר שפּאַצירט אַרויס פון וואַלד, אָבער די קאָזאַקן האָט זיך איינגעגעבן אַרומצורינגלען שוין אין פראָנט פון וואַלד אַ צאָל פון 11 מענטשן

---

*) געפינט זיך היינט אין לאָדזש, אַ צייטונגס־פאַרקויפער.

מיט מיין ווייניקייט אריינגערעכנט. דער גרעסטער צווישן אונז איז געווען חיימל פּראָפּעסאָר (זילבערמינץ).

„צווישן די, וואָס איך געדענק פון יענעם ערשטן אַרעסט, זענען געווען אַבּרהמל אַבּראַמאָוויטש, אַלטערל, משהלע שטעקל־מאַכער, האָט זיך אַליין באַגאַסן מיט נאַפט און פאַרבּרענט אין וויל־נער טורמע, חיימל און אַ מיידל חיה און איך. די איבעריקע גע־דענק איך נישט ביי די נעמען, איינער אַ לעקעך־בעקער, די אַנדערע 4 זענען געווען וועבער. מיר זענען אַלע, אויסער חיימל פּראָפּעסאָר, געווען נאָך יינגלעך. אָבּער געשלאָגן האָבּן אונז די קאָזאַקן, ווי נרויסע. אַמשרעקלעכסטן האָבּן זיי אָבּער געשלאָגן חיימלען.

„אַזוי האָט מען אונז געפירט פון וואַלד ביז דעם ערשטן צירקל אין בזשעזשינער גאַס און ווען מ'האָט אונז אויף צו־מאָרגנס, מאָנטאָג, איבערגעפירט פון ערשטן אוטשאַסטאָק אין אויספאָרשונגס־אָפּטיילונג, האָט מען 8 פון די 11 אָפּגעשלאָגן און טאַקע נישט ווייט פון דעם טויער פון דער אינקוויזיציע"*).

פּיין און אינקוויזיציעס זענען די בּונדיסטן אין יענער צייט אויסגעשטאַנען נישט נאָר ביים אַרעסטירן, נאָר אויך אין דער תּפיסה, ווו זיי האָבּן פאַרבּראַכט חדשים און יאָרן. ח' יודל ראָזען דערציילט אין זיינע נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות:

„8 חדשים זענען מיר געזעסן אין דער לענטשיצער תּפיסה. אין דער צייט האָבּן מיר דורכגעמאַכט 3 הונגער־שטרייקן. דער ערשטער שטרייק האָט געדויערט 6 טעג. אין אים האָבּן זיך בּאַ־טייליקט עטלעכע פּעריציק פּערזאָן, בּונדיסטן און פּ. פּ. ס. דער צווייטער שטרייק האָט געדויערט 8 טעג און איז אויסגעבּראָכן צוליב יודל ראָזען. דער זשאַנדאַרמסקע ראָטמיסטזש האָט זיך גע־פילט באַליידיקט פון ראָזענס אַן אויסדרוק בּנוגע זיין אויספאָר־

*) ס. שעלי: „דער פּראָוואַל אין וואַלדיי. „לאָדזשער אַלמאַ־נאַך", אַרויסגעגעבּן לכבוד דעם 25־יאָריקן יובּיליי פון לאָדזשער בּרענטש. דאָס אָפּשלאָגן די אַרעסטירטע ווערט פון קיין שום אַנ־דערער קוועלע נישט דערמאָנט.



יידל ראָזן
(יידל בוכבינדער)



בעריש קורביץ
(ברישל ראַוּוער)

שונג, וואָס פאַרשלעפּט זיך. מ'האָט פאַר דער באַליידיקונג ח' ראָ־זענען געוואָרפן אין קאַרצער. די אַרעסטירטע האָבן אויפגעהויבן א געוואַלטיקן סקאַנדאַל און שפּעטער דערקלערט א הונגער־שטרייק. די אַרעסטירטע האָבן פאַרלאַנגט, מ'זאָל צואיילן די אויספאָרשונגען. דער הונגער־שטרייק האָט זיך פאַרשלעפּט 8 טעג. די שטאָט האָט זיך דערוווּסט, וואָס עס קומט פאָר אין טורמע. מאַסן מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אונטער די פענסטער. ריב־לינסקי, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון שטרייק, האָט גע־האַלטן א רעדע פאַר די פאַרזאַמלטע. די טורמע־אַדמיניסטראַציע האָט דעריבער פאַרשלאָגן די פענסטער מיט בלעכן. אויך דער הונ־גער־שטרייק איז געוווּנען געוואָרן. צווישן די ביידע שטרייקן איז געווען א קורצער הונגער־שטרייק פון 3 טעג".

אין אָרגאַן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד": „דער פּרייהייטס־גלאָק" נומ. 2, אַפּריל 1902, געפינען מיר א קאָרעס־פּאָנדענץ פון דער טורמע, וועלכע באַשטעטיקט די פאַקטן, וואָס ה' יודל בוכבינדער גיט אָן אין זיינע זכרונות. די קאָרעספּאָנדענץ האָט אָנגעשריבן מאַקס טישלער (אייבערט), וועלכער איז געזעסן דאָרט. אין דער קאָרעספּאָנדענץ שרייבט זיך צוו. אַנד.:

„איייניקע אונזערע חברים האָט מען אַוועקגעשיקט אין לענטשיץ, א שטעטל, זעקס מייל פון לאָדזש און מען האָט זיי אַריינגעזעצט עטלעכע צוזאַמען... אין די ערשטע צייטן, ווען מען האָט אונז נאָר אַרעסטירט, שרייבן זיי, האָט מען אָנגעווענדט אַלע מיטלען, וואָס מ'האָט נאָר געקענט, מ'האָט געשלאָגן אויף די „דאָפּראָסן" (פאַרהערן), מיט איין וואָרט, מ'איז זיך באַגאַנגען מיט אונז ווילד אוממענטשלעך. כדי מיר זאָלן אַרויסגעבן, נאָר אומזיסט: נישט נאָר מען האָט נישט געזאָגט, נאָר וואָס מער מ'האָט אונז געמאַטערט, געשלאָגן, דאָס מער איז ביי אונז גע־וואַקסן דער האַס, די שנאה צו דער אכזריותדיקער צאַרישער רע־גירונג.

„זעענדיק, אז מ'וועט שוין מער נישט דערגיין, האָט מען אונז געלאָזט „זיצן". — „אונזערע באַדינגונגען — שרייבן זיי

ווייטער — זענען זייער שלעכט: שוואַרץ ברויט, וועלכעס ס'איז אוממעגלעך צו עסן און צו די מיטאָגן קען מען אפילו זיך נישט צורירן, אַקוראַט, ווי פּאַר חזירים. ווי עס קומט אָן די נאַכט, געפינען מיר זיך אין אַן אומעטיקן חושך. מיר האָבן נישט קיין ליכט, נישט קיין לעמפּל אין אונזערע קאַמערן און ווען מיר ווילן זיך גיין לייגן שלאָפן, האָבן מיר נישט אויף וואָס: קיין קישעלע האָבן מיר נישט, נאָר אַביסל שטרוי און אַ שמאַטע צוצודעקן זיך. נישט קענענדיק דאָס אַלץ אַריבערטראָגן, האָבן מיר באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו שטרייקן. מ'האָט וועגן דעם צוזויסן געגעבן איינער דעם אַנדערן, שרייענדיק דורך די פענסטער, אַז מ'זאָל שטרייקן, ד. ה. מען זאָל אַזוי לאַנג נישט עסן — אפילו מען זאָל האַלטן ביים שטאַרבן — ביז מ'וועט נישט נאָכגעבן דאָס, וואָס מיר פאָדערן און מיר האָבן עס טאַקע אַזוי געטון. מיר האָבן געמאַכט אַ שטרייק — אַלע יידן און קריסטן און אויך 3 קריסטלעכע מיידלעך, פאָדערנדיק לאָמפּן, קישעלעך, גוט ברויט און מער פלייש (פלייש גיט מען 2 מאָל אַ וואָך). נאָך אַ קאַמף פון 7 טעג, האָט מען אונז אַלץ נאָכגעגעבן.

„...אין אַ פּאָר טעג אַרום איז געקומען אַנדרעיעוו, דער לאָדזשער זשאַנדאַרמסקע אָפיציר און האָט אונז באַזוכט און אויסגעפ'עגט, צי מיר זענען צופרידן מיט די באַדינגונגען, פאַרשטייט זיך, נישט אַלע האָבן אים גוט געענטפערט. איינער אַ בוכבינדער האָט אים זייער באַליידיקט דערמיט, וואָס ער האָט אים געזאָגט, אַז ער איז אַ ליגנער, ווייל ער זאָגט אים שוין עטלעכע מאָל צו, אַז ער וועט מאַכן אַן ענדע צו זיין פּראָצעס און עס לאָזט זיך פון דעם גאָרנישט אויס. קריגנדיק אַזאַ ברוך הבא, ווי ליגנער, האָט ער זיך צעצאַפּלט און האָט אים (בוכבינדערן — א. וו. י.) געהייסן נעמען אין קאַרצער. בוכבינדער האָט גענומען שרייען און האָט נישט געוואָלט גיין. די אַנדערע אַרעסטירטע האָבן דאָס דערהערט און גענומען ברעכן די טירן, אום אַרויסצוראַטעווען זייער אַרעסטירטן ברודער. זיי האָבן צעבראָכן עטלעכע טירן און איין מיידל האָט אויפגעבראָכן די טיר און איז אַרויס. זיי האָבן די בענקלעך צעהאַקט ביים ברעכן. עס איז געוואָרן אַ ליאַרעם, אַ גע־

שריי. דער זשאַנדאַרם, וועלכער איז געשטאַנען אין קאָרידאָר, האָט געקריגן אַ פּאָר קלעפּ און איז אַראָפּגעלאָפן פאַר שרעק"*).

די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ אין „פּריוואַטיטס־גלאָק", ווי אויך די זכרונות פון ח' יודל ראָזען זענען נוגע נאָר די צעלן, וווּ ס'זע־נען געזעסן די אַרעסטירטע בונדיסטן. גענויער, וואָס עס איז אין דער צייט פאָרגעקומען אין אַנדערע קאַמערן, באַשרייבט אין אירע זכרונות די פּעפּעסישע טוערין זאָפיאַ בלאַשטשיק־„דאָלאָראָזאַ", אַ מחברין פון אַרבעטער־לידער. ח'טע בלאַשטשיק איז דאָס געוועזן די אַרעסטאַנטין, וואָס האָט אויפגעבראָכן די טיר פון איר קאַמער, בעת דעם אַלגעמיינעם שטורעם אין דער לענטשיצער תפיסה. אירע זכרונות זענען אויך אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זי דערציילט וועגן דער ראָל בעת דעם תפיסה־שטורעם פון דעם בונדיסט מרדכי אייבערט (מאַקס טישלער). ח'טע בלאַשטשיק דערציילט:

„איינמאָל איז געקומען דער יורידישער ראַטגעבער פון וואַר־שעווער גובערנאַטאָר. ווען ער איז אַריין צו מיר און געפרעגט מיך, צי איך האָב זיך נישט צו באַקלאָגן, האָב איך געענטפערט, אַז צו לאַנג פירט זיך שוין די אויספאָרשונג, עס איז נישטאָ קיין ביכער, ליכט און די דערנערונג איז פאַטאַל. דער נישט טאַקטישער מושל האָט זיך צעבייזערט, זיך פאַררויטלט און מיט אַן אויפגערעגטער שטימע אָנגעהויבן שרייען, אַז איך געהער צו אַ ליידאַקישער פּראָ־לעטאַרישער אָרגאַניזאַציע און האָב נאָך די דרייסטקייט אַרויסצו־שטעלן פאָדערונגען.

ער איז אַזוי אַרומגעגאַנגען איבער אַ ריי צעלן פון פּאָליטישע אַרעסטירטע, אומעטום געזידלט, ביז אַ גרופּע אַרעסטאַנטן האָט גענומען זינגען „טשערוואָני שטאַנדאַר". דער לאָדזשער געהילף זשאַנדאַרמסקע ראָטמיסטזש, וועלכער איז אויך געוועזן אַנוועזנד, האָט געהייסן די 16, וואָס האָבן געזונגען, אַריינפּאַקן אין קאַר־צער און אויך דעם „זיידן" ריבלינסקין האָט מען געשלעפּט אין קאַרצער.

---

*) „דער פּרייהייטס־גלאָקיי, אָרגאַן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונדיי, נומ. 2, אַפּריל 1902.

„די חברים האָבן געשלאָגן אויף אַלאַרם: „מ'שלאָגט דעם „זיידן", בלאַשטשיקן (זאָפיאַס ברודער — א. וו. י.) האָט מען געבּרענגט בּיינאַכט און מ'שלאָגט אים שוין, צעזעצן די פענסטער און די אויוונס און וואָס ס'וועט זיך נאָר לאָזן, פאַרטיידיקן זיך, חברים!"

„איך האָב געכאַפּט אַ טישל און גענומען זעצן אין טיר, ביז ס'האָט מיר געפּלאַצט דער דיקער פינגער. די טיר האָט זיך אויפגעמאַכט און איך בּין אַרויס אין קאָרידאָר. מ'האָט מיך אָפּ־געפירט צוריק אין דער צעלע, מיך געבּונדן מיט שטריק און אַני־דערגעוואָרפן אויף דער פּאָדלאָגע".

ח'טע בלאַשטשיק האָט זיך איינגעגעבּן צו באַפרייען זיך פון די שטריק, שפּעטער האָט מען זי דערפאַר איינגעשלאָסן אין מתים־שטיבל. די אַרעסטאַנטן האָבן ווייטער געשטורעמט, אויך די קרי־מינעלע האָבן צוגעהאָלפן. די תפיסה־מאַכט האָט זיך דערשראָקן און בלאַשטשיקן אַרויסגעלאָזט פון מתים־שטיבל און עס האָט זיך אָנגעהויבּן אַ פינף־טאָגיקער הונגער־שטרייק. בעתן הונגער־שטרייק האָבן אַ סך געחלשט, לסוף האָט מען געהייסן מיך, ריכלינסקין, שלעדזינסקין און מרדכי אייבערט (מאַקס טישלער) אָנטון זיך, אַריינזעצן זיך אין אַ וואָגן און אָפּגעשיקט נאָך פּיעטריקאָוו"*).

מרדכי אייבערט (מאַקס טישלער) האָט, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, באַקומען פאַר בונדישער אַרבעט אַנדערטהאַלבן יאָר תפיסה און אַרויסגעשיקט צו ווערן אין סיביר.

די פּעפּעסישע אויסגאַבע: „מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון פּ. פּ. ס." אויף זייט 338 דערמאָנט וועגן 2 הונגער־שטרייקן אין דער לענטשיצער תפיסה; איינער איז פאָרגעקומען דעם 29־טן יולי 1901 און דער צווייטער — דעם 15־טן אָקטאָבער אין דעם יאָר.

אין דער צייט, ווען די צאַרישע מאַכט האָט אויף אַזא ברו־טאַלן אופן פאַרפאָלגט די בונדיסטן, אַרעסטירט, געשיקט מיטן

---

*) זכרונות פון זאָפיאַ בלאַשטשיק, פון חי ע. איינעוקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.

„טראנספּאָרט‟, געפּייניקט אין די קאָמיסאַריאַטן, בעתן פאַרהער און אין די טורמעס, האָבן די יידישע אונטערוועלט־לייט, אויפגעהעצט פון די פּרומאַקעס, אָנגעהויבן זייערע מערדערישע אָנפאַלן אויף די אַרבעטער. אין אָרגאַניזירן די געשלעגן האָבן נישט קיין קליינעם אָנטייל גענומען די לוין־וועבער.

נאָך לאַנגע קאַמפן האָבן זיך די געזעלן דערשלאָגן אַ קירצערן אַרבעטס־טאָג, נישט עסן און שלאָפן ביים אונטערנעמער, נישט צאָלן פאַר נאַפט, וואָס די געזעלן האָבן באַנוצט צו די נאַפט־לעמפּלעך ביי דער אַרבעט אין אָוונט און אָפטמאָל אַ גאַנצע נאַכט. מיט איין וואָרט, די וועבער־אַרבעטער האָבן זיך באַפרייט פון דער „פּאַטריאַרכאַלער‟ אַפּוטרופּסות פון די לוין־וועבער און אָנגעהויבן לעבן ווי מענטשן. מ׳האָט זיך געדונגען וווינונגען, נישט געשלאָפן מער ביים לוין־וועבער. דאָס האָט די לוינקעטניקעס געשלאָגן צערייצט, זיי האָבן שוין נישט מער געהאַט די מעגלעכקייט אויפצוּוועקן די אַרבעטער, ווען זיי האָט זיך געוואָלט. דער וועבער־אַרבעטער האָט אויפגעהערט צו זיין הפקר. אונטער זיינע פּלייצעס זענען געשטאַנען די „אחדות‟, פאַר וועלכע מ׳האָט שטאַרק געציטערט, ווייל אַ חוץ שטרייקן, האָבן אויך די „אחדות‟ געקענט געבן אַ געהעריקן קלאַפּ. די לוין־וועבער האָבן דעריבער אין זייער קאַמף קעגן די „אחדות‟, אַ חוץ מסירות, אויך גענומען צו הילף די ווילע יונגען.

ווי אַזוי די קאַמפן צווישן די אַרבעטער מיט די אונטער־וועלט־העלדן האָבן זיך אָנגעהויבן, איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן. זיכער איז, אַז אויך צווישן די לוין־וועבער זענען געוועזן פאַרשוינען, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער אונטערוועלט, ווי יחיאל סאַמאָולאַדזע, די שפּייערס, הערשל וויינבערג, אַ מסור און שפּיאָן, וועלכער איז אין 1906 דערשאָסן געוואָרן אין זיין וווינונג אויף בזשעזשינער 5 א. אַנד. די דאָזיקע לייט האָבן אין זייער קאַמף מיט די וועבער־אַרבעטער גענומען זיך צו הילף זייערע קאָלעגן די פערקעס מיט די בוטשעקס, אונטערוועלט־באַנדעס, וואָס האָבן זיך גערופן אויפן נאָמען פון זייער הויפּט־העלד.

אָנגעהויבן האָבּן זיך די געשלעגן אויף דער בּערזע, אויפן שול־הויף. „נישט ווייט פון דער בערזע — דערציילט ח׳ ראָזען— אין סטאַרע וויעש (היינט וואָלבּאָרסקע) האָבּן געהאַט זייער „רע־זידענץ״ די ווילע יונגען. די בערזע איז זיך אַזוי פאַנאַנדערגע־וואַקסן, אַז דער שול־הויף איז געוואָרן צו־ענג. „מאַסן אַרבּעטער, וועלכע האָבּן נישט געקענט אַריין אין שול־הויף, האָבּן פאַרנו־מען אַ פּלאַץ פאַר דער שול און דאָס האָט געגעבּן אַ געלעגנהייט די ווילע יונגען זיך צו טשעפּען צו אונזערע חברים־אַגיטאַטאָרן״*).

די לאָבּוזעס זענען אַהין געקומען און גענומען זיך טשעפּען צו די אַרבּעטער. ס׳האָט אויסגעבּראָכן אַ געשלעג. די אַרבּעטער זענען נישט געווען דערצו צוגעגרייט. זיי האָבּן בּאַקומען געשלאָגן און געמוזט אָפּטרעטן פאַר די ווילע יונגען. דאָס האָט בּיי זיי גע־שטאַרקט די חוצפּה און מ׳האָט אָנגעהויבּן בּאַפאַלן אַרבּעטער אויף דער גאַס. מערסטנס איז דאָס פאָרגעקומען אויף דעם אופן: אַז אַרבּעטער איז געגאַנגען אין גאַס מיט אַ מיידל, איז צוגעקומען אַ ווילער יונג און פאַרלאַנגט, מ׳זאָל אים דערפאַר בּאַצאָלן „פּרע־מענסיע־געלט״, ווייל דער אַרבּעטער גייט מיט „זיין״ כלה... און ווען דער אַרבּעטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון געבּן געלט, איז מען אים בּאַפאַלן און מערדערליך געשלאָגן. אויב אַזאַ ווילער יונג האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקערן פון זיך, דעמאָלט האָט ער זיך גענומען צו הילף דאָס מעסער און מ׳האָט געשטאָכן די אַר־בּעטער אויפן גאַס. געווען אויך אַנדערע געלעגנהייטן צו בּאַפאַלן אַרבּעטער.

די וועבּער־אַרבּעטער, וואָס האָבּן זיך, אַ דאַנק דער בּונדישער אַגיטאַציע, אַרויסגעריסן פון אונטער דער ווירקונג פון קלער, האָבּן אָנגעהויבּן פירן אַ פריי, נישט־רעליגיעז לעבּן. די „בּוטשעקס״ מיט די „בּענקאַרטס״ האָבּן זיך דעריבּער אָנגענומען גאַנץ קריוודע און מערדערליך געשלאָגן די אַרבּעטער, וועלכע האָבּן

*) יודל ראָזען (יודל בּוכבּינדער): „די ערשטע בּונדישע דע־מאָנסטראַציע אין לאָדזש״, צום 35־סטן יאָרצייט פון חי משה מייזעלס (קאָנאָפּניצקי), „נ. פאָלקסצייטונג״ נומ. 166, 1936.

געראויבערט אין שבת, אָדער יום־כפור פאַרבּרענגט אין זייערע ווינ־
קונגען, און אין קאָנסטאַנטינער וואַלד א. אנד. ערטער. די אייגנטי־
מער פון „הייזלעך", מעסער־שטעכער און גנבים, האָבּן מיט
אייזנס און מעסערס געיאָגט די אַרבּעטער דאָוונען.

די בּונדישע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט תּיכף בּאַמערקט דעם
נייעם שונא, האָט בּאַשלאָסן אים צו שטעלן דעם געהעריקן ווי־
דערשטאַנד. ח' יודל ראָזען דערציילט וועגן דעם אין די נישט־
פאַרעפנטלעכטע זכרונות:

„די געשלעגן מיט די ווילע יונגען האָבּן געדויערט אַ גאַנצן
זומער. אין אָנהויב האָט מען זיך געשלאָגן כאַאָטיש. די לאָבּוזעס
זענען בּאַפאַלן אַרבּעטער, וועלכע האָבּן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד.
לסוף איז בּאַשלאָסן געוואָרן צו שטעלן אַן אָרגאַניזירטן ווידער־
שטאַנד. עס האָט זיך איינגעשטעלט אַ גרופּע פון אַרבּעטער, וועל־
כע קאָן געבּן אַ מתּנת יד. אין דער שפּיץ פון דער גרופּע איז גע־
שטאַנען דער „שוואַרצער סוכער" (סוכער אַבּראַמאָוויטש), משה פּאַ־
ניע, שמואל בּעקער, חמיה בּ. א. אַנד. שמואל בּעקער האָט
זיך פאַרנומען מיט פירן אַן אַגיטאַציע צווישן דער אונטערוועלט,
משה פּאָניע איז אַליין אָנגעשטעקט געוואָרן מיט אונטערוועלט־
„גייסט" און געוואָרן אַ גנב. די אַגיטאַציע בּיי די לאָבּוזעס האָט
אונז אויך געבּרענגט פון דאָרט פּערזאָנען, וועלכע האָבּן זיך אָנגע־
שלאָסן אין די „אחדות" און געוואָרן שפּעטער בּאַוווּסטזיניקע
אַרבּעטער".

דער הויפּט־העלד פון די קאַמפן מיט די ווילע יונגען, דער
שוואַרצער סוכער, וועלכער געפינט זיך היינט אין אַמעריקע, האָט
פאַרעפנטלעכט זכרונות פון די דאָזיקע קאַמפן אין „לאָדזשער אַל־
מאַנאַך", וואָס איז אַרויסגעגעבּן געוואָרן אין ניו־יאָרק לכבוד דעם
25-יעריקן יובּילײ פון לאָדזשער אַרבּעטער־רינג־בּרענטש. די דאָ־
זיקע זכרונות, וועלכע זענען אַ ווערטפול מאַטעריאַל צו דער גע־
שיכטע פון דער יידישער אַרבּעטער־בּאַוועגונג אין לאָדזש, האָבּן
אָבּער דעם פעלער, וואָס דער שרייבּער ח' סוכער אַבּראַמאָוויטש
(שוואַרצער סוכער) פאַרטוישט עטוואָס די דאַטעס. לויט זיינע

זכרונות קומט אויס, אז ח׳ קאָנאָפּניצקי (משה מייזעלס, אויך דאָ מאַכט ח׳ אַבּראַמאָוויטש אַ טעות, אָנרופנדיק מייזעל), נאָך וועמענס לויה עס הויבּן זיך אָן די געשלעגן מיט דער אונטערוועלט, איז געשטאָרבּן אין 1900־טן יאָר. אין אַלע זכרונות אָבער פון עלטערע בונדישע טוער, אין די שוין ציטירטע דערינערונגען פון די ד״ח יודל ראָזען (בּוכבּינדער) און בעריש קורביץ (בּערישל ראַווער), ווי אויך אין דער „אַרבּייטער שטימע״ רעדט זיך וועגן ח׳ קאָנאָפּניצקיס טויט אין יאָר 1901. כּדי צו זיין פולשטענדיק זיכער מיט דער דאַטע, האָבּן מיר זיך געוואָנדן צו דער לייטונג פון יידישן בּית־עולם, זי זאָל פעסטשטעלן, ווען ס׳איז פאָרגעקומען די לויה פון משה קאָנאָפּניצקי. דאָרט איז טאַקע פאַררעגיסטרירט די לויה דעם 2־טן אַפּריל 1901, 23 טעג אין ניסן.

די אַלע אַנדערע פאַקטן, וואָס עס גיט אָן אין זיינע זכרונות דער ח׳ אַבּראַמאָוויטש, ווערן אויך באַשטעטיקט אין די זכרונות פון אַנדערע בּונדיסטן און עס שטימען אויך הן די נעמען פון די באַפאַלענע אַרבּעטער, הן די נעמען פון די ווילע יונגען.

ח׳ אַבּראַמאָוויטש הייבּט אָן באַשרייבּן די געשלעגן פון יום־כּפּור 1900.

„יום־כּפּור פון יאָר 1900 זענען מיר אַ גרופּע חברים אַוועק אין קאָנסטאַנטינער וואַלד צו פאַרבּרענגען, מיטנעמענדיק מיט זיך עסנוואַרג. די לאָבּוזעס זענען באַפאַלן בּערל בּונם און אים מעררדערלעך געשלאָגן. זיינע קולות זענען געווען שרעקלעכע. אונזער גרופּע האָט זיך אַ לאָז געטון אין דער ריכטונג, פון וואַנען עס האָבּן זיך געטראָגן די קולות. בּערל האָט אונז דערציילט, אַז נחום בּוטשעק, פּייוול בּוטשעק (נייפעלד) און לייבּוש בּענקאַרט זענען אים באַפאַלן און צעשלאָגן דערפאַר, וואָס ער גייט נישט אין שול אריין אום יום־כּפּור.

„מיר האָבּן באַשלאָסן, אַז מ׳מוז זיך מיט זיי אָפּרעכענען. מיר האָבּן זיי אָנגעיאָגט און זיי אַזוי צעמזיקט, אַז זיי האָבּן זיך קוים דערשלעפּט אויף זייערע אייגענע פיס. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס די אַרבּעטער האָבּן באַקומען מוט צו שלאָגן

צוריק. דער אינצידענט האָט אָנגעמאַכט אַ רושם צווישן די חברים און ס'האָט זיי צוגעגעבן מוט. עס האָט אויך איבערראַשט די אונ־טערוועלט. איצט, ווען איך גיב אַ טראַכט, אַז די העלדן, וועמען מיר האָבן צעשלאָגן, זענען געווען אָנגעזעענע חברה־לייט, וווּנדער איך מיך, פון וואַנען האָב איך, אַ ייִנגל פון 16 יאָר, גענומען דעם מוט, צו פאַרמעסטן זיך מיט מענטשן פון אַן אָנגעזעענעם קרימי־נעלן סטאַזש. בלויז אַ באַוועגונג, וואָס קעמפט פאַר דער באַפריי־אונג פון אַרבעטער־קלאַס, קאָן באַשאַפן אַזאַ ריינעם אידעאַליזם און אינספּירירן צו באַגעגענען דעם שונא אומדערשראָקן.

„מיט אַ פּאָר שעה שפּעטער איז די באַנדע געקומען צו־ריק אין קאָנסטאַנטינער וואַלד, זוכנדיק אָפּצורעכענען זיך מיט די, וועלכע האָבן „געקריוודעט'' זייערע לייט. אונז האָבן זיי שוין נישט געפונען, זענען זיי באַפאַלן אַנדערע אַרבעטער און זיי מער־דערלעך געשלאָגן.

„...די אונטערוועלט האָט דאָן זייער געשטערט די אַרבעט פון „בונד''. זיי פלעגן אָפט איבערפאַלן די בערזע און טעראָריזירן די אַרבעטער. פיל האָבן צוליב דעם מורא געהאַט צו קומען אויף דער בערזע.

„...עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן וועגן אַלע צוזאַמענ־שטויסן מיט דער אונטערוועלט. זיי זענען געווען צופיל. איך וועל זיך בלויז אָפּשטעלן אויף עטלעכע, וועלכע האָבן זיך ביי מיר איינ־געקריצט אין זכרון.

„נאָכן אינצידענט אין קאָנסטאַנטינער וואַלד, האָט די אונ־טערוועלט מאָביליזירט די כחות און איז אויף מאָרגן געקומען צו דער בערזע נעבן שול־הויף און געמאַכט אַן אָנפאַל. פיל אַרבעטער זענען דאָן צעשלאָגן און צעשניטן געוואָרן, אָבער די אונטער־וועלט האָט באַקומען אַ שלעכטן אָפּשניט. אין דעם געשלעג בין איך געווען דער העלד פון טאָג. מיר האָבן פאַריאָגט די אונ־טערוועלט''.

„דער ווינטער — דערציילט ווייטער ח' אַבראַמאָוויטש — איז אַדורך רואיק. צוליב די קעלטן, איז די באַזוכערשאַפט אויף

דער בערזע נישט געווען קיין גרויסע, בלויז די, וואָס האָבן גע־האַט אַן אַנצוג און אַ פּאָר שיך, האָבן זיך געקענט פאַרגינען דעם לוקסוס אַרויסצוגיין אויף דער בערזע.

,,דער פרילינג איז געקומען... דער ,,בונד'' האָט אָנגעהויבן פּאַנאַנדערוויקלען די אַרבעט. ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרזאַמלונגען אין קאָנסטאַנטינער וואַלד.

,,די אונטערוועלט, וועלכע האָט זיך אויסגערוט דורכן ווינ־טער, האָט זיך ווידער באַוויזן. צו דער בערזע האָבן די אונטער־וועלט־העלדן פאַרלוירן דעם חשק צו קומען, האָבן זיי אָנגעהויבן באַפאַלן גרופּעס אַרבעטער, אָדער איינצלנע חברים.

,,אַרום יוני פון יאָר 1901 האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד'' באַשלאָסן, אַז אונזערע חברים זאָלן זיך ביז אַ נייעם באַשלוס, נישט באַווייזן אין גאַס, כדי אויסצומיידן צוזאַמענ־שטויסן מיט די ווילדע יונגען. מיר זענען נישט באַקאַנט געווען די סיבות, צוליב וועלכע דער קאָמיטעט האָט אָנגענומען דעם באַשלוס, מסתמא איז דערפאַר געווען אַ גוטער גרונט. אָבער אַז דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן, בין איך, ווי אַ סאָלדאַט, גרייט געווען דורכצופירן דעם באַשלוס. איך וואָלט דאָס טאַקע אויך געטון, ווען נישט די פאָלגנדע פּאַסירונג:

,,פאַרבייגייענדיק דעם ערשטן אוטשאַסטאָק (קאָמיסאַריאַט) אויף בזשעזשינער גאַס, האָב איך באַגעגנט אַ שניידער מיטן נאָמען בעמיע, אַ צעשניטענעם, אַ צעשלאָגענעם. ער האָט מיר דערציילט, אַז די ברידער בוטשיקעס און אַנדערע כוליגאַנעס זע־נען אים און הערמאַנען באַפאַלן אויף דער אַלטשטאָט און זיי געשלאָגן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן ראַנגלען אין מיר צוויי כחות: דער ערשטער, דורכצופירן דעם באַשלוס פונם קאָמיטעט, דער צווייטער — אָפּצורעכענען זיך מיט די כוליגאַנעס. איך האָב באַ־שלאָסן ברעכן די דיסציפּלין פון דער פּאַרטיי. איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט אויף דער אַלטשטאָט. דאָרטן זענען שוין געווען די חברים בעמיע ב. און שמואל. דאָרט האָב איך זיך באַגעגנט מיט דער חברה, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען די

סמעטענע פון דער לאָדזשער אונטערוועלט. עס האָט זיך אָנגע־הויבן א געשלעג, אין וועלכן מיר האָבן צעקלאַפּט די אונטער־וועלט״*).

ווייטער דערציילט ח׳ אבראַמאָוויטש, ווי צו הילף דער כו־ליגאַנעריע זענען געקומען די פּרומאַקעס און די פּאָליציי. די גאַנצע־פּאַרכטיקע לייט האָבן אויסגענוצט א געלעגנהייט, ווען ביים שוואַרצן שכר איז בעתן געשלעג אַראָפּגעפאַלן דאָס היטל פון קאָפּ און זיי האָבן גענומען שרייען, אז א „גוי שלאָגט א ייד״. עס איז אָנגעלאָפן פּאָליציי, וועלכע האָט צוזאַמען מיט גאַנץ סטראַפּטשעס אָפּגעשלאָסן די גאַס. מ׳האָט פאַרהאַקט אַלע טויערן און די צאַרישע גערעכטיקייט, צוזאַמען מיט פרומע יידעלעך, האָט געמאַכט א גײעג ווי אויף ווילדע חיות, נישט אויף די אַלפאָנסן, מעסער־שטעכער און גנבים, וועלכע האָבן געמאָרדעט די אַרבעטער, נאָר אויף די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך פאַרטיידיקט.

דער צעשניטענער בעמיע, הערמאַן און דער שוואַרצער סוכער זענען אַרעסטירט געוואָרן. די אַרעסטירטע זענען אַדורכגעגאַנגען די געוויינלעכע פּיין, קלעפּ און נאַגייקעס און שפּעטער האָט מען זיי געשלאָסן אין קייטן און אָפּגעשיקט מיטן „טראַנספּאָרט״ אין זייער געבוירן־אָרט. דעם יונגן סוכער אבראַמאָוויטש, וועלכער איז אָנגע־וויזן געוואָרן אַלס הויפּט־שלעגער, האָט פּאָליציי נאָך געמאַכט א פּראָצעס און ער האָט באַקומען 3 חדשים טורמע. פאַר דיסצי־פּלין־ברוך האָט דער „בונד״ באַשלאָסן דעם שוואַרצן סוכער (אבראַמאָוויטשן) צו באַזייטיקן פון דער פּאַרטיי. און אבראַמאָ־וויטש שרייבט אין זיינע זכרונות: „דער באַשלוס פון „בונד״ האָט מיר פיל מער וויי געטון, ווי דאָס פאַראורטיילן מיך צו דריי חדשים טורמע״. אויף אַן אינטערוועניץ פון די בונדישע טוער משה לייב און דער הויכער בעריש, האָט מען סוכערן צוריק אַריינ־גענומען אין דער פּאַרטיי. שפּעטער האָט אים פּאָליציי געכאַפּט

---

*) „לאָדזשער אַלמאַנאַך״, אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 25־יאָריקן יובילײ פון לאָדזשער ברענטש. סוכער אבראַמאָוויטש: „זכרונות״.

און דאָס 17־יאָריקע ייִנגל איז געגאַנגען אָפּזיצן 3 חדשים פאַר פאַרטיידיקן זיך קעגן די גאַסן־יונגען*).

די אָנפאַלן פון די יידישע גאַסן־יונגען אויף די אַרבעטער איז מצד דער פּאָליציי נישט נאָר נישט געשטערט געוואָרן, נאָר פאַרקערט, אונטערגעהאַלטן געוואָרן מיט דער ברייטער האַנט. אין דער אייגענער צייט, ווען די בוטשיקעס און פערקעס האָבן געשטאָכן אַרבעטער, זענען פּאָליציי־אַגענטן באַפאַלן יידישע אַרבעטער און פאַרטגעזעצט די מלאכה פון די אונטערוועלט־העלדן, ד. ה. געשטאָכן און געקאַטעוועט די אומשולדיקע פּראָלעטאַריער. דאָס האָט אַרויסגערופן אין שטאָט געוואַלטיקע אויפרעגונג צווישן דער ברייטער מאַסע וועבער־אַרבעטער, וועלכע איז געשטאַנען מחוץ דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. דער לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד" האָט באַשלאָסן אויסצונוצן די שטימונג און רופן די אַרבעטער צו אַ פּאָליטישן שטרייק קעגן די אָנפאַלן. דער שטרייק האָט געזאָלט דויערן אַזוי לאַנג, ,,ביז וואַנען די פּאָליציי וועט נישט צוזאָגן, אַז די שפּיאָנען וועלן נישט אויפהערן צו שלאָגן". א גענויע שילדערונג וועגן פאַרלויף פון די געשעענישן געפינען מיר אין נומער 2 ,,פרייהייטס גלאָק", אָרגאַן פון לאָדזשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט פון אַפּריל 1902. אין דעם אַרטיקל ,,וועגן די נייע דערשיינונגען אין אונזער פרייהייטס־קאַמף" לייענען מיר:

,,מען האָט אָנגעהויבן צו באַפאַלן און שלאָגן אַלע אַרבעטער, אויף וועלכע מ'האָט נאָר געהאַט אַ חשד, אַז זיי געהערן צו ,,אחדות". געוויינלעך האָבן די אַרבעטער אויך נישט געשוויגן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטענדיקע שלעגעריי, אין וועלכע די אַרבעטער זענען בייגעקומען, ווייל זיי זענען געווען מערער. דאַן האָבן זיך די לוינקעטניקעס געווענדעט צו דער פּאָליציי, זי זאָל קומען צו הילף זייערע טרייע חברים, און די פּאָליציי האָט אַרויסגעשיקט אַ גאַנצע באַנדע פון שפּיאָנען — מיט מעסערס

*) ,,לאָדזשער אַלמאַנאַך", סוכער אַבראַמאָוויטש: ,,זכרון־נותי".

און נאָך אַזעלכע „אומשולדיקע" געוועדקציינ און זיי פּלעגן אָנ־פּאַלן אויף די אַרבעטער, וועלכע זענען זיך רואיק געגאַנגען אַהיים פון פאַבריק, פּלעגן זיי שלאָגן און אַנדערע טאָקע גוט צע־קאַלעטשען.

„דאָס האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן איינדרוק אויף די אַר־בעטער. די אַרבעטער זענען געוואָרן זייער אויפגערעגט. דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט זיי גערופן צו מאַכן אַ פּאָ־ליטישן שטרייק, האָבן זיי גלייך געוואָרפן די אַרבעט. זיי האָבן באַשלאָסן אַזוי לאַנג צו שטרייקן, ביז וואַנען די פּאָליציי וועט נישט צוזאָגן, אַז די שפּיאָנען וועלן אויפהערן שלאָגן.

„דאָנערשטאָג דעם 10־טן סעפּטעמבער 12 אַזייגער בייטאָג האָבן מער, ווי טויזנט אַרבעטער אָוועקגעלייגט די אַרבעט (כמעט אַלע האָבן געאַרבעט ביי די לווינקעטניקעס) און האָבן מודיע גע־ווען די דערשראָקענע און פאַרוווּנדערטע לוין־וועבער, אַז זיי וועלן ווייטער נישט אַרבעטן, ווייל זיי ווילן זיך נישט לאָזן שלאָגן. די לווינקעטניקעס האָבן געוויינלעך גלייך מודיע געוועזן דערפון די פּאָליציי. אין דעם זעלבן אָוונט איז פּאָרגעקומען אַ פאַרזאַמ־לונג פון 600 מאַן אויף פּראָמענאַדע גאַס. אין אַ קורצער רעדע האָט איינער דערקלערט די באַדייטונג פון דעם שטרייק און ווי וויכטיק ער איז, ווייל דאָס איז דער ערשטער פּאָליטישער שטרייק וועלכער ווייזט, אַז דער פּאָליטישער באַוווּסטזיין איז שוין וואַך ביי די אַרבעטער.

„אויפן צווייטן טאָג האָט מען 30 אַרבעטער גענומען אויפן דאַפּראָס (פאַרהער), פאַר דעם פּאָליציי־הויז האָבן זיך צוזאַמענ־געקליבן אַ גרויסע מענגע שטרייקנדע אַרבעטער, אַ טייל איז מיטן גוטן ווילן אַרויף אויך אויבן, כדי דאָרט צו פּראָטעסטירן, אַנ־דערע זענען געבליבן אונטן שטיין און האָבן מיט גרויס אויפרע־גונג און אומגעדולד געוואַרט אויף זייערע ברידער".

די ווייטערדיקע שילדערונג פון דעם פאַרהאַלטן זיך פון דער פּאָליציי־מאַכט בעתן פאַרהער פון די אַרבעטער, שטעלן מיט זיך פאַר איינגאַנצן אַ נייע באַציאונג פון דער צאַרישער מאַכט צו די שטרייקנדע יידישע אַרבעטער. ביז דעמאָלט איז מען געוווינט גע־

וועזן, אז אויף שטרייקן און פּראָטעסטן זאָל מען ענטפערן מיט קאָזאַקישע נאַגייקעס און די אויבן־באַשריבענע „טראַנספּאָרטן", און פּלוצים אַזאַ ווייכקייט מצד די שטרענגע צאַרישע מאַכט־האָבער.

„ווייך און מיט זיסע ווערטער האָט דער פּאָמאָטשניק פּאָלי־ציימייסטער געפרעגט די אַרבעטער וועגן די סיבות פון זייער שטרייק, אַז די אַרבעטער האָבן דערקלערט, אַז זיי קענען זיך נישט נעמען צו דער אַרבעט, ווייל די שפּיאָנען באַפאַלן זיי און שלאָגן, האָט ער זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן און האָט אָנגעהויבן צו שרייען און זיי צו זידלען. די אַרבעטער, וועלכע זענען געוווינט צו אַזעלכע באַהאַנדלונגען, האָבן זיך גאָרנישט דערשראָקן און זיי האָבן נאָכאַמאָל איבערגעחזרט זייער פאָדערונג און פאַרלאַנג"*).

וואָס האָט אויף דעם געענטפערט דער פּאָליציימייסטער? להיפוך צו דער ביזאַיצטיקער פּראַקטיק פון דער צאַרישער מאַכט, האָט ער נישט געדראָט מיט שיקן אין סיביר און אַזוי ווייטער, נאָר גאָר גערופן די לווינקעטניקעס, דעם שוין־באַקאַנטן מסור הערשל וויינבערג און איציק לענטקעווער, זיי זאָלן „אויפקלערן" די לאַגע**).

נאָך מער שטויגען רופט אַרויס די האַלטונג פון דער פּאָ־ליציי צו די אַרבעטער, ווען מ'באַקענט זיך מיט דער העסלעכער מסירה, וועלכע די לווינקעטניקעס האָבן באַליגט טאַקע דאָ אויפן אָרט אין געגנוואַרט פון די אַרבעטער. די לווינקעטניקעס האָבן גע־בעטן זיין „וואָהלגעבאָרן", דעם פּאָמאָטשניק פּאָליציימייסטער, אַז ער זאָל טון אין דער זאַך אָן שום רחמנות, ווייל די אַרבעטער זענען אסור לרחם, ער זאָל נישט מיינען, אַז דאָס זענען איינפאַכע אַרבעטער, וועלכע ווילן מאַכן סקאַנדאַלן, אַ ניין, דאָס זענען סאָ־ציאַליסטן, אמתע סאָציאַליסטן. זיי לייקענען אַלץ אָפּ, זיי ווילן

---

*) „דער פּרייהייטס גלאָקיי, אָרגאַן פון לאָדזשער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמיטעט, אַפּריל 1902, „וועגן די נייע דערשיינונ־גען אין אונזער קאַמפּיי, זייט 2.

**) דאָרט.

נישט צאָלן קיין שטייער, זיי ווילן נישט דינען דעם קיסר, זיי זאָגן, אַז זיי ווילן בכלל קיין קיסר נישט. דאָס זענען, מיט איין וואָרט, די געפערלעכסטע מענטשן, וועלכע מ׳מוז פאַרניכטן און אויסראָטן, פאַרשיקן אין סיביר, כדי זייערע גיפטיקע אידעען זאָלן זיך נישט ווייטער פאַרבּרייטערן"*).

ביי דער דאָזיקער מסירה איז געווען אָנוועזנד דער אַלמעכ־טיקער זשאַנדאַרמען־פּולקאָווניק אַנדרעיעוו, וועלכן מיר קענען שוין פון זיין פייניקן די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין לענטשיצער תפיסה און זיין וואָהלגעבאָרן האָט געשוויגן און דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש, האָט אויף אַ שטרייק און דעמאָנסטראַציע אַ העכערער צאַ־רישער פּאָליציי־באַאַמטער געענטפערט מיט „אַ רעדע צו די אַר־בעטער, אפילו מיט זידלעריי, אָבער פונדעסטוועגן אַ סך ווייכער, ווי פריער. ער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז מ׳וועט זיי שוין מער נישט שלאָגן, אָבער אויפן טויזנטסטן פאַל זאָלן זיי זיך ווענדן צו אים, זיי וועלן געפינען ביי אים שוץ און הילף"**).

די דאָזיקע האַלטונג פון דער צאַרישער פּאָליציי אין יענער צייט לאָזט זיך דערקלערן אין דעם סיסטעם, וועלכער איז דע־מאָלט פּראַקטיצירט געוואָרן בנוגע דער אַרבעטער־באַוועגונג, ס׳איז געווען די בליאונגס־צייט פון „זובאַטאָווּשטשינע". אין מינסק האָבן מאַניע ווילבושעוויטש און סאַשאַ טשעמערינסקי געפּרוּווט אויספירן די שליחות פון זובאַטאָוון און געשאַפן אַ צאַריש־פריינטלעכע יידישע אַרבעטער־באַוועגונג. עס זענען פאָרגעקומען עקאָנאָמישע שטרייקן און לעגאַלע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען מיט דעם ווייסן און הסכם פון דער צאַרישער אָכראַנע.

אויך די לאָדזשער פּאָליציי האָט געפּרוּווט, בעת דעם שטרייק, אַרויסווייזן איר „ווייכקייט און פריינטלעכקייט" לגבי די אַרבע־טער. אָבער באַלד האָבן די אַרבעטער זיך געקענט איבערצייגן, ווי אַזוי די „ווייכקייט" זעט אין דער אמתן אויס.

---

*) דאָרט.

**) דאָרט.

„ווען די אַרבעטער און דער פּאָליציימייסטער האָבן צווישן זיך גערעדט, האָט מען דערהערט אַ שרעקלעכן געשריי פון אַ צווייטן צימער. דער סעקרעטאַר, וועלכער האָט באַמערקט, ווי די אַרבעטער זענען געוואָרן אויפגערעגט ביי דעם געשריי, האָט זיי אָנגעהויבן צו באַרואיקן, אַז דאָס זענען „גנבים" און זייער גאַנ־צער געשריי איז גאָרנישט ווערט.

„אין דעם זעלבן אָוונט האָט זיך, ווי אַ בליץ פאַנאַנדער־געטראָגן די ידיעה, אַז דער געשריי איז געווען נישט פון גנבים, ביי דעם „משפט היושר", נאָר פון די אַרבעטער, וועלכע זענען געשטאַנען אונטן און רואיק געוואַרט. מען האָט זיי אַרויפגענו־מען אויבן, אַריינגעפירט אין אַ באַזונדערן צימער פון דער גע־היימער פּאָליציי און דאָרט האָבן פּאָליציסטן און שפּיאָנען זיי שרעקלעך געשלאָגן. צווישן די געשלאָגענע זענען געווען 13—14־יעריקע ייִנגלעך.

„די אויפרעגונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז די אַרבעטער פון אַלע פאַכן האָבן גלייך מודיע געווען, אַז זיי לייגן אַוועק די אַרבעט, כדי צו פּראָטעסטירן קעגן דעם פאַקט. דאָ האָט אָבער דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, מען זאָל זיך ווידער נעמען פאַר דער אַרבעט. עס איז נאָך נישט געקומען די צייט צו מאַכן אַן אַלגעמיינעם שטרייק. פאַר דעם ערשטן מאָל, איז דאָרט געזאָגט געוואָרן, האָבן זיי דערגרייכט דאָס, וואָס זיי האָבן געוואָלט, זיי האָבן אויסגעדריקט זייער פּראָטעסט און די פּאָליציי האָט זיי אַפילו נישט־ווילנדיק נאָכגעגעבן"*).

די דאָזיקע פּאַרטיזאַנישע האַנדלונג פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אין יענער צייט איז געווען אַ גוט דורכגעטראַכטע. די טוער פון „בונד" האָבן גוט געקענט די לאַגע און געוואָלט זיך באַגנוגענען מיט אַ קליינעם נצחון, וואָס זאָל ווייזן די אַרבע־טער דעם כח פון אַ פּאָליטישן שטרייק, איידער איבערציִען דאָס שטריקל און אָפּגיין מיט בלוט. ריכטיק שרייבט דער דעמאָלטיקער אויפרוף, אַז „ס'איז נאָך נישט געקומען די צייט צו מאַכן אַן

*) „דער פּריוואַטיטס־גלאָקיי נומ. 2.

אַלגעמיינעם שטרייק". אמת, דער יידישער אַרבעטער איז געווען גענוג שטאַרק און געהעריק אָרגאַניזירט, אָבער דערפאַר איז דער נישט־יידישער אַרבעטער געשטאַנען אינגאַנצן פונדערווייטנס, פון דעם גרויסן קאַמף, וואָס ס'האָט שוין זייט אייניקע יאָר געפירט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט. ס'האָבן שוין דאַן עקזיסטירט סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס ביי די פּוילישע אַרבעטער, אָבער זייער ווירקונג איז געווען אַ מינימאַלע און אַ דויערנדער פּאָליטישער שטרייק אָן די פּוילישע אַרבעטער איז פון פריער אויס געווען פאַרמשפּט אויף אַ מפּלה און אַ שרעקלעכער בלוט־אָפּצאַפּונג.

וועגן דעם דאָזיקן ערשטן פּאָליטישן שטרייק פון די יידישע אַרבעטער אין לאָדזש גיט אויך אַ גענויעם באַריכט די „אַרבייטער־שטימע" נומ. 25, אָקטאָבער 1901.

VIII

# די פארפייניקונג פון בעקער-ארבעטער יעקב פאקולא

נאָך מאַי־שטרייקן. — בעקער־שטרייק און אַרעסט פון פּאַקולאַן. — דער טויט אין ו־טן „אוטשאַסטאָקי". — געוואַלטיקע אויפטרייסלונג צוליב דעם מאָרד. — דער אויסלענדישער קאָמיטעט פון „בונד" רעאַגירט. — מיזוכט די שפורן פון פאַרפייניקונג. — עקסהומאַציע און דאָקטוירים־סעקציע. — רעזולטאַט פון דער אויס־פאָרשונג.

די אַכזריות פון דער פּאָליציי קעגן די יידישע אַרבעטער אין דעם זומער, האָט געפונען איר אָפּקלאַנג נישט נאָר צווישן די יידישע אַרבעטער אין לאָדזש, נאָר אויך אין די ברייטע קרייזן אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד. ספּעציעל איז דורך דעם אויסלענ־דישן קאָמיטעט פון „בונד" אויפגעהויבן געוואָרן אַ קאַמפּאַניע קעגן די צאַרישע הריגות אין שייכות מיט דער דערמאָרדונג פון בעקער־אַרבעטער יעקב פּאַקולאַ. די דערמאָרדונג איז פאָרגעקומען ביי פאָלגנדע אומשטענדן:

יעדעס יאָר נאָך דעם ערשטן מאַי פלעגן זיך אָנהייבן אַ גאַנ־צע רייַ שטרייקן. די אַגיטאַציע, וואָס איז געפירט געוואָרן אַרום דער מאַי־פייערונג, די געהויבענע מאָמענטן, וואָס די אַרבעטער האָבן איבערגעלעבט אויף די פאַרזאַמלונגען, האָבן אַרויסגערופן ביי זיי אַ קאַמפּס־שטימונג, וועלכע האָט באַקומען איר אויסדרוק אין עקאָנאָמישע שטרייקן.

נאָכן ערשטן מאַי 1901 האָט אויסגעבראָכן אַ שטרייק, ווי

מיר האָבן שוין דערמאָנט, בײַ די בעקער־אַרבעטער. בעת דעם שטרייק האָבן די מייסטערס געלאָזט אַרעסטירן איינציקע בעקער־אַרבעטער, צווישן וועלכע ס'האָט זיך אויך געפונען יעקב פּאַקולאַ. דעם חבר יעקב האָט מען אָפּגעפירט אין טרויעריק־באַרימטן ערשטן צירקל (קאָמיסאַריאַט) אויף בזשעזשינער 11. יעקב פּאַקולאַ איז געווען אַ קרעפטיקער בחור און האָט נישט ליב געהאַט צו לאָזן זיך טוען אַן עולה. אויף די גראָבע באַליידיקונגען פון דער פּאָליציי, האָט ער דרייסט אָפּגעענטפערט. מ'האָט אים דערפאַר פֿאַרײַנגעוואָרפן אין אַ קאַמער און געהאַלטן אָן עסן און אַפילו קיין ביסל וואַסער נישט געגעבן. חבר פּאַקולאַ האָט שאַרף פּראָ־טעסטירט און גענומען קלאַפּן אין דער טיר. ער האָט פאַרלאַנגט, מ'זאָל אים געבן וואַסער. דערויף האָבן זיך אַרײַנגעריסן די צאַ־רישע פּאָליציאַנטן מיט דעם פּריסטאַוו און מ'האָט חבר פּאַקולאַן גענומען מערדערלעך שלאָגן, ביז ער איז אויסגעגאַנגען אונטער די קלעפּ.

ווען די תּלינים האָבן באַמערקט, אַז זייער קרבן לעבט נישט מער, האָבן זיי אים אויפגעהאָנגען אויף די קראַטעס, ס'זאָל הייסן, אַז דער אַרעסטירטער איז אַליין באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. דער ראַ־יאָן־פעלשער, אַ געוויסער שטיין, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּראָ־טאָקאָל, אַז דער אַרעסטירטער יעקב פּאַקולאַ איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. די פאַמיליע האָט זיך באַמיט, מ'זאָל אַרויסגעבן דעם גוף פון טראַגישן קרבן, כדי צו ברענגען צו קבורה. מ'האָט אָנגעהויבן לויפן צום רב ר' אליהו חיים מייזעל. לסוף האָט דער רב איבערגעגעבן, אַז די לויה איז שוין פאָרגעקומען געהיים.

די דערמאָרדונג פון יעקב פּאַקולאַ האָט אין דער שטאָט גע־מאַכט אַ געוואַלטיקן רושם. ס'איז געווען דער ערשטער פאַל אין לאָדזש, אַז אַן אַרבעטער זאָל צוליב אַ רואיקן שטרייק אומקו־מען אויף אַזאַ ברוטאַלן אופן. די ווערסיע, אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, האָט קיינער נישט געגלויבט. ס'איז אויך קלאָר גע־וואָרן די ראָל, וואָס דער רב מייזעל האָט דערבײַ געשפּילט. דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אויף דעם רעאַגירט מיט אַ שאַרפן אויפרוף. מיר ברענגען דעם אויפרוף אין פולן טעקסט:

„דער „אַללגעמיינער אידישער אַרבייטער בונד אין רוסס־לאַנד און פוילען" —

„צו אַללע לאָדזער אַרבייטער און אַרבייטערינען!

„ברידער און שוועסטער! אַ מוראדיג־שרעקליכער צופאַלל האָט זיך געטראָפען ביי אונז אין שטאָדט, אַ צופאַלל, וועלכער בעווייזט אַללעם, ווי גרויס און ווילד איז דער ווילקיר פון דער רעגירונג, וואָס פאַר אַ פיינד מיר האָבען אין איהר. דאָס וואָס עס איז פאָרגעקוממען דאָ ביי אונז אין דעם 1־טען צירקעל אויף, בע־רעזען־גאַסס*) האָט גאַנץ שטאָדט אויפגערעגט, האָט ביי אַללעם די, ביי וועלכע עס גליהט נאָך אַ פונק פון אַ מענשליכען געפיהל, אַרויס־גערופען דעם גרעססטען האַסס און צאָרן צו דער ווילדער אַזיאַ־טישער זעלבסטהערשונג! מענשליכע בלוט, אומשולדיגע אַרבייטערשע בלוט איז פערגאָססען געוואָרען! פּאָליציי האָט צום טוידט געהאַרגעט אַ־ן אַרבייטער!

„אָט הערט, ווי אַללעס איז פאָרגעקוממען.

„דעם 9־טען מאַי (רוססישער 26־טען אַפּריל) האָט אַ בעל־הבית אַ בעקער אָנגעוויזען פּאָליציי אויף זיינעם אַ־ן אַרבייטער און מען האָט איהם אַרעסטירט. זיין נאָמען איז געווען יעקב לייזער פּאַלקין**). מען האָט איהם פערשפּאַרט אין אַ־ן איינגען פינסטערן חדריעל אין 1־טען צירקעל. דאָ האָט זיך אָנגע־הויבען פאַר־ן אונגליקליכען אַ גאַנצע רייהע פּיינונגען, וועלכע ער האָט געמוזט אַריבער טראָגען, ניט האָבענדיג, אויסער די שטוממע פּיער וועגד, פאַר וועמען זיך צו קלאָגען. פינף טעג האָט מען צו איהם ניט דערלאָזען ניט קיין שפּייזע, ניט קיין געטראַנג. קיינע ביטטעס פון דעם אַלטען גראָען פאָטער האָבען ניט געהאָלפען; פּאָליציי האָט גלייכגילטיג געקוקט אויף זיינע טרערען און תחנונים! ענדליך דיענסטאָג, דעם 14־טען מאַי האָט מען צוגע־נוממען פון פאָטער עססען פאַר־ן זוהן. אַזאַ גוטטסקייט פון דער פּאָליציי האָט זיך ערקלערט גאַר איינפאַך: איהר קרבן האָט זיך

*) בזשעזשינער גאַס — א. וו. י.
**) יעקב לייזער פּאַקולאַ — א. וו. י.

שוין מעהר ניט גענויטהיגט אין עססען... דער פינפטאָגיגער הונ־גער און דורסט, האָבען געצוואונגען דעם אונגליקליכען אַרביי־טער, ווי מען דערצעהלט, אָנצוקלאַפּען אין טהיר פון זיין צימער און בעטען אַ ביססעל קאַלטע וואססער. אויף זיין קלאַפּען האָט זיך פּאָליציי גלייך אָבגערופען, מען האָט זיך אַריינגעריססען צו דעם אַרבייטער און מען האָט איהם גענוממען שרעקליך, אונ־באַרמהערציג שלאַגען. די וואָס זיינען געזעססען אין די נאָהנסטע קאַממערען, האָבען געהערט פון אָנפאַנג אונמענשליכע געשרייען, וועלכע זיינען אַלץ שטיללער און שטיללער געוואָרען און אַם־ענדע אויפגעהערט: דער אַרבייטער איז געוועזען טויט!

„קוים איז אָבגעטאָהן געוואָרען דער שרעקליכער פערברעך, האָט גלייך פּאָליציי גענוממען זעהען, ווי עס צו פערשטיקען, קיי־נער זאָלל פון דעם ניט וויססען. נאָר דאָס האָט זיך איהר ניט איינ־געגעבען.

„דער פאָטער, זעהענדיג, אַז די שפּייזע, וואָס ער האָט געַ־בראַכט איז געבליבען גאַנץ שטעהען, האָט זיך געווענדעט צום פּריסטאַוו און געפרעגט, וואו איז זיין זוהן. דער האָט גיענטפערט, אַז מען האָט איהם אַוועקגעפיהרט אין וואַרשא. נאָר די אַרעסטיר־טע, וועלכע האָבען געהערט די קולות, האָבען איהם געזאָגט, אַז דאָס איז אַ ליגען, אַז זיין זוהן איז צום טוידט געהרגעט. אויסער זיך פון שמערצען, לויפט דער פאָטער צום זשאַנדאַרמסקען, דאָר־מען דערגעהן, וואָס איז מיט זיין זוהן. און דאָ האָט ער זיך דער־וואוסט דעם שרעקליכען אמת... „ביז צוועלף יאָהר גע־הערט דיין זוהן דיר, נאָך צוועלף יאָהר איז ער אונ־זערער" — אָט וואָס מען האָט געענטפערט דעם אונגליקליכען אַלטען פאָטער, און ווענן ער האָט זיך ערוואַגט צו פרעגען וואָרום זשע קוממט מען צו איהם, ווענן זיינע זיהן ווערען 21 יאָהר אַלט. זיי נעהמען אין קיסרליכען דיענסט און ווענן מען געפינט ניט — טראָגט מען אַרויס זיין לעצטע אייגענס, האָט מען דעם עזות־פּנים אַרויס גיטריבען. פון זשאַנדאַרמסקען איז דער פאָטער געלאָפען צום רב נאָך הילפע. דאָ האָט ער זיך דערוואוסט, אַז ניט אָנזאָגענ־דיג איהם האָט דער רב דאָנערסטאג, דעם 16־טען מאַי, אַרויס גע־

געבען אַ־ן ערלויבניסס צו מקבר זיין זיין זוהן. עס איז געווען שטרענג פערזאָגט די מענשען פון חברה קדישה ניט אָנצואווייזען דעם קבר, זיי האָבען דערצעהלט דעם פאָטער, אַז מטהר זייענדיג דעם מת האָבען זיי דייטליך געזעהען די צייכענס פון קלעפּ אויף זיין קערפּער.

„די לויה האָט פּאָליציי געמאַכט בעהאַלטערנערהייט. דאָנער־סטאַג ביינאַכט האָט מען געזעהען אין צירקעל אויפען הויף אַריין פּאָהרענדיג דעם ארון. די גאַסס איז געווען בעוואַכט און קיינעם האָט מען אין דער צייט ניט געלאָזען געהן. קאָזאַקען אויף פערד און איבערגעטאָהנענע אין ציוויל קליידער פּאָליציי האָבען בעגלייט דעם ארון ביזין בית־עולם.

„ווי איהר זעהט, ברידער און שוועסטער, איז קיין צווייפעל ניט, אַז פּאָליציי האָט געטוידט אונזער ברודער. זי האָט אַללעס אָנגעווענדעט צו בעהאַלטען איהר פערברעכן! דער רב, חברה קדישה איז געווען אויף איהר זייט, זי אַלליין האָט אויסגעטראַכט, אַז דער אַרבייטער האָט זיך אויפגעהאָנגען, נור דאָס האָט ניט געהאָלפען, דער אמת האָט זיך קלאָר אַרויסגעוויזען.

„ברידער און שוועסטער! ניט פון היינט אָן טרעט אַרויס גע־גען אונז פּאָליציי, זשאַנדאַרמעריע און בכלל די זעלבסט הער־שענדע רעגירונג. יעדע אונזער שטרעבונג צו אַ פריי־הען, מענש־ליכען לעבען, בעגעגענט מען מיט פערפאָלגונגען, טיורמעס, קאָ־זאַצקע נאַגאַיקעס און פויסטען קלעפּ. נישט איינער פון אונז איז פיר דער צייט אונטערגעגאַנגען! ניט דעם 1־טען מאָהל ווערט אין לאָדז פערגאָססען אַ־ן אַרבייטערס בלוט! מיר דאַרפען זיך נור דער־מאָהנען דעם 1892 יאָהר, ווען דעם קיסרים חיל האָט פיעל טוידטע געלאָזען ביי אונז אין די גאַססען!

„ברידער און שוועסטער! איהר האָט געהערט, וואָס דער זשאַנדאַרמסקער האָט געזאָגט „נאָך צוועלף יאָהר איז ער אונזע־רער"! איהר ווייסט וואָס דאָס בעדייט? דאָס הייסט, אַז די רע־גירונג האָט אָפּפען געזאָגט דורך איהרען אַ דינער, אַז מיר געהע־רען אין גאַנצען צו איהר, אַז זי קען טאָהן מיט אונז, וואָס זי וויל, אַז ווען זי הרגעט אונז טאָהרען אונזערע עלטערען, אונזערע

פריינד, זיך ניט אָננעהמען פאַר אונז. דאָס הייסט, אַז מיר זיינען ניט קיין פ ר י י ע מ ע נ ש ע ן מיט אַ'ן אייגען ווילען, די רעגי־רונג קוקט אויף אונז ווי אויף ק נ ע כ ט, ש ק ל אַ פ ע ן, ב ה מ ו ת.

„ברידער און שוועסטער! שרעקליך איז אונזער לאַגע, טרויע־ריג איז אונזער לעבען, אָבער דאָך זיינען מיר נאָך ניט אַזוי ניעדער געפאַללען, אַז מען קענן אונז פערגלייכען צו פיהע, מיר זיינען מענשען מיט מענשליכע געפיהלען, מיט מענשען ווירדע און מיר טאָהרען ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל אונז אַזוי שענדליך בעהאַנד־לען, אַזוי טרעטטען מיט די פיסס. מיר זיינען מענשען און קעננען ניט און דאַרפען ניט אַריבער טראָגען די שרעקליכע געוואַלד־טהאַ־טען פון דער רעגירונג. מיר מוזען געגען געוואַלד פון דער רעגירונג אַרויס שטעללען אַ קראַפט! די בלוט פון דעם געהאַרגעטען אונזער ברודער פאָדערט ראַכע, פון אונטער דער ערד רופט זי אונז צום קאַמפף.

„צום קאַמפף, ברידער, איהר אַללע ליידענדע, פעריאָגטע, פערשלאָגטע! לאָמיר זיך געבען אַללע די הענד און ווי איין מענש אַרויסטרעטען געגען דער הערשונג פון געוואַלד און ווילקיר! נור היט אַחדות, נור מיט איינינקייט וועללען מיר בייקוממען אונזער פיינד. נור ווענן די גאַנצע אַרבייטער מאַססע וועט אָפפען פראָ־טעסטירען געגען דעם דרוק פון דער רעגירונג וועללען מיר זיך דער־שלאָגען מענשליכע רעכטע.

„ניעדער מיט דער נידערטרעכטיגער רוססישער ווילדער זעלבסטהערשונג!

„עס לעבע די אַרבייטער בעוועגונג! עס לעבע די פאָליטישע פרייהייט!

לאָדזער סאָציאַלדעמאָקראַטישער קאָמיטעט.

מאַי 1901 יאָהר.

דרוק פון „אַללגעמיינעם אידישען אַרבייטער־בונד אין רוסס־לאַנד און פוילען".

דער אויפרוף, וועלכער איז דורך די בונדיסטן מאַסנווייז פאַרשפּרייט געוואָרן אין שולן, בתי־מדרשים און וווינונגען, האָט אויפגעטרייסלט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. די באַלעבאַטישע פאַמיליע פּאַקולאַ, פאַר וועמען עס איז געווען נענוג אַ „שטראָף״, וואָס זייער זון איז געוואָרן אַן אחדות, האָבן איצט נישט נאָר פאַר־לוירן זייער קינד, נאָר נאָך באַקומען אַזאַ „פלעק״, ווי אַ געהאָנגע־נעם אין דער משפחה... ווייל אַזוי האָט געלויטעט דער אָפיציע־לער פּראָטאָקאָל, וואָס איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון פעלטשער שטיין: „יעקב פּאַקולאַ איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד דורך אויפ־הענגען זיך״. די פאַמיליע פּאַקולאַ האָט נישט גערוט און פאַר־לאַנגט אַן אומבאַדינגטע אויספאָרשונג, כדי פעסטצושטעלן, אַז זייער זון האָט זיך נישט אויפגעהאָנגען, נאָר מ'האָט אים דער־מאָרדעט.

מצד דער פאַמיליע האָט מען זיך געוואָנדן וועגן דעם ענין צום פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר און דעם וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר און פאַרלאַנגט, ס'זאָל דורכגעפירט ווערן אַן עקס־הומאַציע, כדי מ'זאָל פעסטשטעלן, אַז יעקב פּאַקולאַ איז געשטאָרבן פון די קלעפּ.

צוליב די ווענדונגען, האָט עס אַרום דעם מאָרד אָנגעהויבן קאָכן אין די צאַרישע קאַנצעלאַריעס. באַזונדערס שטאַרק איז דאָרט געוואָרן דער טומל, ווען דער אויסלענדישער קאָמי־טעט פון „בונד״ האָט אין די אויסלענדישע ליבעראַלע און סאָ־ציאַליסטישע צייטונגען פאַרעפנטלעכט אין פאָרם פון אַ בריוו אין רעדאַקציע דעם גאַנצן ענין. דער בריוו רעדט אַרום, אין שייכות מיטן פּאַקולאַ־מאָרד, די חיהשע באַציאונג מצד דער צאַרישער מאַכט צו דער אַרבעטער־באַפעלקערונג, די ווילדקייט, וועלכע „דערמאָנט גיכער די פאַנטאַזיע פון מזרח־מעשהלעך, איידער פאַקטן, וואָס קומען פאָר אין אַן אייראָפּעאישן לאַנד אין XX־סטן יאָרהונדערט״

דער דאָזיקער בריוו האָט אין די אויסלענדישע סאָציאַליסטי־שע און ליבעראַלע קרייזן געמאַכט אַ געוואַלטיקן איינדרוק.

אַ גאַנצע ריי גרעסערע סאָציאַליסטישע בלעטער האָבן דעם

בריוו איבערגעדרוקט און פון דאָרטן איז ער אריבערגעגאַנגען אויף די שפּאַלטן פון מערערע ראַדיקאַל־דעמאָקראַטישע בירגערלעכע צייטונגען פון כמעט אַלע לענדער, אויף אַלע שפּראַכן. ס'איז דאַן געווען די בליאונגס־צייט פון ליבעראַליזם אין די אייראָפּעאישע לענדער. דער קאַפּיטאַליזם איז געגאַנגען באַרג־אַרויף. דער שוואַרצסטער פלעק אויפן „קלאָרן אייראָפּעאישן הימל" איז געווען דאָס צאַרישע רוסלאַנד. די ידיעות פון פייניקונגען, מערדערייען, וואָס פלעגן פון דאָרט אָנקומען, האָבן באמת אויפגעטרייסלט נישט נאָר די סאָציאַליסטישע, נאָר אויך די בירגערלעך־ליבעראַלע קרייזן, דעריבער האָט אויך דער פּאַקולאַ־מאָרד אומעטום געמאַכט אַזאַ געוואַלטיקן רושם. די צאַרישע מאַכט האָט געזוכט דעם מאָרד ווייטער צו פאַרטושן. די האַלב־אָפיציעלע רוסישע צייטונג „וואַרשאַווסקי דניעווניק" האָט געגעבן וועגן דעם אַן אָפיציעלע דערקלערונג און איבערגעחזרט נאָך אַמאָל די מעשה וועגן אויפהענגען זיך פון ארעסטאַנט אין קאָמיסאַריאַט.

די אויסלענדישע צייטונגען האָבן איבערגעדרוקט די דערקלערונג פון „וואַרשאַווסקי דניעווניק" און צו דעם צוגעגעבן: אַז דער צ. ק. פון „בונד" וועט מסתמא נישט פאַרמײַדן צו דערווייזן, ווי פאַלש די דערקלערונג איז. דער „בונד" האָט טאַקע נישט געשוויגן. עס האָט געענטפערט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אין זיין אָרגאַן „פרייהייטס גלאָק". דאָרט איז דערשינען אַן אַרטיקל א. נ. „דער נייער שקר פון דער רוסישער רעגירונג", אין וועלכן עס ווערט נאָכאַמאָל אויפן יסוד פון פאַקטן פעסטגעשטעלט אַז פּאַקולאַ איז דערמאָרדעט געוואָרן.

דער פאָטער פון דערמאָרדעטן, סענדער פּאַקולאַ, האָט אָנגעקלאָגט די פּאָליציי אין געריכט. ס'איז אַוועק אַן אויספאָרשונג און ס'איז פאַראָרדנט געוואָרן אַן עקסהומאַציע פון קערפּער. וועגן דער עקסהומאַציע דערציילט דער אָרגאַן פון פּ. פּ. ס. „פּזשעדשוויט":

„דער ענין פון דערמאָרדעטן אַרבעטער פּאַקולאַ, וועלכער איז דערהרגעט געוואָרן אין צירקל, ווערט ליקווידירט. די לאָדזשער דאָקטוירים, וועלכע זענען באַשטימט געוואָרן דורך דער פּאָליציי

אויף צו „פּאַרשן" דעם קערפּער פון פּאַקולאַ, האָבן פעסטגע־שטעלט, אַז פּאַקולאַ האָט זיך אַליין אויפגעהאָנגען. די דאָזיקע העסלעכע קאָמעדיע האָבן אָפּגעשפּילט די דאָקטוירים: אַבּרוטין, פּזשעדבאָרסקי, ראָזענטאַל און גורסקי"*).

דער טראַגיש־פאַרשטאָרבענער אַדוואָקאַט פּיאָטר קאָן, דער פּאַרטיידיקער פון די פּאָליטישע אַרעסטירטע אין די צאַרישע גע־ריכטן, גיט איבער וועגן דער עקסהומאַציע, אַז דאָרט איז יאָ פעסט־געשטעלט געוואָרן די דערמאָרדונג פון פּאַקולאַן. אין זיינע זכרונות שרייבט אַדוו. קאָן:

„קיין לאָדזש איז געקומען דער פּראָקוראַטאָר ביים קרייז־גע־ריכט אין פּיעטריקאָוו (משמעות האָט ער באַקומען אַן עמפּפעלונג פון ווארשע) און האָט געהייסן דורכפירן אַן עקסהומאַציע און אַ סעקציע פון קערפּער. צום אַסיסטירן ביי דער עקסהומאַציע און סעקציע זענען פאַרבעטן געוואָרן: 2 מיטגלידער פון דער יידישער גמינע, שטאָטישער דאָקטאָר און אַלס פאַרשטייער פון מאַגיסטראַט 3 בירגער, צו וועלכע עס האָט אויך געהערט פּיאָטר קאָן.

„די אויסערלעכע באַטראַכטונג און סעקציע פון קערפּער האָבן גאָרנישט געוויזן און מ'האָט שוין געזאָלט אַריינלייגן דעם קערפּער אין דער ערד, ווען דער דאָקטאָר אַבּרוטין, וועלכער לעבט שוין איצט נישט, האָט פאָרגעלייגט, מ'זאָל אַריינקוקן אין מויל און אין האַלז האָט מען, צו אַלעמענס גרעסטער שרעק, פון האַלז אַרויסגעצויגן אַ צעקנייטשטע פּלאַכטע. דער פאַקט פון דער־מאָרדן אַ פּאָליטישן אַרעסטירטן איז געוואָרן באַשטעטיקט"**).

ווייזט אויס, אַז נישט געקוקט אויף דער באַשטעטיקונג, האָט די קאָמיסיע דאָך נישט געפונען פאַר נויטיק אָפּצולייקענען די

---

*) „פּזשעדשוויטיי" נומ. 7, יולי 1901.

**) „ראָבאָטניקי" נומ. 2, 1932. אין זיינע זכרונות האָט דער אַדוו. פּיאָטר קאָן געמאַכט אַ טעות, בנוגע די דאַטע און דאָס יאָר ווען די עקסהומאַציע פון פּאַקולאַס קערפּער איז פאָרגעקומען. אַדוו. קאָן גיט אָן די דאַטע: דעם 25־סטן דעצעמבער 1904. דער גאַנצער ענין פּאַקולאַ: דערמאָרדונג, עקסהומאַציע א. אז. וו. איז פאָרגעקומען אין פרילינג און זומער 1901.

פארזיכערונגען פון די צארישע מאכט־ארגאנען, אז פאקולא איז אליין באגאנגען זעלבסטמארד. ווי עס שרייבט „דער פרייהייטס גלאק" נומ. 2 פון אפריל 1902, איז דער פאטער פון פארפייניקטן באשטראפט געווארן מיט 50 רובל און ארויסגעשיקט צו ווערן פון לאדזש, ווייל ער האט „פאלש" אנגעקלאגט די פאליציי.

א דרוק אויפן פאטער, ער זאל ריינוואשן די צארישע רעגירונג, האט אויך אויסגעאיבט הרב מייזעל — אזוי גיט איבער א מיטגליד פון דער פאמיליע פאקולא. דער רב האט אפעלירט צום אומגליקלעכן פאטער, ער זאל אויפהערן באשולדיקן די צארישע מאכט, ווייל אין קעגנפאל קאן עס ברענגען שלעכטס אויף יידן.

וועגן דעם פאקולא־מארד זענען, א חוץ דעם בונדישן אויפרוף, אויך דערשינען אן אויפרוף אין דייטש, אונטערגעשריבן דורך די קאמיטעטן פון ס. ד. ק. פ. אי ל. און „בונד" און אן אויפרוף פון פ. פ. ס.*).

---

*) „דער יודישער ארבייטער" נומ. 12, 1901. „פזשעדשוויטיי" נומ. 6, יוני 1901.

# IX

# עקאנאמישע קאמפן פון די יידישע ארבעטער

אָרגאַניזירונג פון די זאָקן־מאַכער.—מצב פון די שניי־דער־אַרבעטער. — שווערע לאַגע אין די האַנט־וועב־פאַבריקן. — שטרייקן און אַקציעס. — די ראָל פון צאַרישן אַרבעטס־אינספעקטאָר. — סך־הכל פון די שטרייקן אין יאָר 1901. — „דער פרייהייטס גלאָקיי.

נישט געקוקט אויף די שווערע איבערלעבונגען, וואָס די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש האָט געהאַט אין יאָר 1901: אַרעסטן, „טראַנספּאָרטן", פייניקונגען אין די תפיסות, הונגער־שטרייקן, אַכזריותדיקע פאַרפאָלגונגען פון דער צאַרישער פּאָליציי, בלוטיקע אָנפאַלן פון די אונטערוועלט־העלדן, האָט דאָס דאָך נישט אָפּגעשוואַכט די בונדישע באַוועגונג, נאָר פאַרקערט — געשטאַרקט זי. די „שוידערלעכע מעשיות", וואָס די יידישע פרומע באַלעבעסלעך האָבן דערציילט וועגן די „אַחדות", כדי זיי צו פאַרמיאוסן אין די אויגן פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג, האָט דערגרייכט אַ פונקט־פאַרקערטן רעזולטאַט. זי האָט צעפלאַמט די פאַנטאַזיע ביי דער יוגנט, וועלכע איז געוואָרן שטאַרק נייגעריק צו כאַפּן אַ קוק, וואָס עס טוט זיך דאָרט ביי די „אַחדות" אויפן שול־הויף.

מאַסנווייז האָבן אָנגעהויבן שטראָמען פרישע מענטשן צו דעם געהיימען אַסיפה־אָרט אונטער די ווענט פון גאָטס הויז, וווּ עס האָבן געהאַט זייער זאַמלפונקט די „אַחדות".

דער „בונד" האָט גענומען אויסברייטערן זיין ווירקונג אַ חוץ אויף די אַרבעטער, אויך אויף דער אינטעליגענץ. די אָרגאַניזאַ־

ציע האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער פאַרבונדן מיט פרישע פאַכן און באַקומען אַ ווירקונג אויף טויזנטער יידישע אַרבעטער. אין די ערשטע יאָרן „בונד" איז די אַרבעט געפירט געוואָרן דער עיקר צווישן האַנט־וועבער. די וועבער־אַרבעטער האָבן אַמשטאַרקסטן געליטן פון עקספּלואַטאַציע און אויסנוצונג און דריבער געוועזן דער בעסטער מאַטעריאַל פאַר סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. חוץ די וועבער זענען נאָך געוועזן אין לאָדזש אויך אַנדערע פאַכן מיט טויזנטער יידישע אַרבעטער.

סוף נײַנציקער יאָרן האָט זיך גענומען שטאַרק פאַרשפּרייטן אין לאָדזש דאָס זאָקנמאַכער־פאַך (שטרימפּפן־ווערקער), אין וועלכן עס זענען געווען באַשעפטיקט קרוב 2000 יידישע אַרבעטער. די אַרבעטער אין דעם פאַך זענען, פּונקט ווי וועבער, געוועזן צע־וואָרפן אין קליינע אונטערנעמונגען. די אַרבעט איז געוועזן אַזוי פאַרשפּרייט, אַז די וואָסכאָדניע גאַס (היינט פּילסודסקיעגאָ) האָט מען גערופן די שטרומפּפענווערקער־גאַס. די זאָקן־אַרבעטער, אַזוי גוט ווי די וועבער, זענען געוועזן אין גרעסטן טייל צוגעפאָרענע פון דער פּראָווינץ און, פאַרשטייט זיך, רעליגיעז פרום. אָבער אויך דאָ האָבן די בונדישע אַגיטאַטאָרן זיך גיך דורכגעשלאָגן אַ וועג און געוווּנען אָנהענגער צווישן די זאָקנמאַכער. אַלס אַגיטאַטאָר ביי די שטרומפּפן־ווערקער איז געווען באַקאַנט דער זאָקנמאַכער אַברהם אַמשינאָוועער.

וועגן מצב אין דעם פאַך לייענען מיר אין „פרייהייטס גלאָק":

„אין אונזער פאַך אַרבעטן ביז 2 טויזנט אַרבעטער, בלויז יידישע, דערונטער אויך פרויען און קינדער. אין אַלגעמיין איז עס אַ הויזלעכע אינדוסטריע, וווּ עס אַרבעט איין מענטש, אָדער 2 צוזאַמען, אין די פאַבריקן אַרבעטן פון 10—15 פּערזאָן. די גרעסטע פאַבריקן באַשעפטיקן 20—30 אַרבעטער. אום צו קאָנען אונזער פאַך, פאָדערט זיך נישט קיין באַזונדערע ספּעציאַליטעט. אין 3—4 וואָכן קען מען זיך אויסלערנען אַרבעטן"*).

---

*) „דער פרייהייטס גלאָקי" נומ. 2, אַפּריל 1902.

אין די זאַכן־אונטערנעמונגען, ספּעציעל ביי די כאַלופּניקעס זענען די אַרבעטער שרעקלעך אויסגענוצט געוואָרן. פּונקט ווי ביי די וועבער איז דאָ שטאַרק געווען פאַרשפּרייט די פאַרמיטלעריי. געווען ספּעציעלע פאַרמיטלער, וועלכע האָבן אָפּגענומען די אַר־בעט ביי סוחרים, אָדער פאַבריקאַנטן און צעטיילט צווישן כאַלופּ־ניקעס. דער כאַלופּניק האָט אין גרעסטן רוב געאַרבעט צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינדער. עס זענען געווען ביי שטרומפּף־מאַכעריי באַשעפטיקט קינדער פון 6 ביז 8 יאָר, וועלכע האָבן, פּונקט ווי די דערוואַקסענע. געאַרבעט 18—19 שעה אין מעת־לעת און דער־ביי פאַרדינט פון 1 רוב. מיט 50 קאָפּ. ביז 2 רוב. אַ וואָך.

„נאָך שרעקלעכער — דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט פון „פרייהייטס גלאָק“ — איז די לאַגע פון די פאַבריק־אַרבעטער. אַ חוץ, וואָס מ׳ליידט פון דער געוויינלעכער עקספּלואַטאַציע, ליידט מען נאָך מער פון די שרעקלעכע באַדינגונגען. דאָ אין פאַ־בריק שלאָגט מען די אַרבעטער, מ׳שענדעט פרויען, מ׳האַלט די אַרבעטער פאַר גנבים. ביי נאָסקעוויטשן אין פאַבריק אַרבעטן 25 ייִדן און 8 קריסטן, מענער און פרויען. פאַר דעם אונטערנעמער איז ווייניק, וואָס ער נוצט אויס די אַרבעטער; ער וויל נאָך, אַז די פרויען זאָלן ביי אים קערפּערלעך זיין פאַרקויפט, צו אונזער באַדויערן און שאַנדע האָט זיך אים איינגעגעבן אַריינצוציען איי־ניקע פרויען אין שמוץ. נאָר דאָס איז נאָך ווייניק פאַר אים. 3 וואָכן נאָך סוכות איז אַן אַרבעטער, וואָס האָט ערשט געאַרבעט דעם צווייטן טאָג, געקומען שפּעט און ממילא אַביסל ווייניקער געמאַכט. דערפאַר האָט אים נאָסקאָוויטש געוואָלט אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט. אַן אַרבעטערין האָט דאָס באַמערקט, זי האָט זיך אויפגעשטעלט און געוואָלט אונז אַריינרופן פון דער צווייטער שטוב, נישט דערלאָזן אַרויסוואַרפן דעם אַרבעטער. נאָסקעוויטש האָט דאַן דערלאַנגט דעם מיידל אַ פּאַטש. מיר האָבן באַלד גע־וואָרפן די אַרבעט. (אויסער די מיידלעך, וואָס זענען געבליבן זיצן). מיר זענען געשטאַנען אַ האַלבן טאָג, געפאָדערט בעסערע באַהאַנדלונג, נאָר די אָרגאַניזאַציע, זעענדיק, אַז אַ העלפט אַרבע־טער זענען געבליבן זיצן (6 מיידלעך און 8 קריסטן), האָט באַ־

שלאָסן, אַז מיר זאָלן גיין אַרבעטן. עס איז דעמאָלט געוועזן נישט קיין גוטע צייט״*).

נישט בלויז צו די אַרבעטער באַציען זיך אַזוי די אונטערנע־מער, אויך די אָנגעשטעלטע ווערן אויף אַן ענלעכן אופן באַ־האַנדלט. אַן אָנגעשטעלטער הייסט אַ משרת, ער מוז דעריבער טון אַלץ, וואָס זיין „ברויט־געבער״ באַפעלט אים.

דער „משרת״ מוז אויך זיין ברוטאַל צו די אַרבעטער, ווייל אַזוי פאַרלאַנגט זיין אַרבעטס־געבער. כאַראַקטעריסטיש איז דער קאַמף, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין יאַקובסאָנס זאַקן־פאַבריק.

„יאַקובסאָן האָט געהייסן זיינעם אַ מענטש, ער זאָל באַזוכן די פרויען. דער מענטש, זייענדיק אָפּהענגיק מיט זיין גאַנצער פרנסה פון הערן יאַקובסאָן, האָט זיך נישט געוואַגט צו אָנט־זאָגן פון דער אַרבעט. ער האָט זיי אָבער נאָר אויבערפלעכלעך באַזוכט, פאַר דעם האָט אים יאַקובסאָן געגעבן אַ פּאַטש. אַ צווייט מאָל האָט ער געשלאָגן אַן אַרבעטער. נאָר דאָ האָט שוין גע־פּלאַצט די געדולד ביי אונז און מיר האָבן געמאַכט אַ שטרייק מיט דער פאָדערונג, אַז יאַקובזאָן זאָל אין פאַבריק נישט אַריינקומען. יאַקובזאָנס פרוי האָט אונז אויף דעם פאַרזיכערט און מיר זענען געגאַנגען אַרבעטן״**).

אָט אַזאַ כאַראַקטער טראָגן די ערשטע שטרייקן, וואָס זע־נען אָנגעפירט געוואָרן פון די „אחדות״. עס גייט קודם־כל אין וועקן אין אַרבעטער דאָס געפיל פאַר מענטשלעכן כבוד. די באַ־ציאונג פון די לאָדזשער אונטערנעמער, הן צו יידישע, הן צו נישט־יידישע אַרבעטער איז געוועזן אַ ברוטאַלע. ספּעציעל האָבן גע־ליטן די פרויען. דער מייסטער, דירעקטאָר און אונטערנעמער האָבן געקוקט אויף זייערע באַשעפטיקטע, ווי אויף קנעכט, מיט וועלכע מ׳קאָן זיך אַלץ דערלויבן. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך באַ־מיט צו דעם אַ סוף צו מאַכן און אויף דעם באָדן קומען פאַר די ערשטע שטרייקן.

*) „דער פרייהייטס גלאָקיי נומ. 2, אַפּריל 1902, קאָרעס־פּאָנדענציעס, „דער פּאַך שטרימפּף־ווערקעריי.

**) דאָרט.

די שטרייקן ווערן אויך נישט באהאנדלט ווי באזונדערע, פאראיינצלטע געשעענישן, נאר ווי א טייל פון דעם אלגעמיינעם באפרייאונגס־קאמף, וואס איז נוגע זאקן־מאכער, אזוי גוט, ווי וועבער, שניידער, פונקט ווי מאלערס. פאראויס אין דעם דאזיקן קאמף גייען די וועבער, וועלכע דינען פאר א מוסטער פאר אלע אנדערע פאכן; דער קארעספאנדענט פון די זאקן־מאכער שרייבט אין „פרייהייטס גלאק": „אלזא ברידער וועבער, אויך מיר, שטרומפפן־ווערקער זענען ארויס אויפן קאמפס־פלאץ, אויף וועלכן איר זייט פריער ארויסגעטרעטן".

דאס צווייטע פאך נאך די וועבער, וועלכעס דער „בונד" האט זיך גענומען ארגאניזירן, איז געוועזן דאס שניידער־פאך. אין יענער צייט איז אין לאדזש געוועזן ביז א 15 הונדערט יידישע שניידער־ארבעטער. דער ארבעטס־טאג, ווי אין אלע אנדערע פאכן — א שרעקלעך לאנגער. אין סעזאן האט מען געארבעט גאנצע נעכט. מ'האט אנגעהויבן קלאפן מיט די מאשינען דאנערשטאג פרי און פארענדיקט פרייטאג נאכמיטאג. די שניידער האבן געארבעט אין קליינע ווערקשטאטן פון 3 ביז 5 פערזאן אין אן אונטערנעמונג. געוועזן אויך אייניקע גרעסערע ווארקשטאטן, ווו די צאל באשעפטיקטע איז דערגאנגען ביז 10—12. א גרויסער טייל האט אויך געארבעט אויפן זמן, אדער געוועזן פארדונגען אויף דער וואך מיט עסן און שלאפן. דערביי האט מען קיינמאל נישט אויסגעצאלט די שכירות צו דער צייט.

די ארגאניזיר־ארבעט פון „בונד" האט ביי די נאדל־ארבעטער געגעבן גוטע רעזולטאטן. דער קארעספאנדענט פון „פרייהייטס גלאק" מאכט א סך־הכל פון די דערגרייכטע פאדערונגען. די נאכט־ארבעט, בעיקר דאנערשטאג ביינאכט, שבת־צונאכטס גייט, וואס ווייטער אלץ מער אונטער. זי גוססט און שטארבט אפ, אויף וויפל עס וואקסט דער באוווסטזיין פון די שניידער־געזעלן. דער גרעסטער טייל פון די שניידער־יעזעלן פארדינגט זיך שוין מער נישט אויפן זמן, נאר אויף דער וואך, פון שטיק. מ'שטרייקט פאר העכערן לוין, פאר בעסערע ארבעטס־באדינגונגען. נישט לאנג איז געוועזן אזא שטרייק. מ'איז געשטאנען א טאג.

מ׳האָט איינגאַנצן געזיגט, געהעכערט ביז אַ רובל 50 ק. אַ וואָך. מיט איין וואָרט: „מיר זענען שוין נישט מער די טויטע שניי־דערלעך, ווי מ׳פלעגט אונז רופן, נאָר מ׳לעבט און מ׳קעמפט״*).

אויך איבער אַנדערע קלענערע פאַכן פאַרשפרייט זיך די השפעה פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. הגם נישט אומעטום איז דאָ צו פאַרצייכענען געווינסן, דאָך גיבן זיך שוין די אַרבעטער אָפּ אַ דין־וחשבון וועגן זייער לאַגע.

דאָס לעבן פון די מאַלער־אַרבעטער ווערט אין „פרייהייטס גלאָק״ אַזוי געשילדערט:

„...מ׳הונגערט גאַנץ נישקשה. נישט איין מאָל גייט מען זיך לייגן אָן נאַכט־עסן. אַזוי ווי אַ פייגעלע, וואָס וואַרט אויפן פרי־לינג, אַזוי וואַרטן מיר און האָפן ביז די זון וועט שיינען אַביסל וואַרעמער, כדי מיר זאָלן ווייטער האָבן, ביי וועמען אונזערע קי״עפטן צו פאַרקויפן. מיר דרייען זיך אַרום אין גאַס, אַזוי ווי אויפן עולם התוהו, טאָמער... נאָר אומזיסט דער טאָמער, מ׳ברויכט אונז נישט היינט״**).

ווייטער ווערן אויסגערעכנט די נגישות, וואָס די שטובן־מאַלער־אַרבעטער שטייען אויס ביי דער אַרבעט: פאַר פאַרשפע־טיקן זיך אויף 10 מינוט, רעכנט מען אַראָפּ אַ פערטל טאָג. דער מייסטער שרייבט איין מער, וויפל מ׳האָט גענומען אַ קאָנטאָ, מ׳צאָלט נישט אויס פּינקטלעך און ביים צוזאַמענרעכענען, איז שטענדיק דאָ אויפן בוך מער, ווי דער אַרבעטער מאָנט זיך.

די שטרייקן און אַקציעס ביז 1901 זענען נוגע נאָר אַרבע־טער, מענער, צו די אַרבעטערינס האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע נאָך נישט געהאַט קיין צוטריט. אין „פרייהייטס גלאָק״ פון אַפּריל 1902 ווערט פאַרנאָטירט דער ערשטער שטרייק ביי שטאָפּע־רינס. אין חודש נאָוועמבער 1901 האָבן געוואָרפן די אַרבעט 13 שטאָפּערינס אין לאַנדעס פאַבריק. זיי האָבן געפאָדערט העכערן

---

*) דאָרט.

**) דאָרט.

דעם לוין. נאָך א 3־טאָגיקן ארבעטס־איבעררייס איז דער שטרייק געוווּנען געוואָרן‘‘*).

*

די הויפּט־ארבעט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, הן פּאָ־ליטישע, הן פּראָפ., ווערט ווייטער געפירט צווישן די יידישע האַנט־וועבער. דאָ איז פאַראַן א חוץ ביי די וועבער, ביי די לוינ־קעטניקעס א ברייט פעלד פאַר טעטיקייט אויך אין די האַנט־וועב־פאַבריקן מיט גרעסערע צאָלן ארבעטער. דאָ דאַרף מען נישט מאַכן קיין ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען, ווייל די ארבעטער זענען פאַרזאַמלט שוין אין דער פאַבריק. אויך די סאָלידאַריטעט ווערט דאָ אויסגעשמידט אין די פאַבריקס־מויערן, וועלכע שליסן איין גרעסערע גרופּן ארבעטער, ביי איין און די זעלבע ארבעטס־באַדינ־גונגען. נישט געקוקט אויף דעם, איז די פאַבריקס־ארבעטער שווע־רער צו אָרגאַניזירן. עס ארבעט דאָ אין גרעסטן טייל אַן עלטערער עלעמענט. דער ארבעטס־טאָג איז א קלענערער און מ’פאַרדינט מער, ווי ביי די לוין־וועבער. וועגן דעם אריינדרינגען פון די אחדות אין די האַנט־וועב־פאַבריקן דערציילט די „ארבייטער שטימע‘‘:

„ביי פאַבריטשנע וועבער האָט מען ביז איצט ווייניק געאַר־בעט, ווייל זייער לאַגע איז פאַרהעלנישמעסיק א בעסערע, ווי די לאַגע פון די איבעריקע ארבעטער. איצט האָט מען אָנגעהויבן פיל ווייניק צו גיין צו די פאַבריקן, און הגם דאָרט ארבעטן מייסטנס פאַרהייראַטע, וועלכע זענען זייער נידערגעשלאָגן און זענען נאָך גענייגט צו גלויבן, אַז דאָס אַלעס איז פון גאָט. ענדלעך האָבן זיי אויך אָנגעהויבן צו פילן דעם שרעקלעכן דרוק פון די פאַבריקאַנטן און האָבן ביסלעכווייז אָנגעהויבן ארויסצוגיין אין קאַמף קעגן זיי‘‘**).

אין רעזולטאַט פון דער דערוואַכונג האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן אין א גאַנצע ריי האַנט־וועב־פאַבריקן. ס’האָט פאַר־

---

*) דאָרט.

**) „ארבייטער שטימע‘‘ נומ. 22, מערץ 1901.

שטרייקט מייזעלס פאבריק, ווּ עס האָבן געאַרבעט 41 פאַרהייראַטע און 12 פריילײדיקע. די אַרבעטער פון דער פאַבריק האָבן אַליין באַשלאָסן אַרויסצוגיין אויף אַ שטרייק, ווייל מ'האָט זיי געריסן לוין, די אַרבעטער האָבן זיך געוואָנדן צו די „אחדות"-מענטשן, זיי האָבן געבעטן צו העלפן פירן דעם שטרייק"*).

2 מיט אַ האַלבע וואָך האָט געדויערט דער שטרייק, טעגלעך האָט מען געמאַכט פאַרזאַמלונגען. מ'האָט געשטיצט די שטרייקנדע, פאַרהייראַטע האָבן באַקומען פון 1 רובל 50 קאָפּ. ביז 2 רובל 50 קאָפּ. אַ וואָך. נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען, איז דער שטרייק פאַרשפּילט געוואָרן. די אַרבעטער וואָלטן דעם שטרייק זיכער געוווּנען, ווען זיי וואָלטן זיך בעסער געהאַלטן, נאָר צוליב זייער אומגעדולד האָבן זיי דעם שטרייק פאַרשפּילט"**).

אין די האַנט-וועב-פאַבריקן, פּונקט ווי אין אַלע לאָדזשער אונטערנעמונגען, האָבן די אַרבעטער געהאַט אויסצושטיין שרעקלעכע צרות פון די „פאַבריקס-מענטשן". די מייסטער זענען זיך באַגאַנגען מיט די אַרבעטער זייער ברוטאַל, אַזוי האָט אויך פאַרלאַנגט דער אונטערנעמער. ספּעציעל האָבן זיך מיט גראָבקייט לגבי די אַרבעטער אויסגעצייכנט די פאַבריקן פון ווישליצקין און דאָבראַניצקין.

אין ווישליצקיס פאַבריק זענען צוליב דער ברוטאַלער באַהאַנדלונג און שווערע אַרבעטס-באַדינגונגען פאָרגעקומען די ערשטע שטרייקן נאָך פאַר דער אַנטשטייאונג פון „בונד" און די שטרייקן האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט.

בעת דעם קריזיס-יאָר 1900 האָט מען אין דער פאַבריק פאַרקירצט די אַרבעטס-צייט ביז 4 אַזייגער בייטאָג. די אַרבעטער האָבן געהונגערט און געשוויגן. שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן קעגן די אַרבעטער אַנדערע ברוטאַלע מעשים. דאָס געדולד האָט געפּלאַצט. עס איז געקומען צו שטרייקן. ווישליצקי האָט זיך געוואָנדן צו פּאָליציי, געקינדיקט די צעבונטעוועטע וועבער. לסוף,

*) דאָרט.

**) דאָרט.

בײַ אונטערהאַנדלונגען מיט דעם אַרבעטס־אינספּעקטאָר, געװען געצװוּנגען נאָכצוגעבן די פאָדערונגען.

אין װישליצקיס פאַבריק איז געװען אײַנגעפירט, אַז אַרבע־טער, װעלכע האָבן געװאָלט באַקומען אַרבעט, האָבן געמוזט אונ־טערקױפן דעם מײַסטער. מ׳האָט געצאָלט צו 30—50 און 80 רובל פאַר אַן אַרבעטס־פּלאַץ. בעת די שטרײַקן, האָבן די אַרבעטער פאַר־לאַנגט צוריק די אײַנגעצאָלטע סומען, אױך דאָס האָבן זײ געװוּ־נען. מיטגעהאָלפן די אַרבעטער צו געװינען זײערע פאָדערונגען האָט טײלמאָל דער צאַרישער אינספּעקטאָר, אָבער דאָס נאָר דאַן, װען װישליצקין האָט נישט געלױנט אים אונטערצוקױפן. בעת דעם אױסצאָלן די סומעס, װאָס דער מײַסטער האָט גענומען פאַר אַרבעטס־פּלעצער, האָט אַן אַרבעטערין „דערלאַנגט אַ „פּראָשע־ניע״, אין װעלכער זי פאַרלאַנגט 80 ר., נאָר דער אינספּעקטאָר האָט שױן באַקומען פון װישליצקין אַ מטבע און האָט גאָר אַנ־דערש אָנגעהױבן קוקן אױף די אַרבעטער. דער אַרבעטערין, װעל־כע האָט געפאָדערט דאָס געלט, האָט ער געענטפערט, דאָס עס איז נישט זײַן זאַך, און איר געראַטן אָנקלאָגן אין סוד (געריכט). אַלע אַרבעטער האָט ער צוזאַמענגערופן און האָט געהײסן די צו־פרידענע אַרױסגײן און די אומצופרידענע פאַרבלײבן. די אַרבע־טער, פאַרשטײענדיק גאַנץ גוט, דאָס דער אינספּעקטאָר האַלט שױן נישט פאַר זײ, נאָר פאַר דעם פאַבריקאַנט, האָבן אַראָפּגעלאָזן די קעפּ און זענען אַרױסגעגאַנגען כמעט אַלע, נאָר פינף זענען גע־בליבן. די פינף מאַן האָט דער אינספּעקטאָר געהײסן דערלײגן דעם לױן. דער אינספּעקטאָר האָט געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, אױך דער פּריסטאַװ האָט אונטערגעשריבן. די 5 אַרבעטער האָט מען גע־שטעמפּלט די ביכלעך; זײ זענען געגאַנגען צום זשאַנדאַרמסקען אָנקלאָגן; ער האָט זײ געזאָגט, דאָס זײ זענען גאַנץ גערעכט, נאָר ער קאָן זײ נישט העלפן. אָט אַזױ האָט זיך געענדיקט דער שטרײַק, װעלכער האָט גוט אױפגעװיזן װישליצקיס אַרבעטער, װוּ זײ האַלטן אין דער װעלט״*).

*) „די אַרבײטער שטימע״ נומ. 22, 1901.

אין האַמערס פאַבריק זענען די אַרבעטס־באַדינגונגען געווען אַנדערע. דאָ האָבן נאָך געהערשט גוט־פּעטערלעכע באַציאונגען. האַמער האָט פאַרבעטן צו זיך די אַרבעטער אויף שמחות „און גע־הייסן וואָס מער אַרבעטן, מ׳זאָל וואָס מער פאַרדינען״.

„אין דער ווירקלעכקייט האָבן מיר טאַקע פאַרדינט מער ווי אומעטום — דערציילט די קאָרעספּאָנדענץ אין דער אַרבייטער שטימע״ — ווייל האַמער האָט אונז „דערלויבט צו אַרבעטן 17—18 שעה אין מעת־לעת. אין דער צייט פון קריזיס האָט ער אַראָפּגעוואָרפן זיין מאַסקע פון אונזער בעל־טובה און האָט מיט איינמאָל אַראָפּגעריסן דעם לוין פון 8 אויף 4—5 ר. נאָר מיר אַר־בעטער האָבן נאָך אַלץ געשוויגן און געגלויבט אין האַמערס גוט־האַרציקייט, ווייל ער האָט אונז דערלויבט צו אַרבעטן נאָך 2 שעה אין טאָג. אונזער טרייהייט צו אים האָט זיך באַזונדערס אַרויסגע־וויזן, ווען ער האָט אונז איינגעלאַדן, באַלד נאָך דעם, ווי ער האָט געריסן דעם לוין, אויף שבע ברכות (ער האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער); דאָ האָבן מיר געטרונקען פאַר זיין געזונט און גע־שריגן: „לעבן זאָל אונזער וואָלטעטער האַמער!״ צוויי וואָכן נאָך דער חתונה האָט ער ווידער גענומען רייסן לוין.

„אַרויסגייענדיק נאָך דער אַרבעט אין הויז פון פאַבריק, האָבן מיר געפונען פאַרשפּרייטע פּראָקלאַמאַציאָנען און מיר האָבן זיך דאָ גלייך גענומען לעזן, נישט ווייסנדיק נאָך, וואָס דאָס איז. דער מייסטער האָט עס דערזען, האָט ער ביי אונז אַרויסגעריסן די פּראָקלאַמאַציאָנען און אַוועקגעטראָגן צום פאַבריקאַנט. נאָר צוויי שטיק זענען געבליבן ביי אונז אין האַנט. אויף מאָרגן פרי, ווען מיר זענען געקומען צו דער אַרבעט, האָט איין אַרבעטער גענומען לעזן פאַר אונז אַלע די פּראָקלאַמאַציאָן. דאָ האָבן מיר ערשט פאַר־שטאַנען, אַז דער בעל־טובה איז דער זעלבער בלוט־צאַפּער, ווי אַלע, מיר זענען געוואָרן זייער אויפגערעגט און אָנגעהויבן שרייען: „לאָמיר שוין שטרייקן, אַזוי ווי אין פּראָקלאַמאַציע איז גע־שריבן״.

„אין דעם טומל איז אַריין האַמער, האָט גענומען שרייען, אַז ער לויפט גלייך צום פּאָליצמייסטער מיט די „קוויטעס״, וואָס ער

האָט געפונען, און ער וועט אים זאָגן, אַז דאָס האָבן זיינע אַרבעטער אַליין אונטערגעוואָרפן. נאָר איניקע אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך דערשראָקן, האָבן אים אָפּגעהאַלטן, און ער איז נישט געגאַנגען. נאָר יעדנפאַלס האָבן מיר שוין דיטלעך געזען, ווי באַרמהערציק אונזער „פאָטער" איז".

זומער האָבן די וועבער אין האַמערס פאַבריק פאַרשטרייקט. זיי האָבן געפאָדערט העכערע לוינען. ס'האָבן זיך אָבער געיאַוועט שטרייק־ברעכער און דער שטרייק איז געוואָרן פאַרשפּילט. אין אַ צייט אַרום איז פאָרגעקומען אַ שטרייק, קיין יידישע שטרייק־ברעכער זענען שוין נישט געווען. אַנדערע אַרבעטער האָבן מאַטעריעל געשטיצט די שטרייקנדע.

„האַמער האָט אויסגעפּרוווט אַלע מיטלען: ער האָט ווידער געסטראַשעט מיט פּאָליציי, האָט געלאָזט נעמען צוויי אַרבעטער אין צירקל (אוטשאַסטאָק), נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. אַם ענדע האָט ער מודיע געווען דורך דער ציימונג, דאָס ער וויל צונעמען קריסטלעכע אַרבעטער. דאָס מיטל האָט געהאָלפן. עס זענען געקומען קריסטן אָננעמען די אַרבעט און צוליב דעם איז דער שטרייק, וועלכער האָט געדויערט צוויי וואָכן, געווען פאַרשפּילט"*).

וואָס גרעסער די פאַבריקן פון האַנט־וועבער זענען געווען, אַלץ ערגער די אַרבעטס־באַדינגונגען. די צוויי גרעסטע האַנט־וועבערייען זענען געווען: טיקאָטצינערס פאַבריק מיט 90 אַרבעטער און דאַבראַניצקיס מיט 92. ביי דאַבראַניצקין האָבן געהערשט די ערגסטע אַרבעטס־באַדינגונגען. אַ חוץ דעם לאַנגן אַרבעטס־טאָג, קלאָגעדיקן לוין, האָבן נאָך די וועבער געדאַרפט דעקן אַ ריי אויסגאַבן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צום אויספירן די אַרבעט. אַזוי האָט זיך דאָ איינגעהאַלטן לאַנג דער „מנהג", אַז וועבער זאָלן באַצאָלן פאַר ראָלן די שיצן", פאַר נאַפט צום לאָמפּ, וואָס האָט געדאַרפט באַליכטן דעם האַנט־וועב־שטול אָוונט, ביינאַכט

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 22, 1901.

און גאַנצע נעכט, ווען דער וועבער איז געזעסן איינגעבויגן איבער דער סחורה און געוועבט מיט הענט און פיס.

ביי די אַלע באַדינגונגען איז נאָך געווען אַ מייסטער, „וועל־כער איז זיך מיט די אַרבעטער באַגאַנגען ריכטיק ווי מיט אַ סטאַדע בהמות, געבנדיק יעדן באַזונדער אַ שמיץ און יעדער האָט שוין געטון, ווי ער האָט געוואָלט. „לומפּ", „געמיינער בענ־געל", „לאָזער באַנדע", „פוילענצער", דאָס האָט ער שטענדיק געהאַט גרייט מכבד צו זיין אָן אונטערשיד יעדן, פון יונג ביז אַלט, און דאָס האָבן די וועבער אַלץ אַראָפּגעשלונגען, מורא האָבנ־דיק צו ווייזן וועלכע עס איז אומצופרידנקייט". פאַר דעם מינדסטן ווידערשטאַנד האָט מען געקענט דערהערן דאָס שרעקלעכע וואָרט „פּייעראָוונט", „אַ וואָרט, וועלכער רופט ביי דעם וועבער אַרויס די פיינלעכע פראַגע: „ווי גייט מען זוכן אַרבעט". דאָס האָט אַזוי לאַנג אָנגעהאַלטן אין דאָבראַניצקיס פאַבריק, ביז די אַרבע־טער האָבן אָנגעהויבן פאַרשטיין, „אַז „אחדות" איז די איינציקע הילף"*).

קוים האָבן די „אחדות" אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין דער פאַבריק, איז דאָרט באַלד פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג: אין דעם לעבן פון די אַרבעטער. עס זענען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי פאַרזאַמלונגען. ס'איז אַגיטירט געוואָרן פאַר פאַראייניקן זיך, פאַר קעמפן פאַר אַ בעסער לעבן. די אַגיטאַציע אין דער פאַבריק האָט געגעבן דעם געהעריקן רעזולטאַט: דעם 24־טן נאָוועמבער 1901 האָט זיך אין דער פאַבריק אָנגעהויבן דער ערשטער שטרייק.

„אין דער פרי האָבן מיר זיך אָוועקגעשטעלט — שרייבט דער „פּרייהייטס גלאָק" אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון דאָבראַניצקיס פאַ־בריק — און געפאָדערט דעם אינספּעקטאָר. דער פאַרוואַלטער איז געקומען מיט אַ געשריי, ער האָט געציטערט פאַר שרעק, זעענדיק, אַז די גאַנצע פאַבריק שטייט. „וואָס אַרבעט איר נישט?" האָט ער געפרעגט. „דעם אינספּעקטאָר", האָבן אַלע געענטפערט. „שיקט נאָך אים", האָט ער געזאָגט. „שיקט אַליין", האָבן אַלע

*) „דער פרייהייטס גלאָקי נומ. 2, אַפּריל 1902.

געענטפערט. אין פארלויף פון א שעה איז דער אינספעקטאָר גע־קומען. אריינגייענדיק, האָט ער אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט די פיס און שרייען, פאַרוואָס מען אַרבעט נישט, וואָס מען שטייט; וואָס מער ער האָט געשריגן, דאָס מער האָבן אַלע געשוויגן. זעענדיק, מיט וועמען ער האָט צו טון, האָט ער אָנגעהויבן בעסער צו ווערן און געפרעגט, וואָס מען פאָדערט. מיר האָבן דערציילט, ווי עס זעט אויס ביי אונז. ער האָט אַלץ פאַרגלעט און פאַרשמירט, ווילנ־דיק פאַרטיידיקן אונזער פאַבריקאַנט, געווים פאַר א 50־ער, נאָר מיר האָבן אים געזאָגט, אז ער וועט גאָרנישט מאַכן, מיר האָבן שוין גענוג ביז איצט געליטן און אז מיר וועלן פריער נישט אָנ־הויבן צו אַרבעטן, ביז מען וועט אַלעס נאָכגעבן, וואָס מען פאָ־דערט. דרייענדיק זיך אהין און צוריק, איז ער געזעסן ביז האַלב 7 אָוונט און מען האָט אַלעס נאָכגעגעבן"*).

די ערגסטע פון אַלע האַנט־וועב־אונטערנעמונגען איז געוועזן פרידמאַנס פאַבריק. דער פאַרדינסט האָט דאָ אויסגעמאַכט פון 3 ביז 3 רוב. 50 קאָפּ. א וואָך, דערביי זענען געוועזן אָפטע איבער־רייסן אין דער אַרבעט. מ'האָט געוואַרט אויף קעטן, אויף שוס, דאָ האָט געפעלט א שפּולערין, דאָ האָט מען געדאַרפט עפּעס פאַר־ריכטן. מיט איין וואָרט, „עס איז מקוים געוואָרן דער ערשטער טייל פון פסוק „בזעת אפך תאכל לחם", ד. ה. דער שווייס רינט פון פּנים, אָבער עסן ברויט — דאָס הויבט זיך גאָרנישט אָן.

„די פאַבריק זעט אויס ווי א שטייג פון גענז, צוזאַמענגע־קלאַפּט פון ברעטלעך. דערפאַר זומער ווערן מיר פאַרברענט פון היץ און ווינטער געשוואָלן פון קעלט; אָנגעפּאַקט איין וועב־שטול אויפן צווייטן, מיסט מיט לעזע־וואָל, פיל אָנגעלייגט איבער דער גאַנצער פאַבריק, אז מען קען נישט דורכגיין. גליקלעך איז דער, וואָס זיין שטול שטייט ביים עק, ער ברויכט זיך נישט דורכצו־שטופּן ביז אויבן און דערצו איז נאָך אין אונזער פאַבריק אַזאַ סיסטעם, אז עס איז צו לאַכן און צו וויינען צוזאַמען: אָן אונטער־שיד, צי א פּריווילייידיקער (א בחור), צי א בעל־הבית (א פאַר־

*) דאָרט.

No. 2
דער אללגעמיינער אידישער ארבייטער בונד אין ליטא, פוילען און רוססלאנד.

גענאססען, פערשפרייט דעם פרייהייטס-גלאק!

# דער פרייהייטס-גלאק

ארגאן פון לאדזער סאציאל-דעמאקראטישען קאמיטעט.

אפריל ❧ ארבייטער אללער לענדער, פעראייניגט אייך! ❧ 1902

## וועגען די נייע ערשיינונגען אין אונזער קאמפף.

קיינער וועט אודאי ניט אָבלייקענען, אַז אונזער רוססישע רעגירונג איז אָפּטמאָל זעהר פערנאַרעשט, אַז זי קוקט אויף אַלץ מיט פערבלענדעטע אויגען, רעדט זיך איין אָפּט פוסטע זאַכען און פאַרווינט זיך מיט פוסטע האָפנונגען. מיט די סטודענטען, וועלכע מען איז אָפּט מכבד מיט דעם בייטש פון „ווערעטעניא איז אין אמת'ן. פאַר אונז וואַרפט זי אַראָב איהר שעפּסענע פעל, שטעקט אַרויס איהרע אמת'ע ווילדע לאַפּעס און וויזט אַרויס איהרע גאַנצע אכזריות און רציחה. זי האָט איין באַרבאַרישען גע־וועהר אין די הענד, דאָס איז די געוואַלט. די רעגירונג ווייס גאַנץ גוט, אַז די אַרבייטער זיינען טויב צו אַללע איהרע רעפאָרמען, נעזעט־צען און נאָך אַזעלכע שעהנע זאַכען, ווייל די אַללע רעפאָרמען האָבען פאַר די ארבייטער טאַקי נור דאַן אַ ווערטה, ווען זיי דערגרייכען דאָס אַליין מיט קאַמפף, ווי זייער רעכט, אָבער ניט ווען מען וואַרפט זיי דאָס צו פון „אויבען" ווי אַ נדבה. די אַרבייטער ווי־

אומלעגאלער אָרגאַן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד''

הייראטער), צי אַן אַלטער ייד — נעמט מען אַ פּלעדערוויש און פשוט, ווי אַ משרת, רייניקט מען שטענדיק אויס די פאַבריק. אַמאָל איז דאָס נישט געווען, קיינמאָל האָט אַ וועבער־געזעל פריער נישט געקערט פון אונטערן שטול און נאָך דערצו אין אַ פאַבריק. פריער מאַכן מוז מען אויך און אַלע טאָג אַן אַנדער געזעל. מיט איין וואָרט, מיר זענען אַרבעטער און משרתים צוזאַמען. דערצו קומט נאָך הער פרידמאַן דערלייגן 2 פונט שאָס אויפן שטיקל אָן אַ קאָפּיקע העכער, דאָ איז אַן ענדע — אויס! מיר מוזן שטרייקן, עס איז שוין אוממעגלעך.

„מיר האָבן אַלע זיך צוזאַמענגערעדט נישט בלויז צו פאָדערן נישט דערלייגן קיין שאָס, נאָר אַז מען זאָל די אַנדערע שלעכטע באַדינגונגען אויך אָפּשאַפן. מיר זענען זיך צוזאַמענגעקומען און זיך דורכגערעדט, ווי וויכטיק עס איז, אַז מיר זאָלן שטיין; מיר האָבן געשפּירט די נויטיקייט צו צאָלן אין דער קאַסע אין דער צייט, ווען מען אַרבעט. מיר האָבן זיך באַשלאָסן צו שטיין ווי לאַנג נאָר עס זאָל זיין. דער שטרייק האָט געדויערט 10 טעג און מיר האָבן געזיגט. נישט פאַרגרעסערט דעם שאָס און נאָך גענומען אַ מיידל אויסצוקערן, פריער מאַכן און וואַסער ברענגען״*).

די אַלע ציטירטע קאָרעספּאָנדענציעס פון די האַנט־וועבפאַבריקן, גיבן אונז אַ פאַרבנרייך בילד פון דעם לעבן און די ערשטע קאַמפן פון די יידישע וועבער אין לאָדזש אין די גרעסערע אונטערנעמונגען. די פאַבריק האָט געגעבן דעם וועבער בעסערע באַדינגונגען, ווי דער לוין־וועבער, אָבער ביי די „בעסערע באַדינגונגען״, האָבן די וועבער קוים פאַרדינט אויף חיונה. דער אַרבעטס־טאָג איז געווען אַן אומבאַגרענעצטער. דער אידעאַל איז געווען צו אַרבעטן 12 שעה, אָבער אין סעזאָן האָט מען געאַרבעט פיל מער שעהן. סיי זומער, סיי ווינטער איז מען געזעסן ביז שפּעטער נאַכט ביי דעם פאַררויכערטן נאַפט־לעמפּל, וועלכעס האָט צוגעטאַנצט אויף דער אַ. ג. ליכט־שנור צום טאַקט פון וועבערס

*) „דער פרייהייטס גלאָקע״ נומ. 2, אַפּריל 1902, קאָרעספּאָנדענץ: „אַ טריט ווייטער אויף פרידמאַנס פאַבריקע״.

באוועגונגען. 12—16 שעה אין מעת־לעת באוועגן אזוי מיט די הענט און פיס, דאָס איז באמת געווען אַ קאַטאָרגע־אַרבעט. (דער זעלבער אופן פון אַרבעט ווערט נאָך, לײדער, ביז היינט געפירט ביי די אָרעמע האַנט־וועבער, וועלכע האָבן זיך נישט אַריינבאַקו־מען אין די פאַבריקן). די באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע איז געווען ברוטאַל און גראָב, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָ האָט מייסטנס געאַרבעט אַן עלטערער עלעמענט, איז דאָך געלונגען די אחדות־בונדיסטן צו באַקומען גיך אַ ווירקונג אויף די פאַבריקן. די ערשטע שטרייקן אין די האַנט־וועב־פאַבריקן זענען פאָרגעקו־מען אין סוף 1900־טן יאָר. דעמאָלט קומען פאָר שטרייקן ביי ווישליצקין, מייזעל, האַמער, טיקאָטשינער. אין סוף 1901 זענען שוין כמעט אַלע האַנט־וועב־פאַבריקן אונטער דער השפּעה פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

כאַראַקטעריסטיש פאַר די ערשטע שטרייקן אין די האַנט־וועב־פאַבריקן איז דאָס אָפטע זוכן שוץ ביי דער פאַבריקס־אינ־ספּעקציע. די צאַרישע „אַרבעטער־שוץ־געזעצגעבונג" האָט באַקו־מען אַ ממשותדיק פּנים אין יאָר 1886. דאַן, נאָך די אומרוען אין מאָראָזאָווס פאַבריק, איז איינגעפירט געוואָרן דער אַ. ג. „נייער פאַבריקס־סטאַטוט", וועלכער האָט איינגעשטעלט פאַבריקס־רעגו־לאַמינען, גובערניאַלע קאָמיסיעס פון פאַבריקאַנטן און באַאַמטע, וועלכע דאַרפן שיצן די אַרבעטער און פאַרשאַרפט די שטראָפן פאַר שטרייקן. דאַן זענען אויך איינגעפירט געוואָרן די פאַבריקס־אינספּעקציעס.

אין פּוילן, און דאָס נאָר אין די צוויי גובערניעס פּיעטריקאָ־ויער און וואַרשעווער, אַלס אינדוסטריע־צענטערן, איז דער נייער פאַבריקס־אוסטאַוו איינגעפירט געוואָרן אין 1891־טן יאָר, ווען עס איז געוואַקסן די שטרייק־באַוועגונג אין די אונטערנעמונגען.

בעת די ערשטע שטרייקן אין די יידישע האַנט־וועב־פאַבריקן, האָבן די אַרבעטער אויסגענוצט דעם נייעם פאַבריקס־סטאַטוט, כדי צו לעגאַליזירן די אַקציע און צוגעבן איר אַ רעכטלעכן כאַראַקטער. מ'האָט געשטרייקט און געפאָדערט דעם פאַבריקס־אינספּעקטאָר. די יידישע אַרבעטער האָבן זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דעם

גרויסן ווערט פון די צאַרישע פאַבריקס־אינספּעקטאָרן. אין אַלע קאָרעספּאָנדענציעס וועגן די שטרייקן און אַקציעס, וואָס זענען דורך אונז ציטירט געוואָרן, ווערט אונטערגעשטראָכן דער אַרבע־טער־פיינטלעכער כאַראַקטער פון די פאַבריקס־אינספּעקטאָרן, וועל־כע זענען נאָר דערפאַר אויף דער זייט פון די אַרבעטער, כדי צו קאָנען אַרויספּרעסן אַ פּופּציק־רובלדיקן פון אונטערנעמער.

נאָך אַזאַ מטבע נעמט דער אינספּעקטאָר רעדן האַרבע דבורים מיט די שטרייקנדע, אָבער די „אחדות" האָבן זיי שוין אויסגע־לערנט נישט מורא האָבן פאַר צאַרישער נאַטשאַלסטוואָ און נישט געקוקט אויפן כעס פון אינספּעקטאָר און אויף אַראָפּברענגען פּאָ־ליציי אין פאַבריק, שטרייקט מען ווייטער.

די ערשטע שטרייקן אין די האַנט־וועבעריען האָבן זיך אָפט געענדיקט מיט מפּלות, אָדער מיט קליינע געווינסן. זיי האָבן אָבער אויסגעלערנט דעם אַרבעטער קעמפן פאַר זיין רעכט. די שטרייקן זענען באַלד פון מתחילת אָן געשטיצט געוואָרן מיט געלט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. קיין ספּעציעלע שטרייק־קאַסעס, ווי אין ווילנע און אַנדערע שטעט, זענען אין לאָדזש נישט געוועזן. ס'איז געוועזן די פּאַרטיי־קאַסע, אָדער, ווי זי האָט זיך גערופן, פּאָ־ליטישע קאַסע (פּ. ק.), וועלכע האָט אויך געשטיצט שטרייקנדע. מייסטנס פלעגן בעת שטרייקן געמאַכט ווערן זאַמלונגען צווישן אַרבעטער פון אַנדערע אונטערנעמונגען.

אין די קאַסע־באַריכטן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" פיגורירן שוין די פאַבריקן מיט אייגענע סומען. אין באַריכט פון נאָוועמבער 1901 ווערן דערמאָנט די פאַבריקן פון: ווישליצקין 2 רובל מיט 40 קאָפּ. און טיקאָטשינער 1 רובל 60 קאָפּ.*). אור־טיילנדיק לויט די קאַסע־באַריכטן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" פאַר די חדשים אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער 1901 און יאַנואַר 1902, האָט דער „בונד" געהאַט אַ ווירקונג אין פאָלגנדע פאַכן: וועבער, קאַמאַשנמאַכער, שניידער, שוסטער, מאַ־

---

*) „פּרייהייטס גלאָקע" נומ. 2, אַפּריל 1902, „רעכענונג פון לאָדזער סאָצ. דעמ. קאָמיטעט".

לאַדעס, היטלמאַכער, בלעכער, טרייבערינס, טישלער, שטרימפּן־ווערקער (זאָקנמאַכער), פלוש־וועבער, דרעקסלער, שערער, בעקער, פּאַקער, דרוקער, ליטאָגראַפטשיקעס, די באַרימטע כמיעלעווסקים זייגער־פאַבריק, שאַכטלמאַכער, שניצער, שטאָפּערינס*), ד. ה. כמעט אַלע צווייגן פון דער לאָדזשער אינדוסטריע און מלאכה, וווּ עס זענען געווען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער. די בונדישע אָר־גאַניזאַציע האָט אַזוי אַרום באַוויזן אין משך פון 4 יאָר עק־זיסטענץ, ביי די שווערסטע פּאָליציייאישע באַדינגונגען, ביי פּאַר־פאָלגונגען פון דער אונטערוועלט — צו באַקומען אַ ווירקונג און ווערן די וואָרט־זאָגערין פון כמעט דעם גאַנצן יידישן פּראָלע־טאַריאַט אין לאָדזש. דער אָרגאַניזאַציע־בילאַנס פון יאָר 1901 שליסט זיך אָפּ מיט אַ גאַנצער ריי שטרייקן, וועלכע זענען אונז שוין באַקאַנט פון די ציטירטע קאָרעספּאָנדענציעס. צום רייכן בי־לאַנס דאַרף מען אויך צושרייבן דאָס דערשיינען אין דעם יאָר פון אַן אָרגאַן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד”: „דער פרייהייטס גלאָק”. דער ערשטער נומער פון „פרייהייטס גלאָק” איז אַרויס אין סעפּטעמבער 1901. דער צווייטער נומער אין אַפּריל 1902. דער נומער 3—4 איז אַרויס אין נאָוועמבער 1902. אויך אין 1904 איז אַרויס אַ נומער פון „פרייהייטס גלאָק”. ס'איז, ליידער, אונז נישט געלונגען פעסטצושטעלן, ווער ס'איז געווען אין רע־דאַקציע פון „פרייהייטס גלאָק”, וווּ ער האָט זיך געדרוקט. עס איז נאָר באַקאַנט, אַז דער מחבר פון „נייעס פון געפענגעניש” איז געווען דער שוין באַקאַנטער מרדכי אייבערט (מאַקס טישלער) און דעם פעליעטאָן „מ'דאַרף גיין דינען” האָט אָנגעשריבן יחיאל זיל־בערבערג (רבי). דער גוטער דרוק און פּאַפּיר ווייזט, אַז דער אָרגאַן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד” האָט זיך געדרוקט אין אויס־לאַנד און מיט גרויס מסירת־נפש געבראַכט געוואָרן אין לאָדזש. צום שבח פון יענע אומבאַקאַנטע רעדאַקטאָרן מוז מען צוגעבן, אַז דער „פרייהייטס גלאָק” איז זייער גוט געווען געמאַכט. די שפּראַך איז אַ ריינע, אַ פּאָפּולערע, אָן די גערמאַניזמען, וועלכע

*) דאָרט.

האָבן באַצירט אונזערע דעמאָלטיקע אויסגאַבן. די קאָרעספּאָנדענ־
ציעס פון די פאַכן און פאַבריקן זענען, משמעות, געשריבן פון אַר־
בעטער אַליין; עס פילט זיך דאָרט דער ספּעציפישער הומאָר פון
יעדן פאַך.

*

אין אָקטאָבער 1901 האָט „די אַרבייטער שטימע'' געפייערט
דעם יובילײ פון איר 25־סטן נומער. דער יובילײ איז פאַרוואַנדלט
געוואָרן אין אַ גרויסן יום־טוב פאַר אַלע בונדישע אָרגאַניזאַציעס.
אויך לאָדזש האָט זיך אין דער פייערונג באַטייליקט. עס איז פאָר־
געקומען אַ פאַרזאַמלונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט
350 פערזאָן. עס זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די אַזוי פּאָפּולערע
„בונדישע ליאַמעס'' (אונטערהאַלטונג פון חברים) און עס איז
געזאַמלט געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט פאַר דער „אַרבייטער
שטימע''.

X

# די יידישע ארבעטער-באוועגונג און דער פוילישער פראלעטאריאט

מצב פון דער פוילישער אַרבעטער־באַוועגונג. — שטע־
לונג פון „פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט" צום „בונד". —
ערשטער מאַי 1902. — באַנייט די אָנפאַלן פון די אונ־
טערוועלט־„העלדן". — פּאָליציייאישע איבערפאַלן אויף
די טײ־הייזער („טשאַיניעס").—„בונד" רופט זיך קעגנ־
צושטעלן די אָנפאַלן. — די אַכזריות פון די פאַברי־
קאַנטן. — שטרייק און „טראַנספּאָרטן" פון די יידישע
וועבער אין ווישליצקיס פאַבריק.

אין די ווינטער־חדשים פון יענער צייט איז מייסטנס געפירט געוואָרן זייער אַ שוואַכע פּאָליטישע אַרבעט. אויף קיין בערזעס און אָפענע ערטער איז שווער געווען צו קומען, פשוט דערפאַר, ווייל דאָס רוב אַרבעטער האָבן נישט געהאַט קיין גאַנצע שיך און וואַרעם אָנצוטון. אַ חוץ מזה זענען די קאַלטע חדשים געווען צווישן־סעזאָן־צייט, ווען קיין אַרבעט איז נישט געווען לרוב. דאָס האָט ממילא אָפּגעשוואַכט די שטרייקן, אַקציעס א. א. וו. דערפאַר מיטן אָנקומען פון פרילינג האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג אויף „ביידע זייטן באַריקאַדע". די בונדיסטן האָבן זיך גענומען זאַמלען אין די וועלדער, אויף די בערזעס און די פּאָליציי האָט געשלאָגן, פאַרפאָלגט, געיאָגט, אַרעסטירט און געשיקט מיטן טראַנספּאָרט. דער פרילינג און זומער פון יאָר 1902 איז געווען אין היגזיכט פון צאַריש־פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס און אָנפאַלן פון דער אונטערוועלט שטאַרק ענלעך צום פאַריקן יאָר.

די ערשטע מאַי־פייערונג פון דעם יאָר 1902 איז אויך אַדורך

שטיל, אָן שטרייקן און דעמאָנסטראַציעס. הגם די יידישע אַרבעטער זענען שוין געווען רייף צו אַזעלכע אַרויסטרעטונגען, האָט אָבער די פּאַסיוויקייט פון דער דערדריקנדיקער מערהייט פון נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט נישט צוגעגעבן קיין מוט די יידישע אַרבעטער צו אַן ערשטן מאַי־שטרייק, אָדער דעמאָנסטראַציע.

ביז 1905 האָט זיך די דריי גרופּירונגען פון פּוילישן סאָציאַליזם: ס. ד. ק. פּ. אי. ל., פּ. פּ. ס. און „פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט", וועלכע האָבן דאָ געהאַט זייערע אָרגאַניזאַציעס, נישט איינגעגעבן אַרויסצורופן אַ מאַסן־באַוועגונג ביי די פּוילישע און דייטשע אַרבעטער. די פּ. פּ. ס. איז געווען די ערשטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וועלכער עס האָט זיך איינגעגעבן דאָ אַוועקצושטעלן זיך נאָך דעם שטורעם פון 1892־סטן יאָר. דאָ איז אויך געווען די אומלעגאַלע דרוקעריי פון „ראָבאָטניק", מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט יוזעף פּילסודסקי. די דרוקעריי איז אַדורכגעפאַלן אין 21־סטן פעברואַר 1900. די פּעפּעסישע אָרגאַניזאַציע האָט אָבער קיין גרויסן איינפלוס אויף די אַרבעטער נישט געהאַט.

אין יאָר 1900 איז אין לאָדזש אַנטשטאַנען די אָרגאַניזאַציע „פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט". זי האָט זיך אונטערגעשיידט פון פּ.פּ.ס. אין איר באַציאונג צו דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. די פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט האָט געהאַלטן, אַז ס'איז „פיזיש אוממעגלעך, אַז עס זאָל זיך איינגעבן אַ פּוילישער אויפשטאַנד אין רוסישן אָקופּירטן געביט נאָר מיט אייגענע קרעפטן. דעריבער, נישט אָפּזאָגנדיק זיך פון דער פּוילישער אומאָפּהענגיקייט, דאַרף מען אונטערשטיצן די שטרעבונג צו אַ קאָנסטיטוציע אין רוסלאַנד*). די באַציאונג פון פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט צום „בונד" איז געווען אַ פריינטלעכע. די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַלטן פאַר פאַלש דעם קאַמף, וואָס די פּ. פּ. ס. האָט אין יענער צייט געפירט מיטן „בונד". אין נומער 4—5 „פּראָלעטאַריאַט" זאָגט זיך וועגן „בונד": „אין באַציאונג צום „בונד" האָט אונזער אָרגאַניזאַציע

*) מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי: „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּירטן געביט", זייט 379.

באַלד פאַרנומען אַ ריכטיקן שטאַנדפּונקט, אָנערקענענדיק אים די עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווי אַ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע''*).

די אָרגאַניזאַציע פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט וואָלט פאַרן „בונד'' אין לאָדזש געוועזן אַן אויסגעצייכנטער שותף, לײַדער האָט זי נישט געהאַט קיין אריכת־ימים. מתחילת האָט די אָרגאַניזאַציע באַקומען אַ שטאַרקע ווירקונג אויף די לאָדזשער אַרבעטער. דער ערשטער אומלעגאַלער אויפרוף פון דער ריכטונג, וועלכע איז געוועזן אַ מין פּראָגראַם־דעקלאַראַציע און איז אין לאָדזש מאַסנווײַז פאַרשפּרייט געוואָרן, האָט דאָ געמאַכט אַ געוואַלטיקן אײַנדרוק. אָבער אויפן צווייטן יאָר פון דער עקזיסטענץ פון „פּראָלעטאַריאַט'' זענען פאַרגעקומען אַרעסטן, טוער פון „פּראָלעטאַריאַט'' אין לאָדזש האָבן געמוזט עוקר זײַן און די אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעהערט צו ווירקן**).

די „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרײַך פּוילן'', וועלכע האָט אין יאָר 1900 באַניט איר טעטיקייט א. נ. „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרײַך פּוילן און ליטע''***), האָט אין לאָדזש אין די יאָרן, וועלכע מיר באַשרײַבן, נישט אַרויסגעוויזן קיין שום סימנים פון לעבן, אַזוי, אַז דער „בונד'' איז אין זײַן רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין לאָדזש געוועזן אײנציק און אַליין. די ייִדישע אַרבעטער, בײַ וועמען דער סאָציאַליסטישער באַוווּסטזײַן און דער פּאָליטישער אינטערעס איז שוין געשטאַנען זייער הויך, האָבן פון דער גלײַכגילטיקייט פון נישט־ייִדישן פּראָלעטאַריאַט צום קלאַסן־קאַמף זייער אַ סך געליטן.

אויף דעם קלאָגט זיך אויך דער קאָרעספּאָנדענט אין „דער אַרבייטער שטימע'' נומ. 29, סעפּטעמבער 1902:

„די ייִדישע אַרבעטער באַגעגענען אַ שטאַרקע שטערונג אין זייער קאַמף, ווי עקאָנאָמישן, אַזוי אויך פּאָליטישן, אין די קריסטלעכע אַרבעטער, וועלכע טרעטן אָפּן אַרויס קעגן זיי אין עקאָנאָמישן קאַמף און באַציִען זיך גלײַכגילטיק צום פּאָליטישן

*) דאָרט, זײַט 386.
**) דאָרט, זײַט 382.
***) ס. ד. ק. פּ. אי ל. אָדער ווי מ׳האָט זי גערופן ס. ד.

קאמף. אזוי זעען מיר, דאָס די יידישע אַרבעטער, וועלכע געפינען זיך אין די פאַבריקן (בײַ האַנט־שטולן) צוזאַמען מיט קריסטן, איז אוממעגלעך צו דערשלאָגן זיך בעסערע באַדינגונגען צוליב די קריסטן, וועלכע בּרעכן אָפּט די שטרייקן. דאָס זעלבע באַמערקט זיך אויך אין דער הינזיכט פון פּאָליטישן קאמף. אין דער צייט, ווען אַ גרויסער טייל פון יידישן פּראָלעטאַריאַט איז גרייט יעדע מינוט אַרויסווייזן אין גאַס זיין פּאָליטישע רייפקייט דורך דעמאָנסטראַציאָנען, פּראָטעסטן א. אַז. וו., שטייט דער קריסטלעכער פּראָלעטאַריאַט אָפּ אין דער הינזיכט צוליב זיין פּאָליטישער גלייכגילטיקייט. אזוי האָט מען זיך היינטיקן זומער שוין עטלעכע מאָל פאַרפערטיקט צו דעמאָנסטראַציאָנען פון יידן מיט קריסטן צוזאַמען, און דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן נאָר צוליב די זייער קליינע צאָל קריסטן, וועלכע זענען געקומען אויפן אָרט. (צום ערשטן מאַי האָבן געוואָרט אין אָפּגעשטימטן אָרט העכער אַלס 3000 יידן און זיי זענען זיך צעגאַנגען נאָכן באַפעל פון דער אָרגאַניזאַציאָן, ווייל קריסטן זענען געקומען גאָר ווייניק). אַזאַ צושטאַנד פון די קריסטלעכע אַרבעטער רופט אַרויס פיל פּעסימיסטישע מיינונגען באַזונדערס בײַ די ווייניקער אַנטוויקלטע יידישע אַרבעטער, שלאָפּט אָפּ בײַ זיי די ענערגיע צום קאַמף".

די ציפער 3000 דאַרף מען דאָ אָננעמען פאַר אַ גוזמאַדיקע, ווייל וואָלט זיך דעם „בונד" איינגעגעבן אַרויסצוברענגען אין גאַס אַריין 3000 אַרבעטער, וואָלט אָן צווייפל אַ דעמאָנסטראַציע פאָרגעקומען. אַ חוץ מזה, בײַ 3000 אַרבעטער אין גאַס וואָלט דעם טאָג, ד. ה. אין ערשטן מאַי געמוזט פאָרקומען אַן אַלגעמיינער שטרייק פון יידישע אַרבעטער. אַזאַ שטרייק איז אָבער אין ערגעץ נישט נאָטירט. ווי גוזמאַדיק די ציפער זאָל נישט זיין, איז אָבער קלאָר איין זאַך: די יידישע אַרבעטער זענען אַרויס אין גאַס דעם ערשטן מאַי 1902 און געפּרוּווט באַוועגן אויך דעם פּוילישן פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל זיך באַטייליקן אין אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע, אָבער ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן.

יעדעס יאָר, בעת דער ערשטער מאַי־אַגיטאַציע, וואָס די בונדיסטן האָבן געפירט, איז אויסגעקומען זיך אָנצושטויסן אָן דעם

בייזן גייסט פון פּאָגראָם אין 1892. די בונדישע אַגיטאַטאָרן האָבן
וועריבער פאַרן ערשטן מאַי אָנגעווענדט אַ סך מי, כדי צו פאַר־
טרייבן די שרעק פאַרן אַרבעטער־יום־טוב. ספּעציעל איז אויסגע־
נוצט געוואָרן צו דעם דער ערשטער מאַי פון 1902־טן יאָר. עס
איז געוואָרן 10 יאָר, זייט יענע טראַגישע געשעענישן און די דאַ־
טע איז באַהאַנדלט געוואָרן, ווי אַ יובל. דער לאָדזשער קאָמיטעט
פון „בונד" האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן „פלוג־בלאַט" פון
4 זייטן, וווּ עס איז אַלזייטיק אַרומגערעדט געוואָרן די געשעענישן
פון 1892־סטן יאָר. די אויסגאַבע הייסט „לאָדזער פלוג־בלאַט" צום
אָנדענקען פון ערשטען מאַי 1892".

בעתן באַהאַנדלען די געשעענישן פון יענעם יאָר, האָבן מיר
דאָס פלוג־בלאַט ברייט ציטירט. עס איז דער איינציקער דאָקו־
מענט אין יידיש פון יענער צייט, וועלכער גיט אַ באַגריף וועגן דעם
דאָזיקן גראַנדיעזן און איינצייטיק טראַגישן ערשטן אַרויסטריט פון
לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט. דאָס פלוג־בלאַט, נאָכן אויפקלערן די
סיבות פון פּאָגראָם, פאַרענדיקט:

„יעצט ווענדעט זיך שוין נישט מער דער האַס פון דער
קריסטלעכער אַרבעטער־מאַסע קעגן זייערע יידישע ברידער. און די
יידישע אַרבעטער וואַרטן שוין נישט אויפן ערשטן מאַי מיט
שרעק, פאַרקערט, זיי דערוואַרטן איר מיט פרייד, אום שולטער ביי
שולטער, האַנט ביי האַנט מיט די קריסטלעכע אַרבעטער־ברידער,
צו קעמפן צוזאַמען פאַר זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן.

„...זאָל די איינקייט פעסט פאַרבינדן אַלע פּראָלעטאַריער, אָן
אונטערשיד פון נאַציאָנען און רעליגיאָן — ברידער זענען די אַר־
בעטער פון אַלע נאַציאָנען — זאָלן זיי זיך אונטער איין פאָן פאַר־
זאַמלען!

„עס לעבע דער פאַראייניקטער פּראָלעטאַריאַט! עס לעבע די
סאָציאַל־דעמאָקראַטיע!" *).

---

*) לאָדזער פלוג־בלאַטט. צום אָנדענקען פון 1 מאַי 1892.
הערויסגעגעבען פון לאָדזער סאָציאַלדעמאָקראַטישען קאָמיטעט.
אַפּריל 1902.

באלד נאכן ערשטן מאי זענען באנייט געווארן די אנפאלן פון די אונטערוועלטהעלדן אויף די ארבעטער און די ברוטאלע פארפאלגונגען מצד דער פאליציי. די סיבה פון די ווייטערדיקע געשלעגן מיט די גאסן־יונגען אין לאדזש איז דאן געווען נישט קיין לאדזשער. געהאנדלט האט זיך וועגן פאביאניץ. אויך דארט האבן די ווילדע יונגען אנגעהויבן א קאמף מיט די ארבעטער. אין פאביאניץ, וועלכע האט געהאט א סך יידישע האנט־וועבער און א סאציאליסטישע באוועגונג, האבן זיך גענומען איבערחזרן די זעלבע געשעענישן, ווי אין לאדזש אין יאר 1901. לוין־וועבער האבן אנגערייצט די ווילדע יונגען צו מאכן בלוטיקע אנפאלן אויף ארבעטער, אייניקע ארבעטער האט מען געדראט מיטן טויט, זיי האבן דעריבער געמוזט אנטלויפן קיין לאדזש.

דער אנפירער און „העלד'' פון די דאזיקע ווילדע יונגען איז געווען זשאמע האמפעל. אין איינעם א טאג איז האמפעל געקומען נאך לאדזש צו זיינע „גוטע ברידער''. אייניקע לאדזשער בונדיסטן, וועלכע האבן זיך שוין דערוואוסט פון די פאביאניצער „פליטים'', וואס דארט איז פארגעקומען, האבן באשלאסן זיך אפצורעכענען מיט דעם פאביאניצער העלד און עס איז געקומען צו בלוטיקע געשלעגן צווישן די ארבעטער מיט די ווילדע יונגען. דער אנפירער פון די דאזיקע קאמפן מצד די ארבעטער איז, ווי שטענדיק, געווען דער „שווארצער סובער''. ער דערציילט וועגן דעם אין זיינע זכרונות:

„עטלעכע לאדזשער ארבעטער האבן זיך ארגאניזירט זיך אפצורעכענען מיט זשאמע האמפעל. די אונטערוועלט, דערוויסנדיק זיך, אז די ארבעטער זוכן האמפלען, זענען ארוים אין גאס מיט מעסערס, שטעקנס און אנדערע מכשירים. צווישן זיי זענען געווען די פני פון דער אונטערוועלט, ווי לייבוש אייזענהענדלער, כעמיע פאזנאנסקי, מאיר זגיערזשער, הענעך פוטערמילך און זייער גלייכן. זיי האבן זיך ארויסגעלאזט צו מאכן א בלוט־באד אויף די „אחדות'', נאר מורא האבנדיק, אז זיי וועלן חס וחלילה פארפעלן איינעם, האבן זיי געשלאגן אלע דורכגייענדיקע ארבעטער.

דער איבערפאַל איז פאָרגעקומען אויף ראָג פון פעפער און לאַגעוו־ניקער גאַס"*).

די געשלעגן האָבן זיך אַ טאָג שפּעטער איבערגעחזרט אויף דעם שמאָלן געסל. די ווילדע יונגען האָבן זיך געיאָגט נאָכן „שוואַרצן סוכער". „די אונטערוועלט האָט אָנגעהויבן אָנקומען, ווי אַ „פּאָזשאַרנע דרוזשינע", באַוואָפנט מיט האַקמעסערס, שטעקנס און אַנדערע שלאָג־מכשירים. עטלעכע פון דער באַנדע האָבן אַרומ־גערינגלט דעם שוואַרצן מאיר (מאיר לאַקס — היינט אין אַמערי־קע) און אים שטאַרק צעשניטן. כדי צו פאַרמיידן די מעגלעכקייט דערהרגעט צו ווערן, איז מאיר אַנידערגעפאַלן, ווי ער וואָלט גע־ווען טויט, דאַן האָבן זיי אים צורו געלאָזט. אין דעם געשלעג האָבן עטלעכע פון די יונגען אַזוי באַקומען געשלאָגן, אַז מ'האָט זיי גע־מוזט אַוועקנעמען אין שפּיטאָל. די חברה, מיינענדיק, אַז זיי האָבן מאירן דערהרגעט, זענען אַנטלאָפן. דעם שוואַרצן מאיר האָט מען שפּעטער אַוועקגעפירט צו אַ פעלטשער אויף בזשעזשינער גאַס, וועלכער האָט אים פאַרנייט די ווונדן**).

אין דער אייגענער צייט האָבן אַ פּאָר חברים זיך פאַרזאַמלט אין אַ וווינונג אין שמאָלן געסל (היינט בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ). דאָרט האָט זיך אויך געפונען דער „שוואַרצער סוכער". די אונטער־וועלט, צוזאַמען מיט דער פּאָליציי און אַ גרויסער עולם נייגעריקע, האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז. דער „שוואַרצער סוכער" האָט באַ־שלאָסן, ניט געקוקט אויף דער געפאַר, צו פאַרלאָזן די שטוב, מיינענדיק דערמיט אָפּצוראַטעווען די איבעריקע חברים. אים האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. 8 חברים, וואָס זענען געבליבן אין דער וווינונג, זענען אַרעסטירט געוואָרן. אין „סיסקאַנאָיע אָטדע־לעניע" (אויספאָרשונגס־פּאָליציי) האָט מען די אַרעסטירטע גע־

---

*) „לאָדזשער אַלמאַנאַך", אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 25־יאָריקן יובילֵיי פון לאָדזשער בראַנטש פון אַרבעטער־רינג. סוכער צבראַמאָוויטש: „זכרונותיי.

**) דאָרט.

שלאָגן, זיי זאָלן אויסזאָגן, ווו עס געפינט זיך דער „שוואַרצער סוכער‟. דאָס האָט זיך די פּאָליציי נישט דערוווּסט.

„די אונטערוועלט־העלדן‟—דערציילט ווייטער ה׳ סוכער אַב־ראַמאָוויטש אין זיינע זכרונות — זענען נישט געווען די איינצי־קע, וועלכע האָבן טעראָריזירט די אַרבעטער. די פּאָליציי האָט אויך אָרגאַניזירט אָנפאַלן פון ציווילע. אין יולי פונם יאָר 1902 האָבן צוויי געהיים־אַגענטן אויפגעהעצט די פויערים, וועלכע האָבן גע־אַרבעט אויף דער קאַלישער באַן־ליניע, זיי זאָלן מאַכן אָנפאַלן אויף די יידישע אַרבעטער‟*).

די פּאָליציי האָט אויך אָנגעהויבן באַפאַלן די טיי־הייזער („טשאַיניעס) און פון דאָרט אַרויסגענומען די אַרבעטער, וועלכע האָבן פאַרברענגט ביי אַ גלעזל טיי, אָפּגעפירט אין די „צירקלען‟ (קאָמיסאַריאַטן), ווו מ׳האָט זיי מערדערלעך געשלאָגן. איינער אַזאַ איבערפאַל איז פאָרגעקומען אין דער „טשאַיניע‟ אויף נאָווואַ אַלעקסאַנדריסקאַ (היינט זשידאָווסקאַ) 5.

אין איינעם אַ פּריוואַט־צונאַכטס, ווען די יידישע אַרבעטער זענען זיך דאָ צונויפגעקומען, כדי צו פאַרברענגען ביי אַ גלעזל טיי דעם איינציקן פרייען אָוונט אין דער וואָך, זענען אייניקע גע־היים־אַגענטן פּלוצלים באַפאַלן דאָס טיי־הויז. אַלע טירן זענען גע־וואָרן אָפּגעשלאָסן. די געהיים־אַגענטן האָבן דאָרט געטראָפן אַ גרע־סערע גרופּע אַרבעטער, 36 פּערזאָן, זיי האָבן דעריבער מורא גע־האַט אַליין עפּעס צו טון און אַלאַרמירט פּאָליציי. אַ גרעסערע אָפּ־טיילונג פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט דאָס הויז און נאָך פּערזענ־לעכע רעוויזיעס ביי יעדן, זענען אַלע 36 אָפּגעפירט געוואָרן אין צירקל און דאָרט האָט זיך, ווי שטענדיק, אָן דין און משפּט, אָנגע־הויבן אַן עקזעקוציע.

יעדן באַזונדער האָט מען אַריינגעפירט אין אַ ספּעציעל צי־מער אויף אַ פאַרהער. דאָרט איז שוין געווען צוגעגרייט אַ מונ־דירטער, וועלכער האָט מיט אַ קנוט מערדערלעך געשלאָגן, און הגם מ׳האָט ביי קיינעם קיין שום פאַרדעכטיקס נישט געפונען,

*) דאָרט.

האָט דאָך יעדער באַקומען דעם „פּסק״: גיין מיטן „טראַנספּאָרט״. אַזעלכע אַרעסטן אין די „טשאַינ־יעס״ און עקזעקוציעס האָבן זיך אָפט איבערגעחזרט.

די פּאָליציי איז נישט נאָר באַפּאַלן די אַרבעטער־טרעף־פּונקטן, עס זענען אויך געמאַכט געוואָרן „אַבלאַוועס״ אין גאַס. דאָס פּלעגט פּאָרקומען פּאַרנאַכט אין די באַלוטער געסלעך. יידישע אַרבעטער זענען געשטאַנען גרופּנווייז נאָכן לאַנגן אַרבעטס־טאָג און רואיק, געמיטלעך געשמועסט. באַלד ווערט די גאַס פול מיט כּטראַזשניקעס, רעווירניקעס, זיי צוהילף קומען די הויז־וועכטער, עס הייבט זיך אָן אַ ווילד געיעג איבער די אַרבעטער, מ׳פאַרהאַקט די טויערן, מ׳שלאָגט אויף די גאַסן, מ׳שלעפּט אין די צירקלען און דאָרט איבערחזרט זיך די זעלבע עקזעקוציע, מיטן טראַנספּאָרט א. אַז. וו.

אַ מורא וואַרפט אַרויף אין יענער צייט אויף די יידישע אַר־בעטער דער ערשטער „אוטשאַסטאָק״ (קאָמיסאַריאַט), וועלכער האָט זיך געפונען אין סאַמע צענטער פון באַלוט, אויף בזשעזשי־נער 9, דאָרט איז דערמאָרדעט געוואָרן יעקב פּאַקולאַ און דאָרט האָט מען די אַרעסטירטע בונדיסטן און סתם יידישע אַרבעטער בּיזראַדיק געקאַטעוועט. וועגן די דאָזיקע אַלע גרויל־פאַקטן האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״ אַרויסגעגעבן אַ פלוג־בלאַט אונטער דעם נאָמען „די פּאָליציייאישע ווילקיר און די זעלבסט־הערשונג״. דאָס פלוג־בלאַט טראָגט דעם נומער 2. דער ערשטער איז דערשינען אין אַפּריל. די אויסגאַבע איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנ־גען אין 4000 עקז.

די שרעקלעכע אַכזריות מצד דער צאַרישער פּאָליציי האָט גאָרנישט געשטערט די יידישע אונטערנעמער, זיי זאָלן ביי יעדן שטרייק און ביי יעדן סכסוך מיט די אַרבעטער זיך ווענדן נאָך פּאָ־ליצייאישער הילף. ספּעציעל האָבן זיך אין דעם אויסגעצייכנט 2 פאַבריקאַנטן: ווישליצקי ביי די וועבער און נאָסקאָוויטש ביי די זאָקנמאַכער. חיים יעקב ווישליצקי איז געוועזן אַ ייד אַ חסיד פון גאָר געהויבענעם נגידיש־פרומען יחוס. אויך אין זיינע טיכער־פאַבריקן האָבן געאַרבעט מייסטנטייל פרומע יידן, שטיבל־מענטשן.

די שרעקלעכע ארבעטס־באדינגונגען און גראָבע באהאנדלונג פון אַט דעם חסידישן אונטערנעמער, האָט פון זיינע פרומע פאבריקס־ארבעטער געמאכט אחדות, נאָך איידער דאָס „אחדות" איז אויפ־געקומען.

מיר האָבן זיך שוין באקענט מיט די קאמפן און סכסוכים, וואָס זענען פאָרגעקומען אין ווישליצקיס פאבריק. אין זומער פון יאָר 1901, אָבער דאָס, וואָס עס האָט זיך דערלויבט דער פרומער פאבריקאנט בעת א שטרייק אין 1902, האָט אויפגעטרייסלט אלע ארבעטער און אפילו נישט ארבעטער אין לאָדזש.

וועגן דעם שטרייק דערציילט אין זיינע זכרונות אַן אלטער ארבעטער, ה' אברהם ראָזענפאַרב:

„צווישן די פאבריקן, וואָס זענען געווען אין לאָדזש מיט 25 יאָר צוריק און ווו ס'האָבן געארבעט יידישע וועבער, איז די פאבריק פון גערער חסיד חיים ווישליצקי געווען, אפילו צו יענער צייט, די אומדערטרעגלעכסטע.

„געארבעט האָבן מיר דאָרט עטלעכע און זעכציק ארבעטער, אלץ יידן פון איין שטיבל, ווייל אַן א קוויטל פון רבין איז מען אין דער פאבריק נישט אריינגעקומען. ס'איז אלץ געווען יידן מיט לאנגע בערד, לאנגע מלבושים און אפילו מיט לאנגע טלית קטנס. אָבער נישט געקוקט אויף דעם אלעם, האָט אונז דער פאבריקאנט באהאנדלט ווי אמתע קאטאָרזשניקעס. געארבעט האָט מען פון 4 אינדערפרי ביז 10 אָוונט און דער פארדינסט איז געווען פון 3 ביז 5 רובל א וואָך. אויסער דעם איז נאָך געווען די פלאָג פון די באַרימטע שטראָפן, וואָס מ'פלעגט נאָך אראָפרייסן פון דעם אזוי אויך קלאָגעדיקן פארדינסט. אָבער דאָס אלץ איז נאָך געווען ווייניק פאַר דעם חסידישן פאבריקאנט, הענגט ער ארויס אמאָל א מעלדונג, אַז ער רייסט דעם לוין אויף 10 און 15 פראָצ. דאָס האָט אזוי אויפגעבראכט די באמת רואיקע און פרומע ארבעטער, אַז נאָכן ערשטן סיגנאַל פון דעם ארבעטער יאנקל גערער איז באַ־שלאָסן געוואָרן צו פארשטרייקן.

„דאָס אָרגאניזירן דעם שטרייק איז פאָרגעקומען אויף אזא מין אופן: מ'האָט אויסגעטיילט א בית־דין פון 3 עלטסטע ארבע־

טער, איינער פון זיי איז געווען אברהמל מיט דער ברייטער באָרד, דאָן דוד לייב און דער אַלטער זאַגוול. די יידן זענען געזעסן אין די קאַפּלען און יעדער אַרבעטער האָט געמוזט צוגיין און געבן דעם בית־דין האַנט תקיעת כף, אַז קיינער וועט נישט פריער אָנ־הויבן אַרבעטן, ביז מ׳וועט צוריק באַקומען דעם פריערדיקן לוין און אַז קיינער וועט נישט ווערן פון דער פאַבריק אַרויסגעוואָרפן.

,,דער ,,הייליקער׳׳ ייד, דער פאַבריקאַנט חיים יעקל ווישליצ־קי האָט געזען, אַז די אַרבעטער נעמען זיך די זאַך ערנסט און קיי־נער וויל נישט ברעכן קיין שבועה, איז דער פאַבריקאַנט אַוועק צום פּאָליציי־מייסטער און אויפגעגעבן די נעמען פון די ,,בונ־טאָווטשיקעס׳׳. דער פּאָליציי־מייסטער האָט זיך גענומען ענערגיש צו זיין אַרבעט און טאַקע דעם זעלבן פרייטאָג־צונאַכטס איז גע־קומען פּאָליציי צו די אַרבעטער, אַ סך האָט מען אַוועקגענומען גראָד אין מיטן קידוש מאַכן, אַ טייל אַרבעטער פון די בעטן אַרויס און אַלע אַוועקגעזעצט אין דער טורמע אויף דער טאַרגאָווע גאַס און מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אַלע צעשיקט מיטן עטאַפּ (טראַנספּאָרט) יעדן אין זיין געבורטס־שטאָט, אויסער דעם, וואָס אַלע זענען געווען גוט צעשלאָגן דורך דער טורמע־פּאָליציי, האָבן זיך אַ סך געשלעפּט עטלעכע וואָכן אין וועג צוליב די וויטע שטרעקעס, וואָס אַ סך האָבן געהאַט דורכצומאַכן אין זייער גע־בורטס־אָרט.

,,מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַרא מהומה דאָס האָט אַרויס־גערופן ביי די פאַמיליעס פון די אַרבעטער. די פרויען מיט די קינדער זענען גלייך אַוועק צוזאָרגנס שבת אין דעם גערער שטיבל, ווו דער פאַבריקאַנט איז געשטאַנען אין שטריימל און געדאַווענט. די געוואַלטן און יללות פון די ווייבער און קינדער זענען געווען אַזוי גרויס, אַז דער פאַבריקאַנט מיט זיינע מקורבים האָבן געמוזט דורך די פענסטער אַרויסשפּרינגען און זיך אָפּטראָגן.

,,די אַרבעטער זענען צוריקגעקומען פון עטאַפּ קראַנקע, צע־בראָכענע, אָבער צום שבח פון די אַרבעטער מוז איך איצט פעסט־שטעלן, אַז קיין איינציקער האָט דעם תקיעת כף נאָך אַזעלכע שווערע רעפּרעסיעס דאָך נישט געבראָכן און קיין איינציקער איז

צו דער אַרבעט נישט צוגעטרעטן, ביז דער פֿאַבריקאַנט האָט גע־מוזט צוזאָגן, אַז דער לוין בלייבט דער זעלבער, וואָס פֿריער און אַז אַלע אַרבעטער ביז איינעם גייען אַריין צו דער אַרבעט״*).

אָט מיט אַזעלכע פֿיין און מאַטערניש האָבן די אַרבעטער אין ווישליצקים פֿאַבריק אין יענער צייט געמוזט באַצאָלן פֿאַר אַ גע־ווינלעכן עקאָנאָמישן שטרייק.

אַן ענלעכער פֿאַל איז אויך פֿאָרגעקומען אין דער זאָקן־פֿאַבריק פֿון נאָסקאָוויטש, „וועלכער האָט ליב צו שלאָגן זיינע אַרבעטער. דאָ האָבן די שטרומפּפֿענווערקער געוואָרפֿן די אַרבעט און געפֿאָדערט בעסערע באַהאַנדלונג; זיי זענען געזעסן אין די הייזער, קיינע „אומרועןˮ זענען נישט פֿאָרגעקומען, די „אָרדע־נונגˮ איז נישט געשטערט געוואָרן; פֿונדעסטוועגן באַפֿאַלט די פּאָליציי אינמיטן נאַכט די שלאָפֿנדע אַרבעטער, מען שלעפּט זיי פֿון די בעטן אין צירקל און אַלע נישט־היגע ווערן אַרויסגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט אין די געבורטס־ערטער. אויפֿן באַנהויף שטייען אונזערע „טרייע היטערˮ, שלאָגן מיט בייטשן די אַרבעטער, וועל־כע זענען געקומען די אַרעסטירטע באַגלייטן״**).

בכלל ווערן אין יענעם זומער דורכגעפֿירט ביי די יידישע אַרבעטער מאַסן־רעוויזיעס און הויז־זוכונגען. דעם ערשטן טאָג שבועות ווערט געמאַכט אַ גרויסע אַבלאַווע אין קאָנסטאַנטינער וואַלד. אַ סך שפּאַצירנדע, איבערהויפּט פֿון אַרבעטער־קלאַס, מע־נער, פֿרויען, קינדער האָבן זיך געפֿונען דעם טאָג אין קאָנסטאַנ־טינער וואַלד. 7 אַ זייגער אָוונט, מען שפּאַצירט און פֿאַרברענגט גאַנץ פֿריילעך. פּלוצלינג דערזעט מען פֿון וויטן אַ רייטער אין פּאָלי־צייי־קליידער, לויפֿנדיק גאַלאָפּ אויף אַ פֿערד, הינטער אים זעט זיך

---

*) „לאָדזשער וועקער״ נומ. 39, 1927. אַברהם ראָזענ־פֿאַרב: „זכרונות פֿון אַן אַרבעטער, פֿאַרוואָס האָט אונז דער פֿאַ־בריקאַנט ח. י.ווישליצקי אָפּגעשיקט מיטן עטאַפּ?״.

**) פֿלוג־בלאַט נומ. 2, „די פּאָליציי־אישע ווילקיר און די זעלבסטהערשונג״, אַרויסגעגעבן פֿון לאָדזשער קאָמיטעט פֿון „בונד״, יולי 1902.

אַ קאַרעטע, אין וועלכער עס איז געזעסן דער פּאָמאָטשניק־פּאָליציימייסטער און אַן אָפיציר, הינטער זיי אַ גאַנצע ראָטע קאָזאַקן, סטאַיקאָוועס אויף פערד און צו פוס, די וואַלד־וועכטער מיט די טרובעס, און דאָס אַלץ לויפט צום וואַלד מיט אַ געפילדער און געשריי, מיט אַ ליאַרעם און טומל, ווי אויף יאַגד: די צעשראָקענע שפּאַצירנדע, דערזעענדיק אַזאַ בילד, האָבן זיך געלאָזן לויפן אין דער טיף פון וואַלד, און דאַן קומט פאָר עטוואָס שרעקלעכס, שווערהאַפטס, נישט צו באַשרייבן: האַלב־ווילדע קאָזאַקן, גערייצט פון זייער נאַטשאַלניקעס באַפעל: „גאָני, גאָני!" לאָזן זיך מיט די פערד גלייך אויף דעם צעטומלטן, לויפנדן עולם, זיי שטרויכלען זיך אין די צווייגן און פאַלן, די פערד טרעטן זיי מיט די פיס, אַנדערע לויפן אין דער צווייטער זייט און באַגעגענען קעגן זיך צעטרייצטע „סטראַזשניקעס" מיט בלויזע שווערדן, וועלכע טרייבן זיי צוריק צו די קאָזאַקן. די נאַגייקעס פייפן, די טרובעס בלאָזן; האַרצרייסנדע קולות און יללות, אויסגעמישט מיט ווילדע אויסגעשרייען פון די קאָזאַקן צעלאָזן זיך איבערן גאַנצן וואַלד. אַ געוויין פון קינדער, אַ היסטערישער יאָמער פון פרויען, אַ וואַנזיניק שרייען פון די צעשראָקענע מענער... עס האָט זיך דאַן אויסגעדוכט, אַז אין וואַלד קומט פאָר אַ מלחמה"*).

אין דער אמתן איז דער שפּאַציר אין קאָנסטאַנטינער וואַלד כּלל נישט געווען אַזאַ אומשולדיקער, ווי עס האָט אים, פאַרשטייט זיך, צוליב קאָנספּיראַטיווע טעמים, פאָרגעשטעלט דאָס פלוג־בלאַט. ה' ב. מיכאַלעוויטש, וועלכער האָט אין יענער צייט, צוליב פּאָליציייִשע פאַרפאָלגונגען, עוקר געווען פון ביאַליסטאָק און זיך „באַזעצט" אויף אַ צייט אין לאָדזש, באַשרייבט אַזוי דעם זומער פון יאָר 1902 און די אָבלאַווע אין וואַלד:

„מיר האָבן דורכגעמאַכט אין לאָדזש אַ קאָכיקן, רוישיקן זומער. דער נאָענטער קאָנסטאַנטינער וואַלד איז דורך אונז אינטענ־

---

*) פלוג־בלאַט נומ. 2, „די פּאָליצייִשע ווילקיר און די זעלבסטהערשונגיי, אַרויסגעגעבן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונדיי, יולי 1902.

ביוו אויסגענוצט געוואָרן. מיר האָבן אים אויסגעטרעטן אין זיין לענג און אין זיין קווער. אַלע שבת פּלעגט ער אין זיך פאַרבאַהאַלטן הונדערטער אַרבעטער, וועלכע פּלעגן קומען הערן מעניני דיומא.

„איך דערמאָן זיך אַזאַ עפּיזאָד:

„אַ הייסער זומער. שבת. מיר האָבן אַראַנזשירט אַ גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונג אין וואַלד אויף אַזייגער 4 פאַרנאַכט. די מאַסן האָבן אַהין געשטראָמט שוין פון 1 אַזייגער הונדערטערווייז. זיי האָבן זיך דערווייל צעוואָרפן איבערן גאַנצן וואַלד און פרידלעך זיך געוואַלגערט איבערן גראָז. ס'האָט אויך נישט אויסגעפעלט קיין זייטיקער פובליקום; ווייבער, קינדער און סתם שפּאַצירנדע. מיר, קאָמיטעטס־לייט, זיצן דערווייל אַ גרופּע פון אַ מאַן 10—12 אין דער דאָרטיקער קאַפע און וואַרטן אויף דער באַשטימטער שעה מחמת קאָנספּיראַציע זיצן מיר באַזונדערע פּאָרלעך ביי די טישלעך און קענען נישט איינע די צווייטע.

פלוצלינג דערהערן מיר אַ בלאָזן פון האָרן, אַ פייפעריי אַ קוויטשעריי. נאָכדעם מוראדיקע געשרייען, היסטערישע געוויי־נען, האַרצרייסנדיקע קולות צוזאַמענגעמישט מיט אַ ווילדער יאָגע־ניש: „כאַפּ, שלאָג שטיי!" וואָס איז געשען? דאָס האָט די לאָ־דזשער פּאָליציי אַרומגערינגלט דעם גאַנצן וואַלד, האָט געוואָלט אַרומכאַפּן אַלע שפּאַצירנדע, יענע האָבן אָנגעהויבן אין גרויס פּאַ־ניק לויפן, די קאָזאַקן אויף פערד האָבן זיך צעלאָזן נאָך זיי און זיי מיט די פיס געטרעטן. די דאָזיקע „מענטשן־יאַגד" האָט גע־דויערט אַרום אַ האַלבע שעה. אויפגערעגט, צעטרייסלט פון דעם איבערגעלעבטן, זיצן מיר אין קאַפע. מיטאַמאָל, ס'לאָזט זיך אַריין אַהער אַ גאַנצע חברה, דער פּאָליציימייסטער, אַ זשאַנדאַרמסקער ראָטמייסטער, אַ קאָזאַקן־אָפיציר און נאָך אַ פּאָר זייערע יוצר־משרתים.

„אונזער אויסזען און קליידונג האָבן קיין שום חשד ביי זיי נישט אַרויסגערופן און זיי האָבן זיך גאַנץ גאַלאַנט געזעצט אין שכנות מיט אונז ביי די טישלעך. זייערע פּנימער לייכטן פון גדולה, זיי רייבן די הענט פון גרויס צופרידנקייט און ווי יעגער, וואָס קערן זיך אום פון אַ גליקלעכער פּאָלאָוואַניע, דערציילן זיי

איינע די צווייטע, ווי די „זשידעס" האָבן זיך צעפּלאָשעט, ווי זיי זענען געפאַלן, וואָס פאַר אַ „לערע" זיי האָבן באַקומען.

„אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דערשינען פון לאָדזשער קאָמי־טעט אַ בלעטל, וווּ די גאַנצע מעשה איז געווען באַשריבן מיטן אויטענטישן געשפּרעך פון די אָנפאַלער. ווי מען האָט אונז איי־בערגעגעבן, האָט דאָס דער אָרטיקער פּאָליציימייסטער נישט גע־קאָנט משיג זיין, פון וואַנען האָט דער „בונד" זיך דערוווּסט וועגן זייער אַן „אינטימען" געשפּרעך..."*).

דאָס אויבן־ציטירטע פלוג־בלאַט, וועגן דעם ווילקיר פון דער צאַרישער פּאָליציי, פאַרנעמט זיך נישט נאָר מיט דערציילן די פאַקטן פון אַכזריות, נאָר רופט צו שטעלן אַן ענערגישן ווידער־שטאַנד די פּאָליצייאישע אָנפאַלן. דאָס פלוג־בלאַט ווענדט זיך צום סוף צו די אַרבעטער:

„מיר טאָרן נישט קוקן גלייכגילטיק, ווי די צאַרישע הינט, די פּאָליציאַנטן שלאָגן אונזערע חברים, אונזערע ברידער, אונזערע קינדער. מיט דעם שענדלעכן שווייגן, מיט דעם אָפּרוקן זיך אַן אַ זייט און זאָגן: „איך וועל דאָ גאָרנישט איבערמאַכן", האַלטן מיר אַליין אונטער די געוואַלט־טאַטן פון דער פּאָליציי אָבער אויב מיר וועלן ענטפערן אויף אַלע אירע טאַטן מיט פּראָטעסט, מיט ווי־דערשטאַנד, דאַן וועט זי זיך מוזן מיט דעם רעכענען! ווען זי באַ־פאַלט די וווינונגען פון אונזערע חברים ביינאַכט, ווי גנבים און פירט זיי אַוועק, קענען מיר דערצו גאָרנישט טון, אָבער אַז אינ־מיטן טאָג, פאַר אונזערע אויגן כאַפּט זי מענטשן פון גאַס, טאָרן מער נישט זיין קיין שווייגנדער עדות, מיר מוזן, ווי ווייט מיר קע־נען, אַרויסרייסן ביי איר די קרבנות, אָפּשלאָגן די אַרעסטירטע; אַז אייניקע פּאָליציאַנטן באַפאַלן אַ „טשאַיניע" און ווילן אַרעס־טירן צענדליקער אַרבעטער, טאָרן מיר נישט דערלאָזן, אַז איר זאָל דאָס אַזוי אָפּגיין גלאַט; מיר מוזן ווייזן די צאַרישע הינט, אַז מיר שטייען פעסט פאַר אונזער מענטשן־ווירדע און מיר טאָרן זיך נישט

*) ב. מיכאַלעוויטש: „זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט", ערשטער באַנד, זייט 155—156.

לאָזן אזוי טרעטן מיט די פיס פון איר, אומבאשטראָפט; דאן, ווען זי וועט באַגעגענען אונזער פּראָטעסט, אונזער ווידערשטאַנד, אונ־זער שטאַרקע פּאַרטיידיקונג — וועט זי מוזן זיין פאָרזיכטיקער און זיך נישט אַלץ דערלויבן. דער ווילקיר וועט אָפּגעשוואַכט ווערן, די קרבנות וועלן אַזוי פיל נישט ליידן. נידער מיט דער צאַרישער פּאָליציי! נידער מיט דער שענדלעכער זעלבסטהעצּישונג!

לאָדזשער סאָצ. דעמ. קאָמיטעט. יולי 1902 י.

א חוץ דעם פלוג־בלאַט, וואָס האָט אינפאָרמירט די באַפעל־קערונג וועגן דעם פּאָליציייאישן ווילקיר און גערופן צו קעמפן מיט אים, זענען אויך פאָרגעקומען אין דעם זומער אַ גאַנצע ריי פאַר־זאַמלונגען אויף דער זעלבער טעמע. באַלד נאָך שבועות זענען פאָרגעקומען צוויי אָרגאַניזאַציע־פאַרזאַמלונגען צו 300 פּערזאָן, וואו עס איז גערעדט געוואָרן „וועגן דער נויטיקייט צו ענטפערן באַלד אויפן אָרט, אויף די גוואַלט־טאַטן"*).

די פּראָטעסטן פון די יידישע אַרבעטער קעגן דער פּאָליצייאי־שער ווילקיר האָבן ווייניק וואָס געהאָלפן. צו קיין גרעסערע רעוואָ־לוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פון די יידישע אַרבעטער האָט נישט געקענט קומען צוליב דער שוין אָנגעוויזענער סיבה: די יידישע אַרבעטער זענען אין זייער קאַמף געווען פאַראייניזאַמט. די צענ־דליקער טויזנטער וועבער און שפינער האָבן זיך נאָך אַלץ נישט גערירט צום פּאָליטישן און אַפילו עקאָנאָמישן קאַמף. די פּאָליציי איז דעריבער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אכזריות בנגוע די יידי־שע אַרבעטער און אַפילו סתם יידישער באַפעלקערונג.

די „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 84, סעפּטעמבער 1902, גיט איבער אַ גאַנצע ריי פאַקטן פון פּייניקונגען איבער דער יידי־שער באַפעלקערונג מצד דער צאַרישער פּאָליציי.

אין באַלוט, וועלכער איז צו יענער צייט אין אָוונט נישט גע־ווען באַלויכטן, זענען אַרומגעגאַנגען פּאָליצייאישע פּאַטראָלן, און מיט שטריק געשלאָגן די דורכגייענדע יידישע איינוווינער. די בונ־דישע בערזעס, וועלכע האָבן זיך שוין אַריבערגעטראָגן אין דער

---

*) „אַרבייטער שטימע" נומ. 29, סעפּטעמבער 1902.

אָפּענער גאַס, האָבן צוגעצויגן אַ סך נייגעריקע צוקוקער. די פּאָלי־צײ האָט נישט געהאַט קיין דרייסטקייט צו באַפאַלן די בערזעס, דער־פאַר האָט זי אויסגעלאָזט איר גאַנצן כעס צו די דורכגייער.

תשעה באב פון 1902, האָט די צאַרישע פּאָליצײ פאַרוואַנדלט אין אַן אמתן תשעה באב. דער טאָג, אין וועלכן יידן האָבן ווייניק געאַרבעט, איז, ווי אַלע פרייע טעג, אויסגענוצט געוואָרן אויף בונ־דישער אַגיטאַציע. אויפן בית־עולם, ווו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער קבר־אבותניקעס, איז דאָס פלוג־בלאַט וועגן דער אכזריות פון דער צאַרישער פּאָליצײ מאַסנווייז פאַרשפּרייט געוואָרן. דער בית־עולם איז דעריבער געווען פול מיט פּאָליצײ און געהיים־אַגענטן. מ׳האָט געזוכט די פאַרשפּרייטער פון אומלעגאַלן בלעטל, אָבער נישט געכאַפּט, דערפאַר האָט זיך די פּאָליצײ נוקם געווען אין יעדן, וואָס האָט געפּרוווט אויפהויבן אַזאַ בלעטל. אַ 12־יעריק מיידל האָט מען ביי אַזאַ „פאַרברעכן״ פאַרהאַלטן און פּאָליצײ האָט זי אַרומגעפירט איבערן גאַנצן בית־עולם, זי זאָל אָנווייזן, וועד ס׳האָט איר דאָס בלעטל געגעבן. לסוף האָט מען דאָס מיידל מיט איר מוטער אַרעסטירט. ס׳זענען אויך אַרעסטירט געוואָרן פאַר דעם אייגענעם „פאַרברעך״ צוויי רייכע ווירטסלייט, וועלכע האָבן זיך אויסגעקויפט פאַר אַ פּאָר רובל.

אין דער אייגענער צייט איז אויף דער אַלט־שטאָט געשטאַנען אַ יידישער דראָזשקאַזש, אַ רעוויראָווע האָט פון אים עפּעס פאַר־לאַנגט, דער דראָזשקאַזש האָט נישט תיכף אויסגעפירט, האָט אים דער פּאָליציאַנט אומגעוואָרפן אויף דער ערד און געשלאָגן און גע־טרעטן מיט די פיס ביזן פאַרלירן דעם באַוווּסטזיין. דער אַרום־שטייענדער עולם האָט געמורמלט אויף דער אכזריות. דער פּאָלי־ציאַנט האָט זיך דערשראָקן און גערופן הילף. עס איז געקומען אַ שטאַרקע פּאָליצײ־אָפּטיילונג מיטן פּריסטאַוו פון ערשטן „אוּ־טשאַסטאָק״. „דער דאָזיקער העלד, אויף וועמענס געווייסן עס גע־פינט זיך שוין אַ סך מענטשלעכע לעבנס, האָט, אָנקומענדיק אויפן אָרט פון די „אומרועז״, אַ געשריי געטון: „איך וועל אייך זשידעס אַלע דערשטיקן!״ דעם המון האָט מען צעטריבן און דעם באַוווּסט־לאָזן דראָזשקאַזש צוגענומען אין „אוטשאַסטאָק״. דער אַלטער

פּאָטער פון דראָזשקאַזש, וואָס איז געקומען געוואָר ווערן, וואָס זיין זון מאַכט, האָט מען אָפּגעשיקט מיטן „טראַנספּאָרט" אין זיין געבורט־אָרט. ווען צעהורגטן האָט מען דערציילט, אַז ער איז אויפן דריטן טאָג געשטאָרבן אין אוטשאַסטאָק.

ארויסשיקן מיטן „טראַנספּאָרט" איז געוואָרן דאַן די באַליבטסטע שטראָף פון די צארישע מושלים. דעם 15־טן אויגוסט האָט מען אַרעסטירט 7 אַרבעטער. לויט אַ באַפעל פון פּריסטאַוו זענען זיי ארויסגעשיקט געוואָרן פון דער שטאָט. אַ מייסטער, וואָס האָט אינטערוועגירט פאַר זיינס אַן אַרבעטער, אַ פּאָטער, וואָס האָט געבּרענגט עסן זיין אַרעסטירטן זון, האָט מען אויך פאַרהאַלטן און אוועקגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט*).

נישט געקוקט אויף די אַלע פאַרפאָלגונגען, איז די בונדישע אַרבעט ווייטער געוואַקסן אין קראַפט און באַדייטונג. יעדע וואָך זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען, געפירט פון אַגיטאַטאָרן, אויף וועלכע מ'האָט גערעדט וועגן די פּאָליטישע און סאָציאַליסטישע פראַגן. בעת אַ קליינע גרופּע ציוניסטן־דעמאָקראַטן האָבן גענומען זיך ווענדן צו איינציקע אַרבעטער מיט זייערע „נייע אידעען", האָט דער קאָמיטעט צונויפגערופן צוויי גרויסע פאַרזאַמלונגען (מער ווי 800 מאַן), אין וועלכע עס האָט זיך גערעדט וועגן ציוניזם און סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון יידישע אַרבעטער. די רעדעס האָבן געהאַט זייער ווירקונג און די נייע „טוער" זענען געבליבן אויסן מיט זייערע גליקן פאַר דעם עם ישראל. נאָך תשעה באב איז פאָרגעקומען אַ גרויסע מאַסאָווע פאַרזאַמלונג (פון העכער 3000 מאַן)"**).

וועגן דער פאַרזאַמלונג פון 3000 פּערזאָן דערציילט די „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומער 84, סעפּטעמבער 1902:

„אין וואַלד האָבן זיך שבת דעם 16־טן אויגוסט פאַרזאַמלט איבער 3000 אַרבעטער, מ'האָט גערעדט וועגן דער אַנטשטייאונג און אויפגאַבן פון „בונד". דער צווייטער רעדנער האָט זיך אָפּ־

---

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 84, סעפּטעמבער 1902.

**) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 29, סעפּטעמבער 1902.

געשטעלט אויף די אויפגאַבן פון די לאָדזשער אַרבעטער, אויף דער נויטווענדיקייט איבערצוגיין צו פאַבריקס־אַרבעט, אַרבעטן אום שבת און אויף אַנדערע אויפגאַבן, וואָס זענען נוגע דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון די לאָדזשער אַרבעטער. ער האָט גערעדט וועגן דעם וויל־קיר פון דער פּאָליציי און וועגן די מיטלען צום קאַמף מיט דעם ווילקיר. די רעדעס האָבן אַרויסגערופן אַ געהויבענע שטימונג. מ׳האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים מיטן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער. עס האָבן געזונגען סיי יונגע און סיי באַיאָרטע אַרבעטער. דאָס בילד איז געווען באמת אַ גראַנדיעזס. דאָס געזאַנג האָט געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די נייגעריקע אין די שכנותדיקע הייזער, וועלכע זענען זיך צוזאַמענגעקומען פון אַלע זייטן, כדי צו קוקן אויף די „אחדות״. די אַרבעטער, מענער פרויען, און קינדער זענען גע־גאַנגען אין געשלאָסענע רייען און מיט יראת־הכבוד געזונגען זייערע לידער. ביים ראַנד פון וואַלד האָבן זיך אַלע אָפּגעשטעלט. עס האָבן זיך געהערט אייניקע רעוואָלוציאָנערע אויסרופן. עס האָט זיך דער־הערט אַ דונערנדיקער „הוראַ״ און דאָ זענען זיי זיך אַלע צעגאַנ־גען אַהיים. אין שטאָט האָבן זיך וועגן דער פאַרזאַמלונג פאַרשפּריי־לעגענדאַרישע קלאַנגען.

די פּאָליציי האָט זיך וועגן דער דאָזיקער געשעעניש דערוווּסט צו־שפּעט״.

צום סוף דערציילט די „איזוועסטיאַ״, אַז דער אַרבעטער יאַנקל ריטערבאַנד איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין מזרח־סיביר. אויף וויפל יאָר, איז אומבאַוווּסט.

XI

## טעראריסטישע שטימונגען ביי די יידישע ארבעטער

ווילנער עקזעקוציע און דאָס פּייניקן אין די לאָדזשער צירקלען. — מעשה־לעקערט און דער אָפּקלאַנג אין לאָדזש. — „אָרגאַניזירטע נקמהיי. — בונדיסטן מיט אַן עסערישן אָפּנייג. — צעפאַל פון דער עסערישער גרופּע. — אינדיווידועלער טעראָר. — די דערמאָרדונג פון פּאַ־ביאַניצער וועבער. — שאַרפער שטרייט אין דער לאָ־דזשער בונדישער אָרגאַניזאַציע. — דער זעלבסטמאָרד פון משה לייב לעווקאָוויטש.

דער קאַמף מיט דער אונטערוועלט, דאָס אָפּטע באַנוצן זיך מיטן מעסער און שטעקן, די פּייניקונגען אין די קאָמיסאַריאַטן, האָט אַרויסגערופן ביי די אַרבעטער אַ געוואַלטיקע פאַרביטערונג. עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ טעראָריסטישע שטימונג, וועלכע איז נאָך געקרעפּטיקט געוואָרן מיט די געשעענישן אין ווילנע. לעקערטס שאָס אין גובערנאַטאָר פאָן וואַל, אַלס פּראָטעסט קעגן דער קער־פּערלעכער שטראָף, וואָס דער צאַרישער סאַטראַפּ האָט אָנגעוואָנדן איבער די אַרעסטירטע פון ערשטן מאַי, לעקערטס טראַגישער אומקום אויף דער תּליה, האָט אויפגעטרייסלט אַלע בונדישע אָר־גאַניזאַציעס. עס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע וועגן דעם אופן פון באַוואָפנטן ווידערשטאַנד, הן בעת באַפאַלן דעמאָנ־סטראַציעס, הן אַלס נקמה־אַקט פאַר ספּעציעלע פּייניקונגען.

אין לאָדזש איז דער באָדן געווען ספּעציעל אָנגעגליט, צוליב די עקזעקוציעס, וועלכע זענען אויסגעפירט געוואָרן אין די צאַרי־

שע פּאָליציי־צירקלען, עקזעקוציעס, שטאַרק ענלעכע צו די ווילנער: שמייסן, שלאָגן, טרייבן דורך דער בראַנד, דאָס איז געווען כמעט א טאָג־טעגלעכע דערשיינונג. די דיסקוסיע אַרום דער פראַגע פון אַנווענדן טעראָר איז דעריבער געוואָרן אַזוי שאַרף, אַז עס האָט אַרויסגערופן אַ שטיקל קריזיס אין דער לאָדזשער בונדישער אָר־גאַניזאַציע. ח׳ יודל ראָזען (בוכבינדער) דערציילט וועגן דעם אין זיינע נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות:

„די געשעענישן אין לאָדזש און די מעשה־לעקערט אין וויל־נע האָבן געשאַפן אַ צערייצטע אַטמאָספער און אַ באָדן אויף אַ טעראָריסטישער שטימונג. צו יענער צייט האָט זיך אין לאָדזש באַוויזן אַ סטודענט פון קאָוונער פּאָליטעכניקום זיגמונט הערץ, האָט ער זיך גערופן, אַז עסעראָוויעץ, וועלכער האָט אָנגעהויבן פירן אַן אַגיטאַציע צווישן די יידישע אַרבעטער. געהייסן האָט עס, אַז ער וויל זיך באַקענען מיט לאָדזשער יידישע אַרבעטער און שפּעטער איז ער צוגעטרעטן שאַפן אַן עסערישע אָרגאַניזאַציע.

„ער האָט באַקומען אַן איינפלוס אויף יודל ראָזען (בוכבינ־דער), מענדל פויזנער (מענדל פּאַניע), משה באַסיאַק, אַ וועבער, יצחק פרידמאַן א. אַנד. די אַלע פּערזאָנען, אָנגעהעריקע צום „בונד״, זענען פון דער אָרגאַניזאַציע נישט אַרויסגעטרעטן. עס האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפן אַ בונדישע גרופּע מיט אַן עסערישן אָפּנויג. די אַגיטאַציע פאַר אָנווענדן טעראָר האָט זיך גענומען אויסברייטערן. די גרופּע איז דערגאַנגען ביז 60 פּערזאָן.

„דער קאָמיטעט פון „בונד״ האָט אָנגעהויבן אַ קעגן־אַקציע. מ׳האָט גערופן פאַרזאַמלונגען. עס זענען אָנגעגאַנגען שאַרפע דיס־קוסיעס. אויף איין פאַרזאַמלונג פון הונדערט פּערזאָן איז אַרויס־געטרעטן ח׳ פנחס שוסטער. דער „בונד״, וועלכער האָט צו דער דיסקוסיע געקענט אַרויסשטעלן בעסערע קרעפטן, ווי די אָרעמע גרופּע פון קאָוונער סטודענט, האָט דעם סטודענטס ווירקונג אַביסל פלאַטשיק געמאַכט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטער־האַנדלונגען מיט די „בונדיסטן־עסעראָוועצעס״ מכח ליקווידירן די גרופּע.

„די אונטערהאנדלונגען האָבן מתחילת נישט געגעבן קיין רעזולטאַט. פאַרקערט, די גרופּע האָט זיך גענומען אָרגאַניזאַציאָנעל שטאַרקן. מ'האָט גענומען זאַמלען געלט אויף איינשטעלן אַן אייגענע דרוקעריי. די דיסקוסיעס מיט דער גרופּע זענען ווייטער אָנגעגאַנגען. גלייכצייטיק האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע אין דער פּאַרטיי מכח „אָרגאַניזירטער נקמה" אַלס ענטפער אויף קערפּערלעכע שטראָף קעגן פּאָליטישע אַרעסטירטע. דער אויסגאַנג פון דער דיסקוסיע איז געווען די רעזאָלוציע: „דאָס אויף יעדן פאַל פון ענטערונג, דאַרף מען ענטפערן מיט אָרגאַניזירטע אַקטן פון נקמה און פּראָטעסט". די רעזאָלוציע האָט באַפרידיקט די סעצעסיאָנערן". אַלע זענען צוריק אַריין אין דער אָרגאַניזאַציע און נאָך מיטגעבראַכט דאָס געלט, וואָס איז געזאַמלט געוואָרן אויף דער דרוקעריי. פולשטענדיק ליקווידירט האָט זיך די עסערישע גרופּע אין נאָוועמבער 1902. נאָכדעם, ווי עס איז זיך פאַנאַנדערגאַנגען דער סעפּטעמבער־נומער „די אַרבייטער שטימע", ווו עס איז געווען געדרוקט די רעזאָלוציע פון דער 5־טער קאָנפערענץ פון „בונד" וועגן „אָרגאַניזירטער נקמה". דער 5־טער צוזאַמענפאָר פון „בונד" האָט די רעזאָלוציע וועגן אָרגאַניזירטער נקמה אָפּגעשאַפט, אַן וועלכן ס'איז ווידערשטאַנד פון די לאָדזשער פּאַרטיי־מיטגלידער".

אונטער דעם איינדרוק פון די דאָזיקע טעראָר־שטימונגען זענען אויך פאָרגעקומען פאַלן פון אָנווענדן אינדיווידועלן טעראָר, וואָס האָט באַקומען זיין שטאַרקסטן אויסדרוק אין דערשטעכן אין פאַביאַניץ אַ לוין־וועבער, אַ ווײלער יונג און מסור, יודל נחום קערנאָווסקי. דער אויספירער פון דעם טעראָר־אַקט איז געווען דער „שוואַרצער סוכער" (סוכער אַבראַמאָוויטש). אַבראַמאָוויטש שרייבט וועגן דעם אין זיינע זכרונות:

„אין אַ שטעטל נעבן לאָדז (פאַביאַניץ) איז פאָרגעקומען אַ שטרייק פון וועבער־אַרבעטער. דער שטרייק איז צעשטערט געוואָרן דורך דער טעטיקייט פון אַן אונטערוועלט־העלד, וועלכער האָט אָרגאַניזירט פּראָטעקציע פאַר די שטרייק־ברעכער. דער זעלבער נפש איז געווען אַלץ אין דער וועלט: אַ גנב, אַ שלעגער

און וואָס אין דער קאָרט שטייט. ער איז אויך געווען אַ מסור. ער האָט אַנגעטון דער באַוועגונג אַ סך צרות. האָט דער „בונד" באַשלאָסן אים מאַכן אומשעדלעך. איך האָב זיך דאַן געבעטן, מען זאָל מיך שיקן אין יענעם שטעטל, אָבער דער קאָמיטעט האָט מיר אָפּגעזאָגט אין דעם. מ'האָט געשיקט אַ גרופּע חברים, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקענט אויפטון. מ'האָט זיי באַלד אַרעסטירט און צוריקגעבראַכט קיין לאָדז. דאַן האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן אַהין אויף מיין אייגענער אַחריות. איך האָב זיך אָוועקגעלאָזט אין וועג. דריי טעג שפּעטער איז שוין דער פאַרשוין געווען אומשעדלעך. איך האָב זיך צוריקגעקערט אין לאָדזש, פּונקט ווי גאָרנישט נישט האָט פּאַסירט. איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען, ווי ערנסט די לאַגע איז, אָבער דער לאָדזשער קאָמיטעט האָט געוווּסט, אַז איך טאָר מער נישט פאַרבלייבן אין פּוילן און נישט אין רוסלאַנד. אַזאַ באַשלוס איז אָנגענומען געוואָרן. שאַמע קרומקאָפּ האָט מיר אי־איבערגעגעבן דעם באַשלוס. ער האָט מיר געבראַכט אַ פּאַס און געלט, אַז איך זאָל קענען אַרויספאָרן אין אויסלאַנד. איך בין דאַן געווען אינגאַנצן 18 יאָר אַלט"*).

דער דאָזיקער פּאַקט פון אָנווענדן אינדיווידועלן טעראָר, אויף אַ באַשלוס פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד", אַזוי ווי עס גיט עס איבער אין זיינע זכרונות ח' שכר אַבראַמאָוויטש, שטימט עפּעס נישט מיט דער אַלגעמיינער איינשטעלונג פון „בונד" אין יענער צייט. אמת, נאָך דער מעשה־לעקערט זענען געווען אין „בונד" טעראָריסטישע שטימונגען, אָבער די שטימונגען האָבן אין ערגעץ נישט פאַרכאַפּט קיין גאַנצע קאָמיטעטן. ווען דער לאָ־דזשער קאָמיטעט פון „בונד" אין זומער 1902 וואָלט באמת גע־ווען געניינט צום אָנווענדן אינדיווידועלן טעראָר, וואָלט ער עס אויסגענוצט נישט נאָר לגבי דעם איינציקן מסור, נאָר פיל מער קעגן די צאַרישע סאַטראַפּן, וועלכע האָבן אין די קאָמיסאַריאַטן געפּייניקט

*) „לאָדזשער אַלמאַנאַך", אַרויסגעגעבן פון לאָדזשער ברענטש ביים אַרבעטער־רינג, סוכער אַבראַמאָוויטש: זכרונות, זייט 54—55.

און געשמיסן די ארעסטירטע בונדיסטן. מיר מוזן דעריבער אָנ־נעמען, אז דער זכרון האָט אין דעם פאַל דעם ח׳ סוכער אַבראַ־מאָוויטש אַביסל פאַרפירט.

ח׳ יודל ראָזען (בוכבינדער), וועלכער האָט, ווי ער דערציילט אין זיינע זכרונות, אויסבאַהאַלטן ח׳ סוכער אַבראַמאָוויטש נאָכן אויספירן דעם טאַט אין פּאַביאַניץ, גיט טאַקע איבער גאַנץ אַנ־דערש וועגן דעם באַשלוס פון לאָדזשער קאָמיטעט אין דער מעשה־פּאַביאַניץ:

„אין שייכות מיט די שטרייקן האָט זיך אין פּאַביאַניץ אַרויסגערוקט אַ לוין־וועבער יודל נחום, וועלכער האָט געמסרט די אַרבעטער. די שטאָטישע סכאָדקע (קאָלעקטיוו) האָט באַטראַכט די פראַגע וועגן אַראָפּרוימען אים. די מערהייט איז געווען קעגן. דער ענין איז איבערגעטראָגן געוואָרן צו דער וועבער־סכאָדקע, אויך דאָ איז די מערהייט געווען קעגן. דער שווארצער שכר האָט זיך נישט אונטערגעוואָרפן די באַשלוסן פון ביידע אינסטאַנצן, מיט אַ מעסער אין טאַש איז ער אַוועק אין פּאַביאַניץ און דאָרט דער־שטאָכן דעם מסור״.

די מעשה־פּאַביאַניץ האָט אין „פּאָלעדניאַ איזוועסטיאַ״ באַ־קומען פאָלגנדע באַשרייבונג:

„פּאַביאַניץ. דאָ איז פאָרגעקומען פאָלגנדער פאַל:

די וועבער־אַרבעטער זענען געוואָרן אומצופרידן און אָנגע־הויבן רעדן מכח אַן אַלגעמיינעם שטרייק פון יידישע און קריסט־לעכע וועבער. די אומצופרידנהייט איז געשטאַרקט געוואָרן מיטן אָרגאַניזירטן שטרייק פון 56 יידישע וועבער, וואָס האָט מיט זיין ביישפּיל אָנגעשטעקט אויך די איבעריקע, עס איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון יידישע און קריסטלעכע ווע־בער, אויף וועלכער ס׳איז באַטראַכט געוואָרן, וואָס פאַרא פאָדע־רונגען מ׳זאָל אַרויסשטעלן. צוהילף די פאַבריקאַנטן איז געקומען: אַ געוויסער „מערזאַוויעץ״ (מנובל) נחום קערנאָווסקי, אַ געוועזע־נער לוינקעטניק און אַ געניטער שפּיאָן, וועלכער האָט זיך אונ־טערגענומען פאַר אַ געהעריקער באַלוינונג אויסצוראָטן די „קראַ־מאָליע״.

ער איז געקומען פון לאָדזש מיט אייניקע „סיסטשיקעס“ (געהיים־אגענטן) און אָנגעהויבן כאַפּן די ארבעטער, וועלכע ער האָט חושד געווען, אַז זיי געהערן צו די „אחדות“. אזוי ארום האָט מען אַרעסטירט 15 פּערזאָן, דערונטער אייניקע קריסטן. בכלל האָט ער מיט זיין חברה „סיסטשיקעס“ טעראָריזירט דאָס שטעטל. פרייטאָג, דעם 14־טן אויגוסט בייטאָג האָט אויף דער הויפּט־גאַס אַ יידישער אַרבעטער אַריינגעשטאָכן אים אַ לאַנג מעסער. קער־נאָווסקי איז אַנידערגעפאַלן, אָבער נאָך אַ געוויסער אָנשטרענגונג האָט ער זיך צוריק אויפגעשטעלט, אַרויסגענומען פון טאַש אַ רע־וואָלווער און אַ קלאַפּ געטון דעם אַרבעטער. דער לעצטער האָט אים נאָכאַמאָל אַריינגעשטעקט דאָס מעסער און אים שטערבלעך פאַר־ווונדעט. קיינער פון המון האָט זיך אין דעם ענין נישט אַריינגע־מישט. דער אַרבעטער האָט אָנגעהויבן אַנטלויפן. נאָך אים פּאָלי־ציאַנטן און אייניקע פון המון. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט זיך צו דערנענטערן צו דעם אָנפאַלער. ס'איז אים געלונגען צו אַנט־רינען“*).

אין דעם זעלבן פּעריאָד איז פאָרגעקומען אַ צווייטע געשעע־ניש אין אינערלעכן פּאַרטיי־לעבן, וואָס האָט נאָך שטאַרקער אויפ־געטרייסלט די לאָדזשער בונדישע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אין שייכות מיט דער דיסקוסיע, וואָס האָט זיך געפירט מכח אַדורכ־פירן אַ געוויסע טיילונג צווישן דער פּראָפעסיאָנעלער און פּאָליטי־שער טעטיקייט און נישט דערלאָזן, אַז די שמאָלע פּראָפ.־עקאָנאָמישע אינטערעסן זאָלן משפיע זיין די ברייט־פאַרמאָסטענע רעוואָלוציאָ־נערע טעטיקייט פון דער פּאַרטיי. די שטעלונג איז שפּעטער פאָר־מולירט געוואָרן אין רעזאָלוציעס, וועלכע עס האָט אָנגענומען די פינפטע קאָנפערענץ פון „בונד“ אין אויגוסט 1902. אין יענע רעזאָלוציעס זאָגט זיך צווו. אנד.: „די קאָמיטעטן און אונזערע אַנ־דערע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע פירן אָן מיט דער באַוועגונג אין יעדער שטאָט באַזונדער, זאָלן זיין לויט דעם אופן,

---

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ“ נומ. 31, 4 סעפּטעמבער 1902.

ווי זיי ווערן געגרינדעט איינגאנצן זעלבסטשטענדיק און אומאָפּ־העגניק פון די פראָפּ. אָרגאַניזאַציעס''*).

אָרום דער דאָזיקער פראַגע איז אין דער פאַרטיי, אויף די בלאָדקעס (ראַטן) געפירט געוואָרן אַ דיסקוסיע. אויך ,,די אַרבייטער שטימע'' האָט געדרוקט וועגן דעם אַרטיקלען, אין וועלכע ס'איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן דער געדאַנק, אַז די פאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס מוזן ווערן אומאָפּהענגיק פון די פראָפּ. פאַריינען. ,,די מיטגלידער (די פאַרטיי־אָנפירונג—א. וו. י.) דאַרפן נישט ווערן אויסגעקליבן פון דער מאַסע, רעוואָלוציאָנערן ווערן נישט אויסגעקליבן, זיי מוזן זיך דערציען זעלבסטשטענדיק'' — זאָגט זיך אין דער ,,אַרבייטער שטימע'' נומ. 28, אויגוסט 1902. דער איבערבוי פון דער אָרגאַניזאַציע איז ספּעציעל לאָדזש נישט געווען נוגע. אין דעם דערמאָנטן אַרטיקל אין דער ,,אַרבייטער שטימע'' ווערט דער בוי פון דער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש און אין וואַרשע אָוועקגעשטעלט, ווי אַ מוסטער. מיר לייענען דאָרט: ,,אין דער הינזיכט קאָנען מיר אָנווייזן אויף די פאָרמען פון די מאַסן־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן זיך אויסגעאַרבעט אין וואַרשע און אין לאָדזש. דאָרט זענען כמעט קיינמאָל נישט געווען קיין עקאָנאָמישע קאַסעס און דער טייל פון דער מאַסע, אויף וועלכע די אָרגאַניזאַציע האָט אוממיטלבאַר אַ ווירקונג, איז פאַראייניקט אין פּאָליטישע קאַסעס''**).

ווי מיר זעען, האָט די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע קיין ספּעציעלע אומענדערונג אין איר פאָרם נישט געדאַרפט דורכמאַכן, אָבער די דיסקוסיע אַליין, די איינשטעלונג, אַז דער רעוואָלוציאָנערער טוער דאַרף ווערן אָפּגעטיילט פון דער מאַסע און נישט געוויילט ווערן, האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד ביי איניקע פאַרטיי־מיטגלידער.

וועגן דעם עטוואָס שמערצלעכן פּעריאָד אין דער לאָדזשער

---

*) ,,די אַרבייטער שטימע'' נומ. 29, סעפּטעמבער 1902.

**) ,,די אַרבייטער שטימע'' נומ. 28, אויגוסט 1902.

יונגער בונדישער אָרגאַניזאַציע, שרייבט אין זיינע נישט־פּאַרעפנט־לעכטע זכרונות ח' יודל ראָזען (בוכבינדער):

,,אין 1902, בעת דער 5־טער קאָנפערענץ פון ,,בונד'', וועל־כע האָט פּראָיעקטירט אַ נייעם אָרגאַניזאַציע־סטאַטוט, וואָס זאָל איינפירן שטרענגע צענטראַליזאַציע אין דער באַוועגונג, האָבן זיך אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע אָנגעהויבן שאַרפע שטרייטן. פון צ. ק. איז דאָ געווען ליבער. ער האָט דאָס אַדורכגעפירט די צענ־טראַליזאַציע. די היימישע באַציאונגען, וועלכע האָבן פריער גע־הערשט אין דער אָרגאַניזאַציע, זענען צונישט געוואָרן. די טוער האָבן זיך מער פאַרקאָנספּירירט און אָפּגעטיילט זיך פון דער מאַ־סע. עס איז דעריבער אַנטשטאַנען אַ שאַרפע אָפּאָזיציע. די פּאַר־טיי־פירער און פונקציאָנערן, וועלכע האָבן פאַרטיידיקט די שטעלונג פון דער קאָנפערענץ און פון צ.ק., האָבן געצווינגן אויף זיך דעם גאַנצן צאָרן פון דער אָפּאָזיציע. עס איז אַריבער צו פּערזענלעכע אָנגריפן.

,,דער דאָזיקער ערשטער שאַרפער שטרייט אין דער בונדיי־שער מחנה האָט דערשלאָגנד געווירקט אויף דעם פיינפילנדן משה ליב לעווקאָוויטש, וועלכער האָט געדינט די באַוועגונג מיט האַרץ און נשמה און גראָד קעגן אים זענען געווען געריכטעט די פאַר־גיפטעטע פיילן פון דער אָפּאָזיציע. ח' משה ליב איז אַריינגעפאַלן אין מרה־שחורה, אַוועק אין ביאַליסטאָק און דאָרט זיך געסמט.

,,זיין טויט האָט אויפסניי אויפגעטרייסלט די לאָדזשער באַ־וועגונג. ח' משה ליב איז געווען פון אַלעמען שטאַרק באַליבט. עס איז שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ח' משה ליב האָט אָפט געהונגערט און נישט געוואָלט אָנרירן קיין געלט פון דער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען בעת אַ שטרייק אין וויש־ליצקים פאַבריק, ח' לעווקאָוויטש האָט געהאַט ביי זיך איניקע הונדערט רובל פאַר די שטרייקנדע און ער אַליין האָט געהונגערט''.

,,דער טראַגישער טויט פון דעם באַליבטן חבר האָט שטיל גע־מאַכט די אָפּאָזיציאָנערן. אַלע האָבן זיך איינגעלעבט מיט דער נייער אָרגאַניזאַציע־פאָרם און דער ,,בונד'' איז ווייטער אַוועק אויף זיינע נאָרמאַלע רעלסן''.

אויך ח' בעריש קורביץ (בערישל ראַוועד) דערמאָנט אין

זיינע נישט־פארעפנטלעכטע זכרונות דעם דאָזיקן פּעריאָד פון דער לאָדזשער בונדישער באַוועגונג:

„אין יענער צייט איז געשען אַזעלכעס, וואָס האָט געקענט האָבן אַ שלעכטע ווירקונג אויף דער אָרגאַניזאַציע. אייניקע חברים האָבן אָנגעהויבן פאָדערן, די אָרגאַניזאַציע זאָל אַרויסגעבן טייל־ווייזע שטיצע פאַר קראַנקע אַרבעטער, איינפירן אַ קאָנטראָל איבער די געלטער און אַז אַלע אָנפירנדיקע זאָלן ווערן געקליבן פון דער אָרגאַניזאַציע און נישט ווערן באַשטימט פון אויבן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, וועלכע האָט זיך אויך גערופן „בונדישע אָרגאַניזאַציע". אין דער שפּיץ פון דער גרופּע זענען געשטאַנען דער קליינער אַרעלע, די ברידער זאַבאַץ א. אַנד. די דיסקוסיעס זענען געוועזן ליידנשאַפטלעכע. איך געדענק אין מרדכי גבאים גאַס (היינט זשידאָווסקאַ) נומער 5, איז געוועזן אַ טיי־הויז (טשאַיניע), זענען דאָרט געגאַנגען פייערדיקע דיסקוסיעס. איך האָב דאָס דאָזיקע שפּיל נישט געוואָלט מיטמאַכן. סוף כל סוף זענען ביידע צדדים געקומען צום אויספיר, אַז אַזוי קאָן עס ווייטער נישט גיין. ס'איז באַשטימט געוואָרן, אַז מ'זאָל זיך צוזאַמענקומען און אַדורכפירן אַ גרינטלעכע דיסקוסיע איבער די שטרייט־פראַגן. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין מיין שטוב. אַ פּריוואַט־צונאַכטס זענען זיך צוזאַמענגעקומען פאָרשטייער פון דער אָרגאַניזאַציע און פון דער אָפּאָזיציע, אַ מאָן 15, מיט דעם קליינעם אַרעלע און די געברידער זאַבאַץ און דער שפּיץ. אַ גאַנצע נאַכט און שבת אַ גאַנצן טאָג האָט מען דיסקוטירט. לסוף איז מען געקומען צום אויספיר, אַז מ'טאָר נישט צוליב קלייניקייטן אריינברענגען אַ כאַאָס אין דער אָרגאַניזאַציע און דער ענין איז ליקווידירט געוואָרן".

אין דער קרישטאָל־ריינער פּערזענלעכקייט פון טראַגיש־געשטאָרבענעם ח' משה לייב לעווקאָוויטש, האָט קיינער נישט געצווייפלט.

עס איז שוין באַקאַנט די מיינונג וועגן אים פון דעם גרינדער פון „בונד" אין לאָדזש, ח' פּייסאַכזאָן.

אויך ח׳ ב. מיכאַלעוויטש שרייבט אין זיינע זכרונות:

„פון זיינע יינגלשע יאָרן אָן א וועבער, איז משה לייב געווען גוט באַקאַנט דער יידישער לאָדזשער אַרבעטערשאַפט און פון איר זייער באַליבט; א יונגערמאַן מיט א גרויסן דורשט צו וויסן און אַלץ אויסצופאָרשן, האָט ער זיך מיט גרויס התמדה געוואָרפן אויף דער דייטשער ליטעראַטור (דייטש האָט ער זיך אויסגעלערנט ביים וועב־שטול), געלייענט, געשלונגען יעדעס ביכל, וואָס פלעגט אים אין האַנט קומען. ער האָט געהאַט א שיינעם רעדנער־טאַלאַנט און פלעגט האָבן אַן אומגעהויערע ווירקונג אויף די מאַסן; געמעגט זיין דער שווערסטער ענין, פלעגט נאָר משה לייב אַרויסטרעטן, פלעגט ער די מאַסע האָבן אויף זיין זייט״*).

אין נאָוועמבער 1902 איז אַרויס דער נומער 3—4 „דער פרייהייטס גלאָק״, דער אָרגאַן פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״, די אויסגאַבע ווידמעט א גרויסן אַרטיקל דעם לעבן און טראַגישן טויט פון ח׳ משה לייב לעווקאָוויטש. אויך פון דעם אַרטיקל ווערן קלאָר די טראַגישע סיבות, וועלכע האָבן געשטויסן דעם יונגן אַרבעטער־טוער צו זיין פאַרצווייפלטן שריט. מיר לייענען דאָרט צווו. אַנד.:

„אונז פעלט דער הויפט־באַדינג: די עפנטלעכקייט, אָדער געזעצלעכקייט. דאָס איז א שרעקלעכע מניעה אין אונזער קאַמף, ווייל דאָס רויבט אונז די מעגלעכקייט, אונזערע האַנדלונגען, וועלכע שרעקן זיך נישט פאַרן ליכט, אָפן צו באַגיין, און עס פאָדערט דערום באַדינגונגסלאָזן צוטרוי פון דער מאַסע צו אירע פירער. די דאָזיקע פאָדערונג קאָן נאָך די יידישע מאַסע, וועלכע איז געוואָרן דערצויגן אין א שענדלעכער שקלאַפעריי, נישט אינגאַנצן צופרידנשטעלן, זי איז נאָך אויף אַזא הויכער שטופע נישט דערוואַקסן. משה לייב האָט דעריבער געטראָפן אָפט אויף א פאַרטעמפּטער אומפאַרשטענדעניש, פון וועלכער עס איז אַרויסגעוואַקסן אַן אומצוטרוי צו די פירער. עס האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אויפן

*) ב. מיכאַלעוויטש: „זכרונות פון א יידישן סאָציאַליסט״, ערשטער באַנד, זייט 150.

פלאַץ פּערזענלעכס און קליינלעכקייטן און דאָס האָט זייער פיל געשאַדט דער אַלגעמיינער זאַך...

„מען קאָן זיך פאָרשטעלן, ווי דערפון האָט זיין פיינע, איי־דעלע נשמה געליטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערוועקן אין אים צווייפל, ספקות, נישט אין דער אידעע, אין וועלכער ער האָט אַזוי פעסט געגלויבט, נישט אין די מאַסן, פאַר וועלכע און מיט וועלכע ער האָט צוזאַמען געקעמפט, נאָר — צווייפל אין זיינע אייגענע קרעפטן, ער זאָל קאָנען די מאַסע אויפהויבן.

„...ער האָט אָנגעהויבן צווייפלען אין זיינע קרעפטן, די דאָ־זיקע מאַסע צו רייניקן פון דעם שימל, וואָס די לאַנגע יאָרן פאַר־שקלאַפונג האָבן געלייגט אויף זיי...”

אַזוי האָט דאַן אָפּגעשאַצט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד” דאָס לעבן און דעם טראַגישן טויט פון ח׳ משה לייב לעוואָקאָוויטש.

אויך דער „יודישער ארבייטער”, דער טעאָרעטישער אָרגאַן פון „בונד”, האָט אויף אַזאַ אופן באַהאַנדלט דאָס לעבן און טויט פון ח׳ משה לייב.

## XII

# דער אומלעגאלער פארטיי-אפאראט
# און זיין ווירקונג אויף דער מאסע

די רעוואָלוציע אין שטייגער־לעבן פון דער יידישער מאַ־
סע. — דער קאַמף פאַר אַ וועלטלעך יידיש לעבן. —
די עטיש־מאָראַלישע ווירקונג פון די „אַחדותיי. —
מסירת־נפש און אידעאַליזם פון די אַגיטאַטאָרן. —
ווער האָט אָנגעפירט מיט דער באַוועגונג. — צ. ק.־
שליחים, אינטעליגענטן און מאַסן־טוער. — טיפּן פון
פּרויען־טוערינס אין דער באַוועגונג.—פּראָבלעמען פון
יידישן אַרבעטער־לעבן און דער „בונדיי. — קאַמף מיטן
ציוניזם. — אָנהויב פון סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי
דער שילער־יוגנט.

דאָס יאָר 1905 איז געווען דער הויך־פּונקט פון רעוואָלו־ציאָנערן אויפבּרויז אין אמאָליקן צאַרישן רוסלאַנד. די מאַסע, דער־דריקט פון דער לאַנג־יעריקער קנעכטשאַפט און עקאָנאָמישער נויט, האָט גענומען דאָס וואָרט און געמאַכט אויספירונגען פון דער רע־וואָלוציאָנערער אַגיטאַציע, וועלכע איז געפירט געוואָרן אין משך פון יאָרן דורך די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. כדי די רעוואָלוציע פון 1905 זאָל מעגלעך זיין, האָט פריער געמוזט פאָרקומען א רע־וואָלוציע אין די מוחות און אין דער נשמה פון דער מאַסע. די רעוואָלוציע, די גייסטיקע, האָט אויף דער יידישער גאַס אדורכגע־פיו'ט דער „בונד". ער האָט דאָס מעגלעך געמאַכט, אַז די יידישע מאַסן זאָלן פאַרנעמען דעם אָנגעזעענעם אָרט אין דער רעוואָלו־ציאָנערער מחנה פון 1905.

וואָס שייך לאָדזש, האָט דער „בונד" אין ערשטן האַלבן יאָרצענדליק פון זיין עקזיסטענץ שוין געהאַט דורכגעפירט אַ גרינט־לעכע רעוואָלוציע אין לעבן און לעבנסשטייגער פון די טויזנטער יידישע וועבער און שניידער. עס זענען פאַרשוווּנדן די „פּאַטריאַר־כאַלע" באַציאונגען צווישן מייסטער און געזעלן. דער וועבער־אַרבעטער האָט אויפגעהערט צו זיין אַ פּועל, אַ געזעלן, וואָס דינט אין קנעכטשאַפט ביים מייסטער, פאַבריקאַנט, אָדער לוין־וועבער מיט עסן און שלאָפן, גייט אין זיינע דרכים, דאַוונט אין זיין שטיבל און ציטערט פאַר גאָט און פאַרן שטריימל.

דער דאָזיקער לעבנס־שטייגער איז ביים רוב יונגע וועבער־געזעלן און אויך עלטערע אַרבעטער אין 1903 — 1904 שוין געווען כמעט חרוב. אַ נייער לעבנס־שטייגער האָט אָנגע־הויבן אַרויסוואַקסן, נייע הייליקייטן האָבן באַגייסטערט און אָנ־געצונדן די נשמות און הערצער. די רויטע פאָן, וואָס האָט אַ פּלאַטער געטון אַמאָל אויף אַ פאַרזאַמלונג צווישן די געדיכטע בוימער־שטאַמען אין וואַלד, אַמאָל אויף אַ מסירת־נפשדיקער דעמאָנסטראַציע אין גאַס, האָט געמאַכט ציטערן טויזנטער הערצער. דעם אַלטן דבקותדיקן חסידישן ניגון און ימים־נוראימדיקע שטיק־לעך האָבן פאַרטרעטן נייע שטאַרקע טענער פון רעוואָלוציאָנער־מאַרשירנדע מחנות, אָדער האַרציק־מעלאַנכאָלישע לידער, וואָס באַוויינען דעם גורל פון אַרבעטער, זיינע מאַרטירער און גע־פאַלענע פרייהייטס־קעמפער.

די דאָזיקע לידער האָבן פול געמאַכט די באַלוטער וועבער־שטובן, זיך צונויפגעגאָסן מיטן ריטמישן קלאַפּן פון די לאַדעס און זשאַקאַרד און צוג־מאַשינען און געוועקט און גערופן צום נייעם לעבן. און באמת האָט אין דער קורצער צייט פון דער בונדישער טעטיקייט אין לאָדזש זיך אַרויסגערוקט פון דער יידי־שער מאַסע אַ נייער מענטש — דער „אחדותניק".

די „אחדות" האָבן איבערגעריסן מיט זייער אַלטער היים און סביבה, צעקריגט זיך מיט עלטערן און נאָענטע און אַוועק בויען אַ נייע היים. אַ טיפער תהום איז אויסגעגראָבן געוואָרן

צווישן באוווסטזיניקן ארבעטער און זיין פריערדיקער באַלעבאַטי־שער סביבה, אַ ים פון קעגנזייטיקער שנאה האָט דעם תהום אויסגעפילט. עס איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן דער אַלטער, פאַרקנעכטעטער, פאַרפינסטערטער, פּחדנות־דיקער יידישער וועלט און דעם ניי־אויפשטייענדן יידישן אַרבע־טער־קלאַס. עס איז געוועזן אַ קאַמף נישט נאָר פאַר העכערע לוינען, קירצערן אַרבעטס־טאָג און מענטשלעכער באַהאַנדלונג, נאָר אויך פאַרן תוך און אינהאַלט פון יידישן לעבן. די שענסטע אידעאַלן פון דער השכלה־עפּאָכע וועגן וועלטלעכקייט, וויסן און גייסטיקע פרייהייט, האָבן אין לעבן אַדורכגעפירט די לאָדזשער וועבער און שניידער, פּונקט ווי עס האָבן עס געטון זייערע חברים־אַרבעטער אין אַנדערע שטעט. עס איז געפירט געוואָרן אַ ביטערע מלחמה פאַר באַפרייען זיך פון זאַבאַבאָנעס און אַבערגלויבן, פאַר אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם לאַנגן כאַלאַט, אַפילו פאַר אָפּשערן זיך אויפן אייראָפּעאישן אופן, פאַר זיצן ביי דער אַרבעט אָן אַ היטל.

אין קאַמף פאַר דער פאַרוועלטלעכונג פון יידישן לעבן האָבן די וועבער און שניידער באַצאָלט מיט נישט ווייניקער קרבנות, ווי אין קאַמף קעגן צאַריזם. די פרומע שטריימל־לייט, וועלכע האָבן זיך דערפילט באַדראָט אין זייער גייסטיקער ממשלה, האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, כדי די אחדותניקעס מחזיר למוטב צו זיין. זיי, די פרומע לייט, צוזאַמען מיט די אונטערנעמער, האָבן געמסרט די אַרבעטער, געשיקט פּאָליציי אויף אומלעגאַלע אַרבע־טער־פאַרזאַמלונגען, אָנגערייצט די ווילדע יונגען און יידישע אַר־בעטער האָבן באַצאָלט מיט בלוט פאַר פאַרבייטן דאָס היטל אויף אַ קאַפּעלוש, דעם כאַלאַט אויף אַ מאַרינאַרקע, פאַר נישט דאַווענען און רויכערן אַ פּאַפּיראָס אין שבת א. אז. וו. די אַלע, וואָס בויען היינט אין לאָדזש אַ יידיש־וועלטלעך לעבן, דאַרפן מיט אַ באַזונ־דערן יראת־הכבוד דערמאָנען די פּיאָנערן פון „בונד", די משה לייבס און הערש לייבס, די בערישלעך און יודלס, וועלכע האָבן גרויסע קרבנות געבראַכט אין קאַמף פאַר דעם נייעם יידישן לעבנס־שטייגער.

וואָס עס האָט געפילט דער דעמאָלטיקער יידישער אַרבעטער,

ווען ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער השפּעה פון „בונד“, דערציילט אונז אַן אַרבעטער אין „פרייהייטס גלאָק“ נומ. 2:

„איך הויב זיך אָן צו דערמאָנען, וואָס עס איז מיט מיר פאָרגעקומען פון 8 יאָר צוריק ביז איצט. אַלע מיינע פאַרגאַנגענע יאָרן שטעלן זיך מיר פאָר פאַר די אויגן, און קיין גוטס באַמערק איך נישט. פון קינדוויייז־אָן האָט מען מיך אַרויסגעריסן פון דער היים, אַריינגעוואָרפן אין די אָרעמע, שמוציקע לוין־וועבער־פאַבריקן. אָנגעהאָרעוועט גאַנצע 8 יאָר פאַר די אונטערנעמער. נישט איינמאָל געליטן הונגער און קעלט. און וואָס האָב איך דערפאַר? אָנגעאַרבעט אַזויפיל טייערע סחורות און זיך צומאָל קיין פאַלטאָ נישט געמאַכט. נאָר וואָס שטעל איך מיר אַזעלכע פראַגן? צי דען זענען די אַלע פראַגן ביי מיר נישט פאַרענטפערט? עס איז אַמאָל געווען אַ צייט, ווען איך האָב געמיינט, אַז אַזוי מוז עס זיין, עס איז אַזוי באַשערט פון גאָט; איך האָב געמיינט, אַז אין דעם איז שולדיק נאָר מיין שלעכטער מזל, און איך האָב געבויגן דעם קאָפּ אונטער דער שווערער משא.

„אַ גליקלעכער צופאַל האָט מיך באַקענט געמאַכט מיט אַ היגן אַרבעטער, וואָס האָט מיר דערקלערט די אַלע נישט־פאַרענטפערטע פראַגן. אַ ריי נייע געדאַנקען האָבן זיך מיר אָנגעהויבן פּלאָנטערן אין קאָפּ. פון דעמאָלט אָן האָב איך אָנגעהויבן אַנדערש צו קוקן אויף דער געזעלשאַפט, אויף די קאַפּיטאַליסטן... מיט איין וואָרט, די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר ליכטיק געוואָרן. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז נישט מיין מזל איז שולדיק אין דעם, וואָס מיר איז שלעכט, נייערט דאָס איז די דערשיינונג פון דער היינטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג. אין יענע צייטן בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע.

„אַ האַרץ פול מיט האָפענונג און מיט מוט איז פון דעמאָלט אָן ביי מיר. איך בין אויך איינער, וואָס פאַרשטייט די פאַרשקלאַפונג פון אַרבעטער־קלאַס; איך פאַרשטיי שוין, צו וועלכן צוועק מען ברויכט די אַלע רעליגיעזע צערעמאָניעס; מענטשן האָבן זיי אויסגעטראַכט, כדי צו צווינגען דעם אָרעמען קלאַס

נישט צו קלערן װעגן עפּעס בעסערס, װעגן עפּעס העכערס, נאָר טו: דאָס, װאָס מען הײסט פֿון אױבן...״*).

די דאָזיקע פּערזענלעכע אײַנדרוקן פֿון דער באַװעגונג האָט אין „פּרײַהײטס גלאָק״ אָנגעשריבן יחיאל זילבערבערג (יחיאל רבי), װעלכער האָט געהערט צו די פּיאָנערן פֿון „בונד״ אין לאָדזש**). די װערטער, געשריבן פֿון אַ װעבער־אַרבעטער אין יאָר 1902 באַװײַזט, װאָס פֿאַר אַ טיפֿע רעװאָלוציע עס איז שױן ביז דאַן פֿאָרגעקומען אין די מוחות פֿון די ייִדישע מאַסן.

דער נײַער לעבנס־שטײַגער פֿון די „עמאַנציפּירטע״ װעבער און שנײַדער האָט געפֿאָדערט נײַע לעבנס־באַדינגונגען. דער אַר־בעטער, װאָס איז אַרױס פֿון מײַסטערס רשות, האָט געמוזט האָבן װוּ זיך אױסצולעבן, װוּ צו פֿאַרברענגען. אַ גרױסע טײל צײַט האָט צוגענומען די בערזע, דאָ האָבן זיך געטראָפֿן אַרבעטער, װילד־פֿרעמדע זענען געװאָרן נאָענט. מ'האָט אַדורכגעשמועסט אַלע ענינים — פּאָליטישע, פּראָפֿ. און אױך פּריװאַטע. צײַטנ־װײַז פֿלעגט אַראָפּפֿאַלן דער געהײמער פֿאָרשטײער, פֿלעגט אָנ־װאַרפֿן אַ געהײם װאָרט, װעלכעס איז שעפּטשענדיק איבער־געגאַנגען פֿון מױל צו מױל. דאָס זענען געװען אינסטרוקציעס װעגן געהײמע פֿאַרזאַמלונגען, דעמאָנסטראַציעס א. אז. װ.

מתחילת איז די בונדישע בערזע, װי מיר װײסן שױן, גע־װען אױפֿן בית־המדרש־הױף, װוּ אונטער די אַלטע װענט פֿון גאָטס הױז האָט זיך פֿאָרמירט דאָס נײַע לעבן, דער „הודו לה׳ כי טוב״, װעלכער האָט זיך געטראָגן פֿון בית־המדרש אַרױס, איז פֿאַרהילכט געװאָרן פֿון די לױב־געזאַנגען פֿאַר דעם נײַעם מענטש און זײַן אידעע. שפּעטער איז דער בית־המדרש־פּלאַץ געװאָרן צו־

*) „דער פרײַהײטס גלאָקע״ נומ. 2, אַפּריל 1902. „מען דאַרף גײן דינען — אַ װעבער.

**) יחיאל זילבערבערג (יחיאל רבי), געװען פֿון די ערשטע בונדיסטן אין לאָדזש, געװען אַרעסטירט, פֿאַרשיקט אין סיביר. שפּעטער צוריקגעקומען קײן לאָדזש, געשטאָרבן דעם 25־טן דע־צעמבער 1929. „לאָדזשער װעקער״ נומ. 51, י. ליכטענשטײן: „חי יחיאל זילבערבערג״.



בראָניסלאַוו גראָסער
געשטאָרבן 1912



ב. מיכאַלעוויטש

ענג און די בערזע האָט זיך איבערגעטראָגן אויף דער ווסכאָדניע גאַס און פולנאָצנאַ ביי בידערמאַנס פאַבריק. יעדן אָוונט פלעגן די טיילן גאַס פול ווערן מיט שפּאַצירנדע אַרבעטער. דאָס באַ־ לעבעסל האָט מיט שרעק זיך צוגעקוקט צו דער מענטשן־מאַסע. וואָס וויל נישט אַנדערש, ווי אַראָפּוואַרפן ניקאָלאַיען. אַ גרויסן אָרט אין לעבן פון די וועבער און שניידער האָבן פאַרנומען די פאַרזאַמלונגען, ספּעציעל די זומער־פאַרזאַמלונגען אין קאָנסטאַנ־ טינער וואַלד. מיר האָבן געזען, מיט וואָס פאַר אַ מסירת־נפש אַזעלכע פאַרזאַמלונגען זענען געווען פאַרבונדן, אָבער דאָך האָט עס אַהערגעצויגן ספּעציעל די יוגנט, וואָס האָט צום ערשטן מאָל איבערגעלעבט יענעם אינערלעכן אויפבּרויז און דערהויבונג, וועלכן עס האָבן אָנגעצונדן אין די הערצער די פלאַמיקע רעדעס פון די בונדישע אַגיטאַטאָרן. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט געוווּסט, ווי אָפּצושאַצן די דאָזיקע אַרבעטס־שטאָט און געשיקט אַהער זיינע בעסטע קרעפטן. אין קאָנסטאַנטינער וואַלד האָט גערעדט דער נאָך דאַן יונגער ביניש מיכאַלעוויטש.

די וואַלד־פאַרזאַמלונגען האָבן אַרויסגערופן אַזאַ באַגייסטע־ רונג, אַז זיי האָבן אַפילו געהאַט אַן איינפלוס אויף אַזאַ פּערזענ־ לעכקייט, ווי בראָניסלאַוו גראָסער. אַ באַזוך אויף אַזאַ פאַרזאַמ־ לונג פון יידישע אַרבעטער האָט גראָסערן שטאַרק צוגעבונדן צום „בונד" און צו דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג. די מער באַ־ וווּסטזיניקערע אַרבעטער, וועלכע האָבן פאַרנומען אַן אָנפירנדן אַמט אין דער אָרגאַניזאַציע, האָבן געהאַט סכאָדקע־פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס'זענען באַהאַנדלט און דורכדיסקוטירט געוואָרן אַלע וויכטיקע פראַגן פון פּאָליטישן, געזעלשאַפטלעכן און יידישן לעבן. אַ חוץ די אומלעגאַלע „סכאָדקעס", פאַרזאַמלונגען און בערזע האָבן די בונדיסטן אין לאָדזש אין יענער צייט אויך גע־ האַט „לעגאַלע" טרעף־פּונקטן. דאָס זענען געווען די ביליקע טיי־הייזער („טשייניעס"). דאָס ביליקע טיי־הויז איז פאַר די יידישע אַרבעטער אין לאָדזש געווען דאָס אייגענע, וואָס דאָס ביר־הויז פאַר די פּראָלעטאַריער אין אייראָפּעאישע לענדער. די „טשייניעס" האָבן זיך געפונען אויף פאַרשידענע ערטער אין

שטאָט: אויף שרעדניע (פּאָמאַרסקע), ניי־שטאָט (פּלאַץ וואָלנאָ־שמישי), פּולנאָצנע, פּעפּער־גאַס, מרדכי גבאים גאַס (היינט זשי־דאָווסקא) א. אַ. ערטער. אין די „טשייניעס" האָבן זיך געטראָפן די אַגיטאַטאָרן מיט זייערע אָנהענגער. דאָ איז פאַרטיילט געוואָרן בסוד ליטעראַטור און דאָ זענען געגעבן געוואָרן אָנווייזונגען פאַר ווייטערדיקער טעטיקייט.

פון צווישן די אַגיטאַטאָרן האָט זיך אויסגעטיילט אַ ספּע־ציעלע גרופּע, וועלכע האָט זיך אונטערשיידט פון אַלע איבעריקע בונדישע טוער מיט איר נזיריש־אַפּאָסטאָלישן כאַראַקטער. צו דער גרופּע האָבן געהערט צווישן אַנדערע אויך זוקן גריצער, ניסן, אברהמל בעל־תשובה און ישראל מאַגילניצער. אַלע זענען גע־ווען וועבער און געאַרבעט אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אָפּטיילונג.

די דערמאָנטע חברים זענען געווען ווייניקער פאַרקאָנספּי־רירט, ווי דער „נאָרמאַלער" אַגיטאַטאָר. זיי האָבן געפּרעדיקט דעם בונדיזם הויך און פריי, געוועזן צוגעלאָזן צו יעדן איינעם. דאָס פּריוואַטע לעבן האָט פאַר די אַפּאָסטאָלן פון בונדיזם און סאָציאַליזם כמעט ווי נישט עקזיסטירט. להיפּוך צו דעם רוב צו־געפּאָרענע פון דער פּראָווינץ, האָבן זיי זיך נישט געיאָגט נאָך אַרבעט און פאַרדינסט, נאָר דעם גרעסטן טייל צייט אָפּגעגעבן דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע.

ביי אַזעלכע באַדינגונגען איז פאַרשטענדלעך, אַז די איבער־געגעבענע אידעאַליסטן פון „בונד" האָבן געלעבט מאַטעריעל נישט גאָר פויגלדיק. זיי האָבן געטראָגן אָרעמע, אָפּגעריסענע קליידער, אויסגעדרייטע שיך און זענען געוועזן זעלטן זאַט. זייער היים איז געוועזן די „טשייניע". ביי דעם לאַנגן, נישט־געדעקטן טיש זענען געזעסן די אַגיטאַטאָרן. אַרום זיי זענען געזעסן, אָדער־געשטאַנען צונויפגעדריקט, צענדליקער אַרבעטער און מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם געשלונגען יעדעס וואָרט וועגן קאַמף, באַפרייאונג און סאָציאַליזם, וואָס דאַרף אויסלייזן די מענטשהייט פון פּיין און נויט. באַזונדערס אַ ווירקונג האָט געהאַט אויף די אַרבעטער זוקן גריצער, אַ מענטש פון מיטעלן וווּקס, אַ בלאַס פּנים מיט אַ הויכן,

למדנישן שטערן, פון אונטער וועלכן עס האָבן ארויסגעלויכטן מילדע, טונקעלע אויגן.

דאָס זאַטע, צופרידענע באַלעבעסל, וואָס איז געקומען נאָך לאָדזש מאַכן אַ גראָשן, האָט, פאַרשטייט זיך, געקוקט מיט חוזק אויף די חברים־אידעאַליסטן. אַן „אחדות'' מיט אויסגעדרייטע שיך איז פאַר די אויפגעקומענע פאַבריקאַנטלעך און רייכע לוין־וועבער געווען אַ צייכן פון אַ שלימזל, אָדער פון אַ פוילענצער. אָבער די אַרבעטער, וואָס זענען געווען נענטער באַקאַנט מיט די חברים, האָבן געוווּסט, אַז דאָס איז ליגן. די דאָזיקע אַפּאָסטאָלישע אַגיטאַטאָרן זענען געווען גוטע פאַכמענער, וועבער. זיי זענען קיינמאָל נישט געווען פויל צו טון די שווערסטע מסירת־נפשדיקע אַרבעט, ביז אָפּגעבן דאָס לעבן פאַר דער פּאַרטיי, פאַרן „בונד''. און זייער פייערדיקע איבערגעגעבנקייט צו דער סאָציאַליסטישער אידעע האָט זיי אָוועקגעריסן פון פערזענלעכן לעבן און פון זוכן פאַר זיך אַליין גליק אין דער דאָזיקער שטאָט פון פּראָלעטאַרישן אומגליק און פּיין.

די „טשייניעס'', ווו עס האָבן זיך געזאַמלט אַרבעטער, ווי מיר ווייסן שוין, זענען אָפט באַפאַלן געוואָרן פון דער פּאָליציי. די אָנוועזנדיקע האָט מען פאַרנומען אין אוטשאַסטאָק (פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט), דאָרט זענען זיי געוואָרן געפּייניקט, געשמיסן און אַפילו פאַרפּייניקט ביז צום טויט*).

נישט געקוקט אויף דעם דאָזיקן מאַרטירער־וועג, וואָס יעדער בונדיסט האָט געמוזט אַדורכמאַכן, האָט עס דאָך נישט אָפּגעשוואַכט די באַוועגונג, פאַרקערט, די באַוועגונג איז געוואַקסן און צום 5־יעריקן יובילעי פון „בונד'' האָט די פּאַרטיי שוין געהאַט אויסגעבילדעט אַ שטאַב פון עטלעכע צענדליק חברים, וועלכע האָבן געהערט צו די אָנפירנדע איינריכטונגען פון יעדן פאַך (סכאָדקע) און פאַרנומען ערטער אין „צענטער'' אָדער קאָמיטעט.

---

*) פון די נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון די ח״ח גרשון ראָזענבערג און שמואל בינשטאָק.

אין דער העכסטער פּאַרטיי־אָנפירונג, קאָמיטעט, צענטער זע־נען געווען, ווי מיר ווייסן שוין, די חברים שמאי ווייסענבלום (שמאי קרומקאָפּ), משה לייב לעווקאָוויטש, שווארצער הערש לייב, יחיאל זילבערבערג (רבי), חיימל זילבערמינץ (פּראָפעסאָר), פּנחס קאלקשטיין („פּנחס שוסטער"), אברהם שטערן און אברהמל בעל־תשובה. אַלע, אַ חוץ פּנחס, האָבן געהערט צום וועבער־פאַך.

פון די נעמען, וואָס מיר ברענגען דאָ ווייטער, איז שווער פעסטצושטעלן, וואָס פאַר אַן אָרט זיי האָבן פאַרנומען אין די פאַרטיי־איינריכטונגען, אָבער ס'איז באַוווּסט, אַז אַלע זענען גע־ווען אַקטיווע טוער אין „סכאָדקעס", אַלס אַגיטאַטאָרן א. אז. וו.

ס'זענען געווען טעטיק די וועבער:

יעקל קאַציק, מאיר לאַקס (שווארצער מאיר), הויכער יאָס, יהודה יוסף ביינאָן, סוכער אַבראַמאָוויטש (שווארצער סוכער), הערשל רופוס, קליינער אהרעלע, 3 ברידער סאָקראַטעס, יצחק פריד־מאַן, בערישל באָסיאַק, משה באָסיאַק, רויטער אברהם, ברוך לייב פּאָדגאָראָוויטש (פּאָניע), חמיה פליישער, יעקל קייזער, אהרן דוד, דער לאַמער אברהם, דער לאַנגער בעריש, קונע סרעברניק (ביק), לוזער ארנשטיין (ביק), בערישל קורביץ (ראַוועך), שווארצער עזריאל, זקן גריצער, ניסן, הערשל פאַרבער, כאַסקל פון בזשעזשי־נער גאַס, שלמה פון אַלטשטאָט, שלמה זלמן גאָלדשטיין, ישראל מאָגילניצער, חמיה ב., בעריש מאָרגענצייטונג, שלמה הערש היי־מאַן, יעקל ליכטענשטיין (ביז היינט טעטיק אין „בונד").

פון אנדערע פאַכן זענען געווען טעטיק:

אברהם שניידער, אַ שניידער פון וויטעבסק, יודל ראָזען (בוכבינדער), בעריש טיפּאָגראַפטשיק, שמשון מאַלאַזש, שמעון מאַלאַזש, משה פּאָניע, שמואל בעקער, חיים רויטמאַן, מרדכי איי־בער (מאַקס טישלער, אַ סטאָליאַר), יעקל בעקער, יצחק מאַלאַזש, יצחק מילכטייך (מאַלער־ארבעטער), אברהם אמשינאָווער (אַ זאָקן־מאַכער), י. מ. וועקסלער (אַ זאָקן־מאַכער, היינט אַ שערער, טע־טיק אין „בונד").

אין 1902 טרעט אויך צו צו דער באַוועגונג דער באַקאַנ־

מער בונדישער טוער ח' מ. ל. זעלמאַנאָוויטש. זיין פאַרשטייער איז געווען אַברהם אַמשינאָווער.

דער פאַרשטייער האָט געלייגט אַ בזונדערע אַכט אויף דעם יונגן, לאַנג־געקליידעטן זעלמאַנאָוויטש, וועלכער האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַר אַ טעמפעראַמענטפולן, פאַרשטענדיקן בחור, און דורך דעם הויכן בערל איז טאַקע זעלמאַנאָוויטש באַשטימט גע־וואָרן אין דער זאָקנמאַכער־סכאָדקע און צוגעטיילט געוואָרן אַלס רעדנער.

אין דער זאָקנמאַכער־סכאָדקע הויבט זיך אָן ח' אפרימס רייכע בונדישע טעטיקייט. ער איז געקומען קיין לאָדזש פון לוי־וויטש, ווו ער האָט פאַרבראַכט די קינדער־יאָרן ביי זיינע חסידי־שע עלטערן. ח' אפרימס דערציאונג איז געווען, ווי פון ס'רוב יידישע קינדער אין יענער צייט: געלערנט אין חדר און שפּעטער אין „שטיבל" ביז 16 יאָר. די „שטיבל"־לערע האָט שוין ח' אפרים דורכגעמאַכט אין לאָדזש.

דער אַלטער זעלמאַנאָוויטש האָט זיין וויל־לערנענדן זון נישט געוואָלט מאַכן פאַר אַ בעל־מלאכה, אָבער זאָקן־מאַכעריי האָט זיך נישט „גערעכנט פאַר קיין פאַך", נאָר פאַר אַ הויז־אַרבעט. מ'קויפט זיך אַ מאַשינדל און מ'קאָן זיצן אין דער היים און אַרבעטן און דערביי „אָפּהיטן" צו דער צייט אַ דאַווענען און נישט אַרויסגעריסן ווערן פון דער שטובּיקער סביבה.

די פאַרהיטונגס־מיטלען האָבן אָבער ווייניק געהאָלפן. דער פרומער אפרים אליעזר האָט, אַ חוץ אין דער היים, אויך גערעדט אין בית־המדרש און באַמערקט די גרופּקעלעך יונגעלייט, די „אחדות", וועלכע רעדן היים וועגן סאָציאַליזם און מענטשן־באַפרייאונג. דאָ באַגעגנט ער זיך מיט פנחס שוסטער, וועלכער באַקומט אַ שטאַרקע השפעה אויף דעם געוועזענעם שטיבל־בחור.

ח' זעלמאַנאָוויטש איז געוואָרן אָן „אחדות", אַ בונדיסט, און נאָך בעת ער האָט געטראָגן די לאַנגע קאַפּאָטע, האָט ער שוין פאַרנומען אַן אָרט אין דער באַוועגונג. ער איז געוואָרן אַ טוער ביי די זאָקן־מאַכער. זיין פאָלקסטימלעכע שפּראַך, דורכגעפלאָכטן מיט פסוקים און פאָלקס־ווערטלעך, האָט אים באַלד געמאַכט פאַר

א באליבטן רעדנער. זיין ווירקונג און אנזען איז געוואקסן ביז ער איז נאך דער וועלט־מלחמה דערגאנגען צום העכסטן פארטיי־אמט — מיטגליד פון צענטראל־קאמיטעט פון „בונד".

אין דעם אייגענעם יאר ווערן אריינגעצויגן אין דער באַוועגונג חיים יאסל קאווי‌אר (חיים יאסל פאניע — א וועבער), וועלכער האט פארנומען אן אנגעזעענעם ארט אין דער באוועגונג און אנגעפירט שפעטער מיט דער סכאדקע פון פליישער־ארבעטער, (היינט אין אמעריקע). גערשן ראזנבערג (א וועבער), דער שפע־טערדיקער ארגאניזאטאר פון ערשטן טעקסטיל־פאריין, וועלכער איז ביז היינט טעטיק אין „בונד" אין פראפ. טעקסטיל ארבע־טער־פאריין, אויף פארשידענע אנפירנדע אמטן.

אן אנגעזעענעם ארט אין דער באוועגונג האבן אויך שוין דאן פארנומען פרויען־טוערינס. אין דער ערשטער ריי רוקן זיך ארויס די צוויי חברטעס, טעקסטיל־ארבעטערינס רעלא פיליצער און הודעס ברוין. די צוויי חברטעס זענען שטענדיק געווען צו־זאמען, הן אין פארטיי־ארבעט, הן אין פריוואטן לעבן, מיטגע־מאכט ארעסטן, הונגער־שטרייקן אין די טורמעס און שטענדיק זיך געפינען אין די פאדערשטע רייען פון ארבעטער־קאמף. רעלא פי־ליצער האט זיך אויסגעצייכנט מיט אן ארגאניזאטארישן טאלאנט און א הארציקע באציאונג צו מענטשן. דאס האט איר געמאכט זייער פאפולער צווישן די טעקסטיל־ארבעטערינס, וועמענס פירע־רין ח'טע רעלא איז געווארן. ח'טע רעלא, ווי דאס רוב בונדישע מוער אין יענער צייט, האט נישט געהאט קיין היים און פאמי־ליע. איר היים איז געווען די בונדישע ארגאניזאציע, וועו זי האט אפגעגעבן איר גאנצע יוגנט און ענערגיע. ח'טע פיליצער געפינט זיך היינט אין אמעריקע, איר פריינדין, הודעס, איז אין אמעריקע געשטארבן.

אן אנגעזעענעם ארט אין דער באוועגונג האט פארנומען די ח'טע ביילע גורפינקעל, אן ארבעטערין פון בערשטער־פאך. זי איז געווען א גוטע אגיטאטארקע פאר דער בונדישער אידעע. שפע־טער איז זי אוועק אין קאליש און דארט וויטער געפירט בונדישע

אַרבעט. אין קאַליש איז די ח'טע בעלאַ, ווי מ'האָט זי גערופן, אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיטן קליינעם אַלטערל ביי אַ געווער־טראַנספּאָרט. מ'האָט געפונען ביי זיי אַ גרעסערע צאָל רעוואָל־ווערן און קוילן.

ביידע חברים האָבן געהאַט אַ פּראָצעס פאַר געהערן צום „בונד" און אַוועק אויף יאָרן קאַטאָרגע מיט אייביקער פאַרשי־קונג אין סיביר, נאָכן פאַרענדיקן דעם קאַטאָרגע־טערמין. די שווערע איבערלעבונגען אין דער קאַטאָרזשנער תפיסה האָבן דער ח'טע גורפינקעל נישט צעבראָכן. פון איר סיבירער פאַרשיקונג שרייבט זי שפּעטער אויפמונטערנדיקע בריוו צו אירע לאָדזשער פריינט און חברים. ביילע לעבט היינט אין ראַטנפאַרבאַנד.

צווישן די אַגיטאַטאָרקעס, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָרט אין דער דעמאָלטיקער בונדישער באַוועגונג, דאַרף מען אויך דער־מאָנען: מאַשע, דבורה לייב, די הויכע שיינדל, פּערל לאה, די ווייַ־סע מאַשע, די שטאָפּערינס אַלטע פליישער און דאָברע הינדע.

די אַלע אויסגערעכנטע טוער זענען אויסגעוואַקסן פון די אַרבעטער־רייען גופא. ס'איז נישט מעגלעך פעסטצושטעלן יעדנס אָפּשטאַמונג, אָבער דער רוב פון זיי איז געקומען פון די קליינע שטעטלעך אין קאָנגרעס־פּוילן, באַקומען די טראַדיציאָנעלע חדר־אָדער ישיבה־דערציאונג און אין די רייען פון „בונד" זענען זיי אויסגעוואַקסן אַלס אַרבעטער־קעמפער. די אָפּשטאַמונג פון די בונדישע טוער אין גרעסטן אינדוסטריע־צענטער פון קאָנגרעס־פּוילן באַווייזט, ווי פאַלש עס איז די איינשטעלונג פון אייניקע היסטאָריקער פון דער פּעפּעסישער באַוועגונג, ווי וואַשילעווסקי אַ אַנד., אַז די בונדישע באַוועגונג איז געווען אַ ליטוואַקישע און יידישע אַרבעטער פון פּוילן האָבן זיך געצויגן צו פּ. פּ. ס.*).

---

*) לעאָן וואַשילעווסקי: „אַ סקיץ פון דער געשיכטע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין שייכות מיט דער געשיכ־טע פון פּוילישן סאָציאַליזם אין די 3 אָקופּאַציע־געביטן און אויף דער עמיגראַציע", זייט 82.

פון די דערמאָנטע חברים, אַמאָליקע טוער אין דער באַוועגונג, זענען נאָר איינציקע פאַרבליבן אין לאָדזש. דער ווייטגרעסטער רוב האָט זיך צעשפּרייט אין אַלע טיילן פון דער וועלט. אייניקע האָבן פאַרענדיקט זייער לעבן אין דער פרעמד דורך זעלבסטמאָרד, אַנדערע זענען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט. זייער אַ גרויסער טייל איז טעטיק אין דער אַמעריקאַנער באַוועגונג, די געציילטע, וואָס זענען פאַרבליבן אין לאָדזש, זענען ווייטער טעטיק אין דער בונדישער באַוועגונג.

אַ חוץ די טוער אין דער באַוועגונג, וואָס האָבן זיך רעקרוטירט פון די אַרבעטער־רייען, זענען אין דער שפּיץ פון דער באַוועגונג געשטאַנען אינטעליגענטן און צוגעשיקטע פון צ. ק. מיר האָבן נישט קיין גענויע רשימה פון די אינטעליגענטן, וועלכע האָבן דאָן געאַרבעט. אונז זענען באַקאַנט נאָר איינצלנע נעמען. בכלל איז ביז 1904—1905 געווען זייער ווייניק אינטעליגענטן אין דער באַוועגונג. ערשט מיטן אַריינדרינגען פון סאָציאַליזם אין די צוויי האַנדלס־שולן אין זגערזש און לאָדזש, באַקומט דער „בונד" אינטעליגענטע כחות.

פון די ערשטע יאָרן „בונד" זענען באַקאַנט אינטעליגענטע פּראָוויץ־טוערינס: דאַשאַ, אַ טאָכטער פון אַ פאַרמעגלעכער פאַמיליע, וועלכע האָט געפירט קרייזן צווישן אַרבעטער, אויסבאַהאַלטן אומלעגאַלע ליטעראַטור און אַנדערע פּאַרטיי־זאַכן, וואָס האָבן געדאַרפט אַ „כשר" אָרט. דאַשאַ האָט אויך אַ סך געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג און אויסבילדונג פון ח' שמאי וויסענבלום (קרומקאָפּ). ווייטער זענען באַקאַנט סאָניאַ יאַווטשינאָווסקאַ און אַניוטאַ קאַלעצקאַ, אַ שוועסטער פון אַדוואָקאַט קאַלעצקי. די ביידע חברטעס האָבן געפירט אַ ספּעציעלע אַגיטאַציע צווישן אַרבעטער־פרויען. געווען אויך 3 שוועסטערן הירשפעלד, וועלכע זענען געווען טעטיק אין דער לאָדזשער בונדישער באַוועגונג. אַ ספּעציעלן אָרט אין דער באַוועגונג האָבן אויך פאַרנומען: איוואַן שמויש, אַ ברודער פון באַקאַנטן קאָאָפּעראַטיוון טוער אברהם שמויש און פּיניע נוטקעוויטש. ח' פּיניע איז היינט אַ מיטגליד פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד". צוגעשיקטע פון צ. ק. האָבן

## רופּע פון פרויען־טוערינס אין דער לאָדזשער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג



צביה הורוויטש



ביילע גורפינקעל
אויף קאַטאָרגע.



רעלאַ פיליצער און הודעס ברוין.



חברטע שיינדל און ביילע גורפינקל

אין לאָדזש געאַרבעט: נאָכן ערשטן אַרעסט (זובאַטאָוו־אַרעסט) צביה הורוויץ, מערעלע גאָלדמאַן, חיים זאַקאָן און אויך טאַראַם קאַץ.

מיר האָבן זיך שוין באַקאַנט מיט די ערשטע שליחים פון צ. ק., וועלכע האָבן אין לאָדזש אַוועקגעשטעלט אַ בונדישע באַוועגונג. אויך די צווייטע גרופּע בונדישע שליחים געהערן צו די אינטערעסאַנטסטע אידעלע געשטאַלטן פון דעם ערשטן פּעריאָד „בונד".

צביה הורוויץ איז געווען אַ ווילנערין, געבוירן און דערצויגן געוואָרן ביי יידישע קליינהענדלער. זי האָט זיך אויסגעלערנט אַרבעטן זאַמשענע הענטשקעס און געוואָרן זעלבסטשטענדיק. צביה האָט פאַרמאָגט אַ געוואַלטיקן באַגער צו וויסן און צו לערנען און דאָס האָט זי דערפירט צום סאָציאַליזם. אין 1894 קומט זי קיין וואַרשע און נעמט זיך צו סאָציאַליסטישער אַרבעט. איר ענערגיע און אָרגאַניזאַציע־פעאיקייטן האָבן זי באַלד אַרויסגערוקט אין אויבנאָן פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. קיין לאָדזש איז זי געקומען שוין אַ פּאַרטיקע בונדישע אַגיטאַטאָרין און אָנגעפירט מיט דער באַוועגונג.

מערעלע גאָלדמאַן, אָדער מערע גינזבורג, ווי זי האָט געהייסן פון דער היים, איז געווען אַ טאָכטער פון רייכע סוחרים. זי האָט זיך אויסגעלערנט שניידעריי און אַוועק צווישן די אַרבעטער פאַרשפּרייטן סאָציאַליזם. אויך זי האָט אָנגעהויבן איר סאָציאַליסטישע טעטיקייט אין וואַרשע, שפּעטער אַריבערגעקומען אין לאָדזש און וואַרשיינלעך אויך געהאַט אַ שייכות מיט דער אומלעגאַלער בונדישער דרוקעריי, וועלכע איז דאָ געווען טעטיק אין 1900־סטן יאָר. געאַרבעט האָט זי אין לאָדזש ביז 1902.

איר ווייטערדיקער וועג איז געווען אַ טראַגישער. אין קישינעוו פאַלט זי אַדורך אין דער געהיימער דרוקעריי פון „איסקרא" און זי גייט אין טורמע צוזאַמען מיט איר 2־יעריק קינד. די סאָציאַליסטישע מאַרטירערין מאַכט דורך די פּיין פון אַן אַרעסטאַנטין־מוטער און לסוף ווערט זי פאַרשיקט אין סיביר. באַ־

פרייט ווערט מערע אין די רעאקציע־יאָרן. זי געפינט פאַר זיך נישט קיין אָרט אין לעבן און באַגייט זעלבסטמאָרד*).

ווי מיר ווייסן שוין, זענען צביה הורוויץ און מערעלע גינזבורג געוועזן אויך צווישן די, וועגן וועמענס טעטיקייט אין לאָדזש דער פּראָוואָקאַטאָר קאַפּלינסקי האָט אינפאָרמירט דער צאַרישער ,,אָכראַנע".

די אַלע אַקטיווע אין דער באַוועגונג: אַרבעטער, אינטעליגענטן און צ. ק.ניקעס, האָבן געבילדעט דעם שטאַם אין גרויסן אָרגאַניזאַציע־בוים, וועלכער איז געוועזן טיף פאַרוואָרצלט צווישן די טויזנטער וועבער און שניידער פון דער אַרבעטס־שטאָט. די וואָרצלען האָבן געגרייכט אין יעדן ווערקשטאַט און יעדער פאַבריק און פון דאָרט געצויגן יניקה פאַר דער אָרגאַניזאַציע, פאַר דער באַוועגונג.

מיר האָבן געזען פון די געבראַכטע קאָרעספּאָנדענציעס אין די אומלעגאַלע צייטשריפטן פון יענער צייט, פון די געלט־רעכענונגען פון לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד", אַז די פּאַרטיי האָט קאָנטראָלירט כמעט אַלע פאַכן און געהאַט אַ ווירקונג אין די וועבאון זאָקן־פאַבריקן, ווו עס האָבן געאַרבעט גרעסערע צאָלן ייִדישע אַרבעטער. די פאַבריקן און פאַכן זענען נישט געוועזן אָרגאַניזירט אויף דעם היינטיקן אופן מיט קאָמיסיעס און דעלעגאַטן, אָבער ס'איז גענוג געוועזן, אַז אין אַ פאַך אָדער אין אַ פאַבריק זאָל זיין אַ גרופּע ,,אחדות", זי זאָל שוין באַהערשן די אונטערנעמונג, אָדער דאָס פאַך. דאָ האָט געווירקט נישט אַזוי דער אָרגאַניזאַציאָנעלער כח, ווי דער עטיש־מאָראַלישער. די ריינקייט און נישט־פאַראינטערעסירטקייט פון די ,,אחדות", וועגן וועלכע מ'האָט געוווּסט, אַז זיי נעמען זיך אָן אַלעמענס עולות און פאַרטיידיקן די גערעכטיקייט.

פון דאַנען נעמט זיך די גרויסע השפעה פון ,,בונד", וועל-

---

*) ב. מיכאַלעוויטש: ,,זכרונות פון אַ ייִדישן סאָציאַליסט". ערשטער באַנד.

כע האָט באַוויזן אין לאָדזש אין משך פון אַזאַ קורצער צייט צו געווינען די אַרבעטער־מאַסן. דורך דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר די רעכט פון די אונטערדריקטע און באַליידיקטע יידישע „פאַריער״־פּראָלעטאַריער, האָט דער „בונד״ איינגעבירגערט אין דער יידישער מאַסע דעם סאָציאַליזם, ווי דעם העכסטן אויסדרוק פון יושר און גערעכטיקייט, פאַר וועלכע עס איז כדאי דאָס לעבן אוועקצוגעבן. דערביי זענען אינגאַנצן פאַלש די פאָרוואורפן, וואָס די נאַציאָנאַל־געשטימטע יידישע פּאַרטייען האָבן געמאַכט דעם „בונד״, אַז ער האָט דעם סאָציאַליזם איבערגעזעצט פון דער פרעמד, איגנאָרירנדיק די באַדינגונגען, ביי וועלכע עס לעבן די יידישע מאַסן. דווקא די אַרבעט פון „בונד״ אויפן לאָדזשער באָדן באַווייזן די פאַלשקייט פון די דאָזיקע פאָרוואורפן. נישט נאָר, וואָס דער „בונד״ האָט נישט פאַרמאַכט די אויגן אויף דער „יידישער ווירקלעכקייט״, פאַרקערט, ער האָט זי אַרויסגערוקט גענוג בולט. מיר האָבן שוין באַמערקט, אַז תיכף ביי זיינע ערשטע טריט האָט דער „בונד״ אין זיין באַריכט צום אינטערנאַצ. סאָצ. קאָנגרעס אין פּאַריז פעסטגעשטעלט דעם טראַגישן גורל, וואָס עס דערוואַרט דעם יידישן וועבער־פּראָלעטאַריאַט אין די האַנט־פאַבריקן. אין די ווייטערע יאָרן פאַרנעמט זיך שוין די בונדישע אָרגאַניזאַציע מיט דער פראַגע פון אונטערגאַנג פון האַנט־וועבעריי און די נויטיקייט אַריינצופירן יידישע אַרבעטער אין די קראַפט־פאַבריקן.

אין אַ קאָרעספּאָנדענץ אין דער „אַרבייטער שטימע״ נומ. 29, סעפּטעמבער 1902 לייענען מיר:

„אונזער שטאָט צייכנט זיך אויס מיט דער גרויסער צאָל פּראָלעטאַריער, יידישע און קריסטלעכע, אָבער אין דער צייט, ווען דער קריסטלעכער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך שוין דורכגעקאָכט, ווי מען זאָגט, אין קעסל פון קאַפּיטאַליזם, אַרבעט אין גרויסע דאַמף־פאַבריקן און האָט דערגרייכט מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלע באַדינגונגען פון דער אַרבעט (אַ באַשטימטע אַרבעטס־צייט, געוויסער לוין א. ד. גל.), לעבט נאָך דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין די אומדערטרעגלעכסטע באַדינגונגען פון קליין־אינדוסטריע.

גאָר אַ קלײנער טײל איז באַשעפטיקט אין די װעב־פאַבריקן, אױך דאָרט אַרבעט מען נאָך אױפן פּאַרצײטיקן האַנט־שטול, זײער פיל קלײנע לױן־בודעס, קלײנע האַנט־װערקשטאַטן, דאָס זענען די ערטער, װוּ דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט לײגט אַװעק זײן אַרבעטס־קראַפט, לײדנדיק מער פון דעם, װאָס דער קאַפּיטאַל איז נאָך נישט אַנטװיקלט, װי פון דער עקספּלואַטאַציע זעלבסט".

דאַכט זיך, אַז קײנע פון די שפּעטערדיקע פּאַרטײען פון נאַציאָנאַל־ציוניסטישער באַפאַרבונג, אַפילו דער באַרימטער „פּראָיעקט־פּראָגראַם פון פּועלי־ציון אין רוסלאַנד", װאָס איז געבוירן געװאָרן ערשט אין 1907*), האָט נישט געקענט געבן קײן קלאָרערע באַגרינדונג פון דער „ייִדישער װירקלעכקײט", װי די אױבנדערמאָנטע קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש. אָבער דער „בונד" מאַכט נאָר נישט די פּעסימיסטישע אױספירונגען, צו װעלכע עס קומען די פּראָגראַמען פון די שפּעטערדיקע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּירונגען. דער „בונד" גיט דער פראַגע פון ייִדישער װירקלעכקײט, זײן אײגנאַרטיקן ענטפער, אַן ענטפער אַ סאָציאַליסטישן, װאָס איז זיך סומך אױף די רעאַלע לעבנס־באַדינגונגען.

„דערום איז די פראַגע װעגן „ייִדישן װעבער און מעכאַנישע דאַמף־אַרבעט אײנע פון די ברענענדסטע פראַגן בײ אונזער אָרגאַניזאַציע, װי אַזױ װעט דער ייִד אַרײן אין די פאַבריקן? דאָס װערט בײ אונז כמעט אין אַלע אײנריכטונגען, צװישן אַלע מיטגלידער דיסקוטירט. די אָרגאַניזאַציע פירט אַ שטאַרקע אַגיטאַציע, אום אױסצומײדן אױף װיפל עס איז נאָר מעגלעך די אורזאַכן, װעלכע שטערן דעם ייִדישן אַרבעטער אַרײן אין די פאַבריקן, צב"ש, צו גײן אַרבעטן שבת, גרינדלעך צו לערנען די אַרבעט אױף דאַמף־שטולן, גײן גרופּנװײז אױף די דאַמף־פאַבריקן זוכן אַרבעט. ביז איצט האָט זיך נאָר אײנגעגעבן נאָר גאָר אַ קלײנעם טײל אַרײנצוטרעטן אין די דאַמף־פאַבריקן, נישט רעכענענדיק די

---

*) „יודישער אַרבייטער פנקס": „פּראָיעקט־פּראָגראַם פון צ. ק. פון י. ס. ד. א. פּ. פּועלי־ציון אין רוסלאַנד".

יידישע אַרבעטערינען, וועלכע געפינען זיך שוין דאָרט אין אַ גרוי־
סער צאָל (טרייבערינען, שטאָפּערינען)''*).

דער אונטערגאַנג פון דער האַנט־וועבעריי און ממילא פון
יידישן וועבער איז נישט די איינציקע פראַגע, אויף וועלכע די בונ־
דישע טוער זוכן אַן ענטפער. אַ צווייטע פראַגע איז די אוממעג־
לעכקייט פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, נישט געקוקט אויף זיין גאַנצן
באַוווּסטזיין און רעוואָלוציאָנערישקייט, עפּעס ממשותדיקס אויפ־
צוטון אין סאָציאַלן קאַמף, צוליב זיין פאַרשווינדנדער מינדער־
הייט אין דער מלוכה. דער לאָדזשער קאָרעספּאָנדענט אין דער
,,אַרבייטער שטימע'' שרייבט ווייטער:

,,אַ צווייטע ברענענדע פראַגע איז ביי אונז דער אונטער־
שיד אין אַנטוויקלונג פון קלאַסנבאַוווּסטזיין ביי די יידישע אַר־
בעטער און קריסטלעכע''.

דער דאָזיקער חילוק ,,ברענגט צו טרויעריקע דערשיינונגען
פון נאַציאָנאַליסטישע פיינטלעכקייטן צווישן פּראָלעטאַריאַט'' פון
ביידע נאַציעס. דערפאַר מוז מען זיך פאַרבינדן מיטן פּוילישן
פּראָלעטאַריאַט און דאָרט, וווּ די נישט־יידישע מאַסן האָבן נאָך
נישט זייער סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, פאַרנעמט זיך דער
,,בונד'' מיטן אָרגאַניזירן דעם נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט.

ח' ב. מיכאַלעוויטש שרייבט אין זיינע זכרונות וועגן דער
בונדישער אַרבעט אין לאָדזש צווישן דעם נישט־יידישן פּראָלע־
טאַריאַט:

,,באַין ברירה האָבן מיר געמוזט אויסטיילן אַ באַזונדערע
גרופּע, וואָס זאָל פירן די אַרבעט צווישן די דייטשע און פּוילישע
אַרבעטער אונטער דער דירעקטער אָנפירונג פון לאָדזשער קאָמי־
טעט פון ,,בונד''. שפּעטער האָט זיך פון דער דאָזיקער גרופּע
אויסגעבילדעט די לאָדזשער אָרגאַניזיציע פון דער פּ. ס. ד. און

---

*) ,,די אַרבייטער שטימע'' נומ. 29, סעפּטעמבער 1902,
,,קאָרעספּאָנדענצן''.

אונזערע אייגענע מיטגלידער, ווי אידא הירשפעלד און אנדערע, זענען דארט געוואָרן אָנגעזעענע און פאַראַנטוואָרטלעכע טוער"*).

אזוי האָט דער „בונד" אָפּגעשאַצט די „יידישע ווירקלעכ־קייט" און געגעבן אויף איר זיינע ענטפערס. דאָס איז פאָרגעקו־מען נאָך פאַר דעם אַנטשטיין פון פּועלי־ציון און ס. ס., וועלכע האָבן געפּרוּווט איינרעדן, אז דאָס האָט דער „בונד" אונטער זייער ווירקונג ערשט זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט דער פראַגע פון דער יידישער ווירטשאַפט.

אין יענער צייט, ווען דער „בונד" האָט שוין אין לאָדזש 5 יאָר געפירט דעם קאַמף פאַר דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס און פאַרנומען זיך מיט זיינע ענינים, האָבן נאָך די שפּעטערדיקע פּועלי־ציוניסטישע טוער געשטעקט אין די פרומע ציוניסטישע, אָדער דעמאָקראַטיש־ציוניסטישע קרייזלעך*). אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס אין לאָדזש איז דער „בונד" געוועזן איינער אליין און האָט געפירט דעם קאַמף מיטן יידישן בירגערטום אין אַלע זיינע שאַטירונגען.

די ציוניסטישע באַוועגונג אין לאָדזש האָט באַקומען אָרגאַ־ניזאַציע־פאָרמען, אין דער אייגענער צייט, וואָס די בונדישע, דער גרינדער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש איז גע־וועזן ה' אוגער. אין זכרונות וועגן דער גרינדונג לייענען מיר:

„אין הסכם מיט די דירעקטיוון פון ד"ר כהן־בערנשטיין האָט ה' אוגער אין סעפּטעמבער 1897 אָרגאַניזירט די ערשטע ציוניסטישע גרופּע אין לאָדזש. מיט א חודש שפּעטער, אין אָק־טאָבער, האָט די גרופּע געשיקט ה' אוגערן אַלס לאָדזשער דעלע־גאַט צום ביאַליסטאָקער ציוניסטישן צוזאַמענפאָר.

„די לאָדזשער גרופּע, נישט קוקנדיק, וואָס זי איז אין אָנ־הייב געוועזן א לויזע און שוואַך אָרגאַניזירטע פאַריייניקונג, האָט

---

*) ב. מיכאַלעוויטש: „זכרונות פון א יידישן סאָציאַליסטן", ערשטער באַנד, זייט 149.

*) „פּועלי־ציון־אַלמאַנאַך", זייט 141. א. טאָביאַש: „די גרינדונגס־צייט אין לאָדזש".

דאָך נישט ווייניק אויפגעטון אויפן געביט פון פראָפּאַגאַנדע, אויף וויפל עס איז מעגלעך געווען ביי די דעמאָלטיקע באַדינגונגען. זי האָט פאַרשפּרייט „ליטעראַטור”, איינגעאָרדנט אַגיטאַציע־אָוונטן מיט אייגענע קרעפטן און מיט פרעמדע, געשיקט רעדנער אין די בתי־מדרשים יעדן שבת און יום־טוב, ווערבירט אַבאָנענטן פאַר דער ציוניסטישער פרעסע א. אז. וו.”*).

די דאָזיקע אַרבעט פון ציוניזם, דאָס פאַרשפּרייטן „ליטע־ראַטור” (די געגנזנפיסלעך זענען ה' אָלדמאַנס) און דאָס האַלטן דרשות אין די בתי־מדרשים, האָט ווייניק וואָס געקאָנט פאַרכאַפּן, דערפאַר האָט מתחילת די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש קיין שום אַנטי־ציוניסטישע אַגיטאַציע נישט געפירט. דער ערשטער שאַרפער אַרויסטריט קעגן ציוניזם טרעפן מיר ביי דעם שאַפן אַ קראַפט־פאַבריק פאַר יידישע וועבער, וועלכע מיר האָבן שוין אין אַ פריִקן קאַפּיטל באַהאַנדלט. אָבער דער אויפטו מיט דער פאַבריק איז אויך נישט געווען קיין ספּעציעל ציוניסטישער, ער איז אַנטשטאַנען אין די לאָדזשער יידישע פילאַנטראָפּישע קרייזן. בכלל האָט דער ציוניזם אין לאָדזש אַלס באַוועגונג איינגאַנצן זיך נישט געלאָזט פילן אין די אַרבעטער־רייען, ביז דער אַנטשטייאונג פון ס. ס., וועלכע האָט אָנגעהויבן איר אַגיטאַציע אין יאָר 1903.

אַן אָנדייטונג פון ציוניסטישער אַגיטאַציע צווישן די לאָ־דזשער יידישע אַרבעטער, געפינען מיר אויך אין סוף 1902. ווען דעם דערמאָנט די „אַרבייטער שטימע” נום. 29, 1902.

די „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ” נום. 84, סעפּטעמבער 1902 אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש דערציילט שוין גענויער, אַז עס איז אויף גרויסע פאַרזאַמלונגען, אין וועלכע עס האָבן זיך באַ־טייליקט צו 4 און 5 הונדערט פערזאָן, גערעדט געוואָרן וועגן ציוניזם און סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. און אַז די ציוניסטישע אַגי־טאַציע האָט באַקומען איר געהעריקן אָפּשניט. אָבער פון דער דאָ־

*) „נייער פאָלקסבלאַט” נום. 17, 1935, „אָלד מאַן”: „מיט 37 יאָר צוריק, צו דער אַנטשטייאונג־געשיכטע פון דער ער שטער ציוניסטישער אַגודה אין לאָדזש”.

זיקער אגיטאציע ביז א ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג איז נאָך אויסגעקומען זייער לאַנג צו וואַרטן. אַזש ביז דעם רעוואָלו־ציע־יאָר 1905. די ס. ס. האָבן זייער טעטיקייט אָנגעהויבן פריער, אָבער ווי א באַוועגונג האָבן זיי זיך געלאָזט פילן ערשט אין רע־וואָלוציע־יאָר.

*

דער פערזענלעכער צוזאַמענשטעל פון דער בונדישער באַ־וועגונג אין לאָדזש איז געווען — ווי מיר האָבן געזען — פון אָנהויב אָן און אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַן אויסשליסלעך פּראָלעטאַרישער. די פּיאָנערן פון „בונד" אין לאָדזש זענען גע־ווען בעיקר וועבער־אַרבעטער און אויך שניידער און אַנדערע פאַכן. די אינטעליגענטן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער באַווע־גונג, זענען געווען אָדער צוגעשיקטע פון בונדישן צ. ק. אָדער צוגעפאָרענע, וועלכע האָבן זיך דאָ באַזעצט אויף צו פירן א בונ־דישע טעטיקייט.

דער „בונד" האָט קיינמאָל אין זיין טעטיקייט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן אינטעליגענץ און פּראָלעטאַריאַט, אויב אין די ערשטע יאָרן פון זיין אַרבעט האָט זיך אין לאָדזש נישט איינ־געגעבן צו געווינען פאַרן סאָציאַליזם אינטעליגענץ, איז נאָר דערפאַר, ווייל דער באָדן איז דאָ נישט געווען געאייגנט דערויף. דער קאַריעריזם, דער ווילן „צו מאַכן א גראָשן" אין דעם „צוגע־זאָגטן לאַנד", האָט אַזוי אָדורכגעדרונגען דעם יידישן בירגער־לעכן שיכט פון אויבן ביז אַראָפּ, אַז עס איז שווער געווען, דאָרט יאָל צוקומען סאָציאַליזם. אָבער דער וווּקס פון דער בונדישער באַ־וועגונג, וועלכע האָט ביי איר 5־יעריקער עקזיסטענץ שוין אויפגעע־טרייסלט די שטאָט, האָט זיך געמאַכט א וועג אויך צו דער פיינ־פילנדער יוגנט פון בירגערלעכן שיכט.

די ערשטע אינטעליגענטן, וואָס האָבן געזוכט א וועג צום „בונד" אין לאָדזש, זענען געווען די שילער פון דער לאָדזשער און זגערזשער האַנדלס־שולן.

די דאָזיקע צוויי האַנדלס־שולן זענען געווען די איינציקע אפשר אין צאַרישן רוסלאַנד, ווו מ׳האָט צוגעלאָזט אַ גרעסערע צאָל יידן העכער, ווי די פּראָצענט־נאָרמע. האָבן זיך טאַקע אין דער דאָזיקער שול געבילדעט נישט נאָר קינדער פון אָרטיקע עלטערן, נאָר אויך אַהערגעשיקטע פון פאַרשידענע שטעט אין ליטע און רוסלאַנד.

ח׳ ש. ז., אַ געוועזענער שילער פון דער לאָדזשער האַנדלס־שול, נאָך ביז היינט אַ מיטגליד אין דער לעמבערגער אָרגאַניזאַציע פון „בונד", דערציילט וועגן דער שול, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויף נאַרוטאָוויטשאַ 43 און וועגן די שטימונגען ביי די שילער:

„געגאַנגען זענען אין דער שול קינדער פון מיטעלע באַלעבאַטים, יידן און קריסטן. יידן האָט מען אָנגענומען לויט אַ פּראָצענט־נאָרמע פון 15—20 פּראָצ. אין דער זגערזשער האַנדלס־שול זענען געוועזן אַ גרעסערע צאָל ליטווישע יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די רוסישע שרייבער פּיסאַרעוו דאָבראָליובאָוו, מיכאַילאָווסקי און טשערנישעווסקי. די שילער פון דער לאָדזשער האַנדלס־שול זענען געקומען אין באַרירונג מיט די „זגערזשער" און זיך פון זיי „אָנגעשטעקט".

„לכתחילה זענען די שילער געוועזן ציוניסטיש געשטימט, אָבער באַלד האָט מען אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט סאָציאַלע פראַגן. געוועזן דאָרט אַ שילער דלוגאָטש, אַ זון פון מאָסקווער גרושים, אַ טעמפּעראַמענטפולער בחור, אָרגאַניזאַטאָריש פעאיק און מיט אַ שטאַרקן אינטערעס פאַר סאָציאַליזם. דלוגאָטש איז געוועזן דער ערשטער פון די, וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט אין דער סאָציאַליסטישער און בונדיסטישער אַרבעט.

„צו יענער צייט האָט זיך צווישן די שילער פון די לאָדזשער שולן אָנגעהויבן אַ קרייזל־באַוועגונג. ס׳זענען געשאַפן געוואָרן קרייזן אין די האַנדלס־שולן און אין דער פרויען־גימנאַזיע. די קרייזן זענען געוועזן גאַנץ אומשולדיקע. מ׳האָט איינגעשטעלט אַ באַוועגלעכע ביבליאָטעק, געלייענט צוזאַמען, געלערנט זיך צוזאַמען א. אז. וו.".

דער בונדיזם און סאָציאַליזם איז געקומען צו דער יוגנט, נישט דורך די קרייזן, נאָר גאָר פון אויסן; פאַמיליען־אָנגעהעריקע פון די שילער, וועלכע האָבן שוין געאַרבעט אין „בונד", האָבן באַקומען אַ השפּעה אויף די שילער און אַזוי אַרום געמאַכט אַ ווע־פאַרן סאָציאַליזם אין צוויי לער־אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן גע־דאַרפט צוגרייטן געבילדעטע סוחרים פאַר לאָדזש.

ח' ש. ז. איז געוואָרן אַ בונדיסט דורך זיינס אַ מומע סאָניאַ יאַוואַטשינאָווסקאַ, וועלכע איז געוועזן טעטיק אין דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַניוטאַ קאַלעצקאַ האָט געהאַט אַ השפּעה אויף אי־רע צוויי יינגערע ברידער ליב קאַלעצקי, היינט אין מאָסקווע און דער לאָדזשער אַדוו. קאַלעצקי. ליב קאַלעצקי האָט אין דער זגערזשער האַנדלס־שול צוזאַמען מיט יאַקוב אייכנער (ד"ר יאַקוב אייכנער, ביז היינט אַ מיטגליד אין דער לאָדזשער אָרגאַניזאַ־ציע) געשאַפן אַ בונדישע באַוועגונג צווישן די שילער. די אייגענע אַרבעט האָבן אין דער לאָדזשער האַנדלס־שול געטון די ח"ח: ש. ז. און דלוגאַטש.

ח' ד"ר יאַקוב אייכנער דערציילט וועגן דער זגערזשער האַנדלס־שול:

„אָנגעקומען בין איך אין דער שול אין 1898. די יידישע שילער האָבן געשטאַמט מייסטנס פון ווייסרוסלאַנד, קיעוו, פּאָל־טאַווע א. אַז. וו. נישט געקוקט אויף דער פּראָצענט־נאָרמע, האָבן זיך דאָ געלערנט ביז 40 פּראָצ. יידן. די פרעמדע שילער האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין ספּעציעלע פּענסיאָנאַטן. אין 1901 האָב איך זיך אָנגעהויבן צו חברן מיט סאַשאַ דאַנציג, אַ גימנאַזיסט, וועלכער האָט געשטאַמט פון ריגע. סאַשאַ האָט שוין געוווסט וועגן סאָציאַליזם און אָנגעוויזן מיר אויף מאַרקסיסטישער ליטעראַטור, וואָס איך דאַרף לייענען. איך האָב זיך פאַרשריבן אין דער בי־בליאָטעק ביים פאַריין פון האַנדלס־אָנגעשטעלטע פאַר קעגנזייטי־קער הילף און דאָרט גענומען ביכער.

„אין שול האָט זיך געשאַפן אַ שילער־גרופּע. מיר האָבן צו־זאַמען געלייענט ביכער, פאַרברענגט אויף אויספלוגן און גענומען

דיסקוטירן איבער פּאָליטיק, אַרויסגערוקט אויף אויבנאָן האָט זיך אין דער גרופּע דוד מאַזור, היינט אין ראַטנפאַרבאַנד, לייב קאַ־לעצקי, היינט אַ דאָקטאָר אין ראַטנפאַרבאַנד. די ביידע שילער און איך זענען געוואָרן טעטיקע בונדיסטן. אין 1903 האָט זיך שוין די שילער־גרופּע פאַרנומען נישט נאָר מיט זעלבסט־בילדונג, נאָר אויך מיט שאַפן הילף פאַר רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס. די שטאַרקסטע השפּעה אין דער שילער־גרופּע האָט געהאַט דער „בונד".

אין דער אייגענער צייט האָט זיך אויך געשאַפן אַ פּוילישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וווּ ס'האָט געהאַט אַ השפּעה די ס. ד. ק. פּ. ל. און פּ. פּ. ס. פּראָלעטאַריאַט. מיין ח' דאַנציג האָט געאַרבעט אין יענער שילער־אָרגאַניזאַציע. עס איז אויך געווען טעטיק דאָן צווישן דער פּוילישער שילער־יוגנט אַ שילער פון דער אינדוסטריע־שול פּעסטקאָווסקי*). פון די דאָזיקע גרופּן איז אויך אַרויס דער פּעפּעסישער טעראָריסט קולאַטשיצקי, אַ זון פון אַ פּאָליציאַנט, וועלכער איז געווען צווישן די צען, וואָס, מ'האָט אַרויסגעגנבעט פון פּאַוויאַק".

*

דער סך־הכל פון די ערשטע פינף יאָר בונדישע טעטיקייט אין לאָדזש: פון די איינצלנע וועבער־אַרבעטער, וועלכע עס האָט גרופּירט אַרום זיך ח' פּייסאַכזאָן, איז אויסגעוואַקסן אַ ריזיקע אַרבעטער־באַוועגונג מיט עקאָנאָמישע שטרייקן, אַקציעס, פּאָליטי־שע קאַמפּן א. אז. וו. אַ מעכטיקער אומלעגאַלער פּאַרטיי־אַפּאַראַט האָט קאָנטראָלירט יעדעס פאַך, יעדע פאַבריק, וווּ עס זענען גע־ווען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער און לסוף אויך דערגרייכט צו דער אינטעליגענץ. אַן אומבאַגרענעצטער צוטרוי פון דער ברייט־

---

*) פּעסטקאָווסקי איז געווען שפּעטער אַ טעטיקער סאָצ. דעמ. אין לאָדזש. היינט אין ראַטנפאַרבאַנד, וווּ ער האָט אין „קראַסנאַיאַ לעטאָפּיסי" פאַרעפנטלעכט זכרונות וועגן לאָדזש. — א. וו. י.

טער פאָלקס־פּעריפעריע האָט אַרומגערינגלט די אָרגאַניזאַציע. פּונקט אַזוי שטאַרק ווי עס איז געווען די שנאה צו די „אחדות" פון בירגערלעך־באַלעבאַטישן עולם, איז אויך געווען גרויס די ליבע און איבערגעגעבנקייט פון די ברייטע פאָלקסמאַסן צו אָט די קעמפער קעגן די עוולות און פאַרטיידיקער פון גערעכטיקייט.

מיטן דאָזיקן רייכן באַגאַזש טרעט דער „בונד" אַריין אין 6־טן יאָר פון זיין עקזיסטענץ.

## XIII

# די ערשטע מאסן-דעמאנסטראציע
# מיט א רויטער פאן

פייערונג פון פינף־יעריקן יובילײ פון „בונד״. — דער אָנפאַל פון חסידים אויף אַן אַרבעטער־װױנונג. — דער קישענעװער פּאָגראָם און די פּאַניק אין לאָדזש. — מאַי־פייערונג אין 1903. — שטרייקן און אַרעסטן. — קער־פערלעכע שטראָף אין די אױטשאַסטקעס. — „בונד״ רופט צו אַ פּאָליטישן שטרייק און דעמאָנסטראַציע קעגן די פּייניקונגען. — די רויטע פאָן אויף די גאַסן פון לאָדזש. — דער טויט פון עזאַ ליפשיץ. — שטעלונג פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע צום אַרויסטריט פון „בונד״ פון ר. ס. ד. א. פּ.

דער 5־יעריקער יובילײ פון „בונד״, סוכות 1902 איז אין לאָדזש געפייערט געוואָרן אויף פאַרזאַמלונגען פון פּאַרטײ־מיט־גלידער, אָדער, ווי עס זאָגט זיך אין באַריכט פון „דער אַרבײ־טער שטימע״ נומ. 31, „אויף פאַרזאַמלונגען פון אָרגאַניזירטע אַרבייטער״. מ׳האָט געמאַכט אַ סך־הכל פון די פינף יאָר טעטי־קייט פון „בונד״, מ׳האָט גערעדט מכח דעם עקאָנאָמישן און פּאָ־ליטישן קאַמף „ביי אונז״ און אין „די פרייע לענדער״. אין די ענגע צימערלעך פון וועבער־ און שניידער־אַרבעטער, זענען פאַר־געקומען „בונדישע ליאַמעס״ און מ׳האָט געיומטובט לכבוד די 5 יאָר רעוואָלוציאָנערער אַרבעט.

די דאָזיקע וווינונגען, פון אַרבעטער, וועלכע זענען מאַסנ־ווייז צוגעקומען, נאָך דעם, ווי די וועבער און שניידער האָבן

אויפגעהערט צו זיין קעסט־קינדער ביי זייערע באַלעבאַטים, זענען געווען גלייכצייטיק קעמערלעך פון רעוואָלוציאָנערער אַרבעט. דאָרט זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן זיצונגען, פאַרזאַמלונגען, מ׳האָט באַהאַלטן אומלעגאַלע ליטעראַטור א. אַז. וו. דער פרומער חסידיש־בירגערלעכער עולם האָט געקוקט אויף די וווינונגען, ווי אויף נעסטן, פון וואַנען עס קומט „אַלדאָס בייז״. חסידאַקעס פלעגן דעריבער אָפט באַפאַלן אַזעלכע אַרבעטער־וווינונגען און זיך אָפּ־רעכענען מיט די „ציציליסטן״. אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען יום־כפור 1902.

אויף בענעדיקטע 46 (היינט 6־טער שערפּיען) איז דאַן גע־ווען אַן אַרבעטער־קוואַרטיר, אין וועלכער ס׳האָבן געוווינט אָנ־געזעענע טוער פון דער באַוועגונג, ווי דער קליינער אַרעלע, אי־ציקל, ניסן און שמאי ווייסענבלום (קרומקאָפּ). אין שכנות מיט דער וווינונג האָט זיך געפונען אַ חסידים־שטיבל. יום־כפור אינ־דערפרי, די אַרבעטער האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך אָנצוטון, האָט אַ חסיד געמאַכט אַ באַזוך אין דער וווינונג, אַזוי זיך אַ קוק צו געבן, וואָס עס טוען דאָ די „אחדות״ אין הייליקן טאָג.

שפּעטער זענען אין דער וווינונג צוגעקומען נאָך אייניקע חברים און מ׳האָט גענומען זינגען לידער. דאָס האָבן די פרומע דאַוונערס שוין נישט געקענט פאַרטראָגן. אַ גרעסערע צאָל איז אַוועק צו דער שטוב. די טיר איז געווען פאַרשלאָסן, האָבן זי די צעיושעטע פאַנאַטיקער אויפגעריסן, אויפגעבראָכן דאָס פענסטער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געשלעג מיט די אַרבעטער. די חסי־דים, וועלכע זענען געווען גרעסער אין צאָל, האָבן מנצח געווען די אַרבעטער און זיי שרעקלעך צעמזיקט. צוויי אַרבעטער, וועל־כע ס׳איז נישט געלונגען צו אַנטלויפן, האָבן די פרומע דאַוונערס אַראָפּגעשלעפּט אויפן הויף און די איבעריקע שטיבל־לייט אין טליתים און אין קיטלען האָבן נקמה גענומען אין די צוויי אחדות־לייט.

לסוף האָט זיך די געשלאָגענע איינגעגעבן אַרויסצורייסן זיך פון די פאַנאַטיקערס הענט, וועלכע האָבן זיי גענומען נאָכיאָגן. אַ פּאָליציאַנט איז „אינפאָרמירט״ געוואָרן, וואָס דאָ קומט פאָר

און די צוויי אַרבעטער אַרעסטירט. אין „אוטשאַסטאָק" איז אַוועק די געוויינלעכע עקזעקוציע־פּראָצעדור: קאָזאַקן האָבן געשמיסן מיט נאַגייקעס, אַגענטן האָבן געקלאַפּט מיט די פויסטן, ביז די אַרעס־טירטע זענען געבליבן אָן באַוווסטזיין.

די חסידים האָבן זיך נישט באַגנוגנט נאָר מיט שלאָגן, זיי זענען אַרויף אין דער פּאַרלאָזטער וווינונג און דורכגעפירט אַ רע־וויזיע, אויפגעריסן אַ קאָרב און געפונען דאָרט אומלעגאַלע לי־טעראַטור, וועלכע די פרומע לייט האָבן איבערגעגעבן דער פּאָ־ליציי.

די ידיעה וועגן אָנפאַל פון די חסידים אויף די אַרבעטער האָט צווישן די „אחדות" אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרע־גונג. יום־כפור פאַרנאַכט האָבן מאַסן אַרבעטער געלאָזט זיך אויף פּראָמענאַדע־גאַס (אַל. קאָשטשושקאָ), כדי אויף רוג בענעדיקטע (6־טער שערפּיען) אָפּצוואַרטן די חסידים און זיך מיט זיי אָפּצו־רעכענען פאַר דעם אָנפאַל. אין אָוונט, ווען די דאַוונער זענען אַרויס פון שטיבל, איז געקומען צו אַ בלוטיק געשלעג. די אַרבע־טער האָבן זיך אָפּגערעכנט פאַר זייערע צעשלאָגענע און באַליי־דיקטע חברים. אייניקע פון די חסידים האָט די פּאַגאָטאָוויע גע־מוזט געבן הילף*).

אַזעלכע אָנפאַלן אויף אַרבעטער פלעגן זיך אָפּט איבער־חזרן, דערביי זענען די אָנגרייפער שטענדיק געווען דער פרומער צד. די גאָטס־סטראַפּטשעס האָבן נישט געקענט באַגרייפן, אַז זייער ממשלה אויף דער יידישער גאַס ענדיקט זיך און מיט דעם כח פון פויסט און מסירה געוואָלט צוריק אַרויפפירן די אַרבעטער אויפן „דרך הישר".

אין דעם אייגענעם חודש, ווען ס'איז אָנגעגאַנגען די אַקציע אַרום 5־יעריקן יובילײ פון „בונד", האָט די אָרגאַניזאַציע אויך אַדורכגעפירט אַן אַקציע קעגן מיליטאַריזם. ס'איז שווין כמעט ווי

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 31, יאַנואַר 1903. „קאָ־ רעספּאָנדענצן". נישט־פּאַרעפנטלעכטע זכרונות פון בעריש קור־ביץ (ראַווער).

געוועזן אַ טראַדיציע אין יענער צייט אין „בונד" יעדעס יאָר, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּאָבאָר, צו פירן אַן אויפקלע־רונג וועגן דעם „גיין דינען דעם קייסער". עס זענען פאָרגעקומען ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען, ווו מ'האָט גערעדט וועגן מיליטאַריזם. די צוגעגומענע רעקרוטן, וועלכע האָבן שיטערער געמאַכט די רייען פון דער אָרגאַניזאַציע, זענען באַגלייט געוואָרן פון הונדערטער אַרבעטער. אָפט פלעגט אַזאַ באַגלייטן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ דע־מאָנסטראַציע. אין האַרבסט 1902 איז עס צום ערשטן מאָל פּראַק־טיצירט געוואָרן אין לאָדזש, ווען מ'האָט פון „בונד" און פון זיינע סימפּאַטיקער צוגענומען 150 פּערזאָן אַלס רעקרוטן.

עס זענען צוליב דעם איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרזאַמלונגען פון גישט־אָרגאַניזירטע, ווו מ'האָט גערעדט וועגן מיליטאַריזם און „די אויפגאַבן פון סאָצ. דעמ. צווישן חייל"*).

דעם 12־טן און 13־טן אָקטאָבער זענען אָפּגעפאָרן אַ סך אַר־בעטער. ביידע טעג האָבן זיך אויפן באַנהויף צונויפגעקליבן פון 300 ביז 400 אַרבעטער, וועלכע האָבן באַגלייט זייערע חברים מיט די אויסרופן: „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג", „נידער מיט דעם מיליטאַריזם"! ביים פאַנאַנדערגיין זיך האָט מען געזונ־גען רעוואָלוציאָנערע לידער. ווען די פּאָליציי, וועלכע איז גאָר־נישט צוגעגרייט געוועזן צו אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס, האָט זיך געוואָרפן אויף די, וועלכע האָבן געזונגען, האָט דאָס געזאַנג אויפ־געהערט, נאָר עס האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אין אַנדערע רייען פון די צוריקגייענדיקע אַרבעטער. אויף אַזאַ אופן האָט זיך די פּאָליציי נישט איינגעגעבן אימיצן צו אַרעסטירן. אַזאַ דעמאָנ־סטראַציע פון אַ מאַן 100 איז אויך פאָרגעקומען אָנהויב נאָוועמ־בער, ווען מען האָט אַוועקגעשיקט די אָפּגעגעבענע אין מילי־טער**).

סוף 1902 און אָנהויב 1903 ברעכן אויס שטרייקן אין כמעט

---

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 31, יאַנואַר 1903. „קאָרעס־פּאָנדענצן".

**) דאָרט.

אַלע פאַכן, ווו עס זענען געווען באַשעפטיקט יידישע אַרבעטער. אין דעצעמבער האָבן געשטרייקט די וועבער פון שמולעוויטשן א. אַנד. זיי האָבן געפאָדערט אַ לוין־תוספת. דער שטרייק איז גע־ווונען געוואָרן. אין יאַנואַר האָט זיך אָפּגעשטעלט מייזעלס וועבע־ריי. דאָס איז געווען איינע פון די גרעסטע האַנט־וועב־פאַבריקן מיט יידישע אַרבעטער. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט דאָ געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה. אין יאַנואַר־שטרייק, האָבן זיך באַטייליקט 130 פּערזאָן. די פאָדערונגען זענען געווען וויטגייענדערע, ווי די וואָס עס האָבן געוויינלעך דעמאָלט אַרויסגעשטעלט די אַרבעטער. עס איז געפירט געוואָרן אַ קאַמף פאַר אַ מינימום־לוין פון 1 רובל אַ טאָג, גאַראַנטירן אַרבעט ביז די ימים־טובים און געבן בעסערע קעטן.

4 וואָכן האָט געדויערט דער שטרייק. די אָרגאַניזאַציע האָט, ווי שטענדיק, געשטיצט די שטרייקנדע מיט געלט. ס'זענען פאָר־געקומען פאַרזאַמלונגען, לסוף איז דער שטרייק פאַרשפּילט גע־וואָרן. עס האָבן זיך געיאַוועט קריסטלעכע שטרייק־ברעכער, וועל־כע ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן אַראָפּצונעמען פון דער אַרבעט. צוליב דעם האָט זיך דער שטרייק איינגעבראָכן.

אין דעם זעלבן חודש האָבן פאַרשטרייקט די דרעקסלער. זיי האָבן געפאָדערט אַ 12־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, אָנשטאָט 16—13 און צאָלן אויף דער וואָך. געוווּנען האָט מען אַ 13־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און וואָכן־לוין. עס זענען אויך פאָרגעקומען שטרייקן ביי שוסטער, שניידער, שטרומפּנוועוערקער (זאָקנמאַכער), טרייבע־רינס, בעקער, בערשטל־מאַכער א. אַנד.

די דאָזיקע כוואַליע שטרייקן האָט נאָך מער געשטאַרקט די קאַמפּס־שטימונג ביי די יידישע אַרבעטער. עס איז נישט געבליבן ביי די עקאָנאָמישע שטרייקן. מ'פּרוווט שוין שטעלן אַ ווידער־שטאַנד דער פּאָליציי, בעת איבערפאַלן. אַזאַ פאַקט איז פאָרגעקו־מען אין חודש פעברואַר. „די אַרבייטער שטימע" דערציילט:

„שבת, דעם 22 פעברואַר איז אין אַ „מיעשקאַניע", ווו עס זענען געווען באַקאַנטע אַרבעטער, אריין אַ רעוויראָווי און האָט זיי אַרעסטירט. עס האָבן זיך צונויפגעקליבן איניקע הונדערט

אַרבעטער, וועלכע האָבן פאַנאַנדערגענומען דעם ברוק, און מיט די שטיינער געוואָרפן אין דער פּאָליציי, וועלכע איז אָנגעקומען. די אַרעסטירטע האָט מען אויף אַזאַ אופן באַפרייט"*).

צוזאַמען מיט אַקציעס, שטרייקן א. אַז. וו. איז ווייטער געפּ״ט געוואָרן די אויפקלערונגס־אַרבעט. עס זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען פון פאַרטיי־מיטגלידער, אויף וועלכע מ'האָט גערעדט וועגן דער פאַרטיי־דיסציפּלין און פאַרזאַמלונגען לכבוד דעם ערשטן מערץ, ווען עס איז דורך די נאַראָדאָוואָלצעס דערהרגעט געוואָרן דער רוסישער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער. די דאָזיקע דאַטע איז געפייערט געוואָרן דורך אַלע רעוואָלוציאָנערן פון רוסלאַנד און אויך דער „בונד" האָט דעם ערשטן מערץ געפייערט און איינגעאָרדנט פאַרזאַמלונגען, ווו עס איז גערעדט געוואָרן וועגן דעם קייסער־מאָרד און די אַמאָליקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד.

די שטאַרקע באַוועגונג צווישן ד' יידישע אַרבעטער אין אָנהויב פון דריטן יאָר, איז, פאַרשטייט זיך, נישט אַדורך אומבאַמערקט פון די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען. פאַר זיי איז קלאָר געוואָרן, אַז די אַלע מיטלען, וועלכע זענען ביז איצט אָנגעווענדט געוואָרן, ווי: פייניקן אין די קאָמיסאַריאַטן, שיקן מיטן טראַנספּאָרט א. אַז. וו. האָבן נישט באַוויזן צוצעבּרעכן די „אחדות", דעם „בונד". עס איז דעריבער אויסגעשפּריט געוואָרן אַ געדיכטע שפּיאָנען־נעץ אַרום דער באַוועגונג און אירע טוער און ווי ד'ער שפּעטערדיקער אַרעסט האָט באַוויזן, איז די אַרבעט פון די שפּיאָנען געווען אַ דערפאָלגרייכע. דער פּאָליציי איז געלונגען צו כאַפּן אַלע פעדעם, וואָס האָבן פאַרבונדן די אָרגאַניזאַציע־קעמערלעך, ביז צום קאָמיטעט און אַרעסטירט כמעט אַלע אַקטיווע טוער.

דער אַרעסט איז פאָרגעקומען אין דער נאַכט פון 14־טן אויפן 15־טן מערץ. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן 200 רעוויזיעס און

---

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 32, מערץ 1903. „קאָרעספּאָנדענצן".

אַרעסטן. צווישן אַנדערע איז אויך אַריינגעפאַלן עזא ליפשיץ, איי־נע פון די צוויי שוועסטער ליפשיץ, וועלכע זענען געקומען אין לאָדזש אויף צו אַרבעטן אין „בונד". געקומען זענען: אננא פון ווילנע און עזא פון ליבאַווע*). עזא האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט דאָ איינגעאָרדנט, באַקומען אַ פּאָסטן אַלס לערערין אין אַ שול און געאַרבעט אין דער באַוועגונג.

צווישן די אַרעסטירטע האָבן זיך געפינען יודל ראָזען (בוכ־בינדער), ברוך לייב פּאָדגאָראָוויטש (פּאָניע), חיימל זילבערמינץ (פּראָפעסאָר), חמיה פליישער, דער לאַנגער בעריש — אַלץ מיט־גלידער פון דער וועבער־סכאָדקע. אַלע אַרעסטירטע זענען אָפּגע־שיקט געוואָרן אין דער פּיעטריקאָווער טורמע.

אין דעם „פּזשעדשוויט" נומ. 7 פון יאָר 1903 ווערן אָנ־געגעבן פאָלגנדע יידישע נעמען פון אַרעסטירטע אין פּיעטריקאָ־ווער טורמע, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען נאָך דעם מערץ־אַרעסט אין לאָדזש:

„פּנחס קאַלקשטיין (פּנחס שוסטער), בעריש וויניאַגראַד, ברו־דער און שוועסטער פינרא, יצחק פרידמאַן, עדא בלומענפעלד, אסתר ליפשיץ, אננא ליפשיץ, שיינע הײמאַן, יוסף בירנבוים, זעלמאַן בירנצווייג, יודל דימאַנט, יעקב קאָרן".

עס זענען אויך דאַן אַרעסטירט געוואָרן פּאָליאַקן און דייטשן.

דער אַרעסט האָט אין שטאָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. ס'זענען אָפּגעליידיקט געוואָרן די בערזעס, די „טשייניעס". די אי־בערגעבליבענע אויף דער פריי האָבן פּשוט מורא געהאַט צו קומען אויף דער בערזע. „דאָס יידישע בירגערטום, וואָס האָט אַזוי בי־טער געקעמפט מיט די „אחדות", האָט זיך „געפרייט, וואָס מען האָט שוין אויסגערויטעט די „אחדות" און מען קען שוין רואיק שלאָפן. די ציוניסטן האָבן געשריגן: רעכט אויף זיי, זאָלן זיך יידן נישט מישן אין קיין נישט־יידישע ענינים. די אַרבעטער־

*) „לאָדזשער וועקער" נומ. 41, 1927. פ. קורסקי: „וואָס איך געדענק וועגן די בונדישע טוער אין לאָדזש".

מאַסע איז די ערשטע צייט דורך די פּיל קרבנות געוועזן נידער־געשלאָגן.

„די שווערע באַדינגונגען נאָכן אַרעסט, די פּיינטלעכע סביבה פון דער פינסטערער חסידישער וועלט, וועלכע טיילט פון זיך אָפּט אויס פּריווילעגיע, אומבאַצאָלטע שפּיאָנען, וואָס זע־נען גרייט פון יראת־שמים וועגן צו מסרן די „אחדות", די טריפה־ניאַקעס... דאָס אַלץ האָט געפאָדערט פון יעדן קעמפנדן אַרבעטער אַ מוט, אַז ער זאָל אין אַזאַ קריטישער צייט, ווי נאָך דעם מאַסן־אַרעסט, נישט פאַרצווייפלען. די אָרגאַניזאַציע האָט אומאונטער־בראָכן די אַרבעט געפירט ווייטער"*).

ח' ש. פעפער, היינט אין אַמעריקע, דערציילט אין זיינע זכרונות וועגן דעם אַרעסט:

„אין מערץ 1903 זענען אין לאָדזש פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן. אַ גרויסע צאָל רעוואָלוציאָנערן זענען דאַן אַרעסטירט גע־וואָרן. די אַרעסטן האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע טוער זענען אַרעסטירט געוואָרן און אויך דער גאַנצער קאָמיטעט פון „בונד". דאָס איז געוועזן אַ גוט געפּלאַנטער און צוגעגרייטער אָנפאַל אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג. די פּאָליציי איז געגאַנגען פון הויז צו הויז און מיטגענומען מיט זיך די, נאָך וועלכע זיי זענען געקומען. לויט ווי זיי האָבן „געאַרבעט", האָט דאָס אויסגעזען, אַז זיי האָבן גע־האַט אַ פאָראויס־צוזאַמענגעשטעלטן צעטל, לויט וועלכן זיי האָבן געמאַכט די אַרעסטן.

איך געדענק נישט די נעמען פון אַלע אַרעסטירטע. בלויז די עטלעכע מיטגלידער פון בונדישן קאָמיטעט זענען נאָך פאַרבליבן אין מיין זכרון: פּנחס שוסטער, יאַנקל קאַשע, שאַמע קרומקאָפּ און הינדע ברכה.

די באַוועגונג איז געבליבן ווי אַ שיף אָן אַ רודער. עס זענען נישט פאַרבליבן אויף דער פרייַ חברים, וואָס וואָלטן געקענט

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 34, אויגוסט 1903. „קאָ־רעספּאָנדענצן".

נעמען די איניציאַטיוו ווידער אויפצושטעלן אַ פירנדן קאָמיטעט, כדי פאַריכטן דעם היזק, וואָס די פּאָליציי האָט אָנגעטון.

מיט אַ צייט שפּעטער האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" געשיקט חבר נתן קיין לאָדזש, צוזאַמענצושטעלן אַ נייעם קאָמיטעט און צוזאַמענצונעמען די איבערגעבליבענע כחות. דעם פאָרשטייער האָט זיך איינגעגעבן צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די פאַרבליבענע טוער און אויפשטעלן אַ קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. די ערשטע פאַרזאַמלונג פון קאָמיטעט איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי דער רויטער שרה ביילע אין שמאָלן געסל"*).

ווער עס איז דער געהיימנישפולער נתן, ווע‏מען עס האָט אַראָפּגעשיקט דער צ. ק. אויף אויפצושטעלן דעם קאָמיטעט, איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן. עס איז אויך נישט באַוווּסט, ווער ס'איז אַריין אין ניי־אויפגעשטעלטן קאָמיטעט.

די ווייטערדיקע געשעענישן נאָך דעם אַרעסט און בכלל דער פאַרשטאַרקטער קאַמף, וואָס דער „בונד" אין לאָדזש האָט אין זומער 1903 אויפגענומען קעגן דער צאַרישער מאַכט, האָבן באמת באַוויזן, אַז ס'איז שוין נישטאָ דער כח, וואָס זאָל ברעכן די בונ־דישע באַוועגונג.

לויט די אויסערלעכע פאַרהעלטענישן האָט זיך געשטעלט אַ שווער יאָר פון פּאָליטישער טעטיקייט צווישן די יידישע מאַסן. דער אינערן־מיניסטער פּלעווע האָט אָנגעהויבן דורכפירן זיין פּאָ־ליטיק פון „דערטרינקען דעם „בונד", אָדער די רעוואָלוציע אין יידיש בלוט". דעם 6־טן און 7־טן אַפּריל פון דעם יאָר, פּסח, איז פאָרגעקומען דער קישענעווער פּאָגראָם. מיט די פּאָגראָמען האָט די צאַרישע מאַכט געוואָלט טעראָריזירן די יידישע מאַסן, זיי זאָלן זיך נישט באַטייליקן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, דער־גרייכט האָט זי אָבער אַ פּונקט פאַרקערטן רעזולטאַט... דער קישע־

---

*) „לאָדזשער אַלמאַנאַך", אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 25־יאָריקן יובּיליי פון לאָדזשער בּרענטש פון אַרבעטער־רינג. ש. פּע־בּער: „אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע אין לאָדזש אין 1903" (זכרונות).

נעווער פּאָגראָם איז געווען זייער אַ גוטער אויסגאַנגס־פּונקט פאַר דער פּאָליטישער אַגיטאַציע"*). עס איז געוואַקסן די השפּעה פון „בונד" אין דער גאַנצער צאַרישער אימפּעריע און אויך אין לאָדזש, נישט געקוקט אויף דעם מאַסן־אַרעסט, איז דעם זומער פון 1903 אָנגעגאַנגען אַ לעבעדיקע טעטיקייט.

גלייך נאָך פּסח, ד. ה. אין אַפּריל־חודש זענען אויסגעבראָכן שטרייקן אין אַ גאַנצע ריי פאַכן. אין דער אייגענער צייט זענען געמאַכט געוואָרן די פּאָרבאַרייטונגען צום ערשטן מאַי. עס זענען פאָרגעקומען 7 פאַרזאַמלונגען צו 80 און 100 פּערזאָן. עס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער מאַי־אויפרוף און אַ ספּעציעלער אויפרוף וועגן קישענעווער פּאָגראָם. ביידע אויפרופן זענען געווען פון צ. ק.

צום ערשטן מאַי האָט זיך אויך גענומען גרייטן די צאַרישע פּאָליציי. דערביי האָט זי ברייט אויסגענוצט דעם פּאָגראָם אין קישענעוו, כדי אָנצושרעקן די יידישע באַפעלקערונג אין לאָדזש. פּאָליציאַנטן, פּאָליציי־אַגענטן און הויז־וועכטער, וועלכע קומען אין קאָנטאַקט מיט דער באַפעלקערונג, האָבן פאַרשפּרייט ידיעות, אַז עס וועט זיכער זיין אַ פּאָגראָם, פּונקט ווי אין קישענעוו.

ערב דעם ערשטן מאַי איז אויסגעבראָכן אַ געוואַלטיקע פּאַניק אין יידישן שטאָט־טייל. אויף דער אַלטשטאָט איז פאָרגעקומען אַ געשלעג און אין דער שטאָט האָט מען גערעדט, אַז „עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן".

„עס האָט זיך פאַרשפּרייט אַ ידיעה, אַז עס איז אַ פּאָגראָם. די קרעמער האָבן פאַרלאָזן די קראָמען, פון אַלע זייטן האָבן גענומען לויפן יידן, וווהין די אויגן האָבן געטראָגן. די רייכערע אויף דראָזשקעס, די אָרעמערע צופוס, נאָר די אָרגאַניזירטע יידישע אַרבעטער זענען געגאַנגען צום מאַרק אָנטקעגן דעם אַלגעמיינעם שטראָם, כדי צו זען, וואָס דאָרט טוט זיך"**).

---

*) נ. א. בוכבינדער: „די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד", זייט 190.

**) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 34, אויגוסט 1903, „קאָרעספּאָנדענציע".

קיין פּאָגראָם איז נישט געווען. ס'איז פאָרגעקומען אַ גע־ווײנלעך געשלעג. אָבער דאָס האָט שוין אַביסל אָפּגעשוואַכט דעם ערשטן מאַי־אַרויסטריט.

„די מהומה איז געווען אַזוי גרויס, אַז אויף מאָרגן האָט דאָס פּובליקום מורא געהאַט צו גיין אויפן גאַס און אַזוי האָט די פּאָליציי איר ציל דערגרייכט. אין ערשטן מאַי זענען אַלע טויערן געווען צוגעמאַכט, אויף אַלע גאַסן האָבן שפּאַצירט פּאַ־טרולן, סאָלדאַטן, שפּיאָנען, דאָך האָבן דעם טאָג נישט געאַרבעט 5600 מאַן"*).

ווי מיר זעען, איז די ערשטע מאַי־פייערונג פון יאָר 1903 געווען אַ געוואַלטיקער שריט פאָראויס אין פאַרגלייך מיט די מאַי־פייערונגען פון די פאַרגאַנגענע יאָרן. אמת, צו קיין דעמאָנ־סטראַציע איז נישט געקומען. די פּאָגראָם־פּאַניק איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט זיך נישט איינגעגעבן צוזאַמענצונעמען גרע־סערע גרופּן אויף דער גאַס. דערפאַר אָבער האָבן געשטרייקט קרוב 6000 פּערזאָן. אויך די פּוילישע אַרבעטער האָבן נישט דע־מאָנסטרירט.

דער קישענעווער פּאָגראָם האָט אין לאָדזש, ווי אין אַלע אַנ־דערע שטעט, אויפגעטרייסלט די יידישע מאַסן, אָבער צו קיין עפנט־לעכע אַרויסטרעטונגען איז נישט דערגאַנגען. אויף בונדישע פאַר־זאַמלונגען איז גערעדט געוואָרן וועגן די צאַרישע פּאָגראָם־מע־טאָדן און וועגן שטעלן אַן ענערגישן ווידערשטאַנד יעדער פּאָ־גראָם־טעטיקייט. אַ ספּעציעלע אַקציע וועגן די קישענעווער בלו־טיקע געשעענישן איז אויך געפירט געוואָרן צווישן דער שילער־יוגנט. אין דער זגערזשער האַנטווערקער־שול איז שוין געווען אַ בונדישע שילער־גרופּע, אין דער שפּיץ פון דער גרופּע זענען געשטאַנען יאַקוב אייכנער, לייב קאַלעצקי, מאַזור און דלוגאָטש. די דאָזיקע שילער־גרופּע האָט שוין דאַן געפירט קרייזן צווישן אַר־בעטער.

נאָכן קישענעווער פּאָגראָם האָט זיך צווישן די שילער גע־

---

*) דאָרט.

שאַפן אַ שטימונג צו רעאַגירן אויף דער צאַרישער מערדעריי. באַלד אין אָנהויב איז אין שול געקומען צו אַ שאַרפן אינצידענט מיט אַ לערער פון אַ געוויסן למוד — מראַשטשעק. בעת דער לעקציע האָט דער לערער זיך אויסגעדריקט מיט גרויס סימפּאַטיע צו די קישענעווער פּאָגראָם־העלדן. די יידישע שילער זענען אויפגעטרייסלט געוואָרן פון דער דאָזיקער סימפּאַטיע מיט די קישענעווער מערדער און ניש געקוקט אויף דעם, וואָס זיי האָבן גערן געלערנט אַלע למודים, האָבן זיי דאָך אויפגעהערט צו באַזוכן די לעקציעס פון לערער מראַטשעק.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך סטיכיש געשאַפן אַ מיטינג פון יידישע שילער און מ'האָט גערעדט וועגן פּאָגראָם אין קישענעוו. יאַקוב אייכנער און קוויאַט האָבן פאָרגעלייגט אַ שאַרפע רעזאָלוציע, וועלכע פּראָטעסטירט קעגן די צאַרישע געוואַלט־טאַטן און רופט די שילער צו אַ דעמאָנסטראַציע.

אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויך אָנוועזנד געוועזן דער דירעקטאָר פון דער שול גאָלאָבוצקי, אַ רוסישער ליבעראַל, מיט רעוואָלוציאָנערע סימפּאַטיעס, ווי די רוסישע אינטעליגענץ אין יענער צייט. דער דירעקטאָר האָט זיך געוואָנדן צו די שילער: „מיטן האַרץ בין איך אויך מיט אייך, די קישענעווער מערדעריי איז אַ שאַנד־פלעק אויפן רוסישן פאָלק. איך בין גרייט מיט אייך צו דעמאָנסטרירן, אָבער באַזינט אייך, וואָס פון דעם וועט אַרויסקומען. דאָ לערנען זיך 800 יידן. אין אַנדערע שטעט איז קיין יידישע שילער נישט מעגלעך צוליב דער פּראָצענט־נאָרמע אָנצוקומען אין אַ שול, וואָס וועט זיין, אַז מ'וועט די שול פאַרמאַכן? זאַמלט בעסער געלט פאַר די געליטענע און איר וועט האָבן דערמיט פיל אויפגעטון".

די פּראַקטישע אויספירונגען פון דעם דירעקטאָר האָבן געווירקט. די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָפּגעזאָגט צו דעמאָנסטרירן און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ גרעסערע געלט־זאַמלונג פאַר די געליטענע פון קישענעווער פּאָגראָם*).

---

*) פון די זכרונות פון ד״ר יאַקוב אייכנער.

גלייך נאָך דעם ערשטן מאַי האָט, ווי שטענדיק, זיך אָנגע־הויבן אַ שטרייק־באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער. דעם אָנהויב דערצו האָבן געגעבן די בעקער. און דאָ האָט זיך גענומען איבערחזרן אַן ענלעכע מעשה, ווי אין 1901 מיט ח׳ פּאַקולאַ. מ׳האָט די שטרייקנדע בעקער אַרעסטירט און אין די קאָמיסאַריאַטן געשמיסן און אָנגעטון אַנדערע פּיין. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג צווישן די יידישע אַרבעטער. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט באַשלאָסן אויף דעם צו רעאַגירן מיט אַ שטרייק און דעמאָנסטראַציע. וועגן דער שטימונג אין דער אָרגאַניזאַציע בעת די פּאַרבאַרייטונגען צו דער דעמאָנסטראַציע דערציילט אין זיינע זכרונות ח׳ בעריש קורביץ (בערישל ראָוער):

,,נאָכן מאַי האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן אַליין צו מאַכן אַ דעמאָנסטראַציע פון יידישע אַרבעטער. די וועבער־סכאָדקע האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג. יעדער ,,פּעקל־טרעגער''*) האָט באַקומען אַ באַשטימטע צאָל אַרבעטער, וועלכע ער דאַרף צוגרייטן צו דער דעמאָנסטראַציע. די דעמאָנסטראַציע איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַ קאָנפערענץ פון ,,סכאָדקע''־פאָרשטייער, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט אַרויסזאָגן וועגן דעם טרעף־פּונקט. די זיצונג איז פאָרגעקומען אויף אָגראָדאָווע גאַס, נעבן פאָזנאַנסקיס פאַבריק. עס איז אַוועק אַ לאַנגע דיסקוסיע, איך בין אַרויסגעטרעטן קעגן מאַכן אַ יידישע דעמאָנסטראַציע, ווייל עס איז געווען נאָכן קישענעווער פּאָגראָם. מ׳האָט געפילט די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס עס איז אויף אונז געלעגן מיטן אַרויספירן אין אַזאַ מאָמענט די יידישע אַרבעטער אויפן גאַס. דאָך, אַז דער קאָמיטעט האָט באַשטימט, האָט מען געמוזט די דעמאָנסטראַציע מאַכן''.

2 וואָכן פאַר דער דעמאָנסטראַציע איז אויף פאַרזאַמלונגען און ווערקשטאַטן געפירט געוואָרן אַ שטאַרקע אַגיטאַציע. דער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן אויפרוף, אין וועלכן עס

---

*) ,,פּעקל־טרעגערײ'' האָט מען גערופן די, וואָס האָבן פאַרשפּרייט צווישן די אַרבעטער אויפרופן, געזאַמלט פּאָליטישע קאַסע און איבערגעגעבן אָרגאַניזאַציע־באַשלוסן בעת די אַקציעס.

ווערט דערציילט וועגן די שווידערלעכע זאכן, וואָס קומען פאָר אין די פּאָליציי־צירקלען:

,,בעת דעם בעקער־שטרייק נאָך פּסח האָט מען צעשלאָגן א בעקער־מייסטער, ווייל צוליב זיין מסירה האָט פּאָליציי ארעס־טירט עטלעכע ארבעטער. דער מייסטער האָט איבערגעקויפט די פּאָליציי פון זיין צירקל און מ׳האָט ארעסטירט א סך ארבעטער. אין קאָמיסאריאט האָט מען זיי מערדערלעך צעשלאָגן, און שפּע־טער האָבן עטלעכע ארבעטער באקומען צו 15 שמיץ. א יונגער־מאַן פון 20 יאָר, וועלכער האָט פארקויפט שאָקאָלאַד, האָט מע׳ן פּלוצלינג ארעסטירט. אין I ,,אוטשאסטאָק'' האָט מען אים צע־שלאָגן. ווי דער פאָטער גיט איבער, האָט ער באקומען 25 רוזגעס. אַן אַלטער, גראָער ייד איז געקומען אין קאָמיסאריאט זיך זען מיט זיין זון, וועלכן מ׳האָט ארעסטירט צוליב פארבאהאַלטן זיך פון מיליטער־דינסט. דער פּאָליציאנט האָט געכאַפּט דעם אַלטן פאר דער באָרד, אנידערגעוואָרפן מיט א שטאַרקן קלאַפּ אויף דער ערד, דער אַלטער איז געבליבן אָן באוווּסטזיין. מ׳האָט געשיקט נאָך דער ,,גיכער הילף''. ,,די גיכע הילף'' פאָרט ארום א גאנצן טאָג איבער די קאָמיסאריאטן, כדי צו געבן מעדיציניש שע הילף די צעשלאָגענע און צעקאַלעטשעטע ארעסטירטע.

,,חברים ארבעטער! מיר האָבן געבּרענגט פאר אייך נאָר עט־לעכע איינצלנע פאַלן פון די בלוטדורשטיקע חיות. אַזעלכע פאַקטן ציילן זיך אין די טויזנטער און נישט נאָר אין לאָדזש, נאָר אין אַלע שטעט פון פּוילן און רוסלאנד. אומעטום, וווּ ס׳הערשט נאָר אומבאגרענעצט די ווילד־אזיאטישע רוסישע מאכט — ווערט פאר־גאָסן טייכן אומשולדיק בלוט, מען קאַלעטשעט און צעשלאָגט, מ׳הרגעט און מ׳פּייניקט אומשולדיקע מענטשן. און ווער איז דער הויפּט־שולדיקער אין דעם קישענעווער פּאָגראָם, אויב נישט די צארישע רעגירונג און אירע געמיינע באנדיטן?

,,קיינער אויף דער וועלט צווייפלט שוין נישט אין דעם. אין אַלע עקן פון אייראָפּע און אַמעריקע הערט זיך אין איין קול, אַז די הענט פון דער רוסישער רעגירונג זענען באשמוצט מיט בלוט פון מער ווי 100 קרבנות''.

דער אויפרוף ענדיקט זיך:

„ברידער ארבעטער! זאָלן מיר אַלע אינאיינעם ארויסטרעטן מיט א פּראָטעסט קעגן דעם שרעקלעכן הפקרות פון די צארישע אָנגרייפער, פון דער ווילדער פּאָליציי. זאָלן מיר אַלע ווארפן די ארבעט אין דעם נאָענטסטן זונטאָג און מיט אן אַלגעמיינעם פּאָ־ליטישן שטרייק ברענגען צום אויסדרוק אונזער האס צו דעם צאר און צו זיין גאנצער הינטישער באנדע און אונזער גרייטקייט צו קעמפן מוטיק פאר אונזער פּאָליטישער באפרייאונג. זאָלן אין דעם טאָג אָפּגעשטעלט ווערן אַלע פאבריקן און מאגאזינען, און מיר ארבעטער וועלן ארויס אויף דער גאס און אָפן פאר דער גאנצער וועלט וועלן מיר אָנזאָגן אונזער פּראָטעסט קעגן דער אומבאגרע־נעצטער הפקרות פון דער צארישער פּאָליציי. זאָל לעבן דער קאמף פון ארבעטער־קלאס פאר פרייהייט און מענטשלעכער ווירדע. נידער מיט דער צארישער מאכט! זאָל לעבן דער סאָציאַ־ליזם"*).

דער דאָזיקער אויפרוף איז דערשינען אין יידיש און אין פּויליש. געטריי די פּרינציפּן פון ווען דעם פּאָליטישן באוווּסט־זיין אויך ביי די פּוילישע ארבעטער, האָט דער „בונד" מיט זיין אקציע זיך געוואָנדן צום פּוילישן פּראָלעטאריאַט. דער פּוילישער אויפרוף איז דערשינען אין 1000 עקז. און דער יידישער אין 4000.

די ביידע אויפרופן האָבן אויפגעטרייסלט די שטאָט. דאָס פאַרבינדן די פּייניקונגען אין לאָדזש מיט דעם קישענעווער פּאָ־גראָם האָט געפונען די געהעריקע פארשטענדעניש ביי די ברייטע יידישע מאסן אין דער שטאָט. דער רוף צו א פּאָליטישן שטרייק און דעמאָנסטראציע קעגן דער צארישער מאכט איז פון די אר־בעטער אויפגענומען געוואָרן מיט באגייסטערונג.

זונטאָג, דעם 14־טן יוני 1903 איז פאָרגעקומען אין לאָדזש די ערשטע סאָציאַליסטישע דעמאָנסטראציע. צום ערשטן מאָל האָט

---

*) ציטירט לויט דער „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 134.

איבער די גאַסן פון פּוילישן מאַנטשעסטער אַ פלאַטער געגעבן די רויטע פאָן. די פאָן איז געווען אַ בונדישע און די מאַסן וואָס האָבן אונטער איר מאַרשירט, אויסשטעלנדיק זיך אויף קאַזאַקי־שע נאַגייקעס, שווערדן און קוילן, זענען געווען יידישע אַרבע־טער — בונדיסטן.

וועגן דעם פאַרלויף פון פּאָליטישן שטרייק און דעמאָנ־סטראַציע שרייבט די „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ":

„זונטאָג, דעם 14 יוני האָבן נישט געאַרבעט 1500—1200 יידישע אַרבעטער. די שטימונג אין שטאָט איז געווען אַ געשפּאַנ־טע, אַלע האָבן דערוואַרט עפּעס אומגעוויינלעכס. די באַלקאָנען זענען געווען פול געפּאַקט. די שרעק און נייגעריקייט פון דער באַפעלקערונג האָבן זיך פאַרשטאַרקט צוליב די אומגעהויערע מיט־לען, וואָס די פּאָליציי האָט אָנגענומען אויף דעם טאָג: אויף דער הויפּט־גאַס, אויף פּיעטריקאָווער איז געווען קאָנצענטרירט אַ מאַ־סע פּאָליציאַנטן, קאַזאַקן, היטערס, שפּיאָנען. ביי יעדן טויער איז געשטאַנען אַ סטרוזש מיט אַ פּאַלקע און זיי האָבן באַקומען אַ באַפעל, ביי דער קלענסטער טרעוואָגע צוצושליסן דעם טויער און קיינעם נישט אַריינלאָזן. ביז 3 אַזייגער האָבן די אַרבעטער שפּאַצירט פּאָרווייז. נאָר נאָך דער באַשטימטער צייט האָבן זיך אַלע געשטעלט אין די רייען און אַוועק אויף פּיעטריקאָווער גאַס, ווו זיי האָבן שפּאַצירט צווישן דזשעלנע און אַנדזשעיאַ. יידישע אַר־בעטער איז געווען עטלעכע טויזנט און זייער אַ סך זייטיק פּוב־ליקום. קריסטלעכע אַרבעטער זייער ווייניק. אויף דעם אָרט איז נישט געלונגען זיך צוזאַמענצושליסן. פּינקטלעך 6,30 זענען די מאַסן ווי איין מענטש אַריין אין דער דזשעלנע, פון דאָרט אויף וויסכאָדניע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ פייערלעכע פּראָצעסיע: רוי־טע בענדער, רעוואָלוציאָנערע לידער און אויסרופן. דער איינדרוק איז געווען אַ גראַנדיעזער. דער זייטיקער עולם, וואָס איז באַ־שטאַנען פון ביורא־אָנגעשטעלטע, שילער פון די מיטל־שולן, האָבן באַגריסט דעם צוג מיט אַראָפּנעמען די היטלעך און מיט אויס־רופן: נידער מיט דער זעלבסט־הערשונג! אייניקע האָבן ביים אָנ־בליק פון דער רויטער פאָן מיט יראת הכבוד אַראָפּגענומען די

היטן און הויך אויסגעדריקט זייער פראָטעסט און מיטגעפיל די ארבעטער אין זייער שווערן קאַמף קעגן צאַריזם און פּאָליטישער אונטערדריקונג.

,,אויף רוג פּאָלודניאַווע האָט די יוגנט פון די באַלקאָנען אַפּלאָדירט די דעמאָנסטראַנטן.

,,די דעמאָנסטראַנטן האָבן ווייטער מאַרשירט. מתחילת איז אויפן אָרט נישט געווען קיין פּאָליציי. א רעוויראָווי האָט זיך פּלוצים באַוויזן פון ערגעץ און האָט א קלאַפּ געגעבן מיט דער שווערד אַן ארבעטער, וועלנדיק פון אים ארויסרייסן א רויטן באַנד. דעם רעוויראָווי האָט מען צעשלאָגן האַלב טויט, אָבער באַלד איז אָנגעקומען פּאָליציי, סטרוזשעס, קאָזאַקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן א ווילדע שלעגעריי. די ארבעטער האָבן זיך מוטיק פאַרטיידיקט, אָבער די פּאָליציי איז נאַטירלעך געלונגען זיי צו פאַר־טרייבן. עס זענען געווען פאַרוווּנדעטע פון ביידע זייטן.

,,די ארבעטער, וואָס זענען אַנטלאָפן אין די זייטיקע געס־לעך, זענען אַריינגעפאַלן אין א פּאַסטקע. די געסלעך זענען גע־ווען פאַרשפּאַרט און א סך האָט מען צעהרגעט. וועגן שטעלן א ווידערשטאַנד האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד. אויף יעדן אַנט־לויפנדן ארבעטער זענען געווען עטלעכע פּאָליציאַנטן. צעהרגע־טע, פאַרוווּנדעטע האָט מען געשלעפּט די ארבעטער אין די ,,אָר־טשאַסטקעס'' און דאָרט האָט זיי די פּאָליציי אויף א מערדער־לעכן אופן געפּייניקט. מ'האָט זיי צוגעבונדן צו בענק, וועלכע די־נען פאַר אַן אויספאָרשונגס־מיטל פאַר קרימינעלע ארעסטירטע. אַזוי זענען זיי געווען געבונדן הענט און פיס עטלעכע שעה, און דורך דער גאַנצער צייט האָט געדויערט די שרעקלעכע וואַקכאַ־נאַליע. אויף די ארבעטער האָט די ידיעה וועגן די פרישע ענוים אין די ,,אוטשאַסטקעס'' געמאַכט א שרעקלעכן איינדרוק. ארעס־טירט זענען געוואָרן קרוב 80 פּערזאָן. די פּאָן מיטן פאָנען־טרע־גער זענען ארויס גאַנץ און אומבאַשעדיקט''*).

---

*) ,,פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ'' נומ. 134, 1/VII, 1903.

וועגן דער ערשטער בונדישער דעמאָנסטראַציע אין לאָדזש שרייבט ח׳ בעריש קורביץ אין זיינע זכרונות.

„דער פאָן־טרעגער איז געוועזן ברוך לייב פּאָדגאָראָוויטש (ברוך לייב פּאָניע). יעקל קאַציק האָט אין אַ נויט־פאַל געדאַרפט אים העלפן. די דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען 6 אזייגער פאַר־נאַכט אויף דער וויסכאָדניע גאַס. די אָנקומענדע פּאָליציי און קאָ־זאַקן האָבן געהאַקט מיט די שווערדן איבער די קעפּ. דעם ווייסן בעריש האָט מען אָפּגעהאַקט אַ האַלבע נאָז. יצחק פרידמאַן האָט באַקומען אַ לאָך אין קאָפּ. אַ סך אַנדערע אַרבעטער פון דער אומ־באַקאַנטער מאַסע זענען געוואָרן צעשלאָגן און צעבלוטיקט״.

די דאָזיקע ערשטע בונדישע דעמאָנסטראַציע און פּאָליטי־שער שטרייק, וואָס איז געוועזן אַן ענטפער אויף דער צאַרישער אכזריות, האָט געמאַכט אַ רושם נישט נאָר אין לאָדזש, נאָר אויך אין דער גאַנצער צאַרישער מלוכה. אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן אין זייערע אומלעגאַלע אָרגאַנען באַשריבן די דעמאָנסטראַ־ציע. „טשערוואָני שטאַנדאַר״, דער אָרגאַן פון די ס. ד. ק. פּ. אי ל. שרייבט:

„דעם 14־טן יוני האָט דער „בונד״ אָרגאַניזירט אַרום האַלב זיבן אויף דער וויסכאָדניע גאַס אַ מאַניפעסטאַציע. אין דערמיט גאַס זענען געגאַנגען אַרום 1500 מענטשן מיט רעוואָלוציאָנערע לי־דער און אויסרופן. מ׳האָט געטראָגן אַ רויטע פאָן מיט אויפ־שריפטן: „נידער מיטן צאַראַט״, „זאָל לעבן דער סאָציאַליזם״, „מיר פאַרלאַנגען פּאָליטישע פרייהייט״, „פערזענלעכע אומאָפּהענגי־קייט״. דער צוג האָט געדויערט 20 מינוט. די קאָזאַקן און פּאָליציי האָבן צעטריבן דעם צוג. מ׳האָט אַרעסטירט קרוב 80 פּערזאָן. די אַרעסטירטע האָט מען געבונדן הענט און פיס, צוגעבונדן צו בענק און געשלאָגן אין משך פון אייניקע שעה. די מאַניפעסטאַציע איז געוועזן אַ פּראָטעסט קעגן די מאַסנהאַפטע אַרעסטן און דאָס פייניקן פון די אַרעסטירטע אַרבעטער אין די צירקלען, ווו מ׳האָט גע־שלאָגן קינדער, דערוואַקסענע, אַלטע פרויען און מענער. מ׳האָט געשלאָגן ביז צום פאַרלירן דעם באַוווסטזיין, מיט קאַנטשיקעס,

ריטער, פויסטן און די פארחלשטע האָט מען געקאָפּעט מיט די פיס"*).

אויך „די ארבייטער שטימע" האָט געגעבן א גרויסן באַריכט פון דער דעמאָנסטראַציע. אין באַריכט ווערן דערמאָנט די אויפשריפטן אויף דער פאָן, וועלכע מיר קאָנען שוין פון „טשערוואָני שטאַנדאַר". אויך אין אויסלאַנד האָט די דעמאָנסטראַציע געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק. דער „בונד" איז אומעטום געוואַקסן אין אָנזען.

מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי (קולטשיצקי) אין זיין „געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אָקופּירטן רוסישן געביט", בעת ער טרעט שאַרף אַרויס קעגן די אָנפאַלן פון פּ. פּ. ס. אויפן „בונד", פאררופט זיך אין דער פּאָלעמיק אויף דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט פון „בונד" און דערמאָנט די דעמאָנסטראַציע פון 14־טן יוני אין לאָדזש קעגן דער אַכזריות פון דער רעגירונג: „עטלעכע טויזנט אַרבעטער האָבן איינגעאָרדנט א צוג איבער די גאַסן" — שרייבט מאַזאָוויעצקי און גיט צו: „מיר זעען פון דעם, וואָס פאַר א רירעוודיקע טעטיקייט עס האָט אָנגעהויבן דער „בונד" אין קעניגרייך"**).

דער דאָזיקער אַרויסטריט איז געווען א ווייטערער און שטאַרקערער רעוואָלוציאָנערער שריט אין דער טעטיקייט פון דער לאָדזשער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אין 1901 איז אויף דער צארישער אַכזריות געענטפערט געוואָרן מיט א פּאָליטישן שטרייק, אין וועלכן ס'האָבן זיך באַטייליקט בלויז וועבער. אין 1903 האָט דער פּראָטעסט זיך אויסגעדריקט אין א פּאָליטישן שטרייק און גאַסן־דעמאָנסטראַציע, מיט דער באַטייליקונג פון אַרבעטער פון אַלע פאַכן און אויך שילער, ספּעציעל די שילער פון די האַנדלס־שולן פון לאָדזש און זגערזש.

*) „טשערוואָני שטאַנדאַר" נומ. 7, יולי 1903. פון חי אייגענקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיון־זאַמלונג.

**) מיעטשיסלאַוו מאַזאָוויעצקי: „געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין אָקופּירטן געביט, ז. 465.

נישט געקוקט אויף די מערב־ארעסטן און אויף די ארעסטן בעת דער דעמאָנסטראַציע, פון וועלכע א סך ארעסטירטע זענען ארויסגעשיקט געוואָרן אין סיביר, איז די באַוועגונג נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַלץ נייע און נייע קאַדרן האָבן זיך גע־צויגן צו די רייען פון „בונד" און פאַרנומען די ערטער פון די ארעסטירטע.

*

אין דער אייגענער צייט, ווען אויף די גאַסן פון לאָדזש איז פאָרגעקומען דער קאַמף קעגן דער אכזריות פון דער צאַרישער מאַכט, האָט זיך אונטער די קראַטן פון דער פּיעטריקאָווער טור־מע אָפּגעשפּילט א שטילע טראַגעדיע מיט דער צאַרטער, יונגער בונדישער טוערין ח'טע אסתר (עזא) ליפשיץ. זי איז אַלט געווען סך־הכל 20 יאָר, ווען זי איז געקומען מיט איר שוועסטער אַננאַ אויף צו פירן בונדישע אַרבעט אין לאָדזש. די פאַבריקן־שטאָט מיט איר אימפּאָזאַנטער בונדישער באַוועגונג האָט צוגעצויגן א סך יונגע, אינטעליגענטע כחות. אויך די צוויי שוועסטער ליפשיץ זע־נען דאָ אַהערגעקומען אויסצולאָדענען זייער רעוואָלוציאָנער־ע ענערגיע. אסתר איז געווען א מיידל פון אייזנפעסטן ווילן און שטאַרקן מוט, ביי גלייכצייטיקער צאַרטער און סובטעלער באַציאונג צו דער סביבה און חברים. וועגן חברטע אסתר שרייבט אין זיינע זכרונות ח' בעריש קורביץ:

„אָט שטייט זי מיר פאַר די אויגן: א דאַרינקע, די האָר גלייך אַרויפגעקעמט. ווען זי האָט גערעדט, האָבן זיך די דינע ליפּן אי־רע אַזוי באַוועגט, ווי איינער שעפּטשעט אין דער שטיל א געבעט. זי איז געווען זייער געלערנט. ווען זי האָט רעפערירט וועגן א פראַגע, האָט זי אַזוי איבערצייגט גערעדט, אַז עס איז שווער געווען מיט איר צו דיסקוטירן. איינמאָל האָט זי געדאַרפט קומען אויף א פאַרזאַמלונג אין מיין שטוב (גרינע גאַס 26) מיט א רעפע־ראַט, גראָד בין איך געווען אויפן הויף. זי איז אָנגעקומען, אָבער נישט אַליין. ס'האָט זיך נאָך איר מיטגעשלעפּט א שפּיאָן, און ער האָט זי באַגלייט ביז אויף די טרעפּן. איך האָב דאָס גלייך

איבערגעגעבן דער פאַרזאַמלונג און מ'איז זיך פונאַנדערגעגאַנ־גען. דער מערץ־אַרעסט האָט אונז אַלעמען געבראַכט אין טורמע און דאָרט האָט אסתּר פאַרלוירן איר יונג לעבן".

וועגן דער פּערזענלעכקייט פון דער ח'טע ליפשיץ זאָגט עדות דער פאַקט, וואָס זי האָט געהערט צו דער סביבה פון ח' בראָ־ניסלאַוו גראָסער. אַ דאַנק עזא ליפשיץ, האָט גראָסער זיך באַקענט מיט דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש און דאָס האָט דעצידירנד געווירקט אויף זיין אַריינטרעטן אין „בונד". ח' גראָ־סער שרייבט וועגן דעם אין זיין אויטאָביאָגראַפיע:

איין מאָל האָב איך צוליב די געשעפטן פון פאַרבאַנד*) גע־דאַרפט פאָרן אין לאָדזש. עס האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך ל. ער האָט געגעבן איבערגעבן אַ בריוו דער איצט שוין פאַרשטאָרבענער עזא ליפשיץ. אין לאָדזש בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט עזא ל. און מיט אַנדערע אַקטיווע טוער, געוועזן מיט זיי אויף אַן אַר־בעטער־פאַרזאַמלונג אין וואַלד. איך האָב צום ערשטן מאָל דער־זען אַ יידישע אַרבעטער־מאַסע, דערהערט די „שבועה", איך האָב מיך נאָך אַלץ געקווענקלט, אָבער דער כאַראַקטער פון מיינע ספקות האָט זיך איבערגעביטן. איך האָב זיך געזאָגט: א. איז גערעכט. איך מוז אַרבעטן צווישן יידן"**).

דער צוזאַמענטרעף פון עזא ליפשיץ מיט בראָניסלאַוו גראָ־סער און זיין באַזוך אויף דער בונדישער פאַרזאַמלונג אין וואַלד האָט געמוזט פאָרקומען סוף זומער 1902. דעמאָלט איז ח'טע ליפשיץ, ווי מיר ווייסן שוין, נאָר־וואָס געהאַט געקומען אין לאָדזש. אין פרילינג 1903 איז זי שוין געוועזן אין טורמע. אין תּפיסה איז זי קראַנק געוואָרן אויף האַלז־שווינדזוכט, אָנגעהויבן שפּייען מיט בלוט. די צאַרישע טורמע־מושלים האָבן ווייניק אַכט געלייגט אויף דער יונגער, צאַרטער פרוי, וואָס האָט אויסגעשפּיגן

*) פאַרבאַנד פון אומאָפּהענגיקע סאָציאַליסטישע יוגנט, צו וועלכע גראָסער האָט דאַן געהערט.

**) „רויטער פנקס", ערשטער זאַמלבוך. בראָניסלאַוו גראָ־סערס אויטאָביאָגראַפיע. זייט 81.

אירע לונגען און מ'האָט זי געבראַכט פון טורמע אין שפּיטאָל ערשט דאַן, ווען זי איז שוין געווען אין אַ האָפנונגסלאָזן צו־שטאַנד. אין שפּיטאָל איז זי געשטאָרבן. איר טויט איז פאַר־שריבן אין די אַקטן פון פּיעטריקאָווער מעטריקע־אַמט:

,,...עס איז געשען אין דער שטאָט פּיעטריקאָוו, 23 יוני אינם יאָר 1903, זעקס אַזייגער אָוונט. ס'האָבן זיך גע־שטעלט... (ס'פאָלגן נעמען און פאַמיליעס פון 2 עדות) און זיי האָבן געמאָלדן, אַז אין פּיעטריקאָווער יידישן שפּיטאָל איז נעכטן געשטאָרבן די איינוווינערין פון שטעטל קעלמי, ראָשיאַנער פּאָ־וויאַט, קאָוונער גובערניע, אסתר ליפשיץ, מיידל ניינצן יאָר אַלט, טאָכטער פון מאיר און ליבע פאַמ. ליפשיץ. נאָכן פּערזענלעכן פעסטשטעלן דעם טויט פון אסתר ליפשיץ, איז דער דאָזיקער אַקט געוואָרן פאַר זיי דורכגעלייענט א. אז. וו. (עס פאָלגן אונטער־שריפטן פון שטאָט־פּרעזידענט און עדות)''*).

,,די אַרבייטער שטימע'' באַשרייבט אַזוי אסתרס טויט:

,,אַ וואָך פאַר איר טויט האָט אירער אַ קרוב געבעטן דעם זשאַנדאַרמען־אָפיציר, וועלכער האָט געפירט איר משפּט, אַז מען זאָל איר באַפרייען פאַר אַ געלט־משכון, אסתר איז שוין דאַן גע־ווען אַזוי קראַנק, אַז זי האָט נישט געקענט רעדן. דער זשאַנדאַרם האָט געפאָדערט 2000 רובל. אסתרס קרוב האָט געזאָגט, אַז ער האָט מער נישט, ווי 600 רובל און אַזוי ווי דער צושטאַנד פון איר געזונט איז אַ געפערלעכער, בעט ער, מען זאָל איר באַפרייען פאַר דער דאָזיקער סומע. דער זשאַנדאַרם האָט גראָב געענטפערט: ,,דאָ איז נישט קיין יידישע קראָם, וווּ מען דינגט זיך; דאָ זענען פעסטע פּרייזן''... אינגיכן האָט מען אסתרן איבערגעפירט אין שפּיטאָל, נאָר עס איז שוין געווען צו שפּעט.

עזא ליפשיץ איז אַלט געווען 20 יאָר. זי איז געבוירן גע־וואָרן אין קעלמי, קאָוונער גוב. זי האָט געענדיקט די גימנאַזיע אין ליבאַווע און דערנאָך איז זי אַוועקגעפאָרן אין אויסלאַנד.

---

*) ,,נ. פאָלקסצייטונג'' נומ. 115, 1937. י. סאַמסאָן: ,,נאָך וועגן דער בונדישער מאַרטירערין עזא ליפשיץ''.

דאָרט האָט זי זיך געלערנט און אָנגעקומען אין אוניווערזיטעט פריער אין בערן (שווייץ), דערנאָך אין בערלין.

„...איר האָבן אַממערסטן אינטערעסירט די געזעלשאַפטלעכע און פילאָזאָפישע לערן און אויף דעם האָט זי זייער פיל מי אוועקגעלייגט. נאָר די טרוקענע לערע, אפילו די הילף, וועלכע זי פלעגט שאַפן אונזער באַוועגונג אין אויסלאַנד, האָבן נישט געקענט באַגנ:גענען איר טיף־פילנדע נשמה. איר האָט זיך געוואָלט מיט אירע אַלע כחות זיך איבערגעבן דער באַפרייאונגס־באַוועגונג פונם יידישן פראָלעטאַריאַט. זי האָט געוואָרפן דעם אוניווערזיטעט און איז געקומען צוריק אין רוסלאַנד. שטיל, אָן הויכע ווערטער און פראַזן, האָט זי געפירט איר רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, און דורך איר ענערגיע, מוט און איבערגעגעבנקייט׳ האָט זי זיך איינגיכן דערוואָרבן די אַלגעמיינע אַכטונג און ליבע. דער יידישער פראָלעטאַריאַט וועט צווישן זיינע בעסטע מענטשן דערמאָנען אויך אסתר ליפשיץ. ערע דיין אָנדענקן, אונזער ליבע, טייערע חבר־טע״*).

*

צוזאַמען מיט דעם גרויסן פּאָליטישן קאַמף, וואָס דער „בונד״ האָט געפירט אין זומער 1903, זינען אויך פאָרגעקומען עקאָנאָמישע אַקציעס. אין אָנהויב פרילינג האָבן פאַרשטרייקט די אָקרימשע שניידער, פון 250־200 פערזאָן. דער שטרייק איז געוועזן אַ פאַרמעסטונג צווישן די אַרבעטער מיט די אונטערנעמער. עס איז נישט געגאַנגען בלויז וועגן לוין־פאָדערונגען. די מייסטער האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַריין, כדי צוצעשטערן די „אחדות״. זיי האָבן גענומען איינפירן די אַלטע באַדינגונגען. אַ שוואַרצע ליסטע פון געזעלן „בונטאַוושיקעס״ א. אז. וו. דער שטרייק האָט געדויערט אַ וואָך און די אַרבעטער האָבן געוווּנען. „זיי האָבן צעשטערט דעם באַלעבאַטים־פאַריין מיט אַלע זיינע תקנות״, דער אַרבעטס־טאָג איז פאַרקלענערט געוואָרן אויף 12 שעה...

---

*) „די אַרבייטער שטימע״ נומ. 34, אויגוסט 1903.

סוף מאי האָבן פאַרשטרייקט 100 וועבער פון גליקסמאַנס פאַ־בריק. זיי האָבן פאַרלאַנגט, מ'זאָל זיי צוריק דערלייגן די קאָפּיקע אויף אַ שטיק, וואָס דער פאַבריקאַנט האָט פריער גענומען אַראָפּ־געריסן און מ'זאָל אויסצאָלן יעדע וואָך. בעת דעם שטרייק איז פאָרגעקומען די דעמאָנסטראַציע מיט די אַרעסטן. דאָס האָט שוין אַ ביסל אַריינגעבראַכט צערודערונג אין דער עקאָנאָמישער אַקציע און די אַרבעטער האָבן געוווּנען בלויז די קאָפּיקע אויפן שטיק. באַלד נאָך דער דעמאָנסטראַציע האָבן געוואָרפן די אַרבעט 40 וועבער, זיי האָבן געפאָדערט העכערן דעם לוין פון 50 קאָפּ. ביז אַ רובל אַ וואָך. נאָך 14 טעג שטרייקן, האָבן די אַרבעטער געוווּנען.

פאַר אַ היינטצייטיקן אַרבעטער קאָן דער אופן, ווי אַזוי די שטרייקן זענען פאָרגעקומען, זיין אַביסל שווער צום באַגרייפן. שטרייקן, וואָס זאָלן אַרומנעמען אַ גאַנץ פאַך, זענען זעלטן פאָרגע־קומען. ביז 1905 איז נישט פאַרנאָטירט, למשל, קיין איין אַלגע־מיינער וועבער־שטרייק. מייסטנס איז געשטרייקט געוואָרן אין באַ־זונדערע פאַבריקן, ביי איינצלנע פאַבריקאַנטן, וואָס האָבן געגעבן צו אַרבעטן די לוין־וועבער און אַפילו ביי איינצלנע לוין־וועבער דאָס איז פאָרגעקומען דערפאַר, ווייל סאיז נישט געווען קיין אַל־געמיינער לוין־טאַריף. יעדער פאַבריקאַנט, אָדער לוין־וועבער האָט געצאָלט, וויפל ער האָט געוואָלט און דאָרט, ווו עס זענען גע־ווען באַשעפטיקט אַרבעטער, אויף וועלכע די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אַ ווירקונג, זענען פאָרגעקומען שטרייקן און די אַרבע־טער האָבן זיך דערשלאָגן צו בעסערע לוין־ און אַרבעטס־באַדינ־גונגען.

צוזאַמען מיטן וווּקס פון באַוווּסטזיין פון די אַרבעטער, וואַקסט אויך די צאָל פון שטרייקן צו פאַרטיידיקן דעם אַרבע־טערס כבוד אָדער דעם כבוד פון דער אָרגאַניזאַציע. למשל, דער בעקער־שטרייק, וועלכער איז געווען די דירעקטע סיבה צו דער יוני־דעמאָנסטראַציע, איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם, וואָס אַ באַלעבאָס האָט געגעבן אַן אַרבעטער אַ פּאַטש, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנצוגיסן אַ כלי וואַסער, וואָס האָט צו אים נישט גע־

הערט. דער בעקער־ארבעטער איז אָבער נישט שולדיק געבליבן און דעם באַלעבאָס צוריקגעפּאַטשט. עס איז געקומען צו אַ געשלעג. דעם ארבעטער האָט מען ארעסטירט. די פינף ארבעטער פון ד'ער בעקעריי האָבן פארשטרייקט. דער בעקער־אונטערנעמער האָט ווייטער געמסרט און מ'האָט ארעסטירט 2 פון די שטרייקנדע. עס איז געקומען צו אַ פרישער אָפּרעכענונג מיטן פארחוצפּהטן בעקער־מייסטער און פרישע 15 פּערזאָן זענען ארעסטירט געוואָרן.

גלייך נאָך דעם מערץ־ארעסט איז פּאָרגעקומען אַ שטרייק פון פינף ארבעטער, ווייל דער באַלעבאָס האָט זיך באַליידיקנד אויסגעדריקט וועגן אַ לערערין, וועלכע איז געוואָרן ארעסטירט. (וואַרשיינלעך האנדלט זיך דאָ וועגן איינער פון די צוויי שוועסטער ליפּשיץ). די ארבעטער האָבן פארלאַנגט, דער אונטערנעמער זאָל אַלס סאַטיספאַקציע געבן 15 רובל אויפן „רויטן קרייץ"*). דער שטרייק איז געווונען געוואָרן. כאַראַקטעריסטיש, אַז די ארבעטער זענען נישט געווען קיין מיטגלידער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

„די ארבייטער שטימע" נומ. 34, אויגוסט 1903, פון וואַנען מיר נעמען די אינפאָרמאַציעס, פארענדיקט איר שטרייק־איבערזיכט, אַז „אין אַלגעמיין פירט זיך דער עקאָנאָמישער קאַמף פארהעלטנישמעסיק גאַנץ ענערגיש. גרעסטנטיילס געווינען די ארבעטער".

*) רויטער קרייץ (ר. ק.), אַזוי האָט מען אין יענער צייט גערופן די אינסטיטוציע, וועלכע האָט געשטיצט פּאָליטישע ארעסטירטע.

* *
*

די אקציעס פון ,,בונד'' אין זומער 1903: עקאנאמישע שטרייקן, פאליטישע שטרייקן, דעמאנסטראציע א. אז. וו. האט ווידער אויפגעשטעלט דאס יידישע צעשראקענע רעאקציאנערע בירגערלעכע וועלטל קעגן די ,,אחדות'', עס האט זיך אנגעהויבן א פרישער קרייץ־צוג. אבער דאס מאל האבן די לייט שוין נישט פרובירט זיך צו פארמעסטן מיט די יידישע ארבעטער אויף דער גאס, ווי עס איז געוועזן אין 1901, נאר באגנוגנט זיך מיט מסירה. ,,די ארבייטער שטימע'' דערציילט וועגן דעם:

,,די ווירקונג פון דער דעמאנסטראציע איז' געוויינלעך, נישט אויף אלעמען געוועזן א גלייכע. א סך האבן זאגאר מיט פארגעניגן געקוקט, ווי די פאליציי פייניקט די ארבעטער. שענער פון אלעמען האט געהאנדלט דער לאדזשער רב, דער ל''וניק, אויף וועמען עס רוט די זשאנדארמסקע שכינה. ער האט אנגעוויזן דער פאליציי א מיטל, ווי צו דערקענען די, וועלכע געהערן צו ,,אחדות''. ,,ווער עס טראגט נישט קיין ציצית, יענער איז א סאציאליסט'' און די פאליציי האט טאקע געזוכט ציצית און געשלאגן די, ווער עס האט זיי נישט געהאט. גלייך נאך דער דעמאנסטראציע האט דער זעלבער רב געהאלטן אין שול א דרשה. ער האט אנגעזאגט אלע עלטערן, אז זייערע טעכטער זאלן טראגן אויערינגלעך און די זין -- ציצית. אויב נישט, וועט דאס זיין א סימן, אז זיי געהערן צו די ,,אחדות'' און מען וועט זיי ארעסטירן''*).

---

*) עס האנדלט זיך וועגן רב אליהו חיים מייזעל.

די צאַרישע מאַכט, יועלכע איז אויך נישט ווייניק איבער־ראַשט געוואָרן פון דער דרייסטער דעמאָנסטראַציע, האָט גע־פרוווט ווייטער טעראָריזירן די יידישע מאַסן דורך שאַפן אַ פּאָ־גראָם־שטימונג אין לאָדזש. דורך די צאַרישע אַגענטן איז צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז די דעמאָנסטראַציע, וואָס די „זשידעס" האָבן געמאַכט, איז גע־ווען אַן אָפּשפּעטונג פון די קאַטוילישע פּראָצעסיעס און דעריבער דאַרף מען זיך נוקם זיין אין די יידן דורך אַ פּאָגראָם. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ פּאַניק צווישן דעם יידישן עולם. „פיל אָבער האָבן זיך באַזאָרגט מיט געווער", כדי אויסצומיידן אין לאָדזש אַן איבער־חזרונג פון קישענעוו.

וועגן דער באַדייטונג פון דער דעמאָנסטראַציע האָט דער קאָמיטעט פון „בונד" אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף. די פּראָקלאַמאַ־ציע רופט די אַרבעטער, זיי זאָלן נישט פאַרלירן דעם מוט אונ־טער דער ווירקונג פון די פּאָליציייאישע מערדערייען, נאָר פאַר־קערט, זיך ווידער פאַרפעסטיקן צום קאַמף קעגן דער צאַרישער זעלבסטהערשונג.

צו דער לעבעדיקער טעטיקייט פון דער בונדישער אָרגאַני־זאַציע אין לאָדזש אין יאָר 1903, דאַרף מען אויך צורעכענען די דיסקוסיע, וואָס עס האָט זיך געפירט אין דער פּאַרטיי אַרום דעם אַרויסטריט פון דער רוסלענדישער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי. פאָרגעקומען איז דער אַרויסטריט אויף דעם צווייטן צוזאַמענפאָר פון דער ר. ס. ד. א. פּ. אין אויגוסט 1903. ביים באַהאַנדלען דעם אָרגאַניזאַציע־סטאַטוט, זענען די פאָרשטייער פון „בונד", נאָך לאַנגע דיסקוסיעס, איינגעגאַנגען אויף דעם מינימאַלסטן פּונקט, וואָס האָט געזאָלט פאַרזיכערן דעם „בונד" די מעגלעכקייט פון פאָרטזעצן זיין ביז־איצטיקע טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבע־

מער אין די ראַמען פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי. דער דאָזיקער פּונקט האָט געזאָגט:

„דער „בונד" איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אָרגאַניזאַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, נישט באַגרענעצט מיט קיין ראַיאָנע ראַמען און גייט אריין אין דער פּאַרטיי, אַלס דער איינציקער פאָרשטייער פון יידישן פּראָלעטאַריאַט"*).

דער צוזאַמענפאָר האָט דעם פאָרשלאָג פון „בונד" אָפּגעוואָרפן און דעמאָלט איז פאָרגעקומען דער ריס צווישן דער אָרגאַניזאַציע פון יידישע פּראָלעטאַריאַט און דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג. דער דאָזיקער ריס, וועלכער איז געשען קעגן ווילן פון „בונד", האָט זיך אָפּגערופן זייער שמערצלעך אויף דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג, ביי וועמען דער אינטערנאַציאָנאַליזם איז געווען אַ גרונט־פּרינציפּ. דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" האָט באַלד נאָכדעם זיך געשטעלט צום משפּט פון זיינע אָרגאַניזאַציעס.

אויך אין לאָדזש זענען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי פאַרזאַמלונגען פון די אָרגאַניזירטע מיטגלידער, אויף וועלכע עס איז באַהאַנדלט געוואָרן דער ארויסטריט פון „בונד" פון דער ר. ס. ד. א. פּ. נאָך אַ געהעריקער דיסקוסיע האָבן די לאָדזשער אָרגאַניזירטע אַרבעטער אָנגענומען אַ רעזאָלוציע:

„1) געפינענדיק, אַז כדי צו פאַרהיטן די אינטערעסן פון יידישן פּראָלעטאַריאַט, כדי צו פירן אים זיגרייך צו זיין עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, איז נויטיק, אַז ער זאָל זיין אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערער זעלבסטשטענדיקער פּאַרטיי, וועלכע גייט אין איר קאַמף האַנט ביי האַנט און פאַראייניקט מיט די איבעריקע ס"ד־פּאַרטייען אין רוסלאַנד;

2) אַז ביי די איצטיקע באַדינגונגען, ווען ביי פיל אונזערע רוסישע חברים עקזיסטירט אַ טענדענץ דעם „בונד" צו באַגרענעצן אין זיין טעטיקייט אָדער אים אינגאַנצן צו פאַרניכטן, איז

*) וו. מעדעם: „פון מיין לעבן", צווייטער באַנד, זייט 31

דאָס ארויסטרעטן פון „בונד'' פון דער פּארטיי געווען אַ נויט־
ווענדיקע זאַך' וועלכע דער „בונד'' האָט געמוזט פאָרנעמען, אויב
ער האָט געוואָלט בלייבן דער אמתער פאָרשטייער פון דעם יידישן
פּראָלעטאַריאַט''*).

---

*) „די אַרבייטער שטימע'' נומ. 36, פעברואַר 1904.

XIV

# ערב דער רעוואלוציע פון 1905

אויסברוך פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה. — וואוקס פון אָפּאָזיציע און פאַרביטערונג קעגן דער צאַרן־מאַכט. — דער בונדישער אַנטי־מלחמה־אויפרוף. — דער מערץ־אַרעסט. — הונגער־שטרייק אין קאַלישער טורמע. — דער פּראָוואָקאַטאָר קאַקאַטשינסקי. — ווידער אויפבוי פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. — די מי־טינגען בעת די פילאַנטראָפּישע סדרים. — ערשטער מאַי 1904.

דאָס יאָר 1904 האָט מיט רעכט פאַרדינט אויף דעם נאָמען „ערב־רעוואָלוציע־יאָר״. די אומגליקלעכע מלחמה, וואָס די צאַרן־מאַכט האָט פאַרפירט אויפן ווייטן מזרח מיט יאַפּאַן, האָט אויפגע־דעקט דעם פולשטענדיקן ווירטשאַפטלעכן און פּאָליטישן באַנקראָט פון די הערשער פון גאָטס־גענאָד. דאָס לאַנד איז אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ מוראדיקן קריזיס און אַפּגעגאַנגען אין בלוט אויף די פאַרט־אַרטורער שלאַכט־פעלדער. אין 1904, פּונקט, ווי מיט 10 יאָר שפּעטער, בעת דער גרויסער וועלט־מלחמה, איז כמעט פאַר אַלע שיכטן פון דער רוסישער באַפעלקערונג, מיטן אויסנאַם פון די רעאַקציאָנערע פּריצים און הויף־קאַמאַרילאַ, קלאָר געוואָרן, אַז אויף צו פאַרענטפערן נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע מלוכה־פּראָבלעמען איז וויניק דער צאַרישער קנוט און די הויף־כנופיה מיט זייערע טעמפּע מוחות. עס וואַקסט אין לאַנד די פאַרביטע־רונג. עס מערן זיך די צאָל אַרבעטער־שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, דער פויער וויל נישט גערן פאַרלאָזן זיינע פעלדער אויף צו גיין

שלאָגן זיך מיט די יאַפּאַנער פאַר דעם „צאַר־באַטיושקאַ״. אַפילו דער בירגערלעכער צוזאַמענפאָר פון „זעמצעס״ קומט צום אויס־פיר, אַז „די עקזיסטירנדע אָרדענונג איז נישט נאָרמאַל. די געזעל־שאַפט און די רעגירונג איז אָפּגעזונדערט, עס פעלט צוטרוי״. פאַרשטייט זיך, אַז די בירגערלעכע „זעמסטוועס״*) ווילן נישט ח״ו אָנרירן דעם קאָפּ פון געזאַלבטן, זיי האַלטן בלויז, אַז „דער ביוראָקראַטיזם צווימט אָפּ די קייזערלעכע מאַכט פון פאָלק און באַשאַפט אַ באָדן פאַר דעם אַדמיניסטראַטיוון ווילקיר״**). אָבער די מאַסן פון אַרבעטער און פויערים אין דער גרויסער רוסישער מלוכה האָבן זיך געגרייט צום שטורעם. ווי יעדעס מאָל אין מאָ־מענטן פון גרויסע סאָציאַלע אויפטרייסלונגען, ווען עס האַלט פאַר 12, ווערן מיליאָנען אויערן פאַרוואַנדלט אין איין גרויס געהער. אַלץ איז אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג. מ׳וואַרט, „עס זאָל זיך שוין אָנהויבן״. די דירעקטע סיבה, וואָס גיט דעמאָלט דעם שטויס צו מאַסן־אַרויסטרעטונגען איז פּונקט, ווי די צינד־קנויט אין דער באָמבע, וואָס פאַראורזאַכט דעם אויפרייס פון אָנגעזאַמלטן דינאַ־מיט, אַזאַ צינד־קנויט זענען געווען די יאַנואַר־געשעענישן פון 1905.

דאָס ערשטע רינגעלע אין דער קייט פון די אַלע שפּעטערדי־קע געשעענישן איז געווען די קריגס־דערקלערונג פון דער צאַרישער מאַכט צו יאַפּאַן אין יאַנואַר 1904. די מלחמה, הגם זי איז פאָרגע־קומען אויף די פעלדער אין ווייטן מזרח, האָט זי דאָך שטאַרק געלאָזט זיך פילן אין גאַנץ רוסלאַנד. קודם־כל האָט זיך, ווי ביי אַלע פריערדיקע און שפּעטערדיקע מלחמות, אָנגעהויבן אין גאַנצן לאַנד אַ שטאַרקע נאַציאָנאַליסטישע העצע, וועלכע איז געוואָרן באַגלייט מיט אַ פּאָגראָם־אַגיטאַציע קעגן יידן. אין דער אייגענער

---

*) „זעמסטוואָ״ — דאָרפישע זעלבסטפאַרוואַלטונג.

**) „די לעצטע פּאַסירונגען״, 1־טער דעצעמבער 1904, „די רעזאָלוציעס, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרן אויף דעם צוזאַמענ־פאָר פון די זעמצעס״.

צייט האָט זיך אויך געשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע, אויף וואָס די צאַרישע מאַכט האָט געענטפערט מיט שטאַרקע רע־פּרעסיעס. די פאַרמעסטונג צווישן צאַר, הויף־קליקע און פּריצים מיט די ברייטע פּויערים־ און אַרבעטער־מאַסן האָט זיך אָנגע־הויבן.

צוליב דער פּאָגראָם־שטימונג איז די יידישע באַפעלקערונג געוואָרן טעראָריזירט, אָנגעשראָקן, אָבער דער „בונד" האָט זיך נישט געלאָזט אַרומכאַפּן פון דער פּאַניק־שטימונג און געטון ווײַ־טער זיין רעוואָלוציאָנערע אַרבעט.

צווישן יידן איז דער „בונד" געווען די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע איז אַרויסגעטרעטן קעגן דער צאַרישער מלחמה־אַוואַנטו־רע, דער „בונד" האָט פאַרנומען אַ „מפּלה"־פּאָזיציע, ד. ה. זיך אָריענטירט אויף דעם, אַז די צאַרישע מאַכט זאָל אין דער מלחמה ליידן אַ מפּלה און דאָס זאָל אויסגענוצט ווערן, כדי אַראָפּצוּוואַרפן די זעלבסטהערשנדיקע רעגירונג.

אין אַ פּראָקלאַמאַציע פון צ. ק. פון „בונד" קעגן קריג א. נ. די מלחמה און די זעלבסטהערשונג, ווערט געגעבן אַ ברייטע אויפ־קלערונג וועגן די סיבות פון דער מלחמה און דער אויפרוף פאַר־ענדיקט:

„די מלחמה פירט זיך נישט לטובת אונזער פאָטערלאַנד, די מלחמה וועט ברענגען נוצן אַ קליין הייפל רוסישע קאַפּיטאַליסטן, זי האָט אָבער הויפּטזעכלעך דעם ציל צו ראַטעווען די רוסישע זעלבסטהערשונג. נאָר מיר זענען זיכער, דאָס די מלחמה וועט זיין דער לעצטער טראָפּן, וועלכער וועט איבערפילן דעם בעכער פון די ליידן, וואָס די זעלבסטהערשונג פאַרשאַפט דעם גאַנצן רוסלענדישן פאָלק בכלל און אונז, פּראָלעטאַריער בפרט.

די צייט, ווען די זעלבסטהערשונג וועט זיין געצוווּנגען ענד־לעך צו געבן אַ חשבון פאַר אַלע אירע מעשים, פאַר אַלע פאַר־ברעכנס, דערנענטערט זיך. אונזער אויפגאַבע איז מיט נאָך מער ענערגיע טראָגן ליכט אין די ברייטע אַרבעטער־מאַסן, עפענען זיי די אויגן אויף די פאַרבאָרגענע צילן פון דער רעגירונג, דער־ווייזן, וואָס פאַר אַ שרעקלעכער פאַרברעכן און ווי שעדלעך עס

איז פאַר דעם פּראָלעטאַריאַט די מוראַדיקע הריגה, אויף וועל־כער מען נויט אונז צו גיין. מיר האָבן גאָרנישט קעגן יאַ־פּאַנישן פאָלק; מיט די יאַפּאַנעזער פּראָלעטאַריער פאַרבינדן אונז די ברידערלעכע געפילן פון פּראָלעטאַרישער איינִיקייט; מיר קענען אָן אַ שווידער נישט טראַכטן, דאָס אונז וועט אפשר אויסקומען זיך צו טרעפן מיט אונזערע ברידער, יאַפּאַנישע אַרבעטער, אויף דעם שלאַכט־פעלד, און אָנשטאָט צו געבן איינע די אַנדערע די האַנט, מיליכט אומגערן ברענגען איינער פאַר דעם אַנדערן אַ טויט־אורטייל.

אַ האַס, אַ קללה, אַ דרייפאַכע קללה די בורזשואזע רעגירונ־גען, דער בורזשואזער וועלט־אָרדנונג, וועלכע זענען פאַרבונדן מיט אַזוינע שענדלעכע פאַרברעכנס!

לאָמיר, חברים, אָנווענדן אַלע אונזערע קרעפטן, אום צו דערוועקן דעם אַרבעטער־קלאַס, דאָס גאַנצע פאָלק קעגן אונזער זעלבסטהערשנדיקער רעגירונג, קעגן דער שענדלעכער מלחמה, וועלכע זי פירט אָן אונזער וויסן און קעגן אונזער ווילן.

נידער מיט דער זעלבסטהערשונג! עס לעבע די אינטערנאַ־ציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע סאָלידאַריטעט!

עס לעבע דער אַלגעמיינער פרידן צווישן אַלע פעלקער!

דער צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד".

פעווראַל, 1904".

דער אויפרוף איז מאַסנווייז פאַרשפּרייט געוואָרן אין לאָדזש. אויף דער אַנטי־מלחמה־אַקציע האָט די צאַרישע מאַכט געענטפערט מיט רעפּרעסיעס. אין לאָדזש, אַזוי גוט ווי אין אַלע אַנדערע שטעט, האָבן זיך אָנגעהויבן מאַסן־אַרעסטן. אין חודש מערץ זענען אין לאָדזש אין איין נאַכט אַרעסטירט געוואָרן כמעט דער גאַנצער אַקטיוו פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, ביז אַ 65 בונדיסטן זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אונטער די קראַטעס. אויך צווישן די פּוילישע אַרבעטער זענען פאָרגעקומען מאַסן־אַרעסטן.

פון בונדישע טוער, וועלכע זענען דעמאָלט אַרעסטירט גע־וואָרן, ווייסן מיר פאָלגנדע נעמען: פראַים לוזער זעלמאַנאָ־וויטש, ברוך לייב פּאָדגאָראָוויטש, יאָסל קאַוויאָר (יאָסל פּאָניע),

שוואַרצער הערש לייב, בעריש ראָווער, הודעס בראָן, רעלאַ פּי־ליצער, שמעון מאַלאַזש און דער שילער פון דער זגערזשער האַנדלס־שול, וועלכער האָט אַקטיוו געאַרבעט אין „בונד", ח' לייב קאַלעצקי.

אַלע אַרעסטירטע זענען אָפּגעפירט געוואָרן אין טורמע אויף דלוגע גאַס (גדאַנסקאַ). דאָרט האָט מען זיי געהאַלטן איין מעת־לעת און אינמיטן נאַכט האָט מען די אַרעסטירטע אַרויסגעפירט אויפן טורמע־הויף, אויסגעשטעלט צו 4 אין אַ ריי. זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן פון פּאָליציי מיט בלאַנקע שווערדן און אַ קייט פון קאָזאַקן און אַזוי האָט מען זיי אָפּגעפירט אויפן קאַלישער באַן־הויף. דאָרט האָט שוין געוואַרט אויף די אַרעסטירטע אַ פּרישער קאָנוואָי פון זעלנער, וועלכער האָט איבערגענומען דעם „טראַנספּאָרט" און באַגלייט מיט גראָבע זידל־ווערטער, האָט מען די אַרעסטאַנטן גענומען פּאַקן אין די וואַגאָנעס און אָפּגע־שיקט אין דער קאַלישער טורמע*).

אַ חודש נאָכדעם, ווי מ'האָט די אַרבעטער־טוער געבראַנגט אין טורמע, הייבן זיי אויף אַ קאַמף מיט דעם שווערן טורמע־רעזשים. אין תפיסה האָבן די פריש געקומענע חברים געטראָפן ז'צן אַרעסטירטע בונדיסטן נאָך פון דער יוני־דעמאָנסטראַציע 1903. די אַרעסטירטע זענען געווען באַשטימט אַוועקגעשיקט צו ווערן אין סיביר. צוליב די מיליטער־טראַנספּאָרטן אויפן רוסיש־יאַפּאַנישן פראָנט, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דאָס אַרויסשיקן פּאָ־ליטישע אין סיביר. געווען זענען אויך דאָרט פּעפּעסאָווצעס און פון ס. ד. ק. פּ. אי ל. אַלע האָבן זיך געפייניקט אונטער די שווע־רע באַדינגונגען פון צאַרישן טורמע־רעזשים און זיי האָבן באַ־שלאָסן אָנצוהויבן אַ הונגער־שטרייק.

ח' אפרים גיט איבער פאָלגנדעס וועגן אָנהויב פון הונגער־שטרייק:

---

*) „לאָדזשער וועקער" נומ. 38, 1932, אפרים: „מיין ער־שטער אַרעסט", בעריש קורביץ: פון זיינע נישט פאַרעפנטלעכטע זכרונות.

„איינמאָל איז אויסגעבראָכן א סכסוך מיט א היטער, האָבן מיר באַקומען קלעפּ. דאָס האָט אונז נישט געלאָזט רוען און מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן א הונגער־שטרייק. נאָך גע־העריקע צוגרייטונגען איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דעם זיבעטן טאָג פּסח ברעכט אויס דער שטרייק. עס זענען אויסגעטיילט געוואָרן צוויי בונדיסטן און איין עסדעק, וועלכע זאָלן איבערגעבן די פאָ־דערונגען, וועלכע מיר שטעלן אַרויס דער נאַטשאַלסטווע. ווער דער ס. ד. איז געווען, געדענק איך נישט. די בונדיסטן זענען געווען צוויי אינטעליגענטן — קאַלעצקי און דער צווייטער קאָ־קאָטשינסקי (שפּעטער א פּראָוואָקאַטאָר).

אונזערע פאָדערונגען זענען געווען: 1) שעניקעס, 2) באַלייכ־טונג אין קאַמער, 3) צוויי שעה אין טאָג שפּאַציר, 4) נישט די קאָלדאַטן זאָלן היטן, נאָר די שליסער פון דער טורמע, 5) א באַ־זונדערע קיך פאַר פּאָליטישע אַרעסטירטע, 6) שרייב־מאַטעריאַל אין קאַמער, 7) די נאַטור־באַדערפענישן דערליידיקן נישט אין קאַמער"*).

דער שטרייק האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַלע הונגער־שטרייקן. די אַרעסטירטע האָבן גענומען פון די קאַמערן אַרויסוואַרפן דאָס עסן און אָנגעהויבן זיך „דערנערן" מיט וואַסער. 4 טעג האָט גע־דויערט דער הונגער־שטרייק. די אויסגעשעפּטע אַרעסטירטע זענען געפאַלן אין אָנמאַכט. דער טורמע־דאָקטאָר האָט געמוזט כסדר אַר־בעטן אויף אָפּצומינטערן די פאַרחלשטע. ח' אפרים שרייבט ווי־טער אין זיינע זכרונות: „אויף דעם דריטן טאָג פון שטרייק האָב איך שוין געמוזט ליגן. אַלע צוויי שעה איז געווען ביי מיר א דאָקטאָר"**).

נאָך 4 טעג הונגער־שטרייק זענען די פאָדערונגען נאָכגעגעבן געוואָרן, א חוץ איינע: געבן אין קאַמער שרייב־מאַטעריאַלן.

דער רעזשים אין טורמע איז נאָך דעם שטרייק געוואָרן באַ־

---

*) „לאָדזשער וועקער" נומ. 38, 1932, אפרים: „מיין ער־שטער אַרעסטיי".

**) דאָרט.

דייטנד לייכטער. די ארעסטירטע האָבן איינגעשטעלט אַ זעלבסט־פאַרוואַלטונג מיט אַ קאַסע און אַן אייגענע קיך. שפּאַצירן איז דערלויבט געוואָרן 2 שעה.

די 2 שעה שפּאַצירן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גאַנצן טאָג. מ'האָט די קאַמערן געעפנט 6 אַזייגער פרי און צוריק אַריינגעלאָזט 6 אָוונט. מיר האָבן דאַן אַדורכגעפירט פאַרזאַמלונגען איבער אַקטועלע פראַגן, דיסקוסיעס איבער טעאָרעטישע פראַגן און 6 אָוונט, ווען מען האָט די קאַמערן פאַרמאַכט, האָט מען גרופּנווייז זיך באַזעצט אין די קאַמערן, ווו מיר האָבן געזונגען, געשפּילט, דערציילט פאַרשידענע איבערלעבונגען און צוזאַמען געלייענט. ערשט 10 אַזייגער איז יעדער געגאַנגען אין זיין קאַמער*).

נאָך אַ געוויסער צייט זיצן האָט מען אַ גרויסן טייל חברים באַפרייט. 27 בונדיסטן זענען ווייטער געבליבן הינטער די קראַטן. מערסטנטיילס חברים, וואָס האָבן פאַרנומען אַן אָנפירנדן אָרט: אפרים לוזער זעלמאַנאָוויטש, ברוך לייב פאָדגאָראַוויטש, רעלאַ און הודעס, יאָסל קאַוויאַר, בעריש קורביץ, לייב קאַלעצקי א. אַנד.

די אויספאָרשונג פון די חברים האָט אָנגעהויבן גיין אין אַ שנעלן טעמפּאָ. די זשאַנדאַרמען האָבן גענוי געוווסט, וואָס יעדער איינער האָט געטון און וואָס פאַר אַן אָרט ער האָט פאַרנומען אין דער פאַרטיי. כמעט אַלע ארעסטירטע זענען באַשולדיקט געוואָרן לויטן פאַראַגראַף 129. בעריש׳ל קורביץ האָט מען פאָרגעוואָרפן, אַ חוץ זיין אָנגעהעריקייט צום „בונד" אויך, אַז אין זיין שטוב זענען געמאַכט געוואָרן געהיימע זיצונגען און אַז אויף דער בערזע האָט ער געטיילט פּראָקלאַמאַציעס. קיין פאַקטישע באַווייזן האָט מען אָבער ביי קיינעם נישט געפינען. פון דער אויספאָרשונג איז קלאָר געוועזן, אַז די אינפאָרמאַציעס האָט די זשאַנדאַרמעריע געקענט באַקומען, אָדער דורך אַ פּראָוואָקאַטאָר, אָדער דורך אַ גע־דיכט־פאַרשפּרייטער שפּיאָנאַזש־נעץ.

צווישן די ארעסטירטע האָט זיך טאַקע געפונען אַ פּערזאָן, וועלכער האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער בונדישער אָרגאַניזאַציע

---

*) דאָרט.

אין לאָדזש און שפּעטער זיך אַרויסגעוויזן אַלס דער געפּערלעכ־סטער פּראָוואָקאַטאָר נאָך קאַפּלינסקין. דאָס איז דער שוין־דער־מאָנטער קאָקאָטשינסקי. דער פּאַרשוין האָט געהערט צו דער אינ־טעליגענטן־גרופּע ביי דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד״.
ווען ער האָט אָנגעהויבן פירן זיין פּראָוואָקאַטאָרישע טעטיקייט, איז נישט באַוווּסט, צי האָט זיין דינסט אין דער צאַרישער פּאָלי־ציי געבּרענגט די אַרעסטן פון מערץ 1904, איז אויך נישט פעסט־געשטעלט. עס זענען נאָר פאַראַן ידיעות, אַז אין 1904, גלייך נאָך זיין באַפרייט ווערן פון תפיסה, איז ער אַוועק אין דער שווייץ, אין 1905 איז ער געקומען צוריק נאָך לאָדזש, וווּ ער האָט געאַרבעט אין „בונד״, ספּעציעל צווישן די האַנדלס־אָנגעשטעלטע. אַנטדעקט געוואָרן אַלס פּראָוואָקאַטאָר איז ער אין 1917 נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע. אַנטדעקט האָט אים אַ לאָדזשער בונדיסט ק., וועל־כער האָט דאַן געאַרבעט אין דער היסטאָרישער אָפּטיילונג ביי די „אָכראַנע״־דאָקומענטן.

וועגן קאָקאָטשינסקיס פּראָוואָקאַטאָרישער טעטיקייט לייענען מיר אין „לאָדזשער וועקער״:

„...1906 האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט אין לאָדזש איגנאַץ קאָקאָטשינסקי (פּאַוועל פּאָלסקי) — די גיפטיקע שלאַנג, וואָס האָט זיך געהאַט אַריינגעגנבעט אין די רייען פון „בונד״. וועגן קאַפּ־לינסקין ווייסן מיר פּאָזיטיוו, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן נאָר אַ טייל, און אפשר אַ גאַנץ קליינעם טייל פון דעם, וואָס ער האָט געוווּסט. קאָקאָטשינסקי האָט אַרויסגעגעבן וועגן „בונד״ און אויך וועגן דער לעוויצע פּ. פּ. ס. און וועגן די אויסלענדישע רוסישע מענשעוויקעס אַליץ — נעמען פון לעגאַלע מענטשן, זייערע פּסעוו־דאָנימען, זייערע קרובים א. א. וו. א. א. וו. אָפטמאָל האָט ער איננאַנצן אויסגעטראַכט זאַכן, וואָס נישט געשטויגן, נישט גע־פלויגן, נאָר אויף צו קריגן פון דער „אָכראַנע״ די זילבערנע מטבעות. אַזוי, למשל, האָט ער אין אָנהויב פון וועלט־קריג איבער־געגעבן דער „אָכראַנע״ וועגן איינעם פון די בעסטע חברים אין פּאַריז, אַז ער איז אַ דייטשער מיליטער־שפּיאָן א. א. וו. א. א. וו. זיינע ידיעות וועגן מעדעמען האָבן לייכטער געמאַכט דער וואַר־

שעווער פּאַלאַטע צו פאַראורטיילן מערדערן אויף קאַטאָרגע. געווים האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט אויך אָן אים גאַנץ גוט געוווּסט, אָבער געוויסע איינצלהייטן, געגויע ידיעות וועגן זיצונגען, באַראַטונגען און קאָנפערענצן פון „בונד" אין אויסלאַנד, דעם צוזאַמענשטעל פון דער אויסלענדישער רעדאַקציע האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט געקריגן פון קאָקאָטשינסקין. דעמאַסקירט האָט מען אים גלייך נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע 1917"*).

*

דער מערץ־אַרעסט אין 1904, פּונקט ווי דער אַרעסט מיט אַ יאָר צוריק, האָט נישט באַוויזן חרוב צו מאַכן די בונדישע אָרגאַניזאַציע. אמת, דער גרעסטער טייל טוער זענען אַוועק הינטער די קראַטעס, אָבער אויף דער בערזע האָט עס זיך נישט אָפּגערופן. באַלד האָט די אָרגאַניזאַציע צוריק אויפגעלעבט. אויף דער פריי איז פאַרבליבן חיימל זילבערמינץ (חיימל פּראָפעסאָר) און ער האָט גענומען צוריק אָפּבויען די אָרגאַניזאַציע.

אינטערעסאַנטע פּרטים וועגן דער טעטיקייט פון „בונד" גלייך נאָך גרויסן אַרעסט, אין מערץ 1904, גיט איבער דער ח' ש. בינשטאָק, וועלכער איז דעמאָלט, נאָך אַלס יונגער וועבער־אַרבעטער, געקומען אויף דער בערזע און אויף די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען.

דער אַרעסט — דערציילט דער ח' בינשטאָק — האָט נישט אָפּגעשטעלט די בונדישע אַרבעט. די געציילטע חברים פון די סכאָדקעס און אָנפירנדע איינריכטונגג, וועלכע זענען געבליבן אויף

---

*) „לאָדזשער וועקערי" נומ. 43, 1927, „דער שוואַרצער שאָטן". דאָס אַרטיקל איז אונטערגעשריבן מיט אַ לאַטיינישער „ס" און די רעדאַקציע מאַכט דערצו פאָלגנדע באַמערקונג: „די דאָזיקע נאָטיץ האָט אונז צוגעשיקט איינער פון די אָנגעזעענסטע טוער פון „בונד", וועלכער האָט כמעט אין פאַרלויף פון די גאַנצע 30 יאָר פון אונזער פאַרטיי־געשיכטע געהאַלטן די פעדעם פון אונזער באַוועגונג אין זיינע הענט, בפרט וואָס איז שייך אויסלענדישע גרופן און טוערי".

דער פריי, האָבן ווייטער געפירט די בערזעס. דער אַרעסט האָט דערגרייכט אַ פּונקט פאַרקערטן רעזולטאַט. די צאָל באַזוכער אויף די בערזעס איז געוואַקסן. אין איינעם אַן אָוונט האָט מען מודיע געווען, אַז די חברים דאַרפן זיך זאַמלען ביים סוף גרינעם געסל (זשעלאָנע) אין באַלוט. אויף יענעם אָרט האָט זיך געפונען אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ, וועלכער האָט זיך פאַרענדיקט מיט די אַרומיקע פעלדער. אין אָוונט (קיין עלעקטרישע באַלייכטונג האָט נאָך באַלוט נישט געהאַט) האָבן הונדערטער יידישע אַרבעטער געשלייכט פון אַלע זייטן און פול געמאַכט דעם פּלאַץ.

חיימל זילבערמינץ („חיימל פּראָפעסאָר"), איינער פון די געציילטע בונדישע טוער, וועלכער איז ניצול געוואָרן פון אַרעסט, האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די שולטערן פון צוויי חברים און געהאַלטן אַ הייסע רעדע וועגן דער דעמאָלטיקער לאַגע. ער האָט אַרומגערעדט די פאַטאַלע פאָלגן פון דער מלחמה, די פּאַרוויסטונגען, וואָס די צאַרישע אימפּעריאַליסטישע מלחמה האָט אַריינגעברענגט אין די אַרבעטער־רייען און גערופן צום קאַמף, צום אויסדויער ביזן אַראָפּוואַרפן די צאַרישע מאַכט. נאָך דער רעדע איז זיך דער עולם בשלום פאַנאַנדערגעגאַנגען, קיין אַרעסטן זענען נישט פאָרגעקומען.

די בונדישע אַגיטאַציע קעגן דער צאַרישער ממשלה און קעגן דער מלחמה האָט ביי די יידישע אַרבעטער געפונען זייער אַ גוטן באָדן. עס איז געווען פאַר פּסח. יעדעס יאָר אין דער צייט איז שוין געווען הויך־סעזאָן. וועבער האָבן געאַרבעט גאַנצע טעג און נעכט. דאָס איינענע אויך אין אַנדערע פאַכן. וועבער־געזעלן האָבן זיך געלאָזט נייען נייע בגדים, אין וועלכע מ'האָט זיך געגרייט אַהיימצופאָרן אין די קליינע שטעטלעך; דאָס יאָר אָבער האָט די מלחמה אויפן ווייטן מזרח שוין גענומען לאָדזש אין דער קלעם און צעשטערט דעם חלום פון אַ פריילעכן יום־טוב ביים היימישן טיש. פאַבריקן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אָדער רעדוצירט די אַרבעטס־צייט און דאָס ערשטע האָבן דעם קריזיס, ווי שטענדיק, אָנגעהויבן פילן די האַנט־וועבער. די יידישע פילאַנטראָפּיע מיטן אינדוסטריעלער ב. וואַקס בראש, האָט זיך גענומען „העלפן" די

פאַראָרעמטע און פאַרהונגערטע האַנט־וועבער. מ׳האָט געשאַפן א קאָמיטעט. אזוי ווי עס איז געווען פאַר פסח, האָט דער קאָמיטעט גענומען קודם־כל זאָרגן, אז די אָרעמע לייט זאָלן האָבן א „כשרן יום־טוב״ און אין וואַרשעווער זאַל, פּאָלודניאָווע 36, זענען איינ־געאָרדנט געוואָרן סדרים־נעכט. די דאָזיקע סדרים־נעכט זענען טאַ־קע ווי געהעריק אויסגענוצט געוואָרן דורך דער בונדישער אָרגאַ־ניזאַציע.

די אָרגאַניזאַציע האָט זיך גענויטיקט אין גרויסע פאַרזאַמלונ־גען .די באַוועגונג איז געוואַקסן מיט יעדן טאָג. דעם וואַלד האָט מען נאָך נישט געקאָנט אויסנוצן, פּריוואַטע שטובן אויף א פּאָר הונדערט מענטשן איז אוממעגלעך געווען צו באַקומען און דאָן איז דער וואַרשעווער זאַל מיט די סדרים־נעכט געווען ווי אָנגע־מאָסטן. אויף דער בערזע האָט מען אַלעמען צווויסן געטון, אז אין אָוונט דאַרף מען זיך זאַמלען צו די „סדרים״ אויף פּאָלודניאָ־ווע 36.

עס זענען טאַקע אין אָוונט אַהין געקומען הונדערטער אַר־בעטער, זיי האָבן פול געמאַכט דעם זאַל מיט אַלע דורכגענג. חברים אַגיטאַטאָרן זענען אַרויסגעטרעטן איינער נאָכן אַנדערן און גערופן די אַרבעטער צום קאַמף פאַר אַן אמתער באַפרייאונג. צווישן אַנדערע איז אויך אַרויסגעטרעטן ח׳ חמיה פּליישער. דער עולם האָט די רעדעס אויפגענומען מיט גרויס באַגייסטערונג. מיט געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער זענען די דאָזיקע סדרים־נעכט פאַרענדיקט געוואָרן. אויך דאָרטן זענען קיין שום אַרעסטן נישט פאָרגעקומען״*).

קיין ערשטער מאַי־אַרויסטריט איז אין דעם יאָר אויך נישט פאָרגעקומען. די פּוילישע און דייטשע אַרבעטער־מאַסן האָבן דער־ווייל נאָך נישט אַרויסגעוויזן קיין שום צייכן פון אָנקומענדן רע־

---

*) „לאָדזשער וועקערי״ נומ. 44, א. וואָלף: „לאָדזש ערב באַ־ריקאַדן־קאַמפן״, בלעטלעך געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג.

וואָלוציאָנערן שטורעם און דאָס איז געווען די גרעסטע מניעה פאַר אַן ערשטן מאַי־אַרויסטריט פון די יידישע אַרבעטער. דער ערשטער מאַי האָט זיך דאָך געלאָזט אָנזען מיט די גרויסע אַרעסטן, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן צווישן די יידישע אַרבעטער. מ׳האָט געכאַפּט מענטשן פון דער גאַס, פון די שטובן און פון די „טשייניעס״. פאַרן ערשטן מאַי זענען געווען אין די אור־טשאַסטקעס עטלעכע הונדערט מאַן*).

*) דאָרט.

XV

# דער ווירטשאפטלעכער קריזיס בעת דער רוסיש-יאפאנישער מלחמה

מוראדיקע אַרבעטסלאָזיקייט און נויט. — די פּילאַנטראָפּישע קיכן. — בונדישע אַגיטאַציע אַרום די קיכן. — צווייטער הונגער־שטרייק אין קאַלישער טורמע. — יידישע אַרבעטער אין לאָדזש רעאַגירן אויף ביאַליסטאָקער געשעענישן. — די אַרבעט צווישן דער שילער־יוגנט. — פּעפּעסישע קעגן־מאָביליזאַציע־דעמאָנסטראַציע. — די שטעלונג פון „בונד" צו די צאַרישע מאָביליזאַציעס.

אין די פרילינגס־חדשים האָט זיך געשטאַרקט דער קריזיס. עס איז אַנטשטאַנען אין לאָדזש אַ מוראַדיקע נויט, וואָס האָט אירס גלייכן נאָר אין דער וועלט־מלחמה אָדער אין דעם לעצטן וועלט־קריזיס. דער קריזיס פון 1904 איז נאָך געוועזן גרויליקער דערמיט, ווייל ער איז געקומען אומדערוואַרט און תיכף נאָך אַ גוטער, פעטער צייט.

די יאָרן פון 1900 ביז צום אויסברוך פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ד. ה. ביז דעם יאָר 1904, רעכענען זיך פאַר דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע צווישן די גליקלעכסטע יאָרן, בעת וועלכע די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט דערגרייכט דעם קולמינאַציע־פּונקט אין איר אַנטוויקלונג. די לאָדזשער אויסאַרבעטונגען האָבן באַהערשט כמעט דעם גאַנצן רוסישן מאַרק און דעם ווייטן מזרח. זיי זענען געגאַנגען נאָך ליטע, אוקראַינע, פּאָדאָליע, באַלטישע געגנט, מזרח־סיביר, כינע, פּערסיע, קאַווקאַז און קליין־

אזיע. דער אומזאַץ פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע איז געוואַקסן אין מיליאָנען רובל: אין 1898 — 102 מיליאָן, אין 1904 אויף 122 מיליאָן*) אין 1904, צוליב דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, ווערט לאָדזש אָפּגעשניטן פון די פריער דערמאָנטע מערק. די טראַנספּאָרטן פון מיליטער און אַמוניציע אויפן אזיאַטישן פראָנט, פאַרנעמען די קאַרגע רוסישע באַן־ליניעס און קיין סחורות קאָנען נישט איבערגעשיקט ווערן. גלייכ־צייטיק אַנטשטייט צוליב דער מלחמה אַ מאַנגל אין קרעדיט. אויסלאַנד האָט נישט קיין צוטרוי צו דער צאַרישער מאַכט, אַז זי וועט אַרויס מיט גאַנצע ביינער פון דער מלחמה־אַוואַנטורע. עס ווערט פאַרשווערט דער וועקסל־דיסקאָנטאָ. עס באַקומט זיך נישט קיין באַשטעלונגען פון רוסלאַנד און מזרח־אזיע און דער קריזיס אין לאָדזש איז אין גאַנצן ברען**).

וועגן פאַרנעם פון קריזיס און דעם גרויסן חורבן, וואָס ער האָט אַריינגעטראָגן אין די רייען פון די יידישע אַרבעטער און יידישן האַנדלס־פּראָלעטאַריאַט, דערוויסן מיר זיך פון אַ קאָרעס־פּאָנדענץ אין אָרגאַן פון צ. ק. פון „בונד" — „דער בונד", פון 4־טן אויגוסט 1904.

לויט דער קאָרעספּאָנדענץ האָט די אַרבעטסלאָזיקייט אַזוי אויסגעזען: וועבער — 2000 אַרבעטסלאָזע, די איבעריקע אַר־בעטן צו האַלבע וואָכן, ד. ה. צו אַכט שעה אַ טאָג. דער אַרבעטס־לוין האָט זיך פאַרקלענערט פון 5—6 רובל אויף 2—3 אַ וואָך און דאָס באַקומט מען נישט אויסגעצאָלט. מ'אַרבעט באָלד אויף דעם תנאי, אַז געלט וועט מען באַקומען אין אַ פּאָר חדשים אַרום. אַנדערע אַרבעטן נאָר פאַרן עסן און געלט זאָגט מען זיי צו צו געבן שפּעטער, ווען עס וועט זיין. מענער־שניידער זענען פאַראַן 990, אַרבעטסלאָזע — 450. די שכירות זענען איצט מיט 2—4 רובל אַ וואָך וויניקער, ווי פריער, אויף 600 באַשעפטיקטע

*) דייר פיליפּ פרידמאַן: „לאָדזש, די מעטראָפּאָליע פון דער פוילישער אינדוסטריע", נישט פאַרעפנטלעכטע אַרבעט.

**) דאָרט.

אין פאַך פון מאַנטל־שניידער, זענען אַרבעטסלאָז 425. די אַר־בעטנדיקע פאַרדינען פון 50 קאָפּ. ביז 2 רובל מיט 10 קאָפּ. אַ וואָך ווייניקער, ווי פריער. טאַנדעטניקעס פון קליידער זענען אויף 200 באַשעפטיקטע אין פאַך 150 אַרבעטסלאָזע. קאָרט־טאַנדעט פון 150 פאַך־אָנגעהעריקע אַרבעטן נאָר 80 און פאַרדי־נען ווייניקער ווי 2 רובל אַ וואָך. פון פּריקאַזטשיקעס (האַנדלס־אָנגעשטעלטע) זענען טויזנט פּערזאָן אַרבעטסלאָז. דער לוין איז געפאַלן מער, ווי אויף אַ העלפט. די, וואָס האָבן פאַרדינט 80 רובל אַ חודש, פאַרדינען נאָר 30—40. ווייטער גייען פאַכן, וואָס זענען אינגאַנצן אַרבעטסלאָז: מאַנטל־שניידער — 300 פּערזאָן און בלוזקעס־נייטאָרינס — 200.

וועגן זאָקנמאַכער דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט, אַז דאָס פאַך ציילט אַ פּאָר טויזנט אַרבעטער, אָבער דער קאָרעספּאָנדענט ווייסט נאָר פון 35 וואַרשטאַטן, ווו עס האָבן געאַרבעט 221 פּער־זאָן, פון זיי האָט מען 165 אָפּגעזאָגט, ד. ה., אַז מען זאָל נע־מען די פּראָפּאָרץ, זענען אויך אין דעם פאַך מער ווי אַ העלפט אָן באַשעפטיקונג.

צוזאַמען ווייסט מען וועגן 6.341 אַרבעטסלאָזע. די ריכטי־קע צאָל איז באַשטימט פיל גרעסער. די שכירות זענען אומעטום געפאַלן, מ'אַרבעט פּשוט אומזיסט, מ'פאַרדינט אַ דריטל ווי פריער.

די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענץ אין „דער בונד", וועלכע גיט אונז אַ באַגריף פון דעם עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכן מצב פון די יידישע אַרבעטער ערב דער רעוואָלוציע פון 1905, ברענגט ווייי־טער אַ ריי שטאַרקע שילדערונגען, וועגן גיהנום־פּיין, וואָס יידישע און נישט־יידישע אַרבעטער זענען אַדורכגעגאַנגען בעת דעם קריי־זיס פון יענער צייט. פאַמיליעס ווערן חרוב, קינדער ווערן אין דער שטוב איבעריקע עסער, וועלכע מ'זוכט פּשוט ערגעץ אָפּצו־זעצן, ביי וועלכן ס'איז אונטערנעמער, אַבי זיי זאָלן נישט זיין אינדערהיים. די לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע און ספּעציעל האַנט־וועבער און זאָקן־מאַכער זענען געוועזן באַרימט מיט דער שרעקלעכסטער קינדער־עקספּלואַטאַציע. בעתן קריזיס איז דאָס

שוואכע קינד, וואָס קאָן נישט פאַרדינען, בכלל געוואָרן בײַ דער גאַנצער גרויסער ליבע פון יידישע עלטערן צו קינדער, אַן איבעריקע זאַך. אין דער ציטירטער קאָרעספּאָנדענץ לייענען מיר:

עלטערן ברענגען זייערע קינדער אין די וואַרשטאַטן און בעטן זיך בײַ די מייסטערס: „נעמט זיי, זאָלן זיי אַרבעטן, קיין געלט פאָדער איך פון אייך נישט, ווען גאָט וועט אייך העלפן, וועט איר אָפּגעבן". איבערהויפּט איז דאָס פאַרשפּרייט בײַ די זאָקנמאַכער, ווו עס אַרבעט אַ גרויסע צאָל קליינע קינדער.

דער קריזיס האָט אויך, ווי דער שטייגער איז, אָפּגעשוואַכט די ווידערשטאַנדס־קראַפט פון די אַרבעטער קעגן די אונטערנעמער. צייט דער אַנטשטייאונג פון „בונד" אין לאָדזש ביז דעם קריזיס פון 1904, האָט זיך די יידישע אַרבעטער איינגעגעבן צו דערשלאָגן זיך אַ בעסערן אַרבעטס־לוין, און פאַרקלענערן די צאָל אַרבעטס־שעהן. איצט, בעת דעם קריזיס, זענען די מייסטערס און אונטערנעמער געוואָרן חוצפּהדיק.

„די מייסטערס, וואָס נעמען אַרבעט אין די פאַבריקן (לוין־וועבער), עקספּלואַטירן איצט די אַרבעטער נאָך מער, ווי אַלעמאָל. ווען דער פאַבריקאַנט רייסט זיי אַ קאָפּיקע, רייסן זיי די אַרבעטער 3 קאָפּיקעס. די באַציאונגען זענען אויך געוואָרן פיל ערגער. אַ פאַבריקאַנט, ווען ער האָט געוואָלט רייסן דעם לוין, האָט זיך געווענדעט צו די אַרבעטערינס מיט אַזאַ דרשה: „נו, איצט זענט איר פריי, איר קאָנט זיך אָנטון שבתדיק און גיין שפּאַצירן. איר קאָנט שרייבן תנאים און מאַכן חתונות. איר ווילט נישט אַרבעטן, גייט אייך געזונטערהייט, איך וועל אייך חלילה נישט נויטן, נאָר אויב איר ווילט יאָ אַרבעטן, איז נאָר פאַר אַ קלענערן פּרייז, ווי פריער". די אַרבעטערינס איז נישט געבליבן קיין אַנדערע זאַך, ווי איינצושטימען אויף אַ פאַרקלענערטן לוין.

די פאַבריקאַנטן נעמען דאַן נקמה אין די אַרבעטער און חוזקן ציניש אָפּ פון זייערע פּיין: „נו, וואָס פעלט אייך נאָך? אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג האָט איר דאָך שוין. אין אַנדערע פאַבריקן סטאַרעט מען זיך אַרויסצורופן די אַרבעטער אויף

אַ שטרייק, כדי זיך צו באַנוצן מיט דעם און נישט צונעמען צו־ריק צו דער אַרבעט, די צאָל אַרבעטסלאָזע ווערט פון טאָג צו טאָג גרעסער.

,,גאַנצע פאַמיליעס לעבן מיט קאָפּיקעס אַ טאָג, מ׳גייט אום טעג נישט געגעסן, מען קאָן איצט אָפט זען אַזאַ בילד: עס גייט אַן אַרבעטער, דאָס געזיכט איז אים אויסגעדאַרט, די ליפּן פאַר־ברענט, ער באַמערקט אויף אַן אָפענעם פענסטער ליגט אַ שטיקל פאַרדאַרט ברויט, ער קוקט זיך גוט אַרום, צי קיינער זעט נישט, גייט ער געשווינד צו, כאַפּט דאָס שטיקל ברויט, גייט אָפּ נאָך אַ פּאָר טריט, קוקט זיך נאָכאַמאָל אַרום, און נעמט האַסטיק עסן דאָס פאַרדאַרטע ברויט.

,,וואָס איינער האָט נאָר געהאַט, האָט ער שוין פאַרקויפט. ווער ס׳האָט נאָר קרובים אין אַנדערע שטעט, אָדער אין קליינע שטעטלעך, פאָרט אַוועק. די ווירטסלייט וואַרפן אַרויס פון די דירות. די אַרבעטער־פאַמיליעס ווערן צעשטערט, צע־בראָכן. דער מאַן גייט אַוועק צו זיינע עלטערן, די פרוי צו אירע; די קינדער זענען אויך צעוואָרפן — אַ טאָג דאָ, אַ טאָג דאָרטן... אין די וועלדער זעט מען אַ סך גריבער אויסגעבעט מיט שטרוי: דאָס זענען די ,,בעטן׳׳, אין וועלכע עס שלאָפן ביינאַכט די אַר־בעטער, וועלכע האָבן נישט קיין היים. דאָס נאַכט־הויז, וווּ עס נעכטיקן שטענדיק נאָר לומפּן־פּראָלעטאַריער, איז איצט פול מיט אַ סך קולטורעלע, באַוווּסטזיניקע אַרבעטער, ווען דאָס נעכ־טיקן דאָ פאַרשאַפט גרויסע מאָראַלישע ליידן. אַ גאַנצן טאָג הונ־געריקע אין די גאַסן, פעלדער און וועלדער, ביינאַכט אין שמוציקן און ענגן נאַכט־הויז — אָט דאָס איז דאָס איצטיקע לעבן פון די לאָדזשער אַרבעטער׳׳*).

די דאָזיקע אומפאַרגלייכלעך שווערע נויט פון די אַרבעטער אין לאָדזש האָט נישט דערשלאָגן און נישט אַנטוישט די פּראָ־לעטאַרישע מאַסן, פאַרקערט, צוזאַמען מיטן וווּקס פון קריזיס אין

*) ,,דער בונד׳׳ נומ. 4, אויגוסט 1904.

יענער צייט, איז די באוועגונג געגאנגען אלץ מער בארג ארויף, צו דעם רעוואלוציאנערן הויכפונקט פון 1905.

דער קריזיס און די מלחמה איז געווען ווי א באשטעטי־קונג איבער דעם אלעם, וואס די סאציאליסטישע און בונדישע אומלעגאלע פרעסע, פראקלאמאציעס און אגיטאטארן האבן גע־זאגט. דער וועבער, וואס איז צוליבן קריזיס ארויסגעווארפן גע־ווארן פון דער פאבריק, פארלוירן דעם ארבעטס־ווארשטאט און האט נאכן אויפעסן די אפגעשפארטע פאר גראשנס, אנגעהויבן צו ליידן הונגער און נויט, האט זיך אזוי ארום אויף זיין אייגענער הויט איבערצייגט, אז די באפרייאונג פון ארבעטער־קלאס ליגט אין די הענט פון דעם ארבעטער־כלל, אז אליין קאן ער מיט זיינע אייגענע גראשנדיקע אפשפארונגען זיך סיי ווי סיי גארנישט העלפן און אפילו זיינע געווינסן בעת די שטרייקן זענען אויך נישט בכח צו ענדערן זיין מצב אלס ארבעטער. דאס האט געשטארקט נאך מער דעם גלויבן אין סאציאליזם און אין דעם פאליטישן קאמף. עס איז געוואקסן דער צוטרוי צו די סאציאליסטן, וועלכע האבן פאראויסגעזען דעם מצב, צו וועלכן דער צאראט און קאפיטאליזם האבן דערפירט דעם ארבעטער־קלאס. מאסנווייז האבן די יידישע ארבעטסלאזע געשטראמט אויף דער בונדישער בערזע, וועלכע האט זיך שוין אין יענער צייט געפונען אויף דער ווסכאדניע גאס (פילסודסקיעגא).

א חוץ דער בערזע, האט זיך אין שייכות מיטן קריזיס גע־שאפן אנדערע זאמלפונקטן פון ארבעטער — דאס זענען געווען די ביליקע קיכן.

דער קריזיס פון 1904 אין לאדזש איז נישט נאר ענלעך צום היינטיקן מיט די גרויל־בילדער פון ארבעטער־לעבן, אויך די מיט־לען, מיט וועלכע די הערשנדיקע קלאסן האבן געוואלט לינדערן די נויט און בארואיקן די ארבעטסלאזע, זענען אויך כמעט די אייגע־נע, וואס היינט: רעפרעסיעס מצד די מושלים און ווייכהארציקע פי־לאנטראפיע מצד די „ווילטעטער". ווייזט אויס, אז אין דער הינ־זיכט פון פארענטפערן די ארבעטסלאזע־פראגע איז קיין חילוק נישטא צווישן דער פינסטערער צארן־מלוכה פון ניקאלאי דעם

צווייטן און דער היינטיקער מאָדערנער מלוכה מיט אירע וויסנ־שאַפטלעכע סטאַטיסטיקער, געלערנטע עקאָנאָמיסטן און געבילדע־טע קאָניונקטור־פאָרשער.

די צאַרישע פּאָליציי האָט בעת יענעם קריזיס פול געמאַכט די קאָמיסאַריאַטן מיט אַרעסטירטע אַרבעטער, וועלכע זענען דאָרט אומבארחמנותדיק געפּייניקט געוואָרן און די ווילטעטיקע געזעל־שאַפט האָט געטיילט בחינמדיקע מיטאָגן. אָפט זענען ביידע זאַכן, ד. ה. פילאַנטראָפּישע זופּקעס און די קלעפּ און נאַהייקעס פון פּאָ־ליציי און קאָזאַקן צוזאַמענגעפאַלן. אַזוי איז געווען, למשל, ביי דער יידישער „דאָבראָטשינגאָשטש"־קוך, וואָס האָט אַרויסגעגעבן בחינמדיקע מיטאָגן פאַר יידישע אַרבעטער.

די ביליקע קוך ביים „דאָבראָטשינגאָשטש" איז געווען אַ שטענדיקע אינסטיטוציע פון דער לאָדזשער יידישער פילאַנטראָ־פּיע. אין „נאָרמאַלע" צייטן האָט יעדער געקאָנט באַקומען פאַר 5 קאָפּ. אַ מיטאָג, ד. ה. אַ טעלער עסן מיט ברויט. בעתן קריזיס „האָט מען אָנגעהויבן געבן עסן אומזיסט. בילעטן האָט מען גע־געבן ביז 12 אַזייגער און ווער ס'האָט פאַרשפּעטיקט, האָט שוין געמוזט בלייבן אָן עסן, אָדער באַצאָלן 3 קאָפּיקעס"*).

די גוטהאַרציקייט פון די יידישע גבירים איז געווען שטאַרק שפּאָרזאַם. נישט אַלע הונגעריקע האָבן געקאָנט באַקומען עסן אין דער קוך.

כדי אַ הונגעריקער זאָל האָבן רעכט אויף אַביסל בחינמדיקע זופּ, האָט ער קודם־כל געמוזט זיין אַ וועבער. אַזוי איז געווען דער ווילן פון די פילאַנטראָפּן, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן די קוך. זיי, די פילאַנטראָפּן, זענען טעקסטיל־פאַבריקאַנטן, דעריבער ווילן זיי שטיצן נאָר וועבער... און כדי אָפּצוהיטן דעם דאָזיקן גוטהאַרציקן גבירישן ווונטש, האָבן אַרום דער קוך געוואַכט פּאָ־ליציי און קאָזאַקן. אויף די הונגעריקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט דאָס גליק צו זיין קיין וועבער, האָבן זיך גענומען שיטן קלעפּ און

*) „דער בונדיי נומ. 4, 1904.

נאגייקעס. פארוווּנדעטע און צעביילטע זענען די נויט־ליידנדע פארטריבן געווארן פון פילאנטראפּישן קעסל*).

די בונדישע ארגאניזאציע, וועלכע האט געהאט א וואכזאם אויג איבער אלע געשעענישן פון לאדזשער ארבעטער־לעבן, האט באשלאסן אויסצונוצן די דאזיקע לאגע, כדי ארויסצורופן די ארבעטער אין קאמף קעגן דער העסלעכער פילאנטראפּיע מיט זייערע קאזאקישע מיטהעלפער.

וועגן דער אגיטאציע אין די קוכן שרייבט „דער בונד”:

„אונזער ארגאניזאציע האט געשיקט ספּעציעלע אגיטאטארן צו אגיטירן אין דער מאסע, וועלכע האט זיך געפינען אין און ארום דער קוך. מיר האבן פון דער קוך געמאכט אן ארבעטער־קלוב, ווו עס פלעגן פארקומען גרויסע פארזאמלונגען, אויף וועלכע מ'האט אויפגעוויזן די מאסן די סיבות פונם קריזיס, און גערופן צום קאמף פאר א בעסערן לעבן. דארטן האבן מיר אויך פארשפּרייט פּראקלאמאציעס.

„אונזער אגיטאציע האט גלייך געבראכט פּרוכט. אין עטלעכע טעג האט זיך די מאסע ווי אומגעביטן. די זעלבע מאסע, וועלכע האט פריער אריבערגעטראגן באליידיקונגען פון די פילאנטראפּן און זייערע משרתים, קלעפּ און נאהייקעס פון פּאליציי און קאזאקן, האט פּלוצים אנגעהויבן שרייען: „נידער מיט דער מלחמה!” עס האבן זיך א שאט געטון קלעפּ איבער די קעפּ פון דער פּאליציי, קאזאקן און סטרוזשעס. (איין קאזאק האט מען שטארק פארוווּנדעט, ער איז לאנג געלעגן אין שפּיטאל)”**).

אויף די רעוואלוציאנערע ארויסטריטן פון די יידישע ארבעטער האבן גלייך געענטפערט די פּאליציי מיט די פילאנטראפּן: די צדקה־געבער האבן פארמאכט די קוך. „יעדער וועבער, וואס איז געווען פארשריבן אין דער קוך, האט דערפאר באקומען אונטערשטיצונג 70 קאפּ. א וואך, שפּעטער האט מען די קוך צוריק געעפנט”. די פּאליציי מיט די קאזאקן האבן איינגעארדנט געיעגן

---

*) דארט.

**) דארט.

אויף די ארבעטסלאַזע. מ׳האָט געכאַפּט ארבעטער פון די גאַסן, פון די הייזער, פון די „טשאַיניעס״ און אָפּגעפירט אין די קאַ־מיסאַריאַטן (אוטשאַסטקעס). אין די דאָזיקע ארעסט־הייזער האָבן זיך די ארבעטער געוואַלגערט וואָכן־לאַנג אין הונגער און שמוץ, אונטער קלעפּ און פּייניקונגען, ביז מ׳האָט זיי שמוציקע, פאַר־לויזטע, קראַנקע און צעבראָכענע אָפּגעשיקט מיטן באַרימטן טראַנספּאָרט אין זייערע וואָין־ערטער.

*

ווען אין לאָדזש האָט זיך אָפּגעשפּילט דער דאָזיקער קאַמף ארום די פּילאַנטראָפּישע קוכן, איז אין דער קאַלישער טורמע, וווּ ס׳זענען געזעסן די לאָדזשער בונדיסטן, פאָרגעקומען א געשעעניש, וואָס האָט זיך זייער טראַגיש פאַרענדיקט פאַר די ארעסטירטע. נישט געקוקט אויף די בעסערע באַדינגונגען, וואָס די פּאָליטישע האָבן געהאַט, האָט דאָך דאָרט אויסגעבראָכן א בונט מיט 10־טאָגיקן הונגער־שטרייק. מ׳האָט איינעם פון די קרימינעלע גע־שלעפּט אין קאַרצער, יענער האָט געמאַכט געוואַלדן און גערופן צוהילף. ח׳ אפרים דערציילט אין זיינע זכרונות:

„נישט ווייסנדיק נאָך, ווער עס זיצט אין קאַרצער, האָבן מיר גלייך אַראָפּגעריסן די אייזערנע דעקן פון די קובלעס און אָנגע־הויבן הויך קלאַפּן.

„ס׳לויפט זיך צונויף די גאַנצע אַדמיניסטראַציע מיט דעם טורמע־נאַטשאַלניק בראש און אין א קאַטעגאָרישן טאָן פאַר־לאַנגט ער פון אונז, מיר זאָלן אויפהערן קלאַפּן.

— איך האָב דאָרט איינגעזעצט א קרימינעלן ארעסטאַנט, וואָס גייט עס אייך אָן? — פּרוּווט ער זיך פאַרענטפערן.

„מיר אָבער גלויבן אים נישט און דאָס קלאַפּן ווערט אַלץ שטאַרקער, מעכטיקער איבער דעם גאַנצן תּפיסה־בנין; א געזעצע־ריי, א געבראַזגעריי פון גלאָז, פונקען זענען געפלויגן, קאַלך האָט זיך געשיט. א גיהנום איז געוואָרן אין דער תּפיסה. עס האָבן אָנ־

טייל גענומען אין דעם פּראָטעסט אַלע אַרעסטאַנטן, פּאָליטישע ווי קרימינעלע.

„ס'האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט און אין דעם טורמע־קאָרידאָר האָבן זיך אַ שיט געגעבן מיט אַ שטורעם און געפּילדער אַ 300 זעלנער און פּאָליציאַנטן מיט גרויסע פּעק שטריק, און דער גובערנאַטאָר אין דער שפּיץ האָט אַ געשריי געטון:

— שלאָגן, אַז אַ העלפט זאָל מאָרגן אויפן בית־עולם אוועק־געפירט ווערן!

ביי יעדער קאַמער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ זעלנער מיט אַ ביקס און די לופע מיטן באַגנעט געווענדט צו די אַרעסטאַנטן אין קאַמער.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שרעקלעכע עקזעקוציע. צוויי עסדע־קעס, דייטשן, האָט מען געבונדן און אַוועקגעפירט אין קאַרצער. אין אַנדערע קאַמערן האָט מען שרעקלעך געשלאָגן די אַרעסטירטע. איבער די קאָרידאָרן האָבן זיך געהערט די שווערע טריט פון די סאָלדאַטן, וועלכע האָבן מאַרשירט איבער די אייזערנע טרעפּן און אייזערנע טורמע־באַלקאָנען. פון צייט צו צייט האָבן זיך געהערט הויכע הילפס־געשרייען, דערשטיקטע קולות פון געפּייניקטע חברים.

„...אויף צומאָרגנס האָבן מיר פּראָקלאַמירט אַ הונגער־שטרייק. די באַציאונג פון דער אַדמיניסטראַציע איז געווען אַ ברוטאַלע. די גרעסטע פּיין, וואָס מיר האָבן דאַן איבערגעלעבט, איז געווען, ווען די זשאַנדאַרן זענען אַריין אין די קאַמערן מיט דעם עסן. הגם מיר האָבן דערקלערט, אַז מיר שטרייקן, האָט מען דאָס עסן דאָך געלאָזט שטיין.

„וואָס ס'הייסט פאַר אַ מענטש, וואָס הונגערט עטלעכע טעג, אַז עס שטייט פאַר אים פריש אָפּגעקאָכט עסן, ווי דאָס מאַטערט, ווי עס איז שווער זיך צו באַהערשן, איז פאַר יעדן פאַרשטענדלעך. און ווען צום חבר ברוך לייב (ברוך לייב פּאָדגאָראָוויטש) האָט מען אויף דעם זעקסטן טאָג פון הונגער־שטרייק אַריינגעשטעלט דאָס מיטאָג, פון וועלכן די הייסע פּאַרע האָט געזעצט און פאַנאַנ־דערגעטראָגן דעם ריח איבער דער גאַנצער קאַמער, האָט ער אַ נער־וועזער אָנגעהויבן שפּאַנען אַהין און צוריק, דאַן איז ער צו צו דער

שיסל עסן און זי אַרויסגעשליידערט דורכן פענסטערל, וואָס פירט צום קאָרידאָר. די געדיכטע הייסע זופּ האָט זיך אַרויפגעגאָסן אויף אַ וועכטער, וועלכער האָט אין קאָרידאָר געשפּרייזט.

די זשאַנדאַרמען־הינט האָבן באַלד אויסגענוצט זייער דורשט נאָך נקמה. זיי זענען אַריין צו ברוך ליבן אין קאַמער, אויסגעטון אים נאַקעט און מערדערלעך, מיט רציחישער ווילדקייט געשלאָגן.

דער שטרייק האָט אַזוי אָנגעהאַלטן 8 טעג. אויפן 9־טן טאָג באַקומען מיר אַ ידיעה פון די חברטעס, אַז זיי פּאַרלאַנגען, מען זאָל ענדיקן דעם שטרייק, ווייל חברטע הודעס האַלט ביים שטאַרבן, און מיר האָבן טאַקע באַלד באַשלאָסן דעם שטרייק צו ליקווידירן.

ביי אַזעלכע שרעקלעכע באַדינגונגען האָבן מיר שוין אָפּגע־לעבט אין תפיסה די צייט ביז צום באַפרייט ווערן. קרבנות זענען אָבער געווען: די צוויי דייטשע עסדעקעס זענען אין פינסטערן קאַרצער געשוואָלן געוואָרן, וואָס מיט זיי איז פאָרגעקומען, ווייס איך נישט; אברהם פּיעטריקאָווער האָט אָנגעהויבן שפּייען מיט בלוט, הודעס איז געבליבן אַ קראַנקע און זי איז געשטאָרבן אין אַמעריקע*).

נישט אַלע אַרעסטירטע זענען בעת דעם הונגער־שטרייק און בונט ווייטער געבליבן זיצן אין קאַלישער טורמע. אַ טייל בונדיסטן, דערונטער בעריש קורביץ און יאָסל קאַוויאַר האָט מען איבערגע־פירט אין שעראַדזער תפיסה.

אין סעפּטעמבער חודש זענען אַלע אַרעסטירטע באַפרייט גע־וואָרן. קיינער פון זיי האָט קיין פּראָצעס פאַר געהערן צום „בונד" נישט געהאַט. אויך פון די אַרעסטירטע אין מערץ 1903 איז קיין פּראָצעס נישט געווען. די אויספאָרשונג האָט נישט געהאַט קיין באַ־וויז־מאַטעריאַל אויף צו פאַרפירן פּראָצעסן, די בונדישע אַרבעט איז געפירט געווען אַזוי קאָנספּיראַטיוו, אַז זעלטן ווען איז אַזאַ באַווייז־מאַטעריאַל אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. אַ גרויסער טייל לאָדזשער בונדיסטן זענען אָבער אָפּגעקומען פאַר

---

*) „לאָדזשער וועקער" נומ. 39, 1932, אַפּרים: „מיין ער־שטער אַרעסט".

זייער בונדיזם אויף פאַרשיקונג אין סיביר א. א. וו. לײדער האָבן מיר נישט קיין רשימה פון די אַלע חברים לאָדזשער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין סיבירער טייגעס.

די געשעעענישן אין דער קאַלישער טורמע האָבן אויפגעטרייסלט די יידישע אַרבעטער אין לאָדזש.

די ידיעות, וואָס זענען פון דאָרט אָנגעקומען, האָבן דערציילט וועגן העלדישן קאַמף, וואָס עס פירן די חברים הינטער די קראַטעס. עס זענען אַרומגעגאַנגען אין שטאָט קלאַנגען וועגן חברים. (ספּעציעל וועגן דער ח'טע הודעס ברוין), וואָס זענען אויסגעגאַנגען פון הונגער אין טורמע.

דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד'' האָט וועגן דעם הונגער־שטרייק אַרויסגעלאָזט אַ פּראָקלאַמאַציע, וועלכע איז מאַסנווייז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די אַרבעטער. אין דער פּראָקלאַמאַציע האָט זיך אויך דערציילט איינער פון די פיל פאַקטן פון פּאָליצייאישער אַכזריות: אַ פּוילישער אַרבעטער איז באַשולדיקט געוואָרן אין דערהרגענען דעם פּריסטאַוס הונט, האָט מען דעם אַרבעטער אַרעסטירט און אין „אוטשאַסטאָק'' אים פאַרפּייניקט צום טויט. די פּאָליציי האָט געמאַכט די קבורה שטילערהייט. עס האָט זיך דאָ איבערגעחזרט די מעשה־פּאַקולאַ אין אַ נישט־יידישער אויפלאַגע.

דער דאָזיקער פאַקט, וואָס איז דערציילט געוואָרן אין בונדישן בלעטל, האָט אַרויסגערופן אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג אין שטאָט. די פּאָליציי האָט זיך דערשראָקן און געזוכט זיך ריינצוּוואַשן. און פּונקט ווי ביי דער מעשה־פּאַקולאַ זענען אויך דאָ דער פּאָליציי צו־הילף געקומען די יידישע כלי־קודש.

„דער בונד'' נומ. 4 פון 4־טן אויגוסט 1904, דערציילט וועגן דעם אין אַ קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש:

„מיר האָבן וועגן דעם פאַקט און אויך וועגן הונגער־שטרייק, וואָס איז פאָרגעקומען אין קאַליש פאַרשפּרייט אַ פּראָקלאַמאַציע. דאָנערשטאָג, דעם 7 יולי האָבן מיר פאַרשפּרייט די פּראָקלאַמאַציע און שבת האָט מען אין די שולן און בתי־מדרשים אויסגערופן, אַז דער פאַקט וועגן דערהרגענען דעם אַרבעטער, וואָס ווערט דערציילט אין דער בונדישער פּראָקלאַמאַציע, איז

ליגן, דער אַרבעטער האָט זיך אַליין „געסמט" „אין אוטשאַס־טאָק".

אַ חוץ דער טעטיקייט, וויאָס האָט געטראָגן אַ ריין לאָ־קאַלן כאַראַקטער, האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש אין דעם אייגענעם יאָר אויך דורכגעפירט אַקציעס פון אַלגעמיינעם און אינטערנאַציאָנאַלן כאַראַקטער.

אין זומער 1904 איז אין אַמסטערדאַם פאָרגעקומען דער אינ־טערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס, אויך דער „בונד" איז געווען דאָרט פאַרטרעטן, אונטער דעם פונקט „די אינטערנאַציאָ־נאַלע רעגולירונג פון דער פּאָליטיק און טאַקטיק פון דער סאָצ. דע־מאָקראַטיע" איז פאָרגעקומען אַ הייסע דיסקוסיע איבער רעפאָר־מיזם און רעוויזיאָניזם, וועלכער האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַן אָרט אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. דער קאָנגרעס האָט דאַן אָפּגעוואָרפן די רעוויזיאָניסטישע שיטה. דער „בונד" האָט, פאַר־שטייט זיך, געהערט צום אָרטאָדאָקסאַל־מאַרקסיסטישן לאַגער. די פראַגע וועגן רעוויזיאָניזם און רעפאָרמיזם איז באַהאַנדלט געוואָרן אויף פאַרזאַמלונגען פון דער לאָדזשער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אין די פאַרזאַמלונגען האָבן זיך באַטייליקט 600 פערזאָן, אויסשליסלעך פאַרטיי־מיטגלידער. דאָס זאָגט אויך עדות אויף דעם הויכן ניוואָ פון דער אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך פאַרנומען מיט טעאָרעטישע פראַגן פון סאָציאַליזם.

אין מערץ קומט פאָר דער גרויסער רעוואָלוציאָנערער אַקט אין וויטן סיביר, אין יאַקוטער געגנט. אַ גרופּע פאַרשיקטע רעוואָלו־ציאָנערן, דערונטער אויך בונדיסטן מיט אַנאַ און ראָמאַן ראָזענ־טאַל (אַנמאַן) בראש פאַרבאַריקאַדירן זיך אין אַ הויז און פירן אַ קאַמף מיט דער מאַכט, צוליב איר אַכזריותדיקן אומגיין זיך מיט די פאַרשיקטע. אין דעם וויט נישט גלייכן קאַמף פאַלן די רעוואָ־לוציאָנערן. עס קומען פאָר פראָצעסן מיט טויט־אורטיילן, גאַנץ רוסלאַנד ווערט אויפגעטרייסלט. אויך די לאָדזשער יידישע אַרבע־טער פּראָטעסטירן. עס קומט פאָר אַ פאַרזאַמלונג פון 400 פערזאָן, אויף וועלכער עס ווערט אָפּגעגעבן אַ באַריכט פון די יאַקוטסקער

געשעעניש. די פאַרזאַמלונג נעמט אָן אַ שאַרפע פּראָטעסט־רעזאָ־לוציע.

דעם 27־סטן אַפּריל באַפאַלן פּאָליציי און זשאַנדאַרמען אין וואַרשע אויף דער דוואַרסקע גאַס אַן אומלעגאַלע דרוקעריי פון ס. ד. ק. פּ. אי ל. די אַנוועזנדע אין דער דרוקעריי מאַרטשין קאַס־פּזשאַק און בענעדיקט גורטסמאַן שטעלן אַ באַוואָפנטן ווידער־שטאַנד. עס ווערן דערשאָסן: דער זשאַנדאַרמען־ריטמייסטער וויג־טשוק, דער פּאָליציי־קאָמיסאַר אָרדונאָוו, 2 סטראַזשניקעס און אײ־נער ווערט פאַרוווּנדעט*). איבער די צוויי חברים קומט פאָר אַ מי־ליטער־געריכט. קאַספּזשאַק ווערט פאַרמשפּט צום טויט. עס קומען פאָר פּראָטעסטן קעגן מיליטער־געריכט און טויט־אורטייל, אויך די לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד" פּראָטעסטירט דורך אַ דעמאָנ־סטראַציע. „דער טשערוואָני שטאַנדאַר" שרייבט וועגן דעם:

„דעם 2 סעפּטעמבער 1904, צוליב דעם מיליטער־געריכט אויף ח' קאַספּזשאַק און בענעדיקט גורטסמאַן, האָט דער „בונד" אין לאָדזש געוואָלט איינאָרדענען אַ דעמאָנסטראַציע, צו קיין דעמאָנ־סטראַציע איז אָבער נישט געקומען. אויף פּיעטריקאָווער גאַס האָבן די צאַרישע קנעכט, ווי ווילדע חיות זיך געוואָרפן אויף דעם המון. זיי האָבן אַרויסגעריסן ספּעציעל אַרבעטער און זיי געפּייניקט. די אַרבעטער האָט מען אַוועקגעשלעפּט אין די צירקלען און דאָרט האָט מען זיי אויפסניי אָנגעטון ענוים אויף דעם העסלעכסטן אופן"**).

דעם 12־טן סעפּטעמבער 1904 איז אין אַ וואַלד הינטער ביאַ־ליסטאָק פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון 300 בונדיסטן. איבערגע־טוענע פּאָליציי־לייט האָבן זיך באַהאַלטן אין וואַלד און ביים סוף פון דער פאַרזאַמלונג האָט מען געעפנט אַ שיסעריי איבער די אומ־באַוואָפנטע אַרבעטער. די, וואָס זענען אַנטלאָפן, זענען אין צווייטן עק וואַלד באַגעגנט געוואָרן מיט אַנטבלויזטע שווערדן. עס זענען גע־פאַלן אַ גרעסערע צאָל שווער־ און לייכט־פאַרוווּנדעטע.

---

*) פון חי איינעקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

**) „טשערוואָני שטאַנדאַר" נומ. 20, 1904, פון ח' ע. איי־נעקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

דער צ. ק. פון „בונד" האָט געדופן אַלע זיינע אָרגאַניזאַציעס ענערגיש צו פּראָטעסטירן קעגן דער ביאַליסטאָקער שחיטה. דאָס איז געווען דער ערשטער עפנטלעכער אַלגעמיינער אַרויסטריט פון „בונד", וועלכער איז נאָך פאַרן באַרימטן 9־טן יאַנואַר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער רעוואָלוציאָנערער מאַסן־אַקציע פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

אויך דער לאָדזשער יידישער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך מאַסנ־וויז באַטייליקט אין דעם דאָזיקן פּראָטעסט קעגן דער בלוטיקער צאַרישער אכזריות. עס זענען פאָרגעקומען עטלעכע פאַרזאַמלונגען, אויף וועלכע ס'איז אויפגעקלערט געוואָרן די באַדייטונג פון דער ביאַליסטאָקער שחיטה. אין איינעם פון די ערשטע טעג פון חודש אָקטאָבער 1904 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון יידישן פּראָלעטאַריאַט אונטער דער אָנפירונג פון „בונד". 12 הונדערט אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַ־ציע*). די דעמאָנסטראַציע איז אַדורך בשלום, אָן מענטשלעכע קרבנות.

אין שייכות מיט די ביאַליסטאָקער געשעענישן, האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אויך אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף „וועגן די לעצטע געשעענישן" אויף יידיש 4000 עקז. און אויף פּויליש 3500**).

אויך אין נאָוועמבער חודש איז פאָרגעקומען אויף וווסכאָדניע גאַס אַ בונדישע דעמאָנסטראַציע. וועגן דער דעמאָנסטראַציע לייע־נען מיר אין „די לעצטע פּאַסירונגען":

„דעם 24 נאָוועמבער: נעכטן אָוונט איז ביי אונז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס איז געווען אָרגאַניזירט פון דעם אָרטיקן קאָמיטעט פון „בונד". אַזייגער 6½ האָט צווישן צעגעלניאַנאַ און דזיעלנער גאַסן שפּאַצירט אַ גרויסער עולם, הויפּטזעכלעך אַרבעטער, ווי נאָר דער „הורא" האָט אַ הילך געטון אין דער לופט, האָבן די

---

*) בוכבינדער: „געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג", ז. 320.

**) דאָרט, ז. 321.

צעשראָקענע בעל־הבתים פון די מאַגאַזינען פאַרלאָשן די פייערן אין די פענסטער. אין די פאָדערשטע רייען פון די דעמאָנסטראַנטן איז געגאַנגען אַ גרופּע אַרבעטער מיט אויפגעהויבענע מעסערס און רע־וואָלווערן און האָבן ווי מיט אַ פעסטן רינג אַרומגעצוימט דעם פאָ־נען־טרעגער; די רויטע פאָן האָט געפלאַטערט איבער די קעפּ פון די דעמאָנסטראַנטן. „נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!" „עס לעבע דער סאָציאַליזם!" און אַנדערע אויסרופן האָבן אַלע ווײַלע גע־הילכט אין דער לופט. ווען זיי זענען געקומע׳ן צום ווינקל פון דזשעלנע (נעבן באַרטשס קאָנדיטאָריי), האָבן די אַרבעטער אַרויס־געלאָזן אַרום 20 רעוואָלווער־קוילן און האָבן גענומען פאַנאַנדער־וואַרפן פּראָקלאַמאַציעס; דערנאָך האָבן די דעמאָנסטראַנטן זיך פאַרקירעוועט אויף דזיעלנע און אַנדערע גאַסן, ביסלעכווייז פאַ־נאַנדערגייענדיק זיך. די פּאָליציי האָט ביז דער לעצטער מינוט פון גאָרנישט געוווּסט. ווען זי איז אָנגעקומען צום אָרט פון דער דע־מאָנסטראַציע, איז שוין אַלץ געווען געענדיקט*).

צו דער דאָזיקער טעטיקייט פון „בונד" אין 1904 דאַרף מען צורעכענען די אַרבעט צווישן די שילער, וועלכע האָט צוגעגרייט קאַדרען פון אינטעליגענץ פאַר דער באַוועגונג. די שילער יאַקוב אייכנער, דוד מאַזאָ, לייב קאַלעצקי, אַבראַם קאַלעצקי, חבר ש. ז. דלוגאַטש א. אַנד. פון די האַנדלס־שולן אין לאָדזש און אין זגערזש, האָבן שוין גענומען אַ טעטיקן אָנטייל אין דער בונדיי־שער באַוועגונג, געפירט קרייזן פון אַרבעטער, געזאַמלט געלט פאַר דער אָרגאַניזאַציע, באַטייליקט זיך אין דעמאָנסטראַציעס א. אַז. וו.

אַזוי ווי די שילער זענען נאָך געווען פּאָליטיש „אומשול־דיק" און זייערע באַלעבאַטישע היימען האָבן נישט אַרויסגערופן

*) „די לעצטע פּאַסירונגען" נום. 3, 22 דעצעמבער 1904. אין דער קאָרעספּאָנדענץ ווערט נישט אָנגעגעבן די סיבה פון דער דעמאָנסטראַציע. מעגלעך, אַז ס׳איז די אייגענע דעמאָנסטראַציע, וועגן וועלכער עס שרייבט בוכבינדער, אין שייכות מיט דער ביאַ־ליסטאָקער שחיטה.

קיין שום פֿאַרדאַכט, איז דאָס אויסגענוצט געוואָרן צו באַהאַלטן בײַ די שילער אומלעגאַלע ליטעראַטור, פּאַרטיי־שטעמפּלען און אַפֿילו געווער. די אַרבעט פֿון די שילער פֿון די צוויי דערמאָנטע האַנדלס־שולן איז געוואָרן אויסגעברייטערט, עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ רעפֿערענטן־קרייז. ס׳איז געפֿירט געוואָרן אַן אַגיטאַציע אויך צווישן דער לערן־יוגנט אין גימנאַזיעס און אַנדערע שולן. עס האָט זיך גענומען פֿאָרמירן אַ שטאָטישע שילער־אָרגאַניזאַציע אונטער דער אָנפֿירונג פֿון „בונד". פֿון קאָמיטעט איז ספּעציעל צוגעטיילט געוואָרן ח׳ קאַראָל מיצקון, וועלכער איז דאַן געווען טעטיק אין דער לאָדזשער בונדישער אָרגאַניזאַציע.

מיט בונדישער ליטעראַטור האָט די שילער־גרופּן באַזאָרגט ח׳ לייב קאַלעצקי. די ליטעראַטור האָט ער באַקומען פֿון זײַן שוועסטער אַניוטאַ, וועלכע האָט גענומען אַ טיכטיקן אָנטייל אין דער באַוועגונג. שפּעטער האָבן די שילער אַרויסגעגעבן אַן אייגענעם העקטאָגראַפֿירטן אָרגאַן. די ווירקונג פֿון דער אַגיטאַציע אין דער זגערזשער האַנדלס־שול איז אַזוי ווײַט געגאַנגען, אַז דער לערער פֿון רוסיש, סעוועלאָווסקי, איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער בונדישער אַרבעט און געוואָרן אַ מיטגליד פֿון קרייז.

די לאָדזשער בונדישע שול־גרופּן האָבן זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט דעם וואַרשעווער פֿאַרבאַנד פֿון סאָציאַליסטישער יוגנט, וועלכער האָט זיך גענומען פֿאָרמירן. נאָך לאָדזש איז געקומען אַ חבר יוליאַן ברון, האָט איבערגעגעבן, אַז דער סאָציאַליסטישער יוגנט־פֿאַרבאַנד גרייט אַ צוזאַמענפֿאָר פֿון אַלע שילער־אָרגאַניזאַציעס אין קאָנגרעס־פּוילן.

צו דעם צוזאַמענפֿאָר זענען געפֿאָרן יאַקוב אייכנער און דוד מאַזור. אויף אײן זיצונג איז געווען אָנוועזנד מאַזור. אויף דעם צוזאַמענפֿאָר האָט מען געפּלאַנט צו שאַפֿן אַ פּוילישע שילער־אָרגאַניזאַציע פּעפּעסיש באַפֿאַרבט. די בונדישע גרופּן זענען צו דער אָרגאַניזאַציע נישט צוגעטרעטן. אויף די שילער־קרייזן אין לאָדזש איז אויך אַרויסגעטרעטן בראָניסלאַוו גראָסער, וועלכער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכע ווירקונג אויף דער שטודירנדער יוגנט און סאַלאָמאָן מאַרגאָלין, וועלכער איז דעם צווייטן אַפּריל 1905

דערשאָסן געוואָרן אויף דער בונדישער דעמאָנסטראַציע אין וואַר־שע. אין די בונדישע שילער־קרייזן איז אויך אריינגעצויגן געוואָרן מיכאל גרינבערג, דער שפּעטערדיקער לייטער פון אפּראָוויזאַציע־אַמט אין לאָדזש בעת דער דייטשער אָקופּאַציע*).

מיט דעם דאָזיקן רייכן באַגאַזש פון אָרגאַניזאַציאָנעלער און רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט טרעט דער „בונד" אריין אין דעם שטורעם־יאָר 1905. דער „בונד" איז אין זיין קאַמף אין לאָדזש קעגן דער צאַרן־מאַכט שוין נישט פאַראיינזאַמט. אין דעם לעצטן קווארטל פון יאָר 1904 הייבן זיך אָן גרעסערע ארויסטרעטונגען פון פוילישן פּראָלעטאַריאַט. „פּזשעדשוויט" גאָטירט א דעמאָנ־סטראַציע אין אָקטאָבער חודש:

„זונטאָג, דעם 23 אָקטאָבער איז אין לאָדזש פאָרגעקומען א גרויסע פאָלקס־פאַרזאַמלונג אויף רוג בזשעזשינער און פּלאַץ קאָשטשעלני. ס'האָבן זיך צונויפגעקליבן ביז 1000 חברים. איי־נער פון די אַרבעטער האָט אויפגעהויבן א רויטע פאָן מיט אויפ־שריפטן: „זאָל לעבן פּ. פּ. ס., נידער מיטן צאַראַט, נידער מיט די אָקופּאַנטן, זאָל לעבן דער 8־שעהדיקער ארבעטס־טאָג". דער אַר־בעטער, וואָס האָט געטראָגן די פאָן, האָט געהאַלטן א רעדע. נאָך דער רעדע זענען געמאַכט געוואָרן אויסרופן. די פאַרזאַמלטע זע־נען אוועק אין א דעמאָנסטראַציע מיטן געזאַנג פון „טשערוואָני שטאַנדאַר" אויף נאָוואָמיעיסקאַ גאַס. ווען ס'האָט זיך באַוויזן פּאָ־ליציי, איז די פאָן אַראָפּגענומען געוואָרן און דער עולם האָט זיך געוואָרפן אויף דער פּאָליציי.

„יידן אויף דער אַלטשטאָט און אין די נאָענטסטע גאַסן האָבן פאַרמאַכט די געוועלבער און מאַסנווייז ארויס אויף דער גאַס, אָפּוואַרטנדיק עפּעס אויסערגעוויינלעכס. דערוויסנדיק זיך, אַז עס איז געוועזן א דעמאָנסטראַציע און אַז מ'האָט געשלאָגן פּאָליציי, האָט זיך דער עולם בארויקט און גערעדט צווישן זיך: „גוט אַזוי,

---

*) פון די זכרונות פון די חברים ש. ז., ד"ר יאַקוב אייכנער, און אַדוואָקאַט קאַלעצקי.

ס'האָט זיך זיי געוואָלט די פּאָן, האָט מען זיי געגעבן אין דער הויט''*).

אין האַרבסט 1904, האָט זיך אין רוסלאַנד אָנגעהויבן די צווייטע מאָביליזאַציע פון מיליטער פאַרן רוסיש־יאַפּאַנישן פראָנט. די מאָביליזאַציע האָט אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. דער „בונד'' האָט זיין שטעלונג צו דער מאָביליזאַציע פאַרן יאַפּאַנישן מלחמה־פראָנט אַזוי פאָרמולירט.

„...די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געפונען פאַר מעגלעך צווישן אַנדערע מיטלען צו געבן דער מאַסע אַן עצה, זי זאָל זיך נישט שטעלן צום מיליטער, זי „זאָל באַצייטנס אַנטלויפן פון דעם שענדלעכן יאָך''.

„מיר מיינען, אַז מיט אַזעלכע עצות קאָנען זיך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייען צו דער מאַסע נישט ווענדן.

„...דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט קאָן דאָך נישט אַנטלויפן. די וואָס קאָנען נישט אַנטלויפן און פאַרבלייבן, זענען געצוווּנגען אויסצוטראָגן אויף זייערע פּלייצעס די שרעקלעך שווערע מאַסע פון דער מלחמה. זיי מוזן באַצאָלן מיט זייער בלוט, מיט זייער אומדערטרעגלעכער האַרעוואַניע פאַר די פאַרברעכנס און גזילות פון דער רוסישער רעגירונג.

„...אַ שאַרפער פּראָטעסט קעגן דער גזלנישער פּאָליטיק פון צאַריזם וואָלט געווען, ווען די „זאַפּאַסנע'' וואָלטן מאַסנוויז זיך אָנטזאָגט אַריינצוטרעטן אין דער אַרמיי, ווען זיי וואָלטן, ווי איין מענטש, זיך אָנטזאָגט צו גיין, ווי שעפּסן אויף דער הריגה.

„...צו דעם פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג דאַרפן צושטיין אַלע באַוווּסטזיניקע אַרבעטער. די צייט פון מאָביליזאַציע דאַרף זיין אַ צייט פון דעמאָנסטראַציעס און פּראָטעסטן. אין די גאַסן, אויף די וואָקזאַלן, נעבן די סבאָרנע פּונקטן, אומעטום דאַרפן מיר אַרבעטער זיך פאַרזאַמלען מאַסנוויז, צוזאַמען מיט די קרובים און

*) „פּאָסלעדניע איזוועסטיא'' נומ. 9, סעפּטעמבער 1904.

פריינט פון די זאפאסנע, אפן און ענערגיש אויסדריקן אונזער האס און פאראכטונג צום צאריזם"*).

די פ. פ. ס. האט אויך איינגעארדנט באוואפנטע דעמאנ־סטראציעס קעגן די מאביליזאציעס.

אין לאדזש איז דעם ערשטן טאג פון ווייגאכטס־יום־טוב 1904 פארגעקומען א דעמאנסטראציע פון קרוב 1000 פערזאן קעגן דער מאביליזאציע. די דעמאנסטראציע איז געגאנגען דורך אלטע זאקשעווסקא אויף ווידזעווער. פאראויס האט מען גע־טראגן די פעפעסישע פאן מיט אנטי־מאביליזאציע־אויפשריפטן. די פאן איז געווען ארומגערינגלט מיט א באוואפנטער קאמפס־אפטיילונג. ס'איז געקומען צו א צוזאמענשטויס מיט קאזאקן. עס זענען געווען פארוואונדעטע פוןביידע צדדים**).

---

*) „דער בונד" נומ. 4, 1904, „אונזער ענטפער אויף דער מאביליזאציע".

**) „פשעדשוויט" נומ. 1, 1905, „די מאביליזאציע".

XVI

# די יידישע סעקציע אין פּ. פּ. ס. און דער ציוניסטישער סאָציאַליזם

באַציאונג פון פּ. פּ. ס. צו די יידישע מאַסן. — אָנט־שטייאונג פון דער יידישער סעקציע. — אָנהויב פון ציוניסטישן סאָציאַליזם. — ציוניסטיש ״ דעמאָקראַטי־שע קרייזלעך. — די ווירקונג פון דער ס. ס. צווישן דער שילער־יוגנט. — מצב פון די באַזונדערע אַרבע־טער־ריכטונגען אין לאָדזש ערב דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905.

וואָס נענטער עס קומט צו 1905, וואָס מער עס וואַקסט די השפּעה פון „בונד" אויף דעם יידישן אַרבעטס־פאָלק און עס אַנטפּלעקט זיך דער רעוואָלוציאָנערער כח פון אָט די „פּאַריער צווישן די פּראָלעטאַריער", אַלץ מער באַווייזן זיך גרופּן, וועל־כע פּרוּוון זיך צו באַקומען אַן השפּעה אויף דער יידישער מאַסע. די ערשטע זענען געווען די פּ. פּ. ס., וועלכע האָבן פון זייערע פריסטע יאָרן אָן געוואָלט אַרונטערנעמען די יידישע אַרבעטנדי־קע באַפעלקערונג אונטער זייער פאָן. פּ. פּ. ס. מיט פּילסודסקין בראש, האָבן געהאַלטן, אַז די יידן, וועלכע בילדן קאָמפּאַקטע מאַסן אין די שטעט, קאָנען שפּילן אַ גרויסע ראָל אין קאַמף קעגן צאַריזם פאַר אַן אומאָפּהענגיק פּוילן*). צו דעם צוועק האָט די פּ. פּ. ס. געשאַפן ביי איר אָרגאַניזאַציע אַ יידישע סעקציע.

*) פּ. שוואַרץ: „פּילסודסקי און זיין באַציאונג צו יידן".

פאַר דער אַנטשטייאונג פון דער סעקציע האָבן שוין איינצלנע יידישע אַרבעטער געהערט צו פּ. פּ. ס.

אין לאָדזש ווערט געשאַפן אַ יידישע סעקציע אין דעצעמ־בער 1903. אין דעם ערשטן קאָמיטעט זענען אַריין די ח"ח לייביש וואַקס (לעאָן), געשטאָרבן אין וואַרשע אין 1908, מאיר רובין, איצט אין אַמעריקע, זיסמאַן, געשטאָרבן אין 1907, אברהם גרינבוים, וווינט אין לאָדזש, אַ סימפּאַטיקער פון „בונד", בראַנדל פרידמאַן, איצט אין אַמעריקע, דער שוואַרצער חנא, איצט אין אַמעריקע און קאַדיש מילשטיין, וווינט אין לאָדזש, איז היינט אַ מיטגליד אין „בונד". פאָרשטייער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון פּ. פּ. ס. צו דער ייד. סעקציע איז געוועזן לייביש וואַקס. פון וואַרשע איז ספּעציעל צוגעשיקט געוואָרן אויף אַרבעט ח' נאַטאַן, וווינט איצט אין פּאַריז.

די יידישע סעקציע פון פּ. פּ. ס. האָט געהאַט איר בערזע אויף שרעדניע (פּאָמאָרסקע), פון ווסכאָדניע (פּילסודסקיעגאָ) ביז סאָלנע. צו די קרייזן פון דער יידישער סעקציע האָבן שפּעטער גע־הערט: ישראל זאַיאָנטשקאָווסקי, חיימל קלוגער, ישעיה בעזבראָ־דאָ, ישראל זשאַרסקי א. אנד. (די לעצטע צוויי געהערן היינט צו דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע פון „בונד"). אין פעברואַר איז גע־וואָרן אַרעסטירט דער ח' נאַטאַן. אין אָקטאָבער פון זעלבן יאָר, בעתן צושטעלן די אַנטי־מאָבּיליזאַציע־ליטעראַטור פון פּ. פּ. ס., זענען אַרעסטירט געוואָרן די ח"ח קאַדיש מילשטיין, יאַנקל גזשי־מאַלקאָווסקי און מענדל וויינער. אַלס טוער פון דער יידישער סעק־ציע פון פּ. פּ. ס. אין יענער צייט ווערט אויך אָנגערופן לעבענ־האַפּט (לאַזאַר), היינט אינזש. לעבענהאַפּט*).

פון באַריכט פון דער לאָדזשער יידישער קאָנפערענץ פון פּ. פּ. ס., וועלכע איז פאָרגעקומען אין זומער 1906, נעמען מיר אַרויס פאָלגנדע אינפאָרמאַציעס וועגן דער פּעפּעסישער אַרבעט ביים יידישן פּראָלעטאַריאַט אין לאָדזש:

---

*) די אַלע אינפאָרמאַציעס נעמען מיר פון ח' קאַדיש מיל־שטיינס נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות.

,,יידישע פּ. פּ. ס.אָווסקע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן מיט העכער פיר יאָר צוריק (ד. ה. אין 1902 — א. וו. י.). די אַרבעט איז אָבער א לאַנגע צייט געווען זייער א שמאָלע, איבערן מאַנגל אין אַגיטאַטאָרישע קרעפטן, צוליב דעם, וואָס עס איז געווען ווייניק ליטעראַטור, דער אָרגאַן פלעגט אַרויסגיין זייער זעלטן, קיין אָרטיקע אויסגאַבן זענען אינגאַנצן נישט געווען, איז געווען אוממעגלעך אָנצוהויבן א בּרייטערע מאַסן־אַרבעט צווישן אַזאַ גרויסן יידישן פּראָלעטאַריאַט, וועלכער געפינט זיך אין לאָדזש; דערביי האָבן זיך א געוויסע צייט די אָנפירער פון דער היגער באַוועגונג אליין אָפּגעהאַלטן פון א ברייטערער אַרבעט, זייענדיק אין דער מיינונג, אַז מ'מוז פריער צוגרייטן קרעפטן, מיט וועלכע מ'זאָל קענען צוטרעטן צו א מאַסן־אַרבעט, האָבן זיי זיך אויף אַזויפיל אַריינגעלאָזן אין דער קרייזן־טעטיקייט, אַז זיי האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן אין אַנדערע וויכטיקערע אויפגאַבן, און פון א מיטל איז די קרייזאַרבעט ביי זיי געוואָרן א ציל.

ערשט א יאָר, אַנדערהאַלבן צוריק (ד. ה. 1904—1905 — א. וו. י.) האָט אונזער אַרבעט אָנגעהויבן אַביסל אויפלעבן. עס זענען אַהער געקומען א פּאָר מענטשן, מ'האָט אָנגעהויבן אַריינדרינגען מער אין דער מאַסע, קריגן באַציאונגען אין פאַרשידענע פאַכן, און אין א משך פון עטלעכע מאָנאַטן האָט זיך אונזער אָרגאַניזאַציע באַדייטנד פאַנאַנדערגעוואַקסן אין דער בּרייט. און די שוואַכע באַציאונגען אין דער מאַסע זענען אין פיל פאַכן גענוג איינגעפעסטיקט געוואָרן. צו ענדע זומער אָבער זענען די מענטשן איבער פאַרשידענע אורזאַכן געווען געצוווּנגען צו פאַרלאָזן לאָדזש, און די אָרגאַניזאַציע, זייענדיק נאָך גאָר יונג און אַנטוויקלט מער אין דער בּרייט, ווי אין דער טיף, האָט געמוזט אַביסל צעפאַלן ווערן. דאָ זענען אינגיכן אָנגעקומען די ,,פרייהייטס''־טעג און, ס'פאַרשטייט זיך, בּיי אַזאַ צושטאַנד האָט אונזער יידישע אָרגאַניזאַציע ווייניק געקענט זיך אַרויסווייזן''*).

ווי מיר זעען האָט די ייד־אַרבעט פון פּ. פּ. ס. אין לאָדזש

*) ,,דער אַרבּייטערי נומ. 45 פון 12 אָקטאָבער 1906.

מיט קיין גרויסער טעטיקייט און דערפֿאַלג זיך נישט געהאַט צו רימען.

די צווייטע גרופּירונג מיט אַ סאָציאַליסטישער באַפאַרבונג, וועלכע האָט זיך באַוויזן אויף דער יידישער גאַס פאַר 1905, זענען געווען די ס. ס.*). די ס. ס., פּונקט ווי שפּעטער די פּועלי־ציון אין לאָדזש, זענען אַרויסגעוואַקסן פון די ציוניסטישע רייען, אויפגעהאָדעוועט געוואָרן כמעט אין איין שטוב. וועגן דער פאָרגע־שיכטע פון ציוניסטישן סאָציאַליזם דערציילט אין זיינע זכרונות ח׳ דניאל בערנפעלד:

,,נאָך אין די יאָרן 1902—3 האָט זיך צווישן אַ געוויסן טייל אַרבעטער און אינטעליגענטער ציוניסטיש־געשטימטער יוגנט אָנ־געהויבן אַ גערונג; עס האָט זיי נישט געקענט באַפרידיקן דער באַ־לעבאַטישער, אפילו דעמאָקראַטישער (צו יענער צייט ,,דעמאָקראַ־טישע פראַקציע׳׳) ציוניזם. עס האָט זיי אויך נישט געצויגן צו אַנ־דערע ראַדיקאַלע און סאָציאַליסטישע שטרעמונגען, ווי ,,בונד׳׳, פּ. ס. ד., פּ. פּ. ס.. די גרופּע האָט צו יענער צייט געפירט אַ גאַנץ אינטענסיווע טעטיקייט אויף דעם געביט פון אויפקלערונג. עס פלעגן גאַנץ אָפט, כמעט יעדן פרייטאָג־צונאַכטס אָדער שבת, פאָר־קומען פאַרזאַמלונגען פון אייניקע צענדליק פערזאָן און עס פלעגן דיסקוטירט ווערן פאַרשידענע טעאָרעטישע און פּרינציפּיעלע פראַגן. עס פלעגן אויך איינגעלאַדן ווערן פאַרטרעטער פון פאַרשידענע ריכ־טונגען און אַזוי אַרום געשטעלט ווערן צום וויכוח זייער פּראָגראַם און טאַקטיק׳׳**).

ח׳ בערנפעלד גיט אין זיינע זכרונות נישט אָן, וועלכע ריכ־טונגען זענען איינגעלאַדן געוואָרן און מיט וועמען האָט מען גע־פירט דיסקוסיעס. אויך אין די בונדישע אויסגאַבן פון יענער צייט ווערט נישט דערמאָנט פון שיקן פאַרטרעטער אויף ציוניסטישע דיסקוסיעס, אַזוי, אַז מיר דאַרפן אָננעמען, אַז די דיסקוסיעס זע־

*) ס. ס. סיאָניסטן (ציוניסטן)־סאָציאַליסטן.

**) ,,יודישער אַרבייטער־פּנקסי,׳ זייט 360, דניאל בערנפעלד: ,,די ערשטע שריט פון לאָדזשער אָרגאַניזאַציע׳׳.

נען געפירט געוואָרן נאָר צווישן די ציוניסטישע ריכטונגען און האָבן מיטן „בונד" נישט געהאַט קיין שום שייכות. די דיסקוסיעס האָבן אָבער דאָן נישט געפירט צום אַנטשטיין פון אַן אַרבעטער־ריכטונג אין ציוניזם. ח' בערנפעלד דערציילט ווייטער:

„די אַלע פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס האָבן אָבער קיין שום פּאָזיטיווע רעזולטאַטן נישט געבראַכט. עס האָט זיך נישט איינגעגעבן צוצופירן צו אַ קאָנקרעטן, ממשותדיקן, פּרינציפּיעלן אויספיר, וועלכער זאָל פאַרפיקסירט ווערן אין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער פאָרם. ביי דער קאָנסטיטואירונג פון די ציוניסטן־סאָציאַליסטן (ס. ס.) איז אַ גאַנץ קליינער טייל פון דער גרופּע צו זיי צוגעשטאַנען"*).

וועגן דעם פּערזענלעכן צוזאַמענשטעל און פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון די פאָרגייער פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין לאָדזש שרייבט ח' א. טאָביאַש:

„אין 1904־טן יאָר איז בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש געשטאַנען אַ קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט אין שטאָט; דער קאָמיטעט איז געווען צונויפגעשטעלט פון פאָרשטייער פון אגודות — אַזוי האָבן געהייסן אַלע ציוניסטישע פאַריינען, וועלכע זענען געווען געוויינלעכע חברות צום דאַוונען אין יעדער אגודה האָט זיך גרופּירט אַ באַזונדערער שיכט. אין „אוהל יעקב" — בורזשואַזע ציוניסטן; אין „מזרחי" — אָרטאָדאָקסן; אין „עטרת־ציון" — אַלטשטעטיקע יידן; אין „קדימה" — אינטעליגענץ. די אַרבעטער (90 פּראָצ. ווער), אונטער דער אָנפירונג פון ליפּמאַן — היינט אַן אומאָפּהענגיקער, און פּנחס ווזשאַנסקי (געשטאָרבן אין קריג). דער וועבער פּנחס ווזשאַנסקי איז געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור און געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער אַרבעטער־יוגנט פון יענער צייט. אונטער זיין איינפלוס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישער יוגנט־פאַריין „ענפי ציון" פון לויטער אַרבעטער. דער פאַריין האָט זיך געפונען אין לאָקאַל פון

*) דאָרט.

,,תקות ציון'' אויף דרעווגאָווסקאַ גאַס. זיין אויפגאַבע איז געווען יעדן שבת צו דאַווגען מיט אַ באַזונדער מנין און צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניזם צווישן דער אַרבעטער־יוגנט. סוף 4־טן יאָר, אונטער דער ווירקונג פון די אָפטע שטרייקן און אויך צוליב דעם, וואָס מיר האָבן זיך שטענדיק געפונען צוזאַמען מיט אַרבעטער פון אַנדערע ריכטונגען, האָט אונז דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אידעאַל נישט באַפרידיקט אינגאַנצן, נישט געלעזט אַלע אונזערע פראַגן און מיר האָבן אָנגעהויבן זוכן עפּעס אַ סינטעז צווישן ציוניזם און סאָציאַ־ליזם. די ס. ס., כאָטש זיי זענען אויך אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין דער שטוב פון דעם אויבנדערמאָנטן פּנחס, האָבן יעדן שבת נאָכמיטאָג אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען אין ,,תקות ציון'' און גע־ווען מיט אונז אַלע פערזענלעך באַפריינדעט, האָבן אויף אונז קיין השפּעה נישט געהאַט, ווייל זיי האָבן צו יענער צייט שוין אי־בערגעריסן מיט פּאַלעסטינע און געפּרעדיקט אוגאַנדע...

,,מיר האָבן זיך באַקענט מיט דער אינטעליגענץ פון ,,קדימה'' און באַשלאָסן זיך צונויפצוקומען 2—3 מאָל אין דער וואָך. די אינטעליגענטן זענען געווען שמואל עדעלמאַן (מוליע), אריה האָ־לענדערסקי (געוו. פּועלי־ציוניסטישער ראַטמאַן), לייבל, אַ באַאַמ־טער אין דער ריגער קאָמערץ־באַנק (יאַקוב באָכינעק), שולמאַן, שלמה — אַ דענטיסט, בנימין זאַק — אַ וועבמייסטער, וועלכער האָט דעמאָלט געלערנט דאָס פאַך, אברהם טענענבוים, אָדער ווי ער האָט שפּעטער געהייסן, אברהם שלאָסער פון ,,צעירי־מזרחי'' — דער מחבר פון די סטאַטוטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ פּונקט: ,,מתערבים אם שונים לא יקובלי לאגודתנו'', דער טייטש דער־פון: די, וואָס מישן זיך אין פּאָליטיק, קאָנען ביי אונז קיין מיט־גלידער נישט זיין. דעמאָלט האָט נאָך דער ציוניזם נישט געפירט קיין פּאָליטישע אַרבעט...

,,...פון די אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט פישל, אַ קאַמאַשן־שטעפּער, אַן ענטוזיאַסט, אַ יונגער בחור 16—17 יאָר אַלט, אַוועק נאָך ארץ־ישראל, מרדכי ראַקאָווסקי, אַ שניצער, און דער שרייבער פון די זכרונות, אַ וועבער, מזרחיסטיש געשטימט. מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען. שפּעטער זענען אויך געווען פאַרלעזונגען

וועגן קאָנסטיטוציע, רעפּובליק א. ד. גל. די פאַרלעזונגען פלעגן אין מיין גרופּע פאָרקומען שבת אין דער פרי. איך מיט נאָך א חבר, חיים מרדכי, א באַגאַבטער און באַוווסטזיניקער אַרבע־טער (געפאַלן אין קריג) האָבן באַשלאָסן צו דאַוונען השכמה און דערנאָך גיין צו דער פאַרלעזונג.

„...די צייט איז דעמאָלט געווען א שטורמישע. די בירזשעס זענען געווען יעדן אָוונט מאַסנהאַפט באַזוכט און די אַרבעט איז געווען א פּרוכטבאַרע. אין א שיינעם העלן טאָג גיט מיר אָפּ דער ח' פישל — וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען א פונקציאָנאַר — מזל־טוב! וואָס איז געשען? מיר האָבן היינט דעם ערשטן שטרייק, געפירט ביי 10 שטאָפּערינס, און געזיגט.

„...אונזערע ערשטע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען זענען פאָר־געקומען סוף 5־טן יאָר. די אָקטאָבער־טעג, ווי אויך די פּאָגראָמען נאָך דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט, האָבן אויפגעטרייסלט די געזעל־שאַפטלעכע כחות פון אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג. אויסער די גרויסע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, וועלכע מיר האָבן איינ־געאָרדנט, האָבן מיר אויך אָרגאַניזירט א זעלבסטשוץ"*).

ווי מיר זעען פון די זכרונות, איז די טעטיקייט פון דער ניי־אַנטשטאַנענער פּועלי־ציוניסטישער גרופּירונג אין יענער צייט גע־ווען א ביז גאָר שוואַכע, הגם עס איז, ווי ח' טאָביאַש אַליין שרייבט, „געווען א צייט א שטורמישע, ווען די בירזשעס זענען מאַסנהאַפט באַזוכט געוואָרן". ערשט נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען הויבן אָן די פּועלי־ציוניסטן א לעבעדיקע טעטיקייט.

אַביסל אַנדערש איז געווען מיט די ס. ס., וועלכע זענען אויסגעוואַקסן, ווי מיר האָבן שוין דערמאָנט, אין זעלבן חדר.

די ס. ס. האָבן זיך באַוויזן שוין אין 1903, אָבער נישט צווישן די אַרבעטער אין לאָדזש, נאָר ביי דער שילער־יוגנט, ספּע־ציעל אין דער זגערזשער און לאָדזשער קאָמערץ־שולן, וווּ דער „בונד" האָט אָנגעהויבן באַקומען א השפּעה. וועגן דער אַרבעט

---

*) „פּועלי־ציון־אַלמאַנאַך", א. טאָביאַש: „די גרינדונגס־צייט אין לאָדזש", זייט 141.

צווישן דער שילער־יוגנט גיט איבער ח׳ אהרן קאַץ, אַן אַלטער טוער פון ס. ס., וועלכער וווינט איצט אין לאָדזש:

„די שטאַרקסטע השפּעה האָבן מיר באַקומען אין דער זגערזשער האַנדלס־שול. דאָ האָט אויך געלערנט טשערניכאָווער, היינט אַ באַוווּסטער אדוואָקאַט אין ווילנע, פון לאָדזשער שולן האָבן צו אונז געהערט יעקב קאַצענבויגן, היינט ד״ר קאַצענבויגן, געוו. דירעקטאָר פון דער האַנטווערקער־קאַמער, ברידער אַלטערמאַן, יצחק גאָרדין, בנימין דינענזאָן, אהרן קאַץ א. אַנד. צו דער ס.ס.־גרופּע האָט אויך געהערט אהרן גלאַנץ, היינט דער באַוווּסטער דיכטער אין אַמעריקע לעיעלעס־גלאַנץ.

פון די ערשטע פּראָלעטאַרישע עלעמענטן, וואָס זענען צוגעצויגן געוואָרן צו ס. ס. זענען געוועזן אברהם פרידריך, היינט לייטער פון „אָרט״ אין לאָדזש, געצל אייזנער, היינט אַ זשורנאַליסט און געזעלשאַפטלעכער טוער אין אַמעריקע, משה חומש פייוויש טאָביאַש, יצחק פּראַשקער א. אַנד.

אין 1904, ווי מיר ווייסן, איז שוין דער „בונד״ געשטאַנען אין ענגן קאָנטאַקט מיט די שילער־גרופּן פון די האַנדלס־שולן אין זגערזש און אין לאָדזש און זיך אָנגעשטויסן אין די ס. ס.ישע שילער־גרופּן. אויך די ס. ס. האָט שוין געהאַט איר גרופּע. צווישן די ביידע ריכטונגען זענען אָנגעגאַנגען העפטיקע דיסקוסיעס. דאָס זענען געוועזן די ערשטע ס. ס.אָוועס אויפן לאָדזשער באָדן. שפּעטער האָבן זיי אויך אָנגעהויבן טעטיק זיין צווישן אַרבעטער און באַקומען אַן איינפלוס אין קלענערע פּאַכן.

די טעטיקייט פון דער יידישער סעקציע ביי פּ. פּ. ס. און די אַרבעט פון ס. ס. האָבן כמעט ווי נישט באַרירט די בונדישע פּעריפעריע. דער „בונד״ איז געוועזן דער איינציקער דאָמינירנדער רעוואָלוציאָנערער כח נישט נאָר אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס, נאָר בכלל אין לאָדזש. דאָס באַשטעטיקן אפילו די פאַרביסנסטע קעגנער פון „בונד״. אין די זכרונות, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד, ווו מ׳וויל די פאַרגאַנגענהייט פון „בונד״ עוקר מן השורש זיין, קאָן מען אויך

נישט פארשווייגן די שלאָגפערטיקייט און שטארקייט פון דער בונדישער באַוועגונג אין לאָדזש.

אפילו אזא פארביסענער שונא פון „בונד״, ווי ש. דימאנט־שטיין, מוז מודה זיין אין א סאָוויעטישער אויסגאַבע, אז דער „בונד״ אין לאָדזש איז געוועזן די שטארקסטע אָרגאַניזאציע. אין די „רויטע בלעטער״, אין דעם ארטיקל „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די יידישע מאסן אין דער רעוואָלוציע פון יאָר 1905״ פאררופט זיך דימאנטשטיין אויף די זכרונות פון ח׳ פעסטקאָווסקי, וועלכע זענען געוועזן געדרוקט אין „קראסנאיא לעטאָפּיס״ נומ. 5, ז. 245 און דערציילט:

„אין לאָדזש, אין אזא גרויסן ארבעטער־צענטער, איז דער „בונד״ אין יאָר 1904 געוועזן די שטארקסטע אָרגאַניזאציע. ד׳ער פּ. ס. ד. האָט זיך נאָר איינגעגעבן צו שאפן דאָרט עטלעכע צענדליק ארבעטער־מארקסיסטן, די פּ. פּ. ס. האָט געהאט פאר־בינדונגען דער עיקר מיט דער אינטעליגענץ, אָבער ווייניק מיט די ארבעטער. דער פּראָטעסט־שטרייק קעגן דער שיסעריי אויף די פּעטערבורגער ארבעטער דעם 9־טן יאנואר, האָט געטראָגן א ריין־סטיכישן כאראקטער. אונזער קליינע אָרגאַניזאציע (פּ. ס. ד.) האָט נישט געקאָנט מיט אמאָל ארומכאפּן א באַוועגונג פון א הונדערט טויזנטיקער מאסע. אמת, דער „בונד״ האָט געארבעט מיט אונז אין ענגסטן קאָנטאקט, אָבער זיין ווירקונג איז געוועזן פאר־שפּרייט אויף די קליינע ווארשטאטן, ווו עס האָבן געארבעט די יידישע ארבעטער, אזעלכע ארבעטער צוזאמען מיט די אָנגע־שטעלטע האָבן באטראָפן נישט מער, ווי א פינפטל פון דעם לאָ־דזשער פּראָלעטאריאט*).

דער ח׳ פעסטקאָווסקי שאצט אָבער צו לייכט די באַדייטונג,

---

*) „רויטע בלעטער״, זאמלבוך פאר דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביי יידן, בוך 1, ארויסגעגעבן פון דער ווייסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע, מינסק, 1929. ש. די־מאַנטשטיין: „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די יידישע מאסן אין דער רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָרן. זייט 22.

וואָס עס האָט געהאַט די פאַרבינדונג פון דער שטאַרקער בונדי־
שער אָרגאַניזאַציע מיט דער שוואַכערער פּ. ס. ד. דער „בונד"
צוזאַמען מיט פּ. ס. ד.עקעס האָבן פּאַקטיש באַוועגט מיט די
גרויסע פּראָלעטאַרישע אַקציעס פון לאָדזש. בונדיסטן צוזאַמען
מיט פּ. ס. ד.עקעס האָבן אָפּגעשטעלט די ריזיקע טעקסטיל־
פאַבריקן פון שייבלער און גראָמאַן א. אַנד. אין אַלע גרויסע
קאַמפן און אַרויסטרעטונגען, ווי יאַנואַר־טעג, ערשטע מאַי־פייע־
רונג און באַריקאַדן־קאַמפן זענען אָנגעפירט געוואָרן, ווי מיר
וועלן עס ווייטער זען, פון געמישטע קאָמיטעטן פון „בונד" און
פּ. ס. ד. אַזוי, אַז בעת די דאָזיקע אַקציעס האָט דער „בונד"
משפּיע געווען נישט נאָר אויף אַ פינפטל טייל פון לאָדזשער פּראָ־
לעטאַריאַט, נאָר אויף דער גאַנצער מעכטיקער באַוועגונג פון די
צענדליקער טויזנטער וועבער און שפינער אין דער שטאָט".

XVII

# אנהויב פון דער רעוואלוציע אין יאר 1905

באַוואָפנטע פּעפּעסישע דעמאָנסטראַציע קעגן דער מאָ־ביליזאַציע. — באָמבעס אויף די בראָנפן־מאָנאָפּאָלן. — דער שטרייק־אויסברוך נאָך דעם 9־טן יאַנואַר. — דע־מאָנסטראַציעס און פאַרזאַמלונגען. — גאַנץ לאָדזש שטרייקט. — די פאָדערונגען פון די אַרבעטער. — די בלוטיקע מעשים פון פּאָליצײ און קאָזאַקן. — גרויסע צאָל געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. — די גרויסע ראָל פון „בונד" בעת די יאַנואַר־ און פעברואַר־געשעענישן.

דאָס פינפטע יאָר אין לאָדזש האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער באַוואָפנטער פּ. פּ. ס.ישער דעמאָנסטראַציע קעגן דער מאָבילי־זאַציע. דאָס איז געווען שוין די צווייטע דעמאָנסטראַציע, וועל־כע איז אַדורך פיל שטורמישער, ווי די ערשטע. די פּ. פּ. ס. האָט גערופן צו דער דעמאָנסטראַציע דורך צוויי אויפרופן, וועלכע האָבן אויפגעפאָדערט די אַרבעטער, זיי זאָלן קומען דעם 15 יאַנואַר אויף פּיעטריקאָווער גאַס, צו פּראָטעסטירן קעגן דער מאָביליזאַציע. נישט געקוקט אויף די פּעפּעסישע אויפרופן און אַגיטאַציע, איז קיין גרויסער עולם נישט געקומען.

אַ גענויע באַשרייבונג פון פאַרלויף פון דער דעמאָנסטראַציע, געשטיצט אויף אַ פּאָליצייאישן ראַפּאָרט פון דער צאַרישער מאַכט, וועלכער איז געבליבן אין אַרכיוו, געפינען מיר אין דעם דריטן

באנד פון „לאדזשער יארבוך“, ארויסגעגעבן פון לאדזשער מאגיסטראט*).

אין דעם ראפארט זאגט זיך, אז דעם 15־טן יאנואר איז פארגעקומען א באוואפנטע דעמאנסטראציע פון פ. פ. ס. אויף פיעטריקאווער גאס צווישן זאוואדזקא און נייעם מארק (היינט פרייהייטס־פלאץ). קעגן דער דעמאנסטראציע איז ארויסגעשיקט געווארן א פלוטאן מיליטער (די מאכט איז פריער געווען אינפארמירט, אז אזא דעמאנסטראציע וועט פארקומען). עס איז געקומען צו א קעגנזייטיקער שיסעריי. עס איז דערשאסן געווארן דער פאנען־טרעגער טאמאש קזשאנשטשיק. פון פאליציי איז געווארן פארווונדעט א פאליציאנט. מצד דעם המון האט מען געווארפן א באמבע, נאר זי האט נישט אויפגעריסן. דעם אייגענעם טאג זענען געווארפן געווארן 3 באמבעס, אויף זגיערזשער גאס, 9 פרי און 11 אזייגער ביינאכט ביי דער טורמע (ס׳זאגט זיך נישט ביי וועלכער) און ביי דעם מאנאפאל אויף זאמבקאווסקא. די אויפרייסן האבן נישט געגעבן קיין שום רעזולטאטן.

לויט פ. פ. ס.ישע קוועלן איז געטראגן געווארן א פאן מיט דער אויפשריפט: „נידער מיט דער מאביליזאציע“, „זאל לעבן די פרייהייט“, פון דער צווייטער זייט איז געווען די אויפשריפט: „פ. פ. ס.“. דער פאנען־טרעגער קזשאנשטשיק איז דערשאסן געווארן דורכן פריסטאוו פון צווייטן קאנסטאנטינער צירקל מיכאל שאטאלעוויטש, וועלכער איז געשטאנען אויף דער פלאטפארמע פון

---

*) אין דאזיקן באנד „לאדזשער יארבודיי איז פארעפנטלעכט אן ארבעט פון ד״ר אדאם פרוכניק וועגן דער צייט פון קריגס־צושטאנד אין לאדזש, אונטער דער הערשאפט פון די צארישע סאטראפן גענעראלן שוטלעווארט און שאטילאוו אין פינפטן יאר, אין וועלכער דער מחבר דערציילט וועגן אלע געשעענישן, וואס זענען פארגעקומען אין לאדזש אין יאר 1905, אויפן סמך פון די צארישע פאליצייאישע ראפארטן, וואס זענען איבערגעבליבן אין ארכיוו. מיט די דאזיקע ארכיוו־מאטעריאלן וועלן מיר זיך באנוצן אין אונזער ווייטערדיקן שילדערן די רעוואלוציאנערע געשעענישן אין יענעם יאר.

טראַמוואַי, וואָס איז גראָד אָנגעפאָרן. אויף צומאַרגנס, דעם 16־טן יאַנואַר זענען מצד פּ. פּ. ס. געוואָרפן געוואָרן 2 באָמבעס ביים מאַ־נאָפּאָל אויף טאַרגאָווע 42 און ביים מאָנאָפּאָל אויף זלאָטע.

עס זענען נאָך דערשינען פּעפּעסישע אויפרופן, וועלכע האָבן גערופן צו נקמה א. אז. וו. אָבער קיין גרויסע באַוועגונג האָט עס נישט ארויסגערופן. אויך די דעמאָנסטראַציע פון 15־טן יאַנואַר האָט נישט געטראָגן קיין מאַסן־כאַראַקטער. דער שטח, ווו די דע־מאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען — פּיעטריקאָווער צווישן זאַוואַד־זקאַ און פריייהייט־פּלאַץ — קען העכסטנס ארייננעמען אייניקע הונדערט מענטשן. עס איז געווען אַן ארויסטריט פון דער באַ־וואָפנטער פּ. פּ. ס.ישער קאַמפּס־אָפּטיילונג, וועלכע האָט נישט גע־פונען דעם געהעריקן שטאַרקן אָפּקלאַנג ביי דער מאַסע.

ערשט, ווען עס זענען קיין לאָדזש אָנגעקומען די באַריכטן וועגן דער פּעטערבורגער הריגה דעם 9־טן (22־טן) יאַנואַר, הויבט זיך אָן אַן אויפרודערונג צווישן די צענדליקער טויזנטער לאָדזשער טעקסטיל־ארבעטער.

די בונדישע אַקציע ארום דעם יאַנואַר־שטרייק האָט, לויט די זכרונות פון ח' יודל ראָזען (בוכבינדער), זיך אָנגעהויבן אויף פאָלגנדן אופן:

ווי נאָר ס'איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן די פּעטערבורגער געשעענישן, איז פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון דער שטאָטישער סבאָדקע. די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען אין אַ קעלער, עס האָבן זיך אין איר באַטייליקט 50 פּערזאָן, דער מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט, סעמיאָן מארגאָלין, וועלכער איז געווען טעטיק אין לאָדזש, האָט געהאַלטן אַ הייסע רעדע וועגן די געשעענישן אין פּעטערבורג דעם 9־טן יאַנואַר (22־טן — נ. ס.), באַצייכנענדיק דעם טאָג אַלס דער אָנהויב פון דער רוסישער רעוואָלוציע און צו־זאַמענברוך פון דער צאַרן־מאַכט. ס'איז באַריכטעט געוואָרן, אַז מ'שטייט אין פאַרבינדונג מיט פּ. ס. ד. יעדן פון די סבאָדקע־מיט־גלידער איז באַשטימט געוואָרן, ווו ער האָט צו קומען נעמען בלעטלעך. אַלע האָבן זיך געדאַרפט טרעפן פרייטאָג אויף דער בערזע.

אין 4 טעג אַרום נאָך די פּעטערבורגער געשעענישן הויבט זיך אָן אַ שטרייק־באַוועגונג, וואָס לאָדזש האָט שוין נישט געזען זייט דעם יאָר 1892. דער שטרייק האָט זיך אָנגעהויבן דעם 26־טן יאַנואַר, דאָנערשטאָג. עס האָבן פאַרשטרייקט 3000 אַרבעטער פון גייערן און פון קאַראָל שטיינערט. און פון דאַן אָן צעגיסט זיך די שטרייק־באַוועגונג, ווי אַ מעכטיקע כוואַליע.

די ווייטערדיקע געשעענישן גייען שוין אַזוי, ווי ביי אַלע רעוואָלוציאָנערע אויפטרייסלונגען, בעת וועלכע עס ווערט פאַרשווונדן דער יחיד, די גרופּע, די פּאַרטיי, שפּראַך, נאַציע. אַלץ גיסט זיך צוזאַמען אין איין מעכטיקער מאַסע, הונדערטער טויזנטער הערצער קלאַפּן אין איין טאַקט, הונדערטער טויזנטער ברוסטן קלאַפּן אין איין ווילן: צעברעכן די קייטן, וואָס האָבן יאָרן־לאַנג געהאַלטן געבונדן קערפּער און נשמה. עס טראָגט זיך די מאַסע צו איר רעוואָלוציאָנערן ציל און צעשמעטערט אַלע צוימען, אַלע שטערונגען, וואָס שטייען איר אין וועג.

יאָרן־לאַנג האָבן די צענדליקער טויזנטער וועבער און שפּינער זיך געבויגן אין דרייען אונטערן יאָך פון אינטערנאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, געהאָרעוועט און געשטיקט זיך, מענער, פרויען און קינדער, אין ענגער פאַבריקס־לופט 12—13 שעה אין מעת־לעת און דערפאַר באַקומען הונגער־לוינען. די ריזיקע אַרבעטער־מאַסע פון דעם „צוגעזאָגטן לאַנד" איז געווען אויסגעשטעלט אויף קלעפּ און באַליידיקונגען פון צאַרישע פּאָליציי־לייט און זשאַנדאַרמען, פון אַרויפגעאַרבעטע פאַבריקאַנטן, דירעקטאָרן, אויסנוצערס פון 3 נאַציעס, וועלכע האָבן נישט געוווּסט פון קיין רחמנות, פון קיין ריקזיכט און געטרעטן דעם אַרבעטער־קנעכט, הן פיזיש, הן מאַראַליש.

דעם ערשטן פּרוּוו האָט דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט געמאַכט אַרויסצורייסן זיך פון דער קלעם אין 1892 און זיין קאַמף פאַרענדיקט מיט בלוטיקע קרבנות, מיט צעטרעטענעם כבוד און לאַנגע יאָרן תפיסה. איצט איז עס אַנדערש, ערגעץ־ווו אין דעם ווייטן פּעטערבורג, האָבן דעם צאַר באַטיושקאַס קוילן צעלעכערט די קערפּערס פון הונדערטער, טויזנטער אַרבעטער־ברידער און עפּעס האָט

געפּלאַצט אין דער מעכטיקער צאַרן־רינג, וואָס האָט געפּרעסט די 160 מיליאָניקע באַפעלקערונג. „עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן די אָפּרעכענונג פאַר אַלע עוולות". די ווערטער האָבן זיך איבערגע־טראָגן פון אַרבעטער צו אַרבעטער, פון פאַבריק צו פאַבריק.

פונקט ווי אין 1892 גייען איצט די אַרבעטער־גרופּן פון פאַבריק צו פאַבריק און רופן: „ברידער, שוועסטער, קומט, פאַר־לאָזט די פאַבריקן". אָבער עס גייט שוין איצט נישט בלויז דער פּוילישער און דייטשער פּראָלעטאַריאַט. ער האָט צובאַקומען חברים אין קאַמף — די יידישע אַרבעטער. די פּוילישע וועבער און שפּי־נער זענען שוין נישט אין דעם ייד בלויז די פאַרהאַסטע פּאָזנאַנ־סקים און ראָזענבלאַטס, נאָר אויך דעם יידישן קאַמפס־חבר, דעם האַנט־וועבער, דעם שניידער און שוסטער, וועלכע גייען צוזאַמען מיטן טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט פון די גרויסע פאַבריקן קעגן דער צאַרן־מאַכט און קאַפּיטאַל־הערשאַפט.

דאָס איז דער גרויסער היסטאָרישער פאַרדינסט פון „בונד", וועלכער האָט אוממעגלעך געמאַכט דאָס אידענטיפיצירן יידן מיט אויסנוצונג און אַכזריותדיקער עקספּלואַטאַציע. פון די יאַנואַר־טעג 1905 הייבט זיך אָן דאָס ברידערלעכע צוזאַמענגייין פון פּוי־לישן און יידישן פּראָלעטאַריאַט אין לאָדזש. „די אַרבייטער שטי־מע" באַשרייבט אַזוי דעם וויטערדיקן גאַנג פון די געשעענישן:

„אַ גרופּע אַרבעטער פון עטלעכע הונדערט מאַן איז געגאַנ־גען פון גאַס צו גאַס, געשלאָסן אין איין מחנה; נעבן יעדער פאַ־בריק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געבעטן די אַרבעטנדע צוצו־שטיין צום שטרייק. די אַדמיניסטראַציע פון די פאַבריקן האָט על פּי רוב נישט געשטערט. אומעטום האָט מען געעפנט די טויערן, אַריין אין פאַבריק, אויסגערופן אויף אַ קול די פאָדערונגען („8 שעה אַרבעט און 20 קאָפּיקעס פאַר אַ שעה"); די אַרבעטער פלעגן וואַרפן די אַרבעט און מיט אַ געשריי: „פּייער־אָוונט" (יום־טוב), פאַרלאָזן די פאַבריק. גאָר זעלטן איז אויסגעקומען צו עפע־נען די טויערן מיט געוואַלט. „מיר וועלן קומען אַן אַנדערשמאָל; זיי וועלן סיי ווי זיין אונזערע", האָבן די אַרבעטער געזאָגט. פאַר־נאַכט האָט מען אָנגעהויבן אָפּשטעלן די וואַגאָנעס פון טראַמוואַי־

און בעטן די קאָנדוקטאָרן ווארפן זייער ארבעט. יענע האָבן גערן געפאָלגט, אָפּגעפירט די וואַגאָנעס צו דער סטאַציע און צוגע־שטאַנען צום שטרייק. די פּאָליציי האָט דאָס אַלץ געזען און נישט געמאַכט קיין ווערן; אין פּרייטאָגדיקן טאָג האָט זי זיך אויפ־געפירט שוין אַפילו צו רואיק. ס'ווייזט אויס, זי האָט זיך געפילט צו שוואַך, ווייל אין שטאָט איז געווען זייער ווייניק מיליטער"*).

אויף דער יידישער ארבעטער־בערזע, אויף ווסכאָדניע גאַס, האָבן בונדישע אַגיטאַטאָרן איבערגעגעבן, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט באַשטימט אַן אַלגעמיינעם שטרייק. עס איז פאַרשפּרייט גע־וואָרן דער אויפרוף פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „בונד" און אַן אויפרוף פון לאָדזשער קאָמיטעט. ביידע אויפרופן זענען אויך גע־ווען אין פּויליש. אין אויפרוף פון צענטראַל־קאָמיטעט לייענט זיך:

„פּראָלעטאַריער אַללער לענדער פאַראייניקט אייך!
דער אַלג. יידישער ארבעטער־בונד אין ליטע, פּוילן און רוסלאַנד („בונד").

צום קאַמף!

חברים!

אויף די גאַסן פון פּעטערבורג איז אויסגעבויט געוואָרן די ערשטע באַריקאַדע.

דריי הונדערט טויזנט ארבעטער זענען ארויס אויפן גאַס צו פאָדערן פרייהייט, צו קעמפן פאַר פרייהייט, צו שטאַרבן פאַר פרייהייט.

דער קייסער האָט ארויסגעשיקט זיינע סאָלדאַטן און זיי האָבן געשאָסן און געטויט אונזערע ברידער און האָבן פאַרגאָסן טייכן פון בלוט.

די בלוט האָט קיינעם נישט דערשראָקן. די ביקסן וועלן נישט מציל זיין דעם קייסער מיט זיין באַנדע פון דער מפּלה. געגנוג האָבן

*) „אַרבייטער שטימע", ביילאַגע נומ. 39, מערץ 1905.

זיי זיך שוין געבאָדן אין אַרבעטער־בלוט, געגנוג האָבן זיי אונז געהאַלטן אין קייטן.

מיר האָבן יאָרנלאַנג געקעמפט אין נאָמען פון סאָציאַליזם, מיר האָבן יאָרנלאַנג מלחמה געהאַלטן קעגן דער מאַכט פון קאַ־פּיטאַל און מיר האָבן יאָרנלאַנג נישט אויפגעהערט צו פירן דעם שטרייט קעגן דער זעלבסטהערשונג, וואָס האָט געענטפערט מיט שמיץ און מיט קוילן, מיט פּאָגראָמען און הריגות אויף אַלע אונ־זערע פאָדערונגען. מיר האָבן פאַרגאָסן די ערד פון רוסלאַנד מיט אונזער בלוט און איצט שפּראָצט פון דיזער ערד מיט פרייהייט.

דער גרויסער טאָג איז געקומען! עס איז געקומען די רעוואָ־לוציע! זי האָט זיך אָנגעהויבן אין פּעטערבורג, זי וועט אָנצינדן מיט איר פייער דאָס גאַנצע לאַנד.

אָדער גובר זיין, אָדער שטאַרבן! אָדער באַקומען פרייהייט, אָדער באַקומען דעם טויט!

נעמט זיך, חברים, אין אַלע שטעט צו דער מלחמה. וואַרפט אוועק אייער אַרבעט אין די וואַרשטאַטן, אין די פאַבריקן און זאַוואָדן, אין די מאַגאַזינען און קאַנטאָרן! גייט אַרויס אַלע אין גאַס און טראָגט אַרויס די רויטע פאָן!

באַפאַלט די מאַגאַזינען, וווּ מען פאַרקויפט געווער, זאָל יע־דער זיך נעמען, ווער אַ ביקס, ווער אַ רעוואָלווער, ווער אַ שווערד, ווער אַ האַק, ווער אַ מעסער.

באַוואָפנט אייך! אַז דעם קייסערס סאָלדאַטן וועלן אויף אייך אָנפאַלן, זאָלט איר קאָנען זיי ענטפערן, ווי סאָלדאַטן פון דער רע־וואָלוציע.

געדענקט, אַז לעבן אין תפיסה איז שווערער, ווי שטאַרבן אין שטרייט.

זאָלן אַלע גאַסן ווערן איין פעלד פון מלחמה! זאָלן אונזערע פענער שוועבן אין דער הויך! לאָמיר אָפּגעבן דאָס בלוט פון אונ־זער האַרץ און באַקומען רעכט פון מענטשן!

פאָדערט:

1) צוזאַמענרופן אַ קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג פון פאָלקס־פאָרשטייער, די פאָרטרעטער דאַרף אויסקלייבן דאָס גאַנצע לאַנד,

ניי מענער, סיי פרויען, צו וואָס פאַר אַ נאַציע, צו וואָס פאַר אַ גלויבן זיי זאָלן נישט געהערן. אויפן גרונט פון אַלגעמיינעם, גלייכן, דירעקטן און געהיימען וואַל־רעכט.

2) אָפּשאַפן די הערשאַפט פון אַ קייסער אין רוסלאַנד און איינפירן אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, דאָס הייסט, אַזאַ אָרדענונג, אַז דאָס פאָלק זאָל האָבן די איינציקע דעה, סיי ביים אַרויסגעבן און דורכפירן אַלע געזעצן פון לאַנד, סיי ביים אויסקלויבן אַלע באַאַמטע, פונם קלענסטן ביזן גרעסטן.

3) תיכף איינפירן אַן 8־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אין אַלע פאַב־ריקן, זאַוואָדן, ווערקשטאַטן, מאַגאַזינען, קאַנטאָרן אַ. אַז. וו.

4) אומבאַרירלעכקייט פון פערזאָן אין הויז, ד. ה. אַז קיין פּאָליציי, קיין זשאַנדאַרם זאָל נישט טאָרן אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ פּריוואַטן הויז, נישט מאַכן קיין אונטערזוכונג און קיין אַרעסט אָן אַ באַשטימונג פון געריכט.

5) אומבאַגרענעצטע פרייהייט צו רעדן און דרוקן, פרייהייט צו פאַרזאַמלען זיך, צו פאַראייניקן זיך און צו שטרייקן, פרייהייט צו גלויבן אין יעדער אמונה.

6) אַלע נאַציאָנען זאָלן זיין גלייך אין פּאָליטישע און בירגערלעכע רעכט, יעדע נאַציע זאָל האָבן פרייהייט פון קולטורעלער אַנטוויקלונג, ד. ה. פרייהייט פון בילדן און לערנען זיך אויף איר אייגענער שפּראַך אין אַלע איינריכטונגען פון דער מלוכה און אויף פאַרזאַמלונגען.

7) תיכף באַפרייען אַלע אַרעסטירטע און פאַרשיקטע פאַר פּאָליטישע און רעליגיעזע ענינים און אַ סוף מאַכן פון אַלע אַזעלכע באַשולדיקונגען.

8) תיכף אַ סוף מאַכן פון דער מלחמה מיט יאַפּאַן. אָפּשאַפן דעם מיליטאַריזם און אָנשטאָט דעם באַוואָפענען דאָס גאַנצע פאָלק.

צום קאַמף, חברים! צום קאַמף אַלע, ווער ס'קען נישט לעבן אָן פרייהייט! זאָל ווערן אַ סוף פון דער שקלאַפעריי, זאָל זיך ענדיקן די ווילדע מלחמה!

**צום געווער!**

נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!
עס לעבע די פּאָליטישע פרייהייט!
עס לעבע די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!
עס לעבע דער סאָציאַליזם!
יאַנואַר, 1905.״

דער אויפרוף פון לאָדזשער קאָמיטעט שילדערט אויך די פּעטערבורגער געשעעניש, רעדט אַרום די לאַגע פון לאָדזשער יידישן און נישט־יידישן פּראָלעטאַריאַט און רופט צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק.

די בערזע ווערט וואָס אַמאָל פולער. די אויפרעגונג וואַקסט. עס הערן זיך אויסגעשרייען: „נידער מיט דער מלחמה״, „עס לעבע די רעוואָלוציע״.

„די מאַסע האָט זיך געשלאָסן אין רייען און מיט אויסרופן זיך דורכגעגאַנגען איבערן גאַס, טיילנדיק פּראָקלאַמאַציעס פון דעם אָרטיקן קאָמיטעט. כמעט דאָס זעלבע איז פאָרגעקומען אויך אין אַן אַנדער גאַס. אויף אַזאַ אופן זענען פאָרגעקומען 2 אומגעריכטע דעמאָנסטראַציעס.

„שבת זענען די גאַסן באַלעבאַט געוואָרן אויסערגעוויינלעך. ס'האָט אַ פּנים, ווי ס'האָבן גאָר אָנגעוווירן די גאַנצע שליטה די רוסישע פּאָליציי־געזעצן. אַ מענגע פון טויזנטער מענטשן גייט זיך רואיק און מונטער איבער פּיעטריקאָווער גאַס אין גרויסאַרטיקער מאַניפעסטאַציע; זי פאַרפלייצט די גאַס פון מויער צו מויער. די פּאָליציי לאָזן זיי דורך מיט גרויס דרך־ארץ. זי זעט, ווי מען פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס פראַנק און פריי — און שווייגט. „עקסטראַ־בלאַט!״ שרייען די פאַרשפּרייטער. נישט אַלע פאַרשטייען, וואָס מען מיינט. די בלעטלעך גיט מען אויך די פּאָליציילייט. זיי באַהאַלטן זיי אין טאַש. אין איין אָרט האָט אַן אונטעראָפיציר פון פּאַטרול אַליין געבעטן, מען זאָל אים געבן אַ בלעטל: „איר האָט אַזוי פיל פאַרשפּרייט, גיט מיר כאָטש איינעם!״ אין די גאַסן און אויף די פּלעצער שטייען אומעטום גרופּן אַרבעטער פון אַ מאַן 30—50. מען שמועסט מיט גרויס התלהבות אָדער מען

הערט אויפמערקזאם די רעדע פון א חבר. „אחדות — דאָס איז אונזער קראַפט" — קענט איר הערן אין איין גרופּע, „גלויבט נישט, ווען פּאָליציי וועט אייך זאָגן, אַז די יידן צינדן אונטער אייערע קירכן, סיי יידן, סיי פּאָליאַקן, סיי דייטשן דאָס איז אַלץ איינס" — אַזוי פירט זיך די אַגיטאַציע צווישן די אַרבעטער"*).

„פּזשעדשוויט" שרייבט וועגן די יאַנואַר־געשעענישן אין לאָדזש:

„דאָנערשטאָג, דעם 26־טן יאַנואַר, האָבן פאַרשטרייקט 2000 פּערזאָן. פרייטאָג זענען שוין געשטאַנען אַלע פאַבריקן. אין אָוונט פון דעם טאָג האָבן געשטרייקט הונדערט טויזנט מענטשן. דאָס אָפּשטעלן די פאַבריקן איז פאָרגעקומען אין גרעסטער אָרדענונג. ס'איז געגנוג געווען, אַז עס זאָלן זיך באַווייזן די דעלעגאַטן פון דעם המון, וועלכער האָט זיך געזאַמלט אויף דער גאַס און איז אַרומגעגאַנגען איבער אַלע פאַבריקן. דראַאונגען זענען אָנגעווענדט געוואָרן בלויז צו די טראַמווייען און פּאָזנאַנסקי־פאַבריק. די מאָ־נאָפּאָלן זענען פאַרמאַכט געוואָרן אויף דער ערשטער אויפפאָדע־רונג פון די אַרבעטער־דעלעגאַטן.

„...דער דאָזיקער שטרייק־רעזולטאַט פאַרדינט אויפמערקזאַמ־קייט. מ'דאַרף געדענקען, אַז אין לאָדזש האָט ערשט נישט לאַנג די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע זיך זייער שווער פאַרשפּרייט און דאָס מיט הפסקות, אַז אָנגעשטרענגטע און דערפאָלגרייכע פּאַרטיי־אַרבעט האָט זיך געפירט ערשט פון פרילינג פאַרגאַנגענעם יאָר.

„אין פאַרלויף פון שבת זענען פאָרגעקומען אויף די גאַסן און פּלעצער פאָלקס־פאַרזאַמלונגען. דאָס מיליטער, וועלכעס איז פון אָנהויב געווען נישט קיין סך, האָט זיך פאַרהאַלטן שטרענג, אָבער האָט נישט פּראָוואָצירט די באַפעלקערונג ארויסצורופן צו־זאַמענשטויסן. זונטאָג, דעם 29־טן יאַנואַר, האָט אַ פּאַטרול, אָנ־טרעפנדיק אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטער פאָן אויף פּזשעיאַזד גאַס — זיך אָוועקגערוקט אין דער זייט. זונטאָג זענען אַרבעטער־פאָרשטייער געגאַנגען איבער די גרעסערע קאַווייאַרניעס

*) „די אַרבייטער שטימע", ביילאַגע נומ. 39, מערץ 1905.

און טעאַטערן און גערופֿן פּאַנאַנדערצוגייִן זיך און איבעררייסן יעדע פֿאַרווײַלונג. ווען דאָס פֿאָלק דעמאָנסטרירט און אין וואַרשע גיסט זיך בלוט. אומעטום האָט מען די דעלעגאַטן געפֿאָלגט. נאָר די דייטשע פֿאַבריקאַנטן, וועלכע זענען געווען פֿאַרזאַמלט אין „טהאַליא״-טעאַטער, האָבן געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד און מ׳האָט זיי געמוזט פֿאַנאַנדערטרייבן״*).

דער ווייטערדיקער גאַנג פֿון יאַנואַר־שטרייק האָט לויט ידיעות אָפֿיציעלע און פֿון דער אַרבעטער־פּרעסע געהאַט אַזאַ פֿאַר־לויף:

דעם 27־טן ביז מיטאָג האָבן פֿאַרשטרייקט 23 טויזנט אַר־בעטער, ביז אין אָוונט איז די צאָל שטרייקנדע דערגאַנגען ביז 70 טויזנט. ביים אָפּשטעלן די אַרבעטער האָבן זיך באַטייליקט בונדיסטן, פּ. ס. ד.עקעס און פּ. פּ. ס.אָווצעס. די יידישע גאַס איז איינגאַנצן באַהערשט געוואָרן דורכן „בונד״. עס זענען אָפּגע־שטעלט געוואָרן אַלע פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן, וווּ עס האָבן גע־אַרבעט יידישע אַרבעטער. בונדישע שטרייק־פּיקעטן זענען אַרומ־געגאַנגען און געשלאָסן די קראָמען און מאַגאַזינען. פֿאַר די פֿאַבריקן און סתּם אין גאַס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פֿאַרזאַמ־לונגען פֿון אַרבעטער און אינטעליגענץ, אויף וועלכע בונדישע, פּ. פּ. ס.ישע און ס. ד.קישע רעדנער האָבן גערופֿן די אַרבעטער צום קאַמף קעגן דער בלוטיקער ממשלה פֿון ניקאָלאַי דעם צווייטן. צווישן אַנדערע איז אויך דעמאָלט אַרויסגעטרעטן אין לאָדזש אויף פֿאַרזאַמלונגען דער אָנגעזעענער מיטגליד פֿון וואַרשע־ווער קאָמיטעט פֿון „בונד״ — ח׳ סעמיאָן (סאָלאָמאָן) מאַר־גאָלין.

דעם 28־טן האָט אַ טייל אַרבעטער אָנגעהויבן אַרבעטן, די שטרייקנדע האָבן אָבער געצוווּנגען צו פֿאַרלאָזן די פֿאַבריקן. שטרייק־פּיקעטן פֿון יידישע און פּוילישע אַרבעטער האָבן אָפּגע־שטעלט די טראַמווייען, געשלאָסן די רעסטאָראַנען. דאָס לעבן אין

*) „פּזשעדשוויט״ נומ. 2, פֿעברואַר 1905, זייט 63, „די רעוואָלוציע־טעג״.

דער שטאָט איז אָפּגעשטאָרבן. בלויז מאַסן אַרבעטער, פּאָליציי און מיליטער האָבן פאַרפולט די גאַסן. די טעאַטערן האָבן זיך גע־שלאָסן. אין אָוונט איז מען איבערהויפּט וואָס ווייניקער געגאַנגען אין גאַס. דער גרויסער אַרבעטער־קוואַרטאַל באַלוט, האָט נאָך נישט געהאַט קיין באַלייכטונג. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט דעריבער דאָ געיאָגט אַן אימה פון יעדן ווינקעלע, ס'האָבן פאַר־שטרייקט די פאַבריקן פון פּאַביאַניץ, פון זגערזש. דער פּיעטריקאָ־ווער גובערנאַטאָר האָט פאַראָרדנט צו שליסן די שולן און יעדע טעטיקייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

די אַרבעטער־פּאַרטייען, אין פאַרשטענדיקונג מיט די שטרייקנ־דע, האָבן אַרויסגעשטעלט צו די אינדוסטריעלער אַ גאַנצע ריי עקאָנאָמישע פאָדערונגען: 1) 8־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, 2) הע־כערן דעם לוין, אַ מינימום־לוין פון 20 קאָפּיקעס אַ שעה און 15 קאָפּיקעס פאַר געהילפן, 3) עפנטלעכע אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע, 4) אָפּשאַפן אַקאָרד, 5) אַרבעטער־קאָנטראָל ביים צונעמען מייס־טערס, 6) קאָנטראָל איבער דער פאַבריקס־היגיענע, 7) פאַרזי־כערונג אויף עלטער און קראַנקהייט, 8) מעדיצינישע הילף פאַר דער פאַמיליע, 9) נישט באַזייטיקן קיין דעלעגאַט, 10) פרוייען, וואָס ווערן צוגענומען צו דער אַרבעט, זאָלן נישט אונטערזוכט ווערן פון מענער־דאָקטוירים, 11) אָפּשאַפן די פאַבריק־רעוויזיעס, 12) באַזייטיקן די פּאָליציי פון דער פאַבריק, שאַפן ביבליאָטעקן, שולן און קינדער־היימען.

אויף די גאַסן האָבן זיך געבילדעט סטיכישע דעמאָנסטראַ־ציעס. אַ צוג פון טויזנטער מענטשן האָט זיך פאָרמירט אויף דלוגע גאַס (גדאַנסקע).

„נעבן נייעם מאַרק האָבן די מאַניפעסטאַנטן דערזען, אַז אַנטקעגן רוקט זיך אַ גרויסע מענגע. אָנפאַנגס האָט מען גערעכנט, אַז ס'איז סאָלדאַטן, נאָר באַלד האָט מען דערזען, אַז ס'איז אַרבע־טער. מען האָט אָנגעהויבן מאַכן מיט די היטן, מיט טיכער, מען האָט אָנגעהויבן שרייען: „ס'זענען אונזערע, אונזערע! הוראַ!"

„מען האָט זיך אַלע פאַראייניקט און אַוועק איבער קאָנסטאַנ־טינער גאַס און דלוגע. עטלעכע מאָל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט

און פאנאנדערגעווארפן פראקלאמאציעס. ווען די גאנצע מאסע איז שוין ארויף אויף דלוגע, איז אנגעקומען א הייפל סאלדאטן. א פאַ־ליציי־מאן האט באפוילן צעטרייבן די מאסע מיט נאגייקעס, נאר אן אונטער־אפיציר האט אים בקול־רם געענטפערט: „איך בין דער נאטשאלניק פון דעם אטריאד; קעגן אזא מענגע וועלן קיין נאגיי־קעס נישט העלפן". די ערשטע רייען פון די מאניפעסטאנטן האבן דערווייל דערגרייכט די טורמע; אייניקע פון די ארבעטער האבן אנגעהויבן שיסן פון רעוואלווערן. די רייטער האבן זיך תיכף אפּ־געשטעלט און אומגעקערט צוריק, און די מאניפעסטאנטן, פרייי־לעך און לעבעדיק, זענען זיך געגאנגען ווייטער. ווען זיי זענען ארויף אויף פיעטריקאווער גאס, האט זיי פארצאמט דעם וועג אן אטריאד סאלדאטן און פאליציי־לייט און האט זיי נישט געוואלט דורכלאזן. מען איז אריין אין א וויכוח מיטן אפיציר און יענער האט זיך אונטערגעגעבן"*).

עס זענען אנגעקומען רייטער־פאליציאנטן און זעלנער. די מאסע איז זיך נישט צעלאפן, נאר זיך צעטיילט און געלאזט די רייטער־ פאליציי אדורכרייטן אינדערמיט. די זעלנער האבן גענו־מען שטויסן די דעמאנסטראנטן אין די טויערן, לסוף איז דער צוג אויפגעלעזט געווארן**).

דער קארעספאנדענט פון „דער ארבייטער שטימע" דערציילט ווייטער וועגן א גאסן־פארזאמלונג, וואס עס האט גערופן דער „בונד". צו דער פארזאמלונג זענען געקומען א גרויסע צאל פוי־לישע און דייטשע ארבעטער, צוזאמען איז געווען ביז א 3 טויזנט מאן. די פארזאמלונג איז געווען „באוואכט פון באוואפנטע חברים". דעם רעדנער האט מען אויפגעהויבן אויף די הענט און ער האט גערעדט וועגן דער רעוואלוציע, וואס קומט אן.

די פארזאמלונג האט זיך געענדיקט מיט א דעמאנסטראציע. דער עולם האט געזונגען רעוואלוציאנערע לידער, מ'האט געזונגען די „שבועה", געמאכט אויסרופן און די באוואפנטע אפטיילונג

---

*) „די ארבייטער שטימע", ביילאגע נומ. 39, מערץ 1905.

**) דארט.

האָט געשאָסן אין דער לופט. ס'האָט גערעדט נאָך אַ רעדנער און די דעמאָנסטראַנטן זענען זיך רואיק פאַנאַנדערגעגאַנגען.

„שפּעטער מיט אַ צען מינוט איז אָנגעקומען צו לויפן פּאָ-ליציי. פאָראויס איז געפלויגן דער פּריסטאַוו פון ערשטן צירקל. פאַרביילויפנדיק דעם קירכן-פּלאַץ, ווו ס'איז געשטאַנען אַ מענגע פּוילישע אַרבעטער, האָט ער אַ געשריי געטון: „מען דאַרף שלאָגן די יידן!" — „באַלד וועלן מיר אייך אַליין שלאָגן!" — האָבן אים געענטפערט די פּוילישע חברים פון דער מאַסע"*).

וועגן דעם אויסזען פון דער שטאָט אין 6-טן שטרייק-טאָג שרייבן די „לעצטע פּאָסירונגען":

„עס איז רואיק, ווי פריער. מיט זייער גאַנצער אויפפירונג דריקן אויס די אַרבעטער זייער פאַרלאַנג, אויסצומיידן יעדן צוזאַ-מענשטויס מיט דער פּאָליציי. דער האַנדל איז זייער שוואַך, ווי פריער — נאָר עטלעכע שעה אין טאָג, און אפילו דאָס קומט פאָר ביי אומגעוויינלעכע באַדינגונגען: די אייזערנע שטאָרן זענען אַראָפּגעלאָזן, אָדער די פענסטער זענען פאַרהאַמערט מיט ברעטער. דער גובערנאַטאָר האָט אויסגעדריקט זיין אומצופרידנקייט מיט די הענדלער פאַר זייער אויפפירונג, ד. ה. פאַרוואָס זיי האַלטן גע-שלאָסן די געשעפטן און גיבן דערמיט אונטער חשק די שטרייקער. אין צוויי פאַלן האָבן געליטן גאָר זייטיקע מענטשן: איינעם האָט מען אַ שטאָך געטון מיט אַ שפּיז פון אַ ביקס, דעם צווייטן האָט מען מכבד געווען מיט אַ נאַגייקע. ווען מען האָט זיך אויף דעם געקלאָגט צום גובערנאַטאָר, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז נישט זיין עסק, אַז די אויפזיכט איבער דער אָרדענונג געפינט זיך אין די הענט פון דער מיליטער-מאַכט. אין די הייזער לאָזט מען נישט אַריין פריי, נאָר מען פרעגט זיך, צו וועמען און נאָך וואָס מען גייט"**).

דאָס דאָזיקע „רואיקע" מאַניפעסטירן פון די אַרבעטער אָן בלוט-פאַרגיסונג און קאָזאַקישע נאַגייקעס, האָט אָנגעהאַלטן אַזוי

*) „די לעצטע פּאָסירונגען" נומ. 5, 7 פעברואַר 1905.
**) דאָרט.

לאַנג, ביז ס'איז אָנגעקומען מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען. ס'האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס אין 1892. די צאַרישע מאַכט האָט זיך אין אָנהויב באַצויגן „מילד'' צו די אַרבעטער, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר זייער צאָליקער איבערמאַכט, ווי נאָר ס'איז אָנגעקומען מיליטערישע פאַרשטאַרקונגען, האָט זיך די לאַגע אינ־גאַנצן געביטן. די אַרבעטער האָבן מתחילת געפּרוווט שליסן באַ־קאַנטשאַפט מיט די זעלנער, זיי אַגיטירן, אָבער, ווי עס דערציילט דער קאָרעספּאָנדענט פון דער „אַרבייטער שטימע'', האָט עס זיך שוואַך איינגעגעבן, ווייל די אַרבעטער האָבן נישט געקענט זיך צו־זאַמענרעדן מיט די זעלנער אויף רוסיש און בכלל איז פון די פּוי־לישע אַרבעטער געווען אַ פיינטלעכע באַציאונג צום אָקופּאַנטישן מיליטער.

דער פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר ארצימאָוויטש איז געקומען אַליין צופאָרן קיין לאָדזש, כדי אָנצופירן מיט דער אַקציע קעגן די רעוואָלוציאָנערן. דאָס מיליטער איז פאַרגרעסערט געוואָרן מיט פינף פולקן פּיעכאָטע און 6 שוואַדראָנען קאַוואַלעריע. אַלע עפנט־לעכע געביידעס און פּאָליציייאישע פונקטן זענען באַוואַכט געוואָרן פון מיליטער. די אַרבעטער אין גאַזאָווניע זענען געהאַלטן געוואָרן אַרעסטירט און געאַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון מיליטער, כדי די שטאָט זאָל זיין פאַרזיכערט מיט באַלייכטונג.

דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר סקאַלאָן האָט זיך גע־ווענדט צום אינערן־מיניסטער סוויאַטאָפּאָלק־מירסקי מיט אַ ראַ־פּאָרט וועגן די געשעענישן אין לאָדזש און אין וואַרשע און פאָר־געלייגט איינצופירן פאַרשטאַרקטע אויפזיכט. דער מיניסטער האָט, פאַרשטייט זיך, מסכים געווען. און נישט וואַרטנדיק אויף אַן אַלערהעכסטער באַשטעטיקונג פון קייסער (די באַשטעטיקונג איז ערשט געקומען דעם 23 פעברואַר), איז דעם 29 יאַנואַר איינגע־פירט געוואָרן פאַרשטאַרקטע אויפזיכט אין לאָדזש און אין וואַר־שע, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ בלוטיקע אָפּרעכענונג מיט די שטרייקנדע רעוואָלוציאָנערע מאַסן.

עס איז דערשינען אַן אויפרוף פון גובערנאַטאָר, וועלכער האָט גערופן די אַרבעטער, זיי זאָלן נישט רואינירן זיך און די פאַ־

בריקאַנטן און שטעלן זיך צו דער אַרבעט. די שטרייקנדע אַרבע־טער האָבן די פּאַטערלעכע עצות פון גובערנאַטאָר נישט געפאָלגט און ווייטער געפירט זייער קאַמף. דעם 28־טן יאַנואַר האָט אַ גרע־סערע גרופּע אַרבעטער פאַרלאַנגט, אַז די געסט פון גראַנד־האָטעל זאָלן פאַרלאָזן דאָס רייכע קאַפע־הויז. מ׳האָט די דעמאָנסטראַנטן צעיאָגט, איין אַרבעטער איז פאַרווונדעט געוואָרן. דעם 30־טן איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע אויף אַגראַדאָווע ביי פּאָזנאַנסקיס פאַבריק, ביים צעטרייבן איז איינער פאַרווונדעט געוואָרן. דעם 1־טן פעברואַר האָבן אין ווידזעוו די אַרבעטער פון היינצל און קו־ניצער (היינט ווידזעווער מאַנופאַקטור) אַרויסגעוואָרפן אַ פאַר־האַסטן מייסטער פון פאַבריק און שפּעטער דעמאָנסטרירט. קאָזאַקן האָבן געשאָסן, 2 זענען געפאַלן טויט, 17 זענען פאַרווונדעט גע־וואָרן, 6 זענען געשטאָרבן אין שפּיטאָל פון די ווונדן. די דעמאָנ־סטראַנטן האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און פאַרווונדעט 2 קאָזאַקן.

אין די ווייטערדיקע טעג פון חודש פעברואַר זענען אין פאַר־שידענע פּונקטן פון שטאָט פאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס, אין אָוונט האָט מען פאַרלאָשן די לאַמטערנעס. די גאַסן זענען פאַר־צויגן געוואָרן מיט דראָטן, כדי אָפּצוהאַלטן די באַוועגונג פון מי־ליטער. די קעגנזייטיקע קאַמפן צווישן מיליטער און פּאָליציי מיט די אַרבעטער זענען ווייטער אָנגעגאַנגען. דעם 4־טן איז אַ גרופּע פּוילישע און יידישע אַרבעטער באַפאַלן אַ פּאָליציאַנט. ביי איינעם פון די אָנפאַלער איז דער קאָפּ צעשמעטערט געוואָרן פון אַ שווערד. דעם 6־טן האָט מען געשאָסן אויף די אַרבעטער פון גייערס פאַ־בריק; 2 זענען געפאַלן טויט, איינער פאַרווונדעט. דעם 7־טן האָבן אַרבעטער אויף יוליושאַ גאַס געפרווט אָפּשלאָגן אַן אַרעסטירטן. מען האָט געשאָסן אין המון און 5 אַרבעטער פאַרווונדעט. דעם 10־טן פעברואַר זענען בעת אַ שיסעריי 3 אַרבעטער געפאַלן טויט און 5 זענען פאַרווונדעט געוואָרן. סך־הכל זענען בעת דעם שטרייק, וועלכער האָט געדויערט פון 26־טן יאַנואַר ביזן 27־טן פעברואַר געפאַלן פון די אַרבעטער 19 טויטע און 42 פאַרווונ־דעטע. אַ גרויסער טייל פון די געפאַלענע זענען געווען יוגנט־

לעבע אין עלטער פון 16 ביז 20 יאָר. מצד דער מאַכט זענען פאַרווונדעט געוואָרן 2 קאָזאַקן און 2 שפּיאָנען*).

דאָס איז דער אַלגעמיינער סך־הכל פון די יאַנואַר־טעג אין לאָדזש. ,

גרויס איז געווען די ראָל פון „בונד" בעת די דאָזיקע געשעענישן. דער „פּזשעדשוויט", גראָד אין אַן אַרטיקל, וועלכער גרייפט אָן דעם „בונד", מוז צוגעבן:

„אין לאָדזש איז דער גענעראַל־שטרייק אויסגעבראָכן סטיכיש, אָן דער באַטייליקונג פון וועלכער ס'איז אָרגאַניזאַציע אין דער צוגרייטונג. די בונדיסטן האָבן גענומען אַן אָנטייל אין שטרייק, ווען ער איז שוין געהאַט אויסגעבראָכן, אַלס אַגיטאַטאָרן, רעדנער א. אַז. וו. וועגן דער דאָזיקער ראָל קאָן מען זאָגן, אַז זיי האָבן היים דערפילט זייערע פליכטן אַלס פאָרשטייער פון דעם יידישן טייל פון אַרבעטער־קלאַס"**).

די בונדישע דעמאָנסטראַציעס, פאַרזאַמלונגען און אַנדערע אַרויסטריטן, ווי מיר וויסן, זענען באַוואַכט געוואָרן פון ספּעציעל באַוואָפנטע אָפּטיילונגען. די דאָזיקע, ווי זיי האָבן זיך גערופן „קאַמף־אָפּטיילונג". (ב. אָ.), זענען געשאַפן געוואָרן נאָך פאַר די יאַנואַר־טעג. זייער אויפגאַבע איז געווען צו שיצן די בונדישע אונטערנעמונגען קעגן פּאָליציייאישע אָנפאַלן.

פון די אָנגעהעריקע צו דער דאָזיקער קאַמפּס־אָפּטיילונג, זענען אונז באַקאַנט נאָר געציילטע נעמען: לייבל וואַרשאָווער, הערש יוסף באַרישאָווסקי (אַ וועבער, וווינט אין לאָדזש, אַ סימפּאַטיקער פון „בונד"), דער ווייסער ליפּע (אַ וועבער, וווינט אין לאָדזש, ביז היינט אַ מיטגליד פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע), מאיר לאַקס (אַ וועבער, וווינט אין אַמעריקע, יודל ראָזען (בוכבינדער) און יצחק פרידמאַן.

די ב. אָ. איז געווען איינגעטיילט אין צענטלעך. אַן אָנפירער

---

*) לויט די מאַטעריאַלן פון ד״ר א. פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך".

**) „פּזשעדשוויט" נומ. 2, 1905.

פון א צענטל איז אויך געווען דוד קרויזע, א 20־יאָריקער וועבער־אַרבעטער. אין פעברואַר אָדער אַפּריל האָט מען געטיילט בונדישע בלעטלעך פאַר דער סינאַגאָגע אויף אַל. קאַשטשושקאָ. דער טיילער איז געהיט געוואָרן דורך דעם באַיאָוויעץ ח׳ דוד קרויזע. א פּאָליציאַנט איז באַפאַלן דעם טיילער פון די פּראָקלאַמאַציעס. ח׳ קרויזע האָט אויסגעשאָסן אויפן פּאָליציאַנט און אים פאַרווונדעט. דער טיילער פון די אויפרופן איז אַנטלאָפן, ח׳ קרויזע איז געוואָרן אַרעסטירט. דעם 6־טן אויגוסט 1905 איז דער בונדיסט דוד קרויזע, לויט אַן אורטייל פון מיליטער־געריכט, אויפגעהאָנגען געוואָרן אין וואַרשע.

אין דער לאָדזשער פּרעסע איז וועגן ח׳ דוד קרויזעס אָנפאַל און טויט־אורטייל געווען פאָלגנדע נאָטיצן:

„דעם 15 אַפּריל 1905. 11 פאַרמיטאָג האָט געוואָלט דער פּאָליציאַנט יאַקוב גיידאָוויטש אַרעסטירן טיילער פון אויפרופן. ביי פּיעטריקאָווער און זיעלאָנע האָט איינער פון די אַנטלויפנדע אויסגעשאָסן און געטראָפן גיידאָוויטשן אין האַרץ. דער אַרעסטירטער בחור איז אַלט געווען 19 יאָר, א ייד, וועלכער האָט, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס מען האָט אים שטאַרק געשלאָגן, נישט געוואָלט זאָגן זיין נאָמען. אין דער אויספאָרשונג פון 17 אַפּריל 1905 האָט מען זיך דערוווּסט, אַז ער הייסט דוד כיל קראַוזע, א נאָוואָראַדאָמסקער.

דעם 7 יוני 1905 האָט דאָס קריגס־געריכט אין וואַרשע פאַרמשפּט כיל דוד קראַוזע אויף טויט דורך אויפהענגען פאַרן מאַכן אַן אָנפאַל דעם 15 אַפּריל 1905. דעם אורטייל האָט מען אויסגעפירט”*).

„די לעצטע פּאַסירונגען” נומ. 20 פון 2־טן אָקטאָבער 1905, האָבן אין א נעקראָלאָג וועגן אומגעבראַכטן דוד קרויזע אַזוי געשריבן:

„נישט קוקנדיק אויף זיינע יונגע יאָרן, איז דער פאַרשטאַר־

*) פון ח׳ ע. איינענקעלס פּריוואַטע מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

בענער חבר אין משך פון 4 יאָר געוועזן אַ מיטגליד פון אונזער אָרגאַניזאַציע אין לאָדזש. אַליין אַן אַרבעטער, איז ער מיטן גאַנצן האַרצן געוועזן איבערגעגעבן דער אַרבעטער־זאַך, אויף וועלכער ער האָט אוועקגעלייגט אַלע זיינע קרעפטן, זיין גאַנצע ענערגיע. אין די באַרימטע יאַנואַר־טעג איז ער אַריין אין דער היגער „קאַמפּס־גרופּע" און אין אַלע, וואָס די גרופּע האָט פון דעמאָלט אָן איבער־געלעבט, האָט ער גענומען אַ העכסט ענערגישן אָנטייל. אין פע־ברואַר, בעת מען האָט פאַרשפּרייט פּראָקלאַמאַציעס אין שול אויף דער זשעלאָנע גאַס, האָט אַ פּאָליציאַנט פאַרהאַלטן איינעם פון די פאַנאַנדערוואַרפער, און האָט אים געוואָלט אַרעסטירן. קראַוזע האָט עס באַמערקט, און אַ סך נישט קלערנדיק, האָט ער אויסגע־שאָסן אין פּאָליציאַנט און האָט אים פאַרוואונדעט. דעם חבר האָט דער פאַרשטאָרבענער, אויף אַזאַ אופן, אָפּגעראַטעוועט, נאָר אים אַליין האָט בעת מעשה פאַרהאַלטן אַן אָפיציר, וועלכער האָט גע־שאָסן אין ח' קראַוזע. מען האָט אים שרעקלעך צעמזיקט און אי־בערגעגעבן אין מיליטער־געריכט, וועלכער האָט אים פאַרמשפּט צום טויט דורך אויפהענגען. דעם 23 יולי (6 אויגוסט) איז דער פּסק־דין דורכגעפירט געוואָרן.

דער פאַרשטאָרבענער חבר האָט באַגעגנט דעם טויט מיט אַ וווּנדערלעכן מוט. „גיט איבער די חברים, — האָט ער געבעטן שוין נאָך דעם, ווי מען האָט אים דערקלערט דעם טויט־אורטייל,— אַז איך פיל זיך נישט שלעכט. זאָלן זיי נישט פאַרלירן דעם מוט!" דער קעמפער־פּראָלעטאַריער קראַוזע איז געשטאָרבן מיט אַ פעסטן גלויבן אין דעם טריאומף פון דער זאַך, וועלכער ער האָט מיט מסירת־נפש געדינט און אויף וועלכער ער האָט אוועקגעלייגט זיין יונגן לעבן"*).

דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט, אין שייכות מיט קרויזעס אומקום אויף דער תליה, אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אויפ־רוף, אין וועלכן עס ווערט כאַראַקטעריזירט דאָס לעבן און טויט פון דעם יונגן אַרבעטער־וועבער. דער אויפרוף פאַרענדיקט זיך:

*) „די לעצטע פּאַסירונגען" נומ. 20, 2 אָקטאָבער 1905.

„זאָל זיין יונגער טויט, זיין ליכטיקע אָנדענקען אונז מוטיקן צום קאַמף, רופן, כדי צו נעמען רעכענונג פון די טיראַנען פאַר זייער באַרבאַריי און בלוט־פאַרגיסונג. זאָל זיין לעבן און טויט פאַר אונז אַ מוסטער זיין, ווי אַ ציל־באַוווסטער פּראָלעטאַריער לעבט און קעמפט, זאָלן מיר אויסקריצן טיף אין אונזער האַרץ מיט בלוטיקע אותיות דעם אָנדענקען פון אונזער ניי־געפאַלענעם קעמפער און צו אונזערע הייליקע און געפייערטע טויטע, וועלכע זענען אויפן מזבח פון דער אַרבעטער־באַפרייאונג געפאַלן, זאָלן מיר צו שרייבן אויך דעם נאָמען דוד קרויזע.

ערע דיין אָנדענקען, טרייער חבר!
נידער מיט די טיראַנען!
זאָל לעבן די רעוואָלוציע!
זאָל לעבן דער סאָציאַליזם!

לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד". אויגוסט 1905."

אויך דער פּעטערבורגער „פּזשעדשוויט" האָט געשריבן וועגן קרויזעס אומקומען אויף דער תליה. אין די נעקראָלאָגן איבער די אומגעקומענע פּעפּעסישע „באָיאָווצעס" שרייבט זיך:

„נאָך דעם חבר סטעפאַן אָקזשעיאַ, האָט די צאַרישע מאַכט ווידער אויפגעהויבן אַ תליה פאַר איינעם פון די קעמפער פאַר דער אַרבעטער־זאַך. דעם 5־טן אויגוסט איז אומגעקומען אויף דער תליה דער חבר דוד כיל קרויזע, וועלכער איז פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט דורכן קריגס־געריכט"*).

אין די שטרייק־טעג יאַנואַר—פעברואַר איז די צאָל קרבנות געוועזן זייער גרויס. פון די יידישע אַרבעטער זענען קיין אומגעקומענע נישט געוועזן. די צאַרישע מאַכט האָט זיך דאַסמאָל מיטן גאַנצן אימפּעט געוואָרפן אויף די געדיכטע מאַסן, וועלכע האָבן געשטראָמט פון די פאַבריקן און געשאַפן די רעוואָלוציאָנערע שטי־

*) „פּזשעדשוויטיי" נומ. 6—8, יולי—אויגוסט 1905, ז. 323, „נעקראָלאָגיי". אין די אַלע נאָטיצן וועגן קרויזעס טויט און זיין אומקום אויף דער תליה איז אַ גרויסער אונטערשיד אין דער דאַטע, ווען דוד קרויזע האָט געשאָסן צום פּאָליציאַנט.

מונג אין דער שטאָט. די גרעסטע צאָל קרבנות זענען געפאַלן אין ווידזעוו ביי דער פאַבריק פון היינצל און קוניצער (היינט ווידזע־ווער מאַנופאַקטור).

די יידישע אַרבעטער האָבן געהאַט זייערע קרבנות צווישן די פאַרוווּנדעטע.

דעם 4 פעברואַר זענען יידן אויף נאַוואָמיעיסקע און פּולנאָצ־נע גאַס אָנגעפאַלן אויף אַ סטויקאָווע. איינער פון די אָנפאַלער, דער 22־יאָריקער יצחק פרידמאַן, אַ וועבער, האָט געשאָסן צום סטויקאָווע. פרידמאַן האָט באַקומען מיט דער שווערד איבערן קאָפּ און געוואָרן אַרעסטירט. דעם פאַרוווּנדעטן האָט מען אָפּגעשטעלט אין שפּיטאָל שוו. אַלעקסאַנדראַ*).

וועגן דעם פאַל פרידמאַן דערציילט ח' יודל ראָזען אין זיינע נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות:

,,מיר האָבן זיך געפונען אויף פּולנאָצנע גאַס. פּאָליציי און קאָזאַקן האָבן גענומען יאָגן און מערדערלעך שלאָגן די דורכגייער, מייסטנס יידן. די טויערן האָבן די וועכטער פאַרהאַקט. איך און יצחק פרידמאַן האָבן זיך געפונען אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן, ווייל מיר האָבן געהאַט ביי זיך רעוואָלווערן. מיר זענען צו צום טויער און געוואָלט זיך אַריינבאַקומען, דער וועכטער האָט נישט געלאָזט. מיר האָבן אַרויסגענומען די רעוואָלווערן און פרידמאַן האָט אויסגעשאָסן. אין דעם מאָמענט האָט פרידמאַן באַקומען מיט אַ שווערד איבערן קאָפּ. ער איז געפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט.

,,מ'האָט אונז ביידע אַרעסטירט. אין צירקל האָט מען אונז געשלאָגן און געפּייניקט. דאָס בלוט פון פרידמאַנס צעשפּאָלטענעם קאָפּ האָט מען געלאָזט רינען, ביז ס'האָט זיך אַליין אָפּגעשטעלט. לסוף האָט מען אַרויסגערופן פעלטשער, וועלכע האָט די ווונד באַנדאַזשירט. מ'האָט אונז איבערגעשיקט קיין פּיעטריקאָוו. אין

---

*) פון דער לאָדזשער פּרעסע. פון ח' ע. איינענקעלס מאַטער־יאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.



דוד יחיאל קרויזע

אויפגעהאָנגען אין וואַרשע דעם 6 אויגוסט 1905

יוני חודש איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס און דעם 15־טן יוני האָט מען אונז באַפרייט".

די סיבה פון דעם דאָזיקן אומגעריכטן באַפרייען, קלערט אויף ח׳ ראָזען, זאָל האָבן געווען צוליב דער קאָנקורענץ צווישן דער קרימינעלער און פּאָליטישער פּאָליציי. אין לאָדזש האָבן דע־מאָלט מיטגעאַרבעט ביידע פּאָליציי־אָפּטיילונגען ביים פאַרפאָלגן פּאָליטישע פאַרברעכער, פלעגט אָפט קומען צו קאָנקורענץ, ווייל יעדע פּאָליציי־אָפּטיילונג האָט געהאַלטן פאַר איר פאַרדינסט דעם אָדער יענעם פאַרפאָלגונגס־אַקט קעגן די אַרבעטער. אויך מיט די צוויי אַרעסטירטע בונדישע באַיאָוועצעס איז געווען דער פאַל. די קרימינעלע און פּאָליטישע פּאָליציי־אָפּטיילונגען האָבן זיך געריסן איבער די קרבנות, יעדער האָט געהאַלטן פאַר זיין געווינס דאָס כאַפּן די יידישע טעראָריסטן מיט געווער אין האַנט. אין רעזולטאַט האָט די פּאָליטישע פּאָליציי נישט צוגעשטעלט די געהעריקע אינ־פאָרמאַציעס און עדות צום פּראָצעס, כדי צו קאָמפּראָמיטירן די קרימינעלע פּאָליציי־אָרגאַנען און די ביידע חברים זענען באַפרייט געוואָרן.

די קאַמפּן און שטרייקן אין לאָדזש אין שייכות מיטן 9־טן יאַנואַר, האָבן אָנגעהאַלטן ביז דעם 13־טן פעברואַר.

דער פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר אַרצימאָוויטש, וועלכער האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דער דאָזיקער רעוואָלוציאָנערער כוואַ־ליע, האָט געעצהט די אינדוסטריעלער, זיי זאָלן עטוואָס נאָכקומען די אַרבעטער: קירצן דעם אַרבעטס־טאָג אויף 10 שעה און איינ־גיין אויף אַ לוין־הוספה. די אינדוסטריעלער האָבן אויף דעם מסכים געווען. און דעם 13־טן פאַרעפנטלעכט אין די צייטונגען די באַדינגונגען: אַ 10־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, לוין־העכערונג אויף 15% פאַר אַרבעטער, וואָס האָבן באַקומען ווייניקער ווי 3 רובל אַ וואָך, 12½% פאַר די, וואָס האָבן באַקומען 4—3 רוב., 10% פאַר די פון 4 ביז 5 רוב., 7½% פון 6—5 רוב., 5% פון 7—6 רוב.; פאַר די אַקאָרד־וועבער — 5%, פאַר שפּינערינס — 15%. די אַרבעטער האָבן זיך מיט דעם נישט צופרידנגעשטעלט

און אונטערגעהאַלטן זייערע פאָדערונגען: 8-שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און אַ מינימום־לוין. די אינדוסטריעלער האָבן דעריבער מיט־געטיילט, אַז אויב מ'וועט זיך נישט שטעלן צו דער אַרבעט תיכף, וועלן די הנחות צוריקגעצויגן ווערן. די שטרייקנדע האָבן זיך אָבער נישט געאיילט צו פאַרענדיקן דעם שטרייק. זיי האָבן דער־וואַרט אַ בעסערן רעזולטאַט פון זייער קאַמף מיט אַזויפיל בלוטי־קע קרבנות. פון די אַרבעטער־פּאַרטייען האָט קיינער דעם שטרייק ווייטער נישט אונטערגעהאַלטן און ער האָט זיך אָנגעהויבן לאַנג־זאַם אויסלעשן. ערשט דעם 27-טן פעברואַר איז דער שטרייק גע־וואָרן פולשטענדיק פאַרענדיקט. אָבער דערמיט זענען די קאַמפן נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער פּראָלעטאַריאַט האָט דערפילט זיין כח און קראַפט און נישט געוואָלט מער ליידן קיין עוולות.

דעם 6-טן מערץ זענען אַרבעטער אָנגעפאַלן אויף אַ פּאָלי־ציאַנט פון פאַרהאַסטן ערשטן צירקל. דער פּאָליציאַנט האָט מיט דער שווערד זיך פאַרטיידיקט און אָפּגעהאַקט דריי פינגער פון דער לינקער האַנט דעם 15-יעריקן דוד האַרטנער און אויך פאַר־וווּנדעט אים דעם רעכטן פוס*).

אין מערץ האָבן פאַרשטרייקט די וועבער פון פּאָזנאַנסקיס פאַבריק. די אַרבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט אויפן פאַבריקס־הויף, מיליטער האָט צעיאָגט, 23 אַרבעטער זענען געוואָרן פאַרווּנדעט. אין דער אייגענער פאַבריק האָט אויפגעריסן אַ באָמבע, דער פאַר־טיער איז געהרגעט געוואָרן. אויף דלוגע גאַס איז אויסגעפירט געוואָרן אַן אָנפאַל אויפן פּריסטאַוו שאַטילעוויטש, וועלכער האָט דערהרגעט דעם פעפעסישן פאָנען־טרעגער בעת דער ערשטער יאַ־נואַר־דעמאָנסטראַציע. נישט געקוקט אויף די באַקומענע ווּנדן, האָט דער פּריסטאַוו דערהרגעט דעם אָנפאַלער מיט דער שווערד. אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער פּריסטאַוו געשטאָרבן פון די ווּנדן.

---

*) פון דער לאָדזשער פּרעסע. פון ח׳ ע. אייזנעקעלס מאַטער־יאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.

נאָך די דאָזיקע צוויי חדשים בלוטיקע קאַמפן פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט, וועלכע זענען אַרויסגערופן געוואָרן צוליב די פּע־טערבורגער געשעענישן אין 9־טן יאַנואַר, קומט פאָר אַ קליינע חודשדיקע אָטעם־פּויזע. דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט היילט זיי־נע ווונדן, וואָס ער האָט באַקומען אין די ערשטע שלאַכטן מיט דער צאַרישער מאַכט, באַוויינט זיינע טויטע און גרייט זיך צו נייע קאַמפן. דאָס אָנגעצונדענע רעוואָלוציאָנערע פייער איז נישט פאַרלאָשן געוואָרן. פאַרקערט, עס ווערט נאָך שטאַרקער און גליענ־דיקער אונטער דער ווירקונג פון די נישט־באַפרידיקטע פאָדערונ־גען און די אַלגעמיינע געשעענישן אין רוסלאַנד.

דער בלוטיקער סך־הכל פון דער ערשטער פאַרמעסטונג צווישן דעם לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט און דעם קאַפּיטאַל מיט זיין צאַרן־מאַכט, איז פאָלגנדער:

| | טויטע | געשט. פון ווונדן | פאַרוואונדעטע | צוזאַמען |
|---|---|---|---|---|
| יאַנואַר | 1 | — | 7 | 8 |
| פעברואַר | 6 | 12 | 93 | 57 |
| מערץ | 2 | — | 29 | 31 |
| | 9 | 12 | 65 | (*96 |

*) פון ע. איינענקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.

## XVIII

# דער בלוטיקער ערשטער מאי

געמיינזאַמער פראָנט פון יידישע און פוילישע אַרבעטער („בונדיי—ס. ד. ק. פּ. אי ל.). — די צוגרייטונגען צום ערשטן מאַי. — שיסעריי אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס.—דער ערשטער מאַי־שטרייק. — יידישע און פוילישע אַרבע־טער שטעלן אָפּ שייבלערס פאַבריקן. — 9 דעמאָנסטראַ־ציעס. — צוזאַמענשטויסן מיט בלוטיקע קרבנות. — דער מערדערישער איבערפאַל אויף דער בונדישער דע־מאָנסטראַציע אויף דער ווסכאָדניע גאַס. — אסתר ווייס־וואָל און ישראל שטערן — קרבנות פון דער דעמאָנ־סטראַציע.

די יאַנואַר־ און פעברואַר־געשעענישן, די שטרייקן און בלו־טיקע קרבנות האָבן דעם לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט, פּוילישן אַזוי גוט ווי יידישן, נישט אָפּגעשוואַכט. פאַרקערט, עס איז געוואַקסן דער מוט און דער קאַמפּס־ווילן. דער „שטילער" חודש אַפּריל איז אויסגענוצט געוואָרן פון די אַרבעטער־פּאַרטייען אויף פאַרצובערייטן די ערשטע מאַי־פייערונג.

אויף די בונדישע בירזשעס, אויף ווסכאָדניע, פּולנאָצנע איז געגאַנגען אַ לעבעדיקע באַוועגונג. די הויפּט־אַגיטאַציע איז גע־פירט געוואָרן אַרום דעם ערשטן מאַי.

אויך ס. ד. ק. פּ. אי ל. און פּ. פּ. ס. האָבן זיך געגרייט אַרויס־צוטרעטן אין אַ ברייטן פאַרנעם. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָר־גאַניזירן די דעמאָנסטראַציעס אין פאַרשידענע טיילן פון שטאָט, כדי אויסצומיידן אַן אַלגעמיינע בלוט־באָד. מיט די מאַי־פייערונ־

נען האָט ווידער אָנגעפירט אַ געמישטער קאָמיטעט פון פאָרשטייער פון „בונד" און ס. ד. ק. פּ. אי ל. אין קאָמיטעט זענען אריין צו 3 פאָרשטייער פון יעדער אָרגאַניזאַציע. אַלע בעשלוסן האָבן גע־קענט דורכגעפירט ווערן נאָר נאָך אַ צושטימונג פון יעדער אָרגאַ־ניזאַציע באַזונדער. דער בשותפותדיקער קאָמיטעט האָט געהאַט די אויפגאַבע צו אָרגאַניזירן דעם אַלגעמיינעם שטרייק און איינאָרדע־נען געמיינזאַמע דעמאָנסטראַציעס*). יעדע אָרגאַניזאַציע האָט, אַ חוץ דעם, געפירט די אַגיטאַציע־אַרבעט אויף איר אָפּשניט. דער „בונד" האָט פאַרשטאַרקט זיין קאַמפּס־אָפּטיילונג און גערופן די אַרבעטער צו באַוואָפענען זיך און שטעלן אַ ווידערשטאַנד.

אין דער זעלבער צייט זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרזאַמ־לונגען, אין וועלכע ס'האָבן זיך באַטייליקט פון 4—5 טויזנט פער־זאָן. גערעדט האָט מען אומעטום, אין קאַפּעען, אין וווינונגען און שולן. אין סאַמע צענטער פון שטאָט, אויף אַ הויף, איז אָרגאַני־זירט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג פון 2500 מאַן. אויף דער פאַרזאַמ־לונג איז גערופן געוואָרן צום ערשטן מאַי־שטרייק. עס זענען פאַר־טיילט געוואָרן די מאַי־פּראָקלאַמאַציעס פון צ. ק. פון „בונד". די פאַרזאַמלונג איז פולשטענדיק געלונגען. צעגייענדיק זיך, האָבן די באַגייסטערטע אַרבעטער איינגעאָרדנט קליינע מאַניפעסטאַציעס.

„בכלל איז דער אויטאָריטעט פון „בונד" זייער גרויס. דאָס וואָרט פון דער אָרגאַניזאַציע איז כמעט אַ געזעץ. עס ווערט גע־זאַמלט געלט אויף געווער. די קאַמפּס־שטימונג איז אַ געהויבענע. אַלע גרייטן זיך צום ערשטן מאַי, אויך די פּאָליציי"**).

דער ערשטער מאַי פון יאָר 1905 איז אויסגעפאַלן מאָנטאָג, אָבער שוין אין די צוויי טעג שבת און זונטאָג איז די שטאָט גע־וועזן ווי אין פיבער. דער בירגערלעכער עולם האָט מיט שרעק גע־רעדט וועגן מאָנטאָגדיקן טאָג. רייכערע זענען ארויסגעפאָרן פון דער שטאָט. איבערן יידישן קוואַרטאַל האָט געפלאַטערט דער פּאָ־גראָם־געשפּענסט. די „אחדות" האָבן אַלעמען באַרויקט, געגעבן

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905.
**) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 230, 11 מאַי 1905.

צו פאַרשטיין, ווי גרויס ס'איז איצט דער כח פון די אַרבעטער, וועלכע קאָנען יעדן פּאָגראָם־פּרווו גלייך פון אָנהייב דערשטיקן.

איבער דער שטאָט זענען פאַרשפּרייט געוואָרן טויזנטער עקסעמפּלאַרן פון די מאַי־פּראָקלאַמאַציעס פון צ. ק. פון „בונד" און פון אַנדערע סאָצ. פּאַרטייען. מ'האָט געטיילט די בלעטלעך אין די שולן, בתי־מדרשים און אין אַלע עפנטלעכע ערטער. מ'האָט געקלעבט אויף די ווענט, פון אַלע ווינקעלעך האָט גערעדט און גערופן דער אָנקומענדער ערשטער מאַי. דער בונדישער קאָמיטעט האָט אויך אַרויסגעלאָזט געדרוקטע איינלאַדונגען אין דער פּוילישער שפּראַך, וועלכע פאַרבעטן די פּוילישע אַרבעטער צו באַטייליקן זיך אין שטרייק און מאַי־דעמאָנסטראַציע צוזאַמען מיטן יידישן פּראָלעטאַריאַט.

זונטאָג, ערב דעם ערשטן מאַי, איז די שטימונג אין שטאָט געווען זייער אַ געשפּאַנטע. די צאַרישע מאַכט האָט זיך געריכט אויף געשעענישן און דעם טאָג, ווען אַלע פאַבריקן שטייען. איבער די גאַסן האָבן זיך געטראָגן קאָזאַקן, עס האָבן מאַרשירט זעלנערישע פּאַטרולן און געטריבן די אַרבעטער, וועלכע האָבן גרופּנווייז שפּאַצירט. אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס איז געקומען צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס. לויט די ידיעות פון דער אָרטיקער פּרעסע, איז דער צוזאַמענשטויס געווען אַ רעזולטאַט פון אַ יידישער דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז געגאַנגען איינס אַזייגער פון דער אַלטשטאָטישער שול מיט רויטע פענער און רעוואָלוציאָנערע לידער. אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס האָט זיך די דעמאָנסטראַציע אָנגעטראָפן אויף אַ קאָזאַקן־פּאַטרול, וועלכער האָט געשאָסן און פאַרווונדעט 4 פּערזאָן, דערונטער 3 יידן: יאַנקל קינדערמאַן, 54 יאָר אַלט, אַ גלעזער, פייגע דזשאַלאָשינסקאַ, 30 יאָר אַלט, אַ פרוי פון אַ האַנטווערקער און אַ 15־יעריק מיידל יוכבד אַפּעלבוים*).

לויט אַ פּאָליציייאישן ראַפּאָרט, וועלכן עס ברענגט ד"ר פּרוכניק אין זיין אַרבעט אין „לאָדזשער יאָר־בוך", איז דער פאַרלויף פון דער בלוטיקער שיסעריי אויף וואָלבאָרסקאַ גאַס געווען אַן אַנ־

*) פון ע. איינענקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

דערער: פּאָליציי האָט געוואָלט פאַנאַנדערייאָגן אַן עולם, וואָס האָט זיך געזאַמלט ביי דעם טיי־הויז אויף וואָלבאַרסקאַ 22. די אַנוועזנ־דע האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און געוואָרפן שטיינער. פּאָ־ליציי האָט געשאָסן. 4 פּערזאָן זענען געוואָרן פאַרוווּנדעט. לויט דעם זעלבן ראַפּאָרט איז אין אָוונט ערב דעם ערשטן מאַי דער „רע־וויראָווי" (פּזשאַדאָווניק) קריענקאַ געשטאָכן געוואָרן אין די פּליי־צעס. דער אָנפאַלער איז אַנטלאָפן.

אין די קאָרעספּאָנדענציעס אין די בונדישע אויסגאַבן פון יענער צייט איז נישט דערמאָנט וועגן אַ דעמאָנסטראַציע, וועלכע זאָל האָבן פאָרגעקומען דעם 30־טן אַפּריל, ס'איז אָבער באַשריבן די שיסעריי ביים טיי־הויז, אַזוי ווי ס'האָט עס שפּעטער איבערגע־געבן דער פּאָליצייאישער ראַפּאָרט. מ'דאַרף דעריבער אָננעמען, אַז די צעווילדעוועטע פּאָליציי איז דאָ באַפאַלן נישט קיין דעמאָנ־סטראַציע, נאָר רואיקע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט אַרום דער „טשאַיניע" (טיי־הויז).

אין אָוונט זענען בונדישע גרופּן אַרומגעגאַנגען איבער די יידישע וואַרקשטאַטן, מאַגאַזינען און אונטערנעמונגען, פאַרטיילט פּראָקלאַמאַציעס, אָפּגעהאַלטן קליינע פאַרזאַמלונגען און גערופן צום שטרייק און דעמאָנסטראַציע אין טאָג פון ערשטן מאַי. אַ סך אַרבעטער האָבן באַלד געוואָרפן די אַרבעט און אַוועק אויף דער בערזע*).

אין דער נאַכט האָט זיך די שטאָט געפילט ווי ערב אַ שלאַכט. אין די פינסטערע געסלעך פון באַלוט האָבן פון צייט צו צייט אָפּ־געהילכט שאָסן פון קאָזאַקישע ביקסן; אויף אַנדערע ערטער האָבן אַרבעטער געלאָזט ראַקעטן, וועלכע האָבן זיך אין פונקען פאַנאַנ־דערגעשאָטן איבערן טונקעלן הימל. מ'האָט געשאָסן פון רעוואָל־ווערן. עס איז געווען אַ פייערלעכע ערב מאַי־נאַכט.

די דעמאָנסטראַציעס און אַרויסטרעטונגען פון די אַרבעטער אין טאָג פון ערשטן מאַי האָבן זיך אָנגעהויבן גאַנץ פרי. נישט אַלע אונטערנעמונגען האָבן געשטרייקט, אַ סך אַרבעטער זענען

---

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905.

אוועק צו דער אַרבעט. הונדערטער בונדיסטן און פּ. ס.־דעקעס, גרופּן פון פּ.פּ.ס., פּוילישע, יידישע און דייטשע אַרבעטער האָבן אַרומגערינגלט די פאַבריקן. די יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געהאַט קיין צוטריט צו די פאַבריקס־מויערן, זענען איצט, צוזאַמען מיט אַנדערע אַרבעטער, געשטאַנען און גע־וואַכט ביי די טויערן, כדי אָפּצושטעלן די אַרבעט אין דאָזיקן רע־וואָלוציאָנערן מאַי־יום־טוב.

פאַר די טויערן פון די פאַבריקן זענען פאָרגעקומען פאַרברי־דערונגס־סצענעס צווישן פּוילישן און יידישן פּראָלעטאַריאַט. מ'האָט זיך געקושט און געווינטשן דערפאָלג אין דעם קאַמפּס־טאָג.

10 פרי איז געלונגען אָפּצושטעלן שייבלערס פאַבריק. די „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905, באַשרייבט אַזוי דאָס אָפּשטעלן שייבלערס פאַבריק:

„אַרום 10 אַזייגער קומט צו אַן אָפּטיילונג צו דער גרויסער פאַבריק פון שייבלערן, די טויערן זענען געשלאָסן. זיי גיבן זיך אָבער אונטער דעם דרוק פון הונדערטער מוסקוליעזע הענט. אונ־זערע זענען שוין הינטער די טויערן. פּלוצלינג באַווייזן זיך עט־לעכע סאָלדאַטן. נאָך אַ מאָמענט און אונזער אָפּטיילונג וועט זיך געפינען אין אַ פאַסטקע, אָבער דורך אַ געשיקטן מאַנעוור געלונגט אונז אַרויסצובאַקומען זיך פון פאַבריקס־הויף און אויסצומיידן אַ צוזאַמענשטויס מיט די זעלנער. די אָפּטיילונג גייט נישט אוועק, זי זאַמלט זיך ווידער אויף אַ געוויסן שטח נעבן דער פאַבריק און דורך אַ מאַניפעסטאַציע, גיט זי צו וויסן די אַרבעטער פון דער פאַ־בריק, אַז זיי דאַרפן אַרויסגיין. פון די פענסטער פון דער פאַבריק גיט מען צייכנס, אַז די אַרבעט ווערט אָפּגעשטעלט. די אַרבעטער שטעלן זיך אויס אין רייען און אין אייניקע מינוט אַרום מאַרשירט אוועק אַ טויזנט־קעפּיקער המון אויף דער שכנותדיקער גלאָוונע גאַס. עס פלאַטערט די רויטע פאָן. עס ווערן צעוואָרפן פּראָקלאַמאַציעס. אין משך פון 15 מינוט הערן זיך אומאויפהערלעכע רעוואָלוציאָ־נערע אויסרופן און די מאַניפעסטאַנטן צעגייען זיך אָן צוזאַמענ־שטויסן מיטן מיליטער.

בער צייט אין באַלוט".

די שטרייקנדע האָט זיך אין דעם טאָג איינגעגעבן צו באַ־הערשן די שטאָט. בונדישע גרופּן האָבן געשלאָסן אַלע געוועלבער און מאַגאַזינען, אָפּגעשטעלט דעם גאַנצן פאַרקער, די טראַמווייען, וועלכע זענען אַרויסגעפאָרן, זענען געצוואונגען געוואָרן זיך אומצו־קערן אין רעמיזיע. דאָס גאַנצע לעבן אין שטאָט האָט זיך אָפּ־געשטעלט און נאָר די צוויי קעגנערישע מחנות — פּאָליציי און קאָ־זאַקן פון איין זייט און אַרבעטער פון דער צווייטער זייט — האָבן פול געמאַכט די גאַסן.

אין משך פון טאָג זענען פאָרגעקומען 9 דעמאָנסטראַציעס. עס זענען געטראָגן געוואָרן רויטע פענער מיט פּויליש און יידי־שע אויפשריפטן.

אויף דער וסכאָדניע גאַס זענען דעם טאָג פאָרגעקומען 2 בונדישע דעמאָנסטראַציעס. האַלב 2 איז אַדורך איין דעמאָנ־סטראַציע. עס איז פאָרגעקומען אַ קעגנזייטיקע שיסעריי. די בונ־דישע קאַמפּס־אָפּטיילונג האָט צוריקגעשאָסן אין די קאָזאַקן. מ'האָט געשאָסן פון באַלקאָנען און פענסטער. לויט ידיעות פון דער אָר־טיקער פּרעסע, זענען פון דער שיסעריי געוועזן קרבנות: ראַפּאָ־פּאָרט, אַ שילערין פון 6־טער קלאַס גימנאַזיע, פייגע באָרנשטיין, 38 יאָר אַלט, געפאַלן טויט, יאַנקל הערשקאָוויטש, 22 יאָר אַלט, געשטאָרבן אויפן וועג צום שפּיטאָל, יאַנקל בלענדא, פאַרוואונדעט מיט אַ שווערד אין קאָפּ. אַ חוץ דעם זענען נאָך געוועזן איניקע לייכט־פאַרוואונדעטע*).

4 אַזייגער האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווייטע דעמאָנסטראַציע. פאַראויס איז געטראָגן געוואָרן די בונדישע פאָן, וועלכע איז באַ־וואַכט געוועזן פון דער „קאַמפּס־אָפּטיילונג". די מאַסע איז פון מינוט צו מינוט געוואַקסן. דאָס געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער האָט מיט באַגייסטערונג אָפּגעקלינגען איבער דער גאַס.

מיטאַמאָל האָבן זיך באַוויזן די קאָזאַקן. אַ ווייל איז דער צוג

*) פון חי ע. איינעוקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.

געבליבן שטיין און ווייטער געזונגען, אָבער באַלד איז געפאַלן אַ זאַלפּ פון דער צעיושעטער קאָזאַקן־באַנדע. די רייען האָבן זיך צוזאַמענגעבראָכן. מיט אַ ווילדער רציחה זענען די קאָזאַקן אַריין אין דער מאַסע. געהאַקט מיט שווערדן און נאַגייקעס. בלוט האָט זיך געגאָסן שטראָמענווייז, געשרייען און זיפצן האָבן פול געמאַכט די לופט. און ווען דער פּלאַץ איז אָפּגערייניקט געוואָרן, זענען צוויי געבליבן ליגן דערשאָסענע אין אַ קאַלוזשע בלוט, אַרומגע־רינגלט פון די קאָזאַקן"*). דאָס זענען געווען די חברים: אסתר ווייסוואַל און ישראל שטערן.

5 אַזייגער נאָכמיטאָג קומט ווידער פאָר אַ גראַנדיעזע דעמאָנ־סטראַציע אויף גלוונע. ס'קומט פאָר אַ צוזאַמענשטויס מיט מילי־טער. די סאָלדאַטן שיסן זאַלפנווייז און די אַרבעטער זענען גע־צוווּנגען צו אַנטקומען, איבערלאָזנדיק אויפן אָרט אַ מאַסע פאַר־וווּנדעטע. די מאַניפעסטאַציעס האָבן זיך סטיכיש איבערגעחזרט אומצאָליקע מאָל און געדויערט ביז שפּעט אין אָוונט.

9 אַזייגער אָוונט איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע אויף פּיעפּערס גאַס. די דעמאָנסטראַציע איז אַדורך שטורמיש. עס איז געווען אַ צוזאַמענשטויס מיט מיליטער. ס'איז פאַרווונדעט געוואָרן די הענדלערקע שרה לעווקאָוויטש, 36 יאָר אַלט**).

לויט דעם פּאָליציייאישן ראַפּאָרט זענען פאָרגעקומען 20 דע־מאָנסטראַציעס. דער ראַפּאָרט נאָטירט נאַטירלעך אַלס דעמאָנ־סטראַציע יעדע צונויפזאַמלונג פון אַרבעטער, וועלכע זענען אויף אַ גרויזאַמען אופן צעטריבן געוואָרן.

אין ראַפּאָרט דערציילט זיך, אַז באַלד אין דער פרי האָט מען געשיקט מיליטער צו היטן די פאַבריקן. פון 62,444 אַרבעטנדיקע, האָבן פאַרשטרייקט 31.352 אַרבעטער. פרווון פון דעמאָנסטראַ־ציעס און צוזאַמענשטויסן מיט מיליטער זענען געווען: 6.20 פרי

---

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905, אין דער קאָרעספּאָנדענץ ווערן דערמאָנט 3 געהרגעטע און אַ סך פאַרוווּנ־דעטע.

**) פון חי ע. איינעגקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.



אסתר ווייסוואָל
געפאַלן בעת דער 1-טער מאַי-דעמאָנסטראַציע אין 1905



ישראל שטערן
דערשאָסן געוואָרן בעת דער 1-טער מאַי-דעמאָנסטראַציע אין פינפטן יאָר,
צוויי חדשים נאָכדעם, ווי ער איז געקומען פון רוסיש-יאַפּאַנישן פראָנט.
די פאָטאָגראַפיע שטעלט פאָר שטערנען אין די רוסישע מיליטערישע בגדים.

אויף מיליאנאָווא גאַס: אַ פּעפּעסישע דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטער פאָן. די פאָן איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אויף די טעלעגראַף־דראָטן און דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. 6.30 איז אויף גייערס מאַרק פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע פון יידישע אַרבעטער, וועלכע האָבן געפּרוּווט אַראָפּנעמען די אַרבעטער פון גראָמאַנס פאַבריק. דער המון איז צעטריבן געוואָרן. 9.30 האָט מען אָפּגעשטעלט די אַרבעט אין שייבלערס פאַבריק. עס איז אַוועק אַ דעמאָנסטראַציע איבער ווידזעווער גאַס, וועלכע איז צעיאָגט געוואָרן. 10.15 האָבן דראַגאָנער צעיאָגט אַ דעמאָנסטראַציע אויף באַלוטער מאַרק. 10.45 איז צעיאָגט געוואָרן אַ דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטער פאָן אויף מלינאַרסקע. ווייטער האָט מען צעיאָגט דעמאָנסטראַציעס אויף לאָנקאָווע, ווידזעווער גאַס, פּיעטריקאָווער, פּאָלודניאָווע, אַלעקסאַנדריסקאַ, אַלטשטאָט, טאַרגאָווע, לאַגעווניצקאַ.

ווען דער בלוטיקער בונדישער דעמאָנסטראַציע אויף װסכאָדניע דערציילט דער ראַפּאָרט, אַז פאָראויס איז געגאַנגען אַ געשלאָסענע באַוואָפנטע רייע פון „באָיאָוועצעס". די קאָזאַקן האָבן אַטאַקירט פון דער זייט פּאָלודניאָווע און שרעדניע (פּאָמאָרסקאַ) און עס איז געפאַלן טויט אסתר ווייסוואָל, 18 יאָר אַלט און אַ סך זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן. שווער פאַרוווּנדעט איז געוואָרן ישראל שטערן און ער איז פון די וווּנדן געשטאָרבן.

פאַרנאַכט האָבן זיך די דעמאָנסטראַציעס ווייטער איבערגעחזרט. אויף שייבלערס מאַרק האָט זיך פאָרמירט אַ דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז אַוועק אויף ראַקאָטשינער שאָסיי. דאָרט זענען די דראַגאָנער באַפאַלן די דעמאָנסטראַציע און זי צעיאָגט. אויף גלוּוונע האָבן דעמאָנסטראַנטן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און פאַרוווּנדעט דעם פּריסטאַוו ניקאָלאַיעוו. 1 אַרבעטער איז געוואָרן פאַרוווּנדעט. ווייטער זענען צעיאָגט געוואָרן דעמאָנסטראַציעס אויף סוּוואַלסקאַ, זאַזשעווסקאַ.

אויף ראָג פּייפער און אַלעקסאַנדראָווסקאַ איז געקומען צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס. די דעמאָנסטראַנטן האָבן באַוואָרפן מיט שטיינער דאָס מיליטער. איין אַרבעטער איז געוואָרן אַרעס־

טירט, די מאַסע האָט אים געוואָלט אָפּשלאָגן, מ׳האָט געשאָסן צום מיליטער, די זעלנער האָבן געענטפערט מיט אַ סאַלווע, צוויי פּערזאָן זענען דערהרגעט געוואָרן: מאַריאַננאַ קאָסמאָן, 40 יאָר אַלט און אַ קינד פון 4 יאָר, יאַן פּיאַסעק.

די דעמאָנסטראַנטן האָבן נישט געוואָלט אָפּטרעטן. ערשט פרישע פאַרשטאַרקונגען פון מיליטער האָט זיך איינגעגעבן צוצעטרייבן די דעמאָנסטראַנטן. אויף ראָג ראַקאָטשינער און פּזשענדזשעלניאַנאַ איז אויך פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס צווישן מיליטער און המון. עס איז פאַרווונדעט געוואָרן 1 אַרבעטער און 3 דראַגאַנער.

צו אַ באַזונדערס בלוטיקן קאַמף איז געקומען אויף ראָג פּיי־פער און קרוטקע. פון די דעכער און פענסטער האָט מען געוואָרפן שטיינער אויפן מיליטער. די זעלנער האָבן געשאָסן, עס איז געפאַלן טויט פּייגע דבורה כענטשינסקאַ וועל באָרנשטיין, 40 יאָר אַלט. ווייטערע דעמאָנסטראַציעס זענען פאָרגעקומען אויף שייבלערס מאַרק, מיט אַ רויטער פאָן. די דעמאָנסטראַציע איז געגאַנגען דורך טאַרגאָווע, נאַוראָט, אויף פּיעטריקאָווער האָט מען זי צעיאָגט. די לעצטע דעמאָנסטראַציע איז געווען דורך ווידזעווער, גלוווּנע און ניקאָלאַיעווסקע. דער ראַפּאָרט פאַרענדיקט, אַז אין דעם טאָג זענען געפאַלן פינף דעמאָנסטראַנטן. איין פּערזאָן איז צופעליק דערשאָסן געוואָרן — מאַריאַננאַ באַרטאָלינסקאַ, וועלכע איז געשטאַנען אין פענסטער אויף נאַוראָט גאַס. אויף ווידזעווער גאַס (קילינסקיעגאָ) האָט מען דערשטאָכן דעם אַרבעטער קסאַווערי ביעניאַק, וועלכן מ׳האָט אָנגענומען פאַר אַ שפּיצעל. די צאָל פאַרוווּנדעטע איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן*).

ווי עס איז צו זען פון דעם פּאָליציייאישן ראַפּאָרט, האָבן די קאָזאַקן און פּאָליציי איינגעאָרדנט אַ בלוטיקן געיעג אויף די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך אין דעם מאַי־יום־טוב געזאַמלט אויף

*) לויט די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך״.

דער גאַס. מען האָט געשאָסן, געהאַקט מיט שווערדן אויף לינקס און אויף רעכטס. אמבּלוטיקסטן האָט זיך פאַרענדיקט די בּונדי־שע דעמאָנסטראַציע אויף ווסכאָדניע גאַס. בּונדישע דעמאָנסטראַ־ציעס זענען אין דעם טאָג פאָרגעקומען עטלעכע. אייניקע דעמאָנ־סטראַציעס זענען פאָרגעקומען געמיינזאַם פון יידישע און פּויל־ישע אַרבּעטער.

די צוויי חברים, וועלכע זענען געפאַלן אויף דער בּונדישער דעמאָנסטראַציע אויף ווסכאָדניע גאַס, זענען אין די אַרבּעטער־קרייזן פון יענער צייט געווען גוט באַקאַנט. ישראל שטערן איז געווען אַ בּרודער פון דעם דעמאָלט פּאָפּולערן בּונדישן טוער אברהם שטערן.

ישראל שטערן איז נאָר־וואָס געהאַט געקומען פון רוסיש־יאַ־פּאַנישן פראָנט, אַ פאַרוווּנדעטער. ער האָט נישט פאַרזוימט זיך צו שטעלן אין די רייען פון „בּונד" און געפינען זיין טויט אויפן שלאַכט־פעלד פאַרן סאָציאַליסטישן מאָרגן.

די צווייטע געפאַלענע, חברטע אסתר וויסוואַל, איז געווען אַ יונג מיידל, 18 יאָר אַלט. זי איז אַרויסגעקומען פון אַ באַלעבאַ־טישער האַנטווערקער־פאַמיליע. איר פאָטער דוד איז געווען אַ בּלעכער־מייסטער. אסתר איז געווען די עלטסטע טאָכטער. זי איז צוגעצויגן געוואָרן צום „בּונד" דורך אַ בּלעכער־אַרבּעטער, וואָס האָט געאַרבּעט בּיי איר פאָטער. ווען אסתרס שטרענגער פאָ־טער האָט זיך דערוווּסט, אַז זיין טאָכטער איז געוואָרן אַן „אחדות", האָט זיך אין שטוב געטון חושך. מ'האָט גענומען נאָך שטאַרקער פאַרפאָלגן דאָס יונגע מיידל, אָפט איינגעשלאָסן אין שטוב, צעשניטן אירע היט. דער פאָטער איז זיין טאָכטער נאָכגע־גאַנגען אויף דער בּירזשע און דאָרט איר געמאַכט סקאַנדאַלן. דאָס יונגע מיידל האָט אויף דעם אַלעם נישט געקוקט און מיט דעם גאַנצן בּרען און באַגייסטערונג פון איר יונגער נשמה זיך איבּער־געגעבּן דעם „בּונד". בּיז זי איז אומגעקומען פון צאַרישע קוילן אויף דער מאַי־דעמאָנסטראַציע.

פיר טעג איז דער קערפּער געלעגן אין פּראָסעקטאָריום. לסוף

האָט אין אַ טונקעלער נאַכט די פּאָליציי אַרויסגעפירט די אומגע־
קומענע אויפן יידישן בית־עולם און דאָרט זי אין דער שטיל מקבר
געווען. אַפילו די עלטערן האָט מען נישט צוגעלאָזט. אויפן זעלבן
אופן איז אויך פאַרגעקומען די קבורה פון ישראל שטערן.

# XIX

## פון 1-טן מאי ביז די שטורעם-טעג

דער איינדרוק פון די בלוטיקע 1־טע מאַ ־דעמאָנ־
סטראַציעס. — די שיסעריי ביים קאָשטשאָל פון הייי־
ליקן קרייץ. — דאָס פאַרניכטן די צאַרישע פענער
בעת אַ „גאַלוווקעיי. — צוזאַמענשטויס מיט פּאָליציי
אויף ווסכאָדניע (פּילסודסקיעגאָ) גאַס. — עקאָנאָמי־
שע שטרייקן פון יידישן און פּוילישן פּראָלעטאַריאַט.—
דער בלוטיקער שטרייק אין גראָמאַנס פאַבריק. — זעל־
נער שיסן אויף אַ קינדער־דעמאָנסטראַציע. — גראַנ־
דיעזע לויות פון דערשאָסענעם פּוילישן אַרבעטער און
פון יידישן יינגל. — אַרבעטער באַזייטיקן די דירעק־
טאָרן און פאַבריקאַנטן און באַזעצן די פאַבריקן. —
„בונדיי — דער באַלעבאָס פון דער יידישער גאַס. —
מיפאַרטרייבט די צאַרישע פּאָליציי און דאָס מיליטער
פון די פּאָסטנס.

דער אַרויסטריט פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט אין ערשטן מאַי 1905 האָט נישט געהאַט אזא פאַרנעם, ווי די יאַנואַר־שטרייקן. דער ערשטער מאַי־שטרייק האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קליינער צאָל באַטייליקטע. די גרעסערע פאַבריקן זענען אין דער פרי געווען טעטיק. נישט געקוקט אויף אַלע אָנשטרענגונגען פון די אָרגאַני־זירטע אַרבעטער אין „בונד", פּ. ס. ד. און פּ. פּ. ס., האָט זיך אין משך פון טאָג נישט איינגעגעבן אָפּצושטעלן אַלע פאַבריקן. דער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך נישט געהאַט צו זיך געקומען נאָך דעם גרויסן אָפּפלוס פון בלוט און ענערגיע, בעת די קאַמפן אין

די יאנואר־ און פעברואר־טעג. לויט די ארויסטרעטונגען אין ערשטן מאי, האָט דעריבער קיינער נישט געקענט אורטיילן, אַז מיט 7 וואָכן שפּעטער וועט קומען צו די באַרימטע באַריקאַדן־טעג און דאָך איז עס געקומען. צו דעם האָט צוגעהאָלפן די אכזריות און ברוטאַליטעט פון דער צאַרישער פּאָליציי און דאָס פאַרהאַלטן זיך פון די אינדוסטריעלער, וועלכע האָבן צוריק אָפּגענומען די געווינסן, וואָס די אַרבעטער האָבן זיך דערשלאָגן בעת די פריערדיקע קאַמפן.

שוין די שחיטה, וואָס די צעווילדעוועטע קאָזאַקן און זעלנער האָבן געמאַכט איבער די דעמאָנסטרירנדע אַרבעטער אין טאָג פון ערשטן מאַי, האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע פּראָלעטאַרישע לאָדזש. דאַן זענען צוגעקומען די געשעענישן אין 3־טן מאַי. אין דעם טאָג האָט זיך פאַרזאַמלט פאַרן קאָשטשאָל פון הייליקן קרייץ, רוג ניקאָלאַיעווסקאַ (שענקעוויטשאַ) און פּיִשעיאַזד אַ גרעסערער עולם מענטשן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן מאַניפעסטירן און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער. באַלד איז דער עולם באַדייטנד אויסגעוואַקסן מיט די מתפּללים, וועלכע האָבן פאַרלאָזט דעם קאָשטשאָל. ס'איז אָנגעקומען אַן אָפּטיילונג מיליטער, וועלכע האָט געשאָסן און 4 פּערזאָן זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן.

דעם 4־טן מאַי זענען גרופּן יידישע און פּוילישע אַרבעטער אַרומגעגאַנגען איבער די טעאַטערן און פאַרלאַנגט איבערצורייסן די פאָרשטעלונג, אַלס צייכן פון טרויער צוליב די געפאַלענע אין ערשטן מאַי אין לאָדזש און אין וואַרשע*).

באַלד נאָכן ערשטן מאַי האָט די בונדישע אָרגאַניזאַציע „באַשלאָסן צו באַערן דעם אָנדענקען פון די געפאַלענע חברים דורך אַן אַלגעמיינעם שטרייק. עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַ פּראָקלאַמאַציע אויף יידיש אין פינף טויזנט עקזעמפּלאַרן‘‘**), אין וועלכער עס ווערט געגעבן אַן אָפּשאַצונג פון די צאַרישע מער־

---

*) לויט די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאַרבודיי.

**) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ‘‘ נומ. 236, יוני 1905.

דערייען אין טאָג פון אַרבעטער־יום־טוב און עס ווערן דערמאָנט די געפאַלענע אסתר ווייסוואַל און ישראל שטערן. די פּראָקלאַמאַ־ציע פאַרענדיקט זיך:

„מיר קענען נישט און טאָרן נישט פאַרשווייגן דאָס בלוט פון אונזערע געפאַלענע חברים, וואָס שרייט און רופט צו נקמה. מיר מוזן פּראָטעסטירן קעגן דער נייער בלוט־פאַרגיסונג, עס מוז דונערן אונזער שטימע פון פּראָטעסט קעגן אַזאַ ווילדער ווילקיר. און מיר רופן אייך אויף, אַלע לאָדזשער אַרבעטער און אַרבעטע־רינען צו ערן דעם כבוד פון אונזערע געפאַלענע חברים און צו פּראָטעסטירן קעגן די ווילדע מערדערייען פון דעם דעספּאָטיזם, מיט אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק פון אַ טאָג צייט.

„זאָל מאָנטאָג, דער 8 מאַי, זיין דער טאָג פון אונזער אַלגע־מיינעם שטרייק. זאָל אין דעם טאָג פון אונזער פּראָטעסט קיינער נישט גיין צו דער אַרבעט און באַווייזן, ווי ווייניק שרעקן אונז אָפּ די אַלע בלוט־פאַרגיסונגען און ווי גרייט מיר זענען צו קעמפן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט מיט אונזער פיינט, ביז מיר וועלן זיך פולקאָם באַפרייען. אין דער אחדות איז אונזער מאַכט, אין קאַמף איז אונזער נצחון.

אַלזאָ, חברים, ארויס צום קאַמף, ארויס צום פּראָטעסט!
ערע דעם אָנדענקען פון די געפאַלענע חברים!
נידער מיט דער ווילקיר און דער טיראַניי!
עס לעבע די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!
עס לעבע דער סאָציאַליזמוס!

דער לאָדזשער סאָצ.־דעמ. קאָמיטעט פון „בונד",
מאַי 1905."

אויך די פּ. ס. ד. האָט ארויסגעלאָזט אַן אויפרוף, וועלכער האָט גערופן די אַרבעטער צו אַ פּראָטעסט־שטרייק אויף מאָנטאָג, דעם 8־טן. אַנדערש האָט געהאַנדלט די פּ. פּ. ס. זי האָט אַרויסגע־לאָזט אַ העקטאָגראַפירט פלוג־בלאַט אויף יידיש, אין וועלכן מ'האָט זיך דערלויבט פאַרצוּוואַרפן דעם „בונד", אַז דער שטרייק איז גערופן געוואָרן „צו באַערן נאָר די געהרגעטע יידישע אַרבע־

טער'' און בכלל האָט דאָס פלוג־בלאַט זיך אַרויסגעזאָגט קעגן די אָפּטע שטרייקן. די קאַמפּן, וואָס זענען פּראָוואָצירט געוואָרן פון דער צאַרישער מאַכט האָט דאָס פלוג־בלאַט באַצייכנט אַלס ,,פּלאַנלאָזע צוזאַמענשטויסן''*).

אַרום דעם דאָזיקן אַרויסטריט פון פּ. פּ. ס. קעגן שטרייק איז געקומען צו אַ שאַרפער אָפּרעכענונג צווישן ,,בונד'' און פּ. פּ. ס. די פּ. פּ. ס. האָט זיך דערלויבט צו וואַרפן פאַרשידענע נישט באַרעכטיקטע באַשולדיקונגען אויף דער לאָדזשער בונדישער אָרגאַניזאַציע, אויף וואָס ס'האָט איר שאַרף אָפּגעענטפערט די שוין דערמאָנטע קאָרעספּאָנדענץ אין ,,פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ''.

דעם 6־טן מאַי איז געווען איינע פון די צאַרישע ,,גאַלאָווקעס''. די שטאָט איז געוואָרן אילומינירט און באַהאָנגען מיט צאַרישע פענער. אין פאַרשידענע ערטער פון שטאָט האָבן זיך אויסגעבילדעט קליינע מאַניפעסטאַציעס פון אַרבעטער, וועלכע האָבן אַראָפּגעריסן די צאַרישע פענער און צעהאַקט די אילומינאַציעס. אין איינציקע לאָדזשער טעאַטערן האָט מען דעם טאָג אָפּגערופן די פאָרשטעלונגען, ווייל צוליב דער ,,גאַלאָווקע'' האָט מען געדאַרפט אויספירן דעם צאַרישן הימן, וואָס עס וואָלט דערפירט צו קעגןדעמאָנסטראַציעס**).

דער שטרייק אין 8־טן מאַי, צו וועלכן עס האָבן גערופן דער ,,בונד'' און פּ. ס. ד., האָט זיך נישט איינגעגעבן. די ,,פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ'' נ. 236 גיט אָן פאָלגנדע סיבות, הלמאַי דער שטרייק האָט זיך נישט איינגעגעבן: ער איז צו שפּעט באַשטימט געוואָרן. ס'איז געווען ווייניק פּראָקלאַמאַציעס, מיט דער אָרגאַניזאַציע פון פּ. ס. ד. איז געשען אַ מיספאַרשטענדניש: זי האָט איר באַשלוס וועגן שטרייק אין דער לעצטער מינוט צוריקגעצויגן. אַזוי אַרום האָבן געשטרייקט נאָר יידישע אַרבעטער און דאָס נישט אַלע.

---

*) ,,פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ'', נומ. 236, יוני, 1905.

**) לויט די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד ,,לאָדזשער יאַרבוך'', ,,פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ'', נומ. 236, יוני, 1905.

וועגן דעם טאָג פון שטרייק, דעם 8־טן מאַי, דערמאָנט אויך דער ראַפּאָרט, וואָס דער לאָדזשער פּאָליציי־מייסטער האָט צוגע־שטעלט דעם פּיעטריקאָווער גובערנאַטאָר. אין ראַפּאָרט זאָגט זיך: „דעם 8־טן מאַי איז געקומען צו א צוזאַמענשטויס מיט פּאָלי־ציי אויף וואָסכאָדניאַ גאַס. פון המון האָט מען געשאָסן צו אַ פּאָלי־ציאַנט, וועלכער האָט צוריקגעשאָסן. דער המון איז זיך צע־לאָפן”*).

דאָס זענען געוועזן די וויכטיקסטע געשעענישן אין דער ער־שטער העלפט פון יענעם חודש מאַי. די באַדייטונג און ווירקונג פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס זענען ווייטער געוואַקסן. די בונדישע בערזעס אויף וואָסכאָדניע און פּולנאָצנע זענען מיט יעדן טאָג פולער געוואָרן, אַזוי, אַז זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין גאַסן־פאַרזאַמלונגען. די פּראָקלאַמאַציעס האָט מען ווייטער גע־טיילט אָפן און פריי. אין דער בונדישער אַגיטאַציע־אַרבעט אין יענער צייט נעמען אַ לעבעדיקן אָנטייל די שוין דערמאָנטע שילער פון די האַנדלס־שולן אין לאָדזש און אין זגיערזש. די רעפּרעסיעס פון דער פּאָליציי גייען ווייטער אָן, אמת, מ׳שיסט נישט אויף די גאַסן, דערפאַר אַרבעטן די קאָזאַקישע נאַגייקעס, מ׳באַפאַלט אָפט די בערזעס און סתם דורכגייער. ס׳קומען פאָר מאַסן־אַרעסטן, די אַרעסטירטע ווערן אַכזריותדיק געפּייניקט אין די אוטשאַסטקעס. אַזוי איז אָנגעגאַנגען אַ „שטילער קאַמף” צווישן דער צאַרישער מאַכט מיט דעם לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט ביזן 15־טן מאַי.

דעם 15־טן מאַי איז פּלוצים פאָרגעקומען אַ געוואַלטיקע ענדערונג אין דער שטימונג פון דער מאַסע. אונטער דער ווירקונג פון די פאַרערגערטע אַרבעטס־באַדינגונגען אין די פאַבריקן, זענען אין דעם טאָג אויסגעבראָכן שטרייקן אין כמעט אַלע אונטערנע־מונגען. אויף די גאַסן האָבן זיך גענומען זאַמלען טויזנטער אַרבע־טער. ס׳האָבן זיך געשאַפן ענלעכע סצענעס, ווי בעת די יאַנואַר־און פעברואַר־געשעענישן, אָבער אויף צומאָרגנס זענען דער רוב

---

*) לויט די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך״.

אַרבעטער ווייטער געגאַנגען צו דער אַרבעט. עס האָבן געשטרייקט נאָר 7 טויזנט פּערזאָן.

אין די ווייטערע טעג וואַקסט ווידער די שטרייק־כוואַליע, וועל־כע נעמט אַרום מייסטנס קלענערע אונטערנעמונגען. דעם 19־טן מאַי שטרייקן שוין עטלעכע צענדליק פאַבריקלעך מיט איי ניקע טויזנט אַרבעטער. דעם 25־סטן מאַי זענען צוגעשטאַנען צום שטרייק 4 גרויסע פאַבריקן, דערונטער אויך די פאַבריקן פון שייב־לער און גראָמאַן*).

אין די פאַבריקן האָבן געוואָרפן די אַרבעט 5000 פּערזאָן.

אויך די יידישע אונטערנעמונגען, ווו ס׳זענען געווען באַ־שעפטיקט יידישע אַרבעטער, האָבן מאַסנווייז פאַרשטרייקט. עס האָבן געוואָרפן די אַרבעט: שניידער און שניידערינס, טישלער, שלאָסער, מאַלאַרעס, וועבער, זאָקן־אַרבעטער און אַרבעטערינס, צו־זאַמען עטלעכע טויזנט מאַן. די שטרייקן ווערן געפירט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. אַ סך שטרייקן ברעכן אויס סטיכיש, אָן דער אויפפאָדערונג פון דער אָרגאַניזאַציע, אָבער די אַרבעטער פאַר־לאָזן נישט די אַרבעט פריער, איידער די אָרגאַניזאַציע גיט נישט דערצו איר הסכם. אַזוי האָבן די זאָקן־אַרבעטער לאַנג געוואַרט מיטן אָנהויב פון שטרייק. ווען ער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אויף אַן עפנטלעכער פאַרזאַמלונג פון דער בערזע, איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט אַ מאַניפעסטאַציע.

„די פאָדערונגען פון די יידישע שטרייקנדע אַרבעטער זע־נען געווען: אָפּשאַפן זמן־אַרבעט און איבערשעהן, העכערן די לוינען, אַ 10־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג און בעסערע באַהאַנדלונג". כאַראַקטעריסטיש איז די פאָדערונג: די אונטערנעמער זאָלן אָפּ־שאַפן די הויז־אינדוסטריע (כאַלופּניצטוואָ) און איינפירן פאַבריקן. כמעט אַלע פאָדערונגען זענען נאָכגעגעבן געוואָרן**).

דער „בונד" האָט די דאָזיקע שטרייק־כוואַליע אויסגענוצט

---

*) לויט די מאַטעריאַלן פון דייר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאַרבוד".

**) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905.

פאַר אַ ברייטער סאָציאַליסטישער אויפקלערונגס־אַרבעט. ס'קומען פאָר מאַסן־פאַרזאַמלונגען אין די גאַסן, פאַבריקן און אין וווינונ־גען. די צאָל באַטייליקטע אין די פאַרזאַמלונגען איז אין 4 טעג דערגאַנגען ביז 5 טויזנט פערזאָן. אין אייניקע אונטערנעמונגען, ווו עס זענען באַשעפטיקט יידישע מיט נישט־יידישע אַרבעטער צו־זאַמען, ווערן די שטרייקן געפירט פון געמישטע אָנפירונגען און דאָ אַרבעטן ווידער צוזאַמען „בונד'' מיט פּ. ס. ד. די קאָרעספּאָנדענץ פון לאָדזש אין „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ'' נומ. 236 קלאָגט זיך אויף די נישט־רעגולערע באַציאונגען מיט די פּ. ס. ד. די קריסט־לעכע אַרבעטער פאַרלאַנגען, מ'זאָל רעדן פּויליש און פּוילישע רעדנער זענען נישט פאַראַן*). דעם דאָזיקן פאַרלאַנג צו הערן רע־דעס נאָר אין פּויליש דאַרף מען אָבער נישט אָננעמען פאַר קיין אַנטיסעמיטיש שטיקל, נאָר פּשוט, מ'איז געווען אַזוי אויסגעהונ־גערט נאָך דעם וואָרט פון רעדנער, אַז ס'איז שווער געווען צו פאַרטראָגן אַ רעדע אין אַ שפּראַך, וועלכע מ'פאַרשטייט נישט.

די דאָזיקע נייע כוואַליע פון שטרייקן האָט געבראַכט נייע אַכזריותדיקע רעפּרעסיעס מצד די מאַכט־האָבער. קאָזאַקן און פּאָ־ליציי מישן זיך אַריין אין שטרייק, ווי נאָר דער אונטערנעמער פאַר־לאַנגט עס און אַפילו ווען מ'פאַרלאַנגט נישט. די פאַבריקן ווערן געהיט פון מיליטער און עס קומט צו נייע בלוט־פאַרגיסונגען.

וועגן דער אַכזריותדיקער האַנדלונג פון דעם יידישן זאָקן־פאַבריקאַנט נח יאַקובסאָן, דערציילט די קאָרעספּאָנדענץ פון „פּאָ־סלעדניאַ איזוועסטיאַ'':

ביי נח יאַקובסאָן איז דערקלערט געוואָרן אַ שטרייק. אייניקע אַרבעטער זענען געקומען פאָדערן דאָס געהאַלט, וואָס איז זיי גע־קומען ביז צום שטרייק. יאַקובסאָן האָט זיך געוואָנדן צו פּאָליציי, עס איז אָנגעקומען פּאָליציי מיט קאָזאַקן. יאַקובסאָן האָט גע־האָלפן די קאָזאַקן צובינדן צו די פערד די חברים און שלאָגן זיי. די אָרגאַניזאַציע האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם באַרבאַריזם אין אַ פּראָקלאַמאַציע אויף יידישע און פּויליש (6000 און 2000

*) דאָרט.

עקז.) און גערופן צו באַיקאָטירן יאַקובסאָנען. דער אויפרוף איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין לאָדזש און אין די אַרומיקע שטעטלעך*).

דער באַיקאָט האָט געהאַט זיין געהעריקע ווירקונג. יאַקובסאָן איז געווען געצוווּנגען צו געבן אַן עפנטלעכע חרטה־דערקלערונג און באַצאָלן אַן אַנטשעדיקונג די אַרבעטער, וועלכע זענען צוליב אים געזעסן אין תפיסה.

דעם 26־טן מאַי האָט פּאָליציי געשאָסן אויף די שטרייקנ־דע אַרבעטער פון גראָמאַנס פאַבריק, איין אַרבעטער איז דער־הרגעט געוואָרן און 2 שווער פאַרוווּנדעט. דעם 27־סטן מאַי איז פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע מערדעריי איבער קינדער, וועלכע האָבן דעמאָנסטרירט אויף ווסכאָדניע גאַס. די „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ״ גיט איבער וועגן דער קינדער־דעמאָנסטראַציע:

„שבת, דעם 14־טן מאַי (27־סטן נ. ס.). האָט זיך אַזאַ דע־מאָנסטראַציע באַוויזן אויף דער ווסכאָדניע גאַס. אַלע אַטריבוטן פון אַ דעמאָנסטראַציע זענען געווען: אַ רויט טיכל, רעוואָלוציאָ־נערע אויסרופן, רעוואָלוציאָנערע געזאַנגען. פינף סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָרפן אויפן שונא און צוויי יונגע דעמאָנסטראַנטן זענען געפאַלן, באַגיסנדיק זיך מיט בלוט. אַ שטערבלעך־פאַרוווּנדעט יינגל האָט דער גאָראָדאָוואָי אַריינגעשטויסן מיטן פוס אין רינ־שטאָק, צומאָרגנס איז דאָס יינגל געשטאָרבן״**).

די פרישע מערדערייען איבער רואיקע שטרייקנדע און אי־בער קינדער טרייסלען אויפסניי אויף דאָס גאַנצע פּראָלעטאַרישע לאָדזש. פאַר די ברייטע מאַסן ווערט קלאָר די בלוטיקע ראָל, וואָס די צאַרישע פּאָליציי און קאָזאַקן האָט אויף זיך גענומען, נישט צו דערלאָזן די וועבער און שפּינער זיך צו דערשלאָגן צו אַ בעסערן אַרבעטס־לוין און קירצערן אַרבעטס־טאָג. עס וואַקסט און יערט אין די מאַסן אַ ברענענדער פאַרלאַנג נאָך נקמה אין די פאַר־האַסטע פאַבריקאַנטן מיט זייערע קאָזאַקישע באַשיצער.

די לוויות פון דעם געהרגעטן אַרבעטער אין שייבלערס פאַ־

---

*) דאָרט.

**) דאָרט.

בריק און פון דעם קינד אויף וושכאַדניע גאַס פאַרוואַנדלען זיך אין גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציעס קעגן די צאַרישע מערדערייען. די לויה פון אַרבעטער איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך די פּ. ס. ד. זי איז פאָרגעקומען זונטאָג דעם 28־סטן מאַי, 2 טעג נאָך דער דער־מאָרדונג. נישט געקוקט אויף דער קורצער צייט, זענען געקומען צו דער לויה־דעמאָנסטראַציע צענדליקער טויזנטער אַרבעטער. עס זענען געטראָגן געוואָרן רויטע פענער מיט קרענץ, דערונטער אויך אַ קראַנץ פון „בונד". אין פעסטע געשלאָסענע רייען, שטיל, אָן געזאַנג, האָבן די פינף צענדליק טויזנט אַרבעטער דורכמאַרשירט די שטאָט און אָפּגעפירט צו דער אייביקער רו זייער געפאַלענעם חבר. ביים אָפענעם קבר זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס. עס האָט אויך גערעדט אַ פאָרשטייער פון „בונד".

די לויה פון דערשאָסענעם יינגל איז פאָרגעקומען מאָנטאָג, דעם 29־סטן מאַי. אויך די לויה פון יידישן קרבן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אימפּאָזאַנטער דעמאָנסטראַציע. די לויה איז גע־ווען באַשטימט אויף 7 אָוונט, אָבער שוין 1 אַזייגער האָט זיך פאַר פּאָזנאַנסקים שפּיטאָל געגומען זאַמלען אַן עולם. ס'איז אימ־פּראָוויזירט געוואָרן אַ מיטינג און פאָרשטייער פון „בונד" האָבן געהאַלטן רעדעס. „אין דער אייגענער צייט זענען געגאַנגען חברים איבער דער שטאָט און געשיקט אַרבעטער צום שפּיטאָל.

„האַלב זיבן אָוונט האָבן זיך פאַרזאַמלט עטלעכע טויזנט מאַן. ס'הויבט זיך אָן די לויה, פאָראויס גייען אַן ערך 250 קינ־דער, אין עלטער פון 9—12 יאָר, האַלטנדיק זיך פאַר די הענט אין ענגע רייען, אין אָפּגעריסענע קורטקעס, אַ סך באָרוועס, גייען די קינדער דרייסט פאָראויס.

„נאָך די קינדער גייט די עגלה און נאָך איר — אַ ים קעפּ. די באַלקאָנען זענען פול. אויף די טראָטואַרן — אַ סך אַרבעטער, פּאָלאַקן און יידן.

„די צאָל באַטייליקטע וואַקסט און דערגרייכט ביז 10 טויזנט דעמאָנסטראַנטן. יידן און פּאָלאַקן, פרויען און מענער, אַלע פאַר־רייניקן זיך מיט ענטוזיאַזם צום צוג. אָפּטיילונגען קאָזאַקן לאָזן אַדורך די לויה, נישט וואַגנדיק, זעט אויס, זיך צו וואַרפן אויף

אַ געדיכטער מאַסע. ענדלעך באַשליסן די פירער אַרויסצוציען די פּענער. הינטערן אָרון ווערן אויסגעוויקלט רויטע לענטעס און פאַרן אָרון אַ שוואַרצע פאָן מיט אַן אויפשריפט אין יידיש: „ערע אונזערע געפאַלענע חברים". דער עולם דעקט אָפּ די קעפּ. עס הערן זיך רעוואָלוציאָנערע לידער אויף יידיש און פּויליש. אַן אָפּטיילונג פון פּוילישע חברים גייט פאָראויס מיט געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער. פאַרן בית-החיים נעמען די אַרבעטער אַראָפּ דעם אָרון און טראָגן אים אויף די הענט. פּוילישע אַרבעטער בעטן, מ'זאָל זיי אויך געבן דעם כבוד צו טראָגן דעם אָרון. אין טהרה-הויז רעדן 7 רעדנער אין פּויליש און יידיש. עס רעדט אויך אַ פאָרשטייער פון פּ. ס. ד. 10 אָוונט גייט דער עולם אין געשלאָסענע רייען צוריק אין דער שטאָט"*).

אין שייכות מיט די הריגות און לוויות האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף, אין וועלכן עס זאָגט זיך צוו. אַנד.:

„עס ווילט זיך נישט גלויבן, אָבער עס איז אַ פאַקט. מ'האָט געשאָסן אין קליינע קינדער, נאָר דערפאַר, ווייל זיי לעבן אין אַ צייט פון אַ רעוואָלוציע און שפּילן נישט אין באַהאַלטענעס און צייכן, נאָר אין דעמאָנסטראַציעס און מאַניפעסטאַציעס, וועלכע קומען פאָר אַזוי אָפט פאַר זייערע אויגן, און וועלכע זיי ווילט זיך אַזוי נאָכמאַכן.

די זעלבסטהערשונג האָט געהאַט אַ „נצחון" איבער אומשולדיקע קינדער. אין די טעג איז עס שוין ביי איר דער צווייטער „נצחון" איבער איר „אינערלעכן פיינט" אין לאָדזש; זי האָט דערשאָסן אַ קריסטלעכן אַרבעטער-ברודער ג. גראַבציניסקי, און 3 פאַרוווּנדעט. בלוט מיט בלוט גיסט זיך צוזאַמען און פליסט פון אַלע עקן רוסלאַנד צו דעם רוישנדן ים, וועלכער שלינגט איין אין זיינע מוראדיקע כוואַליעס דעם צאַרישן טראָן.

„שרעקלעך איז די נייע בלוט-פאַרגיסונג, וועלכע איז פאָרגעקומען פאַר אונזערע אויגן. די געזעלשאַפט שווייגט, גלייך, ווי

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905.

עם וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. נאָר מיר, לאָדזשער אַרבעטער, האָבן נישט געקאָנט שווייגן און האָבן אויסגעגאָסן אונזער פּראָטעסט אין מעכטיקע דעמאָנסטראַציעס ביי די לויות פון דעם פאַרשטאָר־בענעם חבר גראַבצינסקי און דעם קליינעם קינד. — די שרעק־לעכע קרבנות פון דעם אַבסאָלוטיזם. זונטאָג און מאָנטאָג, דעם 28־טן און 29־טן מאַי, האָבן טויזנטער יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער־ברידער צוזאַמען מעכטיק פּראָטעסטירט אָפּן פאַר דער גאַנצער וועלט קעגן אַזאַ ווילדן ווילקיר און קעגן אַזאַ מערדערי־שער אָרדענונג.

ערע דעם אָנדענקען פון די געפאַלענע חברים!

נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!

עס לעבע די רעוואָלוציאָן!

עס לעבע דער סאָציאַליזמוס!

דער לאָדזשער ס. ד.־קאָמיטעט פון „בונד"

מאַי 1905 יאָר."

דער אָפיציעלער פּאָליצייאישער באַריכט דערציילט וועגן דער הריגה און לויה־דעמאָנסטראַציעס אין אַזאַ נוסח:

1) דעם 26־סטן מאַי האָבן די שטרייקנדע אַרבעטער פון שייבלער און גראָמאַן זיך פאַרזאַמלט פאַר דער פאַבריק און גע־וואָלט באַזייטיקן די שטרייקברעכער. אַ „סאָטניע" קאָזאַקן האָט זיך געוואָרפן אויפן המון און אים צעיאָגט. אָבער באַלד האָט זיך דער המון ווידער געזאַמלט אויף ווידזעווסקאַ (קילינסקיעגאָ). די קאָזאַקן האָט מען באַוואָרפן מיט שטיינער. 1 קאָזאַק איז געוואָרן פאַרוווּנדעט. די קאָזאַקן האָבן געשאָסן. 2 זענען פאַרוווּנדעט גע־וואָרן און איינער, יעזשי גראַבצינסקי, איז געפאַלן טויט.

דעם 28 מאַי איז געווען גראַבצינסקים לויה. ביז 10.000 מענטשן האָבן שווייגנדיק שטיל, אָן לידער, באַגלייט דעם טויטן. צווישן דעם עולם האָבן געפלאַטערט 2 רויטע פענער.

דעם 27־סטן מאַי צווישן 4—5 נ. מ. האָט אויף דער ווסכאָדניע גאַס מיליטער געשאָסן צו מאַניפעסטאַנטן, וועלכע זע־נען געגאַנגען מיט אַ רויטער פאָן און געריסן די צאַרישע פענער,

וועלכע זענען געהאַנגען צוליב דער גאַלגוויקע. 2 יינגלעך האָבן באַ־קומען שווערע ווונדן. איינער פון זיי איז געשטאָרבן, א 12־יעריק יינגל. די לויה פון דעם דערהרגעטן איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א דעמאָנסטראַציע. ביז 3000 מענטשן האָבן אָפּגעפירט דעם קערפּער אויפן בית־עולם*).

ווי ס'איז צו זען, וויל דער פּאָליצייאישער באַריכט פון איין זייט פאַרקלענערן די גרויס פון די דעמאָנסטראַציעס, און פון דער אַנדערער זייט וויל זי באַרעכטיקן איר אכזריות — מיט די אַרויס־טרעטונגען פון די אַרבעטער קעגן איר און קעגן די עמבלעמען פון דער צאַרישער מאַכט.

די געשעענישן אין די לעצטע טעג פון חודש מאַי האָבן שטאַרק געהויבן די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע. די אַרבעטער־מאַסן נעמען אויף אַן ענערגישן קאַמף מיט די אינדוסטריעלער, פּאָליציי און מיליטער.

די שטרייק־באַוועגונג האָט זיך געשטאַרקט און עס איז גע־קומען צו שטורמישע אַרויסטרעטונגען קעגן די אונטערנעמער און פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע. אין דער פאַבריק פון הערמאַן פריי־דענבערג, האָבן די אַרבעטער פאַרהאַלטן דעם פאַבריקאַנט, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו העכערן דעם לוין. די טעלעפאָן־לייטונג איז געוואָרן פאַרניכטעט. דאָך איז דער פאַבריקס־אַדמיניסטראַציע געלונגען צווויסן צו טון פּאָליציי, עס זענען אָנגעקומען זעלנער, וועלכע האָבן דעם פאַבריקאַנט פריידענבערג באַפרייט.

מאַקס ראָזענבלאַט האָבן די אַרבעטער אין פאַבריק געכאַפּט אויף די הענט און געוואָלט אַרויסוואַרפן פאַרן טויער. ראָזענבלאַט האָט צוגעזאָגט אַ לוין־הוספה און מ'האָט אים גלייך אָפּגעלאָזט.

די אויפגערעגטע וועבער און שפּינער נעמען זיך אויך אָפּ־רעכענען מיט די פאַרהאַסטע דירעקטאָרן און מייסטער, פאַר די לאַנג־יאָריקע עולות. מ'וואַרפט אַרויס די פאַבריקס־אַדמיניסטראַ־

*) לויט די מאַטעריאַלן פון דייר פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך".

טאָרן און די אַרבעטער אָקופּירן די פאַבריקן. דאָס איז די ערשטע פאָרם פון אָקופּאַציע־שטרייקן, וועלכע זענען אין די לעצטע יאָרן געוואָרן אַזוי פּאָפּולער.

פון שייבלערס קאָנטאָר האָט מען אַרויסגעוואָרפן דורכן טויער דעם דירעקטאָר קאָזלאָווסקי און צוויי מייסטערס. נאָך דעם האָבן די אַרבעטער צוגעמאַכט דאָס טויער און באַזעצט די פאַבריק. ביי גייערן האָט מען אַרויסגעוואָרפן דעם דירעקטאָר, ביי טעאָדאָר שטייגערט און אַבראַם אָסער האָט מען באַזייטיקט די מייסטער, ביי ווילקנער און גערטנער האָט מען באַזייטיקט דעם ליטער. די פאַבריק פון זילבערשטיינען איז געוואָרן אָקופּירט דורך די אַרבעטער*).

די פּאָליצייאישע באַריכטן, וועלכע גיבן איבער די דאָזיקע אַלע פאַקטן, דערמאָנען נישט קיין איין פאַל פון רויבערייַ אָדער שעדיקונג פון די מאַשינען. דאָס באַווייזט אויף דעם הויכן ניוואָ, אויף וועלכן די אַרבעטער זענען געשטאַנען אין זייער קאַמף. דאָס אַליץ, וואָס די אַרבעטער האָבן געטון אין זייער פאַרביטערונג, זענען געווען אַקטן פון רעוואָלוציאָנערן געוואַלט, געריכטעט קעגן דער פאַבריקאַנטישער אַכזריות און צאַרישער מערדערייַ.

בעת די געשעענישן אין גייערס פאַבריק, איז אָנגעקומען צו פאָרן די פּרוי פון אינדוסטריעלער גייער. די אַרבעטער האָבן פאַרהאַלטן די קאַרעטע און אויסגעשפּאַנט די פערד, צווינגענדיק דערמיט די פרוי גייער צו גיין צופוס. די פּאָליציי, וועלכע איז אָנגעקומען צו גייערס פאַבריק, איז באַגעגנט געוואָרן מיט דעם אויסרוף: „פּאָליציי איינגאַנג פאַרבאָטן". און מ'האָט זי טאַקע נישט אַריינגעלאָזט.

צו דער פאַבריק פון ווילקנער און גערטנער איז אָנגעקומען אַ ראָטע זעלנער. די אַרבעטער האָבן פאַרבאַריקאַדירט דאָס טויער און די זעלנער נישט אַריינגעלאָזט. ביי קוניצערן אין טייך האָבן

---

*) לויט די מאַטעריאַלן פון דייר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך".

זיך געבאָדן קאָזאַקן, די אַרבעטער האָבן זיי פון דאָרט פאַריאָגט און געצוווּנגען נאַקעט צו אַנטלויפן*).

*

אויף דער יידישער גאַס זענען קיין טעראָר־אַקטן נישט פאָר־געקומען, פשוט דערפאַר, ווייל קיינער האָט זיך נישט קעגנגע־שטעלט דער אָרגאַניזאַציע, אַ חוץ דעם פאַל ביי נח יאַקובסאָן אין דער זאָקן־פאַבריק, איז אין ערגעץ נישט נאָטירט וועלכע ס'איז אַרויסטרעטונגען פון יידישע פאַבריקאַנטן קעגן יידישע אַרבע־טער. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט פולשטענדיק באַהערשט די יידישע גאַס, איר וואָרט איז געוואָרן אַ געזעץ. די בונדישע „סכאָדקעס'' האָבן רעגולירט אַלע אַרבעטס־פראַגן. אָן דער הסכמה פון דער „סכאָדקע'' אָדער בערזע, האָט מען נישט אָפּגעזאָגט און נישט צוגענומען קיין אַרבעטער, נישט געענדערט די לוינען. די אַרבעטס־צייט איז רעגולירט געוואָרן דורך דעם פאָרשטייער אין דער אונטערנעמונג, וועלכער האָט געגעבן אַ צייכן, ווען מ'דאַרף אָנהויבן די אַרבעט און ווען אויפצוהערן.

דער כח פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט אָנגעהויבן צו ווערן דער איינציקער רעגולאַטאָר אין יידישן לעבן. ווער ס'האָט געליטן עפּעס אַן עולה, איז געקומען נאָך שוץ צום „בונד''. דאָס האָט געבראַנגט צו אַ סך קוריאָזן, און עס איז אויך אויסגענוצט געוואָרן דורך שווינדלער, וועלכע האָבן אין נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע גענומען אויסגלייכן פּער־זענלעכע סכסוכים. דאָס באַשמוצן דעם נאָמען פון „בונד'' האָט שטאַרק אויפגערעגט די אָרגאַניזאַציע־מיטגלידער, וועלכע האָבן זיך מיט אַזעלכע שווינדלער שטאַרק אָפּגערעכנט. דער לאָ־דזשער קאָמיטעט פון „בונד'' האָט אין דעם ענין אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אויפרוף, אין וועלכן מיר לייענען צווי. אַנד.:

„עס עקלט אונז פּשוט צו הערן יעדן טאָג פאַרשידענע גע־שיכטעס, וועלכע קומען פאַר אַ דאַנק די אומפאַרשעמטע לייט,

---

*) דאָרט.

אונז איז גאנץ לעכערלעך אויסצוהערן אפט די טענות, וועלכע אנדערע פון דער געזעלשאפט האבן צום לאדזשער קאמיטעט פון ,,בונד'' איבער געוויסע באשטימונגען, וועלכע ער האט כלומרשט ארויסגעגעבן. עס געפינען זיך נאך אזעלכע נאיווע, נארישע לייט, וועלכע דערלאזן צום געדאנק, דאס אונזער ארגאניזאציע וועט זיך אין דער אמתן אריינמישן אין סכסוכים פון האנדל און וועט ארויסגעבן שריפטלעך אדער מינדלעך אזעלכע באשטימונגען, ווי, למשל, די, אז דער אדער יענער בעל־חוב זאל באצאלן א צווייטן א וועלכן נישט איז חוב, אז דער אדער יענער סוחר זאל נישט האנדלען מיט דעם אדער יענעם מין סחורה, וואס אונז האט זיך עס קיינמאל נישט געחלומט. דערביי שרעקן נאך די שווינדלער, אז אויב מען וועט נישט ערפילן כלומרשט דעם ווונטש פון ,,בונד'', ד. ה. זייער ווונטש — וועט מען שלאגן, שיסן א. ד. גל. איינעם האט מען צוגעשריבן, אז אויב ער וויל לעבן אויף דער וועלט, זאל ער אין 13 טעג צייט אפפארן פון לאדזש, א צווייטן — צו באצאלן שטראף עטלעכע הונדערט רובל א. ד. גל.

,,עס פארשטייט זיך, אז ווער עס איז נאר אויף וויפל נישט איז באקאנט מיט דער לערע פון סאצ. דעמאקראטיע, מיט אונזער פראגראם און די מיטלען, וועלכע מיר ווענדן אן אין אונזער קאמף, דער וועט פארשטיין, אז דאס אלץ האט קיין שום שייכות נישט צו אונזער ארבעטער־ארגאניזאציע, אז אזעלכע זאכן זענען נאר שווינדל און באטרוג.

,,...איניקע פון די שעדלעכע לייט האבן באקומען א שטראף. א דאנק דער אויפרעגונג פון דער ארבעטער־מאסע, ביי וועלכער ס'איז טייער און הייליק דער נאמען פון איר ארגאניזאציע, האבן זיך איניקע פון איר זייער שטארק אפגערעכנט מיט זיי. דערביי אבער האט מען, צו אונזער גרויסן באדויערן, אנגענומען אזעלכע מיטלען, ווי טויטן א. ד. גל., וועלכע מיר, פארשטייט זיך, אלס סאצ.־דעמ. ארגאניזאציע, קענען נישט אנווענדן און וועלן קעגן זיי שטענדיק ענערגיש ארויסטרעטן.

,,אויך ווענדן מיר זיך צו אלעמען און בעטן העלפן אונז דערגיין די נעמען פון יענע, וועלכע באנוצן זיך מיט אונזער נאמען

פאַר שווינדל און גנבישע שטיק. מיר האָפן, דאָס ביי אונז וועט זיך נאָך געפינען גענוג מיטלען אָפּצושלאָגן ביי יעדן דעם חשק צו וועלן עקספּלואַטירן דעם נאָמען פון „בונד", די מאַכט פון דער יידישער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע.

צום סוף נאָך אַ פּאָר ווערטער: ביי וועמען עס פאַלט איין אַ ספק, צי די באַשטימונג, וועלכע מען גיט אים איבער, איז אין דער אמתן אונזערע, דער קען אַלע מאָל פאָדערן דעם שטעמפּל פון קאָמיטעט.

עס לעבע דער „בונד"!

עס לעבע די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!

עס לעבע דער סאָציאַליזמוס!

דער לאָדזשער ס"ד. קאָמיטעט פון „בונד"

מאַי 1905 י. געדרוקט אין 7000 עקז. דרוקעריי פון „בונד".

אין די שטרייקן און אַקציעס אויף דער יידישער גאַס האָבן זיך אויך באַטייליקט די יידישע סעקציע פון פּ. פּ. ס. און די ס. ס., וועלכע האָבן אָנגעפירט אַקציעס אין קלענערע פאַכן, וואָס די בונ־דישע אָרגאַניזאַציע האָט נישט באַוויזן אַרומצונעמען, ווי ביי באַלן־פּאַקער, מאָדיסטקעס א. אנד. די דערמאָנטע פּאַרטייען האָבן אויך אַרויסגעלאָזט אויפרופן.

*

צוזאַמען מיטן עקאָנאָמישן טעראָר איז אויך אָנגעגאַנגען אַ פאַרשאַרפטער קאַמף פון דער אַרבעטער־מאַסע מיט פּאָליציי און מיליטער. דער המון האָט פאַרטריבן די פּאָליציי פון די פּאָסטנס. מ'איז באַפאַלן שפּיאָנען און פּאָליציי־אַגענטן, אויך אויף דער בונ־דישער בערזע האָט מען צעשלאָגן פּאָליציי־אַגענטן, וועלכע זענען געקומען אַ שמעק טון. דעם 29־סטן מאַי איז דערהרגעט געוואָרן דער רעווירזאָווע סאַלאַדוכין, וועלכער איז שולדיק געווען אין דעם מערדערישן אָנפאַל אויף די אַרבעטער פון שייבלערס פאַבריק*).

*) לויט די מאַטעריאַלן פון ד"ר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך".

„דעם 30־סטן מאַי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז ס'איז געשטאָרבן דער צווייטער פאַרוווּנדעטער אַרבעטער פון שייבלערס פאַבריק. די אַרבעטער האָבן זיך תיכּף פאַרזאַמלט פאַרן שפּיטאָל און זענען זיך נישט צעגאַנגען, ביז דער פאַרוווּנדעטער אַרבעטער אַליין איז צו זיי נישט אַרויסגעגאַנגען"*).

דאָס נישט אַריינלאָזן קיין פּאָליציי און מיליטער אין די פאַבריקן איז געוואָרן אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. דער שטרייק האָט ווייטער אָנגעהאַלטן. אין אייניקע פאַבריקן איז מען צוגעטרעטן צו דער אַרבעט, אַנדערע האָבן זיך אָפּגעשטעלט. אויף די גאַסן האָבן זיך געשאַפן סטיכישע דעמאָנסטראַציעס. דעם 30־סטן מאַי האָבן קאָזאַקן געשאָסן צו אַ המון און פאַרוווּנדעט פינף פּערזאָן. דעם 31־סטן מאַי איז איין אַרבעטער געוואָרן פאַרוווּנדעט**).

די געשעענישן האָבן אַרויפגעוואָרפן אַ שרעק אויף די לאָדזשער אינדוסטריעלער און צום פינאַנץ־מיניסטער קאָקאָווצעוו איז אַוועק אַן אַלאַרמירנדע דעפּעשע פון לאָדזשער פאַבריקאַנטן, אַז אין לאָדזש הערשט אַן אַנאַרכיע. דערווייל איז די צאָל שטרייקן געוואַקסן. אין אָנהויב יוני האָבן געשטרייקט 18000 אַרבעטער***).

די צאַרישע מאַכט אין לאָדזש האָט ווידער גענומען זיך אָפּצווענדן דעם צאָרן פון המון אויף די יידן און איינאָרדענען אַ פּאָגראָם. די שוין ציטירטע קאָרעספּאָנדענץ אין „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" דערציילט וועגן דעם:

„לויט די ידיעות, וואָס מיר האָבן דערהאַלטן, איז מיטוואָך, דעם 31 מאַי נ. ס. 10 אַוונט ביים פרידנס־ריכטער פון 9־טן רעוויר אין זיין וווינונג אויף קאָנסטאַנטינער 31 פאָרגעקומען אַ פאַרזאַמלונג פון ציווילע און מיליטערישע באַאַמטע, אויף וועלכער ס'איז באַשלאָסן געוואָרן פרוּוון איינצואָרדענען אַ פּאָגראָם אויף יידן מיט דער הילף פון די רעזערוויסטן פון אָרטיקן מיליטער.

---

*) „פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 236, יוני 1905.

**) לויט די מאַטעריאַלן פון דייר אַדאָם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך".

***) דאָרט.

דער לעצטער אקט אין די דאזיקע קאמפן נאענט פון די באַ־ריקאדן־טעג איז פארגעקומען דעם 2־טן יוני. דאן האבן אר־בעטער זיך געווארפן אויף די מיליטערישע ברויט־וועגן, וועלכע זע־נען געשטאנען אויף שייבלערס מארק. די זעלנער האבן געשאסן. 2 ארבעטער זענען געפאלן טויט, איינער איז געווען דער 66־יעריר קער אנטאני וואיטישאק, איין פערזאן איז געווארן פארוואונדעט*).

אין דער ערשטער העלפט פון חודש יוני טרעט אריין אן אטעם־פויזע. עס איז שטיל, אבער אלע פילן, אז עס איז א שטיל־קייט פאר א שטורעם. עס וואקסט דער צארן און פארביטערונג. עס שטייען קעגן זיך צוויי פיינטלעכע כחות, גרייט צום קאמף און עס געניגט די מינדסטע סיבה, כדי אזא קאמף זאל אויסברעכן און די סיבה זענען געווען די געשעענישן פון 18־טן יוני.

---

*) דארט.

XX

# די באַריקאַדן-טעג

די בלוטיקע דעמאָנסטראַציע אין 18־טן יוני. — די ריזיקע לויה־דעמאָנסטראַציע פון די הרוגים. — בלוט־דורשטיקע ווענדונג פון גובערנאַטאָר אַרצימאָוויטש און פון זשאַנדאַרמען־נאַטשעלניק צו דער העכערער צאַרי־שער מאַכט. — גענ.־גובערנאַטאָר מאַקסימאָוויטש באַ־פעלט צו שיסן אין דעמאָנסטראַנטן. — די שחיטה איבער דער הונדערט טויזנט־קעפּיקער דעמאָנסטראַציע אויף פּיעטריקאָווער גאַס. — אַלגעמיינער שטרייק און גאַסן־קאַמפן.—בונדישע בערזע אויף ווסכאָדניע (פּיל־סודסקיעגאָ) גאַס הויבט אָן שטעלן באַריקאַדן. — די באַריקאַדן־קאַמפן און דאָס פּאַרניכטן די בראָנפן־מאָ־נאָפּאָלן.—3־טאָגיקע שיסעריי אויף די לאָדזשער גאַסן.

די באַריקאַדן־טעג אין לאָדזש זענען אַ לאָגישער המשך פון די פּאָרגעקומענע געשעענישן פון אָנהויב פינפטן יאָר ביז דעם חודש יוני. סטיכיש איז דער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט אַרויס אין קאַמף. פּונקט, ווי אין 1892, האָבן די לאָדזשער וועבער און שפּינער אָנ־גענומען די סאָציאַליסטישע אַגיטאַציע ווי אַ מיטל אויסצובע־סערן זייערע אומדערטרעגלעכע אַרבעטס־באַדינגונגען און הונגער־לוינען. ערשט אין דויער פון קאַמף איז געוואַקסן דער אינ־טערעס פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט צום פּאָליטישן און סאָציאַלן קאַמף. דער „פּזשעדשוויט", שילדערנדיק די יאַנואַר־ און פעברו־אַר־געשעענישן אין לאָדזש, גיט אַזאַ כאַראַקטעריסטיק די קאַמפן: „בעת דעם לאָדזשער שטרייק (יאַנואַר־שטרייק — א. וו. י.).

האָט זיך ראַדיקאַל געענדערט די שטימונג פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג. מתחילת האָבן זיי זיך געווען צוגעהערט נאָר צו עקאָנאָמישע פאָדערונגען און אַפילו פאַרלאַנגט נישט צופיל „פּאָ־ליטיק‟. צוליב דעם האָט מען געפאָדערט נישט איינצואָרדענען דע־מאָנסטראַציעס און פּראָצעסיעס. שפּעטער איז די עקאָנאָמיע גע־גאַנגען אין ווינקל און איצט אָטעמען אַלע מיט שנאה צו דער רע־גירונג, אַזוי אַז אַפילו דאָס נאָכקומען פון די פאַבריקאַנטן איז נישט בכח איינצושטילן דעם שטורעם‟*).

דאָ איז אייגנטלעך פאָרגעקומען יענער גרויסער „נס‟ פון אַלע רעוואָלוציעס: אין משך פון געציילטע טעג אָדער וואָכן, ווערט די מאַסע רייפער און דריגנט שטאַרקער אַריין אין גאַנג פון סאָציאַלן מעכאַניזם, ווי אין אַ רואיקער צייט אין פאַרלויף פון יאָרן לערנען. צו דער דאָזיקער רייפקייט האָבן נאָך צוגעטריבן די ה״ה פון דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע, וועלכע האָבן נישט געקוקט אויף דעם גרויסן בלוט־שטראָם און קרבנות, וואָס דער טעקסטיל־פּראָלעטאַריאַט האָט אוועקגעגעבן פאַר זיינע קליי־נע געווינסן בעת די יאַנואַר־ און פעברואַר־קאַמפן, דאָך זיך באַ־מיט אַלץ צוריקצונעמען, ווען עס האָבן זיך איינגעשטילט די שטרייקן.

אויב די מאַסע איז רייף געוואָרן און פאַרשטאַנען צו ווענדן איר קאַמף קעגן דעם קאַפּיטאַליזם און צאַרישער מאַכט, האָבן אָבער די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען נישט פאָרגעזען די סטראַטע־גישע מיטלען, וועלכע זאָלן ציל־באַוווסט אויסנוצן די קאַמפס־ענערגיע פון די מאַסן. די לאָדזשער באַריקאַדן־טעג זענען געווען אַ געזעצלעך קינד פון דער רעוואָלוציע אין פינפטן יאָר און גע־האָט אויף זיך אַלע קענטצייכנס פון דער רעוואָלוציע. ס׳איז נישט געווען קיין צענטראַלע אָנפירונג, קיין שטאַב, וואָס זאָל באַוואָ־פענען די אַרבעטער־באַפעלקערונג, קאָנצענטרירן די גאַנצע רעוואָ־לוציאָנערע ענערגיע און זי אויסנוצן פאַרן אומוואַרפן די צאַרן־

---

*) „פּשעדשוויטיי‟ נומ. 2, פעברואַר 1905, זייט 65, „די רע־וואָלוציאָנערע טעג‟.

מאַכט. דעריבער איז די לאָדזשער אַרבעטער־באַפעלקערונג אַרויס אויף באַריקאַדן־קאַמפן נישט באַוואָפנט, נישט צוגעגרייט און נישט ווימנדיק, וואָס מ׳וועט טון צומאָרגנס נאָך די באַריקאַדן־קאַמפן.

נישט געקוקט אויף די אַלע פעלערן, וועלן די לאָדזשער יוני־טעג פאַרבלייבן דאָס שענסטע קאַפּיטל פון גייסטיקער דערהויבונג, פון מאָראַלישן ווידערגעבורט, וועלכע עס לעבט איבער אַ מאַסע בעתן רעוואָלוציאָנערן אויפברויז. דאָס גרויסע מפקיר זיין זיך פון צענדליקער טויזנטער פאַר דער גערעכטיקייט, דער גליענדער ווילן צוצעטרעטן און צו פאַרניכטן אַלע עוולות, הן נאַציאָנאַלע, הן סאָ־ציאַלע. דאָס אָננעמען זיך פון די צענדליקער טויזנטער פּאָלאַקן און דייטשן פאַר די באַליידיקטע טויטע יידישע קערפּערס, האָט אויף אייביק אַרומגענומען מיט אַ שטראַלן־קראַנץ יענע הונדערט טויזנט־קעפּיקע מאַסע, אויף וועלכער עס האָבן זיך געשאָטן די צאַרישע קוילן.

די סיבה, ווי אַזוי עס איז געקומען צו די באַריקאַדן־קאַמפן, שפּילט דאָ ווידער די קלענסטע ראָל. דער עקספּלאָזיע־מאַטעריאַל איז געווען צוגעגרייט פון פריער און עס האָט געמוזט קומען צום אויפרייס.

און אַזוי איז געקומען דער זונטאָגדיקער טאָג פון 18־טן יו־ני. אַרבעטער־פאַמיליעס האָבן גאַנץ אומשולדיק זיך געזאַמלט אין לאַגעווניקער וואַלד. מ׳איז געגאַנגען פון באַלד אינדערפרי אויף אַ „מאַיוווקע". די אַטמאָספער איז געווען אָנגעגליט נישט נאָר פון די הייסע יוני־טעג, ווי פון די לעצטע אַרבעטער־קאַמפן, וואָס האָבן געבראַנגט אַזוי פיל קרבנות. עס איז דעריבער אויך געווען נאַטירלעך, אַז אין לאַגעווניקער וואַלד זאָלן האַלטן רעדעס פּעפּע־סאָווצעס און פּ. ס.דעקעס. שפּעטער, ווען דער עולם איז צוריק אין שטאָט אַריין, האָט זיך פאָרמירט אַ דעמאָנסטראַציע מיט רויטע סאָציאַליסטישע פענער*). יידישע אַרבעטער פון באַלוט האָבן

*) ווער סיהאָט געמאַכט די דעמאָנסטראַציע, איז פון אַלע ביז איצטיקע מאַטעריאַלן נישט קלאָר. די בונדישע „לעצטע פּאַסירונ־גען" נום. 11, 1905 שרייבן, אַז די דעמאָנסטראַציע האָט געמאַכט

דערזען רויטע פענער, האָבן זיי, נישט לאַנג קלערנדיק, זיך אָנגע־שלאָסן אין צוג און עס האָט זיך געשאַפן אַן אינטערנאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציע מיט אַרבעטער פון אַלע פּאַרטייען. די דעמאָנ־סטראַציע איז געגאַנגען דורך לאַגעווניצקאַ, זאַווישאַ אין דער ריכ־טונג פון מלינאַרסקאַ. דאָ זענען אָנגעקומען קאָזאַקן און געעפנט אַ שיסעריי. דער צוג האָט זיך אַ וואַקל געטון. אויף דער ווילדער שיסעריי האָט זיך קיינער נישט געריכט. באַלד איז אַנטשטאַנען אַ מהומה. מ'האָט פאַרהאַקט די געוועלבער, די טויערן, און די דע־מאָנסטראַנטן האָבן געפּרוּווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, מען האָט אין די קאָזאַקן געוואָרפן שטיינער, געשאָסן פון הייזער. מ'האָט זיך גענומען בויען אַ באַריקאַדע. די קאָזאַקן האָבן געשאָסן אין די הייזער. אַ פרוי, וואָס איז צופעליק געזעסן נעבן אַ פענסטער מיט אַ וויג־קינד אויף דער האַנט, איז געהרגעט געוואָרן דורך אַ קויל און דאָס קינד איז געפאַלן אויף דער ערד און אָפּגעקומען בלויז מיט וווּנדן. איין הויז, פון וואַנען מ'האָט געשאָסן, האָבן די קאָזאַקן אַרומגערינגלט, אַלעמען אַרעסטירט און מערדעריש גע־שלאָגן''*).

לויט די באַריכטן פון דער ציַיטונג „ראָזוואָי'', זענען דער־שאָסן געוואָרן 5 פּערזאָן און פאַרוווּנדעט 11. צווישן די פאַרווווּנ־דעטע זענען געוועזן פאָלגנדע יידישע נעמען: נחום ווערנער, 18 יאָר אַלט, אַ וועבער, הענעך שראָדקאָווסקי, 18 יאָר אַלט, שבתי גרינפּאַס, 23 יאָר אַלט, אַ וועבער, אסתר יאָסקאָוויטש, 18 יאָר

---

פּ. פּ. ס., צו וועלכע עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אויך אונזערע אַר־בעטער. דער אויפרוף פון דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון ס. ד. ק. פּ. אי ל. פון יוני 1905 רעדט פשוט וועגן אַן אַרבעטער־דעמאָנסטראַ־ציע. דער „פזשעדשוויט'' 6—8, יולי־אויגוסט 1905 דערמאָנט אַ דעמאָנסטראַציע, וואָס איז געקומען פון אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג אין לאַגעווניק, אין וועלכער ס'האָבן זיך באַטייליקט אַלע אַרבעטער־פּאַרטייען.

*) „די לעצטע פּאַסירונגען'' נומ. 11, 28־סטער יוני 1905, „די בלוטיקע טעג אין לאָדזש''.

אַלט און יואל קויפמאַן, 25 יאָר אַלט*). עס זענען אַרעסטירט געוואָרן 27 פּערזאָן. דעם אָוונט איז אויף זשנאָווסקאַ גאַס, אויך פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע, וועלכע איז צעטריבן געוואָרן

די דאָזיקע בלוטיקע מערדעריי איבער אומשולדיקע מענטשן, האָט אויפסניי דערשיטערט דאָס גאַנצע אַרבעטנדע לאָדזש. דער בונדישער קאָמיטעט, וועלכער האָט דורך דער גאַנצער צייט פון די קאַמפן אין פינפטן יאָר צוזאַמענגעאַרבעט מיט פּ. ס. ד., האָט זיך תיכף צונויפגערעדט מיט דער פּאַרטיי און באַשטימט איינצואָרדענען די אומגעקומענע אַ לויה דינסטאָג, דעם 20־טן יוני.

דינסטאָג האָט די שטאָט געקאָכט. קיין ספּעציעלע אויפרופן צו דער לויה זענען נישט אַרויסגעגאַנגען. ס'איז בלויז איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צו מויל, אַז די לויות פון די דערשאָסענע דעמאָנסטראַנטן קומען פאָר 6 אזייגער פון באַלוטער פּלאַץ. דער באַלוטער פּלאַץ, ווו עס זענען געלעגן די הרוגים, איז פון אַ טאָג פריער געווען אַרומגערינגלט פון קאַזאַקן. דאָרט האָט מען קיינעם נישט צוגעלאָזט. אָבער פון 2 אזייגער האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן צו זאַמלען אין די זייטיקע געסלעך אַרום באַלוטער פּלאַץ. ס'זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן פאַבריקן און ווערקשטאַטן. יידן, פּאָלאַקן און דייטשן האָבן מאַסנווייז געשטראָמט צו די געסלעך אַרום באַלוטער פּלאַץ. דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע מאַניפעסטאַציע. שווייגנד זענען געגאַנגען די מאַסן, פון זיך אַליין האָבן זיך פאַרמירט רייען, וועלכע האָבן פאַרנומען די טראָטואַרן.

אַרום 6 אזייגער זענען אַלע אַרומיקע גאַסן געווען געפּאַקט מיט צענדליקער טויזנטער אַרבעטער.

,,אַלע זענען געווען זייער אויפגערעגט. ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן טראָגן די הרוגים, נאָר מען האָט נאָך נישט געקענט גיין, ווייל מען האָט געמוזט ברענגען נאָך צוויי; דאָס האָט געדויערט אַ לענגערע צייט, ווייל זיי זענען געלעגן ווייט פון דאַנען. די טרומנעס האָט מען געטראָגן אויף די הענט. דערווייל האָט אַ טייל

---

*) פון חי ע. איינעקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוון־זאַמלונג.

סאָלדאַטן געוואָלט דורכרייסן זיך דורך דער מאַסע, ווי עס ווייזט זיך אַרויס, כדי צו פאַנאַנדערטיילן איר. נאָר די מאַסע האָט גאַנץ קאַלטבלוטיק נישט געלאָזן זיי גיין ווייטער און די סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן איר. דאָ זענען אויך אונטערגעפאָרן אַ 30 קאָזאַקן און דער אָפיציר האָט געהייסן פאַנאַנדערגיין זיך, סטראַשענדיק צו שיסן. די קאָזאַקן האָבן אַראָפּגענומען די ביקסן, אָנגעלאָדן זיי און אויסגעשטרעקט צום שיסן. דער מאָמענט איז געווען אַ געשפּאַנטער. אָבער די מאַסע האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, און די ביקסן האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן. דערווייל האָט מען געבראַכט די 2 איבעריקע הרוגים און די פּראָצעסיע האָט זיך אָנגעהויבן. עס איז געגאַנגען טרומנע נאָך טרומנע, 4 טרומנעס, געטראָגן אויף די שולטערן פון די אַרבעטער און נאָך זיי רייען נאָך רייען, געשלאָסן, פּאָלאַקן, יידן און דייטשן, מיט צונויפגעביילטע פויסטן, ערנסטע פּנימער, גרייט צו גיין דעם טויט אין די אויגן. איבער די קעפּ פלאַטערן רויטע און שוואַרצע פענער, געווען אויך איין שוואַרצע פאָן מיט אַ צלם, לאַנגע רויטע שאַרפן ציען זיך איבער דער ברייט פון דער גאַס און אַ גרויסע צאָל קרענץ. צווישן די פאָנען פלאַטערן 3 רויטע פענער פון „בונד" מיט יידישע אויפשריפטן: „נידער מיט דער מלחמה!" „עס לעבע די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!", עס לעבע דער „בונד", „עס לעבע דער סאָציאַליזם", אַ שוואַרצע פאָן מיט דער אויפשריפט: „ערע דעם אָנדענק פון די געפאַלענע חברים" און אַ לאַנגער רויטער באַנד פון עטלעכע אַרשין מיט דער אויפשריפט: „עס לעבע דער פּאַרלאַמענט אויפן גרונד פון אַלגעמיינעם, דירעקטן א. אַז. וו. וואַל־רעכט". אויך פּ. פּ. ס. האָט געהאַט אַ פאָן מיט יידישע אויפשריפטן*), אַרום וועלכער עס האָט זיך גרופּירט די יידישע סעקציע פון פּ.פּ.ס.

דער עולם מאַרשירט ווייטער. רעוואָלוציאָנערע לידער אין פּויליש, יידיש און רוסיש פאַרקלינגען די שטילע גאַסן. צייטנ־

---

*) „די לעצטע פּאַסירונגען" נומ. 11, 28 יוני 1905, „די בלוטיקע טעג אין לאָדזש".

ווייז ווערט די שטילקייט איבערגעריסן פון דונערנדע אויסגע־שרייען. פון די פענסטער, פון די באַלקאָנען, ווו די פּראָצעסיע גייט אַדורך, נעמט מען אַראָפּ די היט און מען באַגריסט די דעמאָנ־סטרירנדע. די זייטן־גאַסן זענען פול מיט קאָזאַקן. אויך דער סוף פון דער דעמאָנסטראַציע ווערט באַגלייט פון אַ גרעסערער אָפּטיי־לונג קאָזאַקן. אָבער קיינער לייגט אויף דעם נישט קיין אַכט. מיט פעסטע טריט מאַרשירט דער 50 טויזנט־קעפּיקער עולם*) מיט די פינף קרבנות דורך דער פראַנציסקאַנער, שרעדניאַ (פּאָמאַרסקאַ) צום פּוילישן צמענטאַזש.

דער בית־עולם קאָן די גאַנצע מאַסע נישט אַריינגעמען. אַ גרויסער טייל בלייבט אין דרויסן. די טרומייטן ווערן אַראָפּגע־לאָזן אויף דער ערד, איבער זיי פלאַטערן די רויטע און שוואַרצע פענער און רויטע בענדער. עס טרעטן אַרויס רעדנער. מ׳רעדט פון פאַרשידענע ערטער. פון „בונד׳׳ רעדן 8 רעדנער, צווישן זיי יודל ראָזען (בוכבינדער). שפּעט אין אָוונט גייט זיך דער עולם פאַנאַנ־דער מיט געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער. נאָענט פון שטאָט רופט מען די דעמאָנסטראַנטן אויפהערן זינגען, כדי נישט אַרויס־צורופן קיין פרישע בלוטיקע הריגה מצד די קאָזאַקן. דער עולם פאָלגט. נאָך איניקע קליינע אינצידענטן מיט שפּיאָנען, גייען זיך די צענדליקער טויזנטער אַרבעטער רואיק אין זייערע היימען. קיין קרבנות זענען דעם טאָג נישט געווען.

לויט די אינפאָרמאַציעס פון ד״ר פּרוכניק, האָט די מאַכט ספּעציעל באַשטימט די לויה אויף 5 אַזייגער, ווען די באַוועגונג איז קלענער. די טראַסע פון טרויער־צוג איז אַזוי פעסטגעשטעלט געוואָרן, מ׳זאָל אויסמיידן די גרעסערע פאַבריקן. די טויטע קער־פּערס האָבן זיך געפונען: 4 אויף באַלוט, אויף זאַווישאַ 25, 28, שיקאָווסקאַ 7, מלינאַרסקאַ 39, איין דערהרגעטער איז געלעגן אויף יעקאַטערינבורסקאַ 20.

די לויות האָבן געדאַרפט גיין: פון באַלוט דורך בזשעזשינער

---

*) דאָרט.

גאַס און פון יעקאַטערינבורסקאַ דורך שרעדניאַ (פּאָמאַרסקאַ) אַרויף צום צמענטאַזש, אויף „דאַלי". אויף די גאַסן האָט מען צע־שטעלט אַ סך אָפּטיילונגען מיליטער, רייטער און פּיעכאָטע, כדי ניט צו דערלאָזן פאַרייניקן זיך די צוויי לויה־צוגן. דאָס האָט ניט געהאָלפן, די אַרבעטער פון אַלע פאַבריקן האָבן געוואָרפן די אַרבעט. די צוגן האָבן זיך פאַראייניקט. די בלוטער לויה איז אַוועק אויף פּראַנציישקאַנער און געטראָפן זיך מיטן צוג פון יעקאַטערינ־בורסקאַ גאַס ביים רוג שרעדניאַ (פּאָמאַרסקאַ) און ווידזעווער (קי־לינסקיעגאָ). דאָרט האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן די בונדישע גרופּן. דער צוג, וועלכער איז געגאַנגען פון יעקאַטערינבורסקאַ גאַס, האָט געהאַט אַ צוזאַמענשטויס מיט פּאָליציי אויף צמענטאַרנע גאַס. די פּאָליציי איז אָפּגעטרעטן. אַ צווייטער צוזאַמענשטויס מיט קאָזאַקן איז געוועזן אויף אַגראַדאָוואַ גאַס. בעת די צוזאַמענשטויסן איז דער טויטער קערפּער אַרויסגעפאַלן פון טרומנע. די פּאָליציי האָט אים צוריק אַריינגעלייגט. די אַרבעטער האָבן פון דער פּאָליציי אַרויסגעריסן די טרומנע און ווייטער מאַרשירט.

אויף פּראַנציישקאַנער, ווו די צוגן האָבן זיך צוזאַמענגע־שלאָסן, איז געקומען צו אַ צוזאַמענשטויס מיט פּיעכאָטע, וועלכע האָט געוואָלט שטערן דאָס צונויפשליסן זיך פון די צוגן. די דעצי־דירנדע האַלטונג פון דער מאַסע האָט געצוווּנגען די זעלנער אָפּצו־טרעטן. די אַרבעטער האָבן געטראָגן אויף די שולטערן די 5 טרומ־נעס. עס האָבן געפלאַטערט 15 פענער, רויטע און שוואַרצע. לויט אָפיציעלע ידיעות האָבן זיך אין צוג באַטייליקט פון 30—50 טויזנט פערזאָן. דאָס מיליטער און פּאָליציי האָט זיך פאַרהאַלטן רואיק*).

די דאָזיקע ריזיקע דעמאָנסטראַציע האָט אַרויסגערופן אַ צע־רודערונג אין די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען. דער גובערנאַטאָר אַר־צימאָוויטש און דער נאַטשעלניק פון דער זשאַנדאַרמעריע פון לאָ־דזשער און לאַסקער פּאָוויאַטן, דער פּאָדפּולקאָווניק וואַסיל שע־

*) פון די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק, אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך".

וויאַקאָוו שרייבן אין זייערע ראַפּאָרטן מיט אויפרעגונג קעגן קאָ־מענדאַנט פון לאָדזשער גאַרניזאָן, גענעראַל מיקאָלאַי עקשטען, הלמאַי ער האָט דערלויבט אויף אַזעלכע לויות. אין רעזולטאַט לערנט דאָס אויס די אַרבעטער, אַז מ׳קאָן אויסדריקן שטילע פּראָ־טעסטן קעגן דער עקזיסטירנדער אָרדענונג, דורך איינאָרדענען טויזנט־קעפּיקע לויות פון קרבנות. דאָס שטאַרקט די סאָלידאַריטעט פון די אַרבעטער, דעם קלאַסן־באַוווסטזיין, און דאָס פילן דעם כח פון פּראָלעטאַריאַט און עס שאַפט די איבערצייגונג אין דער שוואַכ־קייט פון דער מאַכט. בעת דער לעצטער לויה האָט דאָס מיליטער אומטעטיק זיך צוגעקוקט, ווי מ׳האָט געטראָגן רויטע פענער, גע־זונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געהאַלטן רעדעס. דער המון האָט אַזוי אַרום געהאַט די איבערצייגונג, אַז דאָס מיליטער איז געווען אָנוועזנד, נישט צוליב דעם, כדי נישט צו דערלאָזן חוזקן פון דער עקזיסטירנדער מלוכה־אָרדענונג, נאָר כדי צוצוגעבן דער לויה אַ פייערלעכן כאַראַקטער. ווייטער קלאָגן זיך די צאַרישע סאַטראַפּן אויף די קלאַנגען, וואָס ווערן פאַרשפּרייט, אַז די זעל־נער האַלטן מיטן פאָלק און פאַרלאַנגען פון דער מאַכט, מ׳זאָל געבן דעם מיליטער די געהעריקע פאַראָרדענונגען, וואָס זאָלן אוממעג־לעך מאַכן אַזעלכע דעמאָנסטראַציעס*).

דער דאָזיקער ראַפּאָרט האָט פאַראורזאַכט אַ שטרענגע טעלע־גראַם פון גענ.־גובערנאַטאָר מאַקסימאָוויטש צום גענעראַל עקשטען. „איך בין אויפגערעגט פון די ידיעות, וועגן די ביישפּיללאָזע אין היגזיכט פון חוצפּה אומרוען אין לאָדזש. נישט צוליב דעם האָט מען אַרויסגעשיקט מיליטער, כדי צו טאָלערירן די חוצפּה פון די דעמאָנסטראַנטן און צו דערלאָזן צו אומבאַשטראָפטע מאָרדן אי־בער זעלנער און פּאָליציי־פונקציאָנאַרן. האַנדלט אַנטשלאָסן און אומברחמנותדיק, אַזוי ווי עס דאַרף טון די מיליטערישע לייטונג, וועלכע האָט די אויפגאַבע צוריקצושטעלן די רעכטלעכע מלוכה־אָרדענונג״**).

---

*) דאָרט.
**) דאָרט.

אין רעזולטאט פון דער דאָזיקער טעלעגראַם זענען געקומען די ווייטערע בלוטיקע טעג און די באַריקאַדן־קאַמפן.

נאָך אויפן צמענטאַזש, בעת דער דינסטאָגדיקער לויה, האָט מען צווויסן געטון די אַרבעטער, אַז 2 יידישע חברים זענען געשטאָרבן פון די וואונדן, וואָס זיי האָבן באַקומען פון דער זונטאָגדיקער שיסעריי. די טויטע קערפּערס געפינען זיך אין פּאָזנאַנסקיס שפּיטאָל און די מאַסע איז גערופן געוואָרן צו קומען מאָרגן, מיטוואָך, צו דער לויה פון די יידישע אַרבעטער. „די לעצטע פּאַסירונגען" באַשרייבן אַזוי דעם אָנהויב פון דעם בלוטיקן טאָג:

„פון אַלע עקן לאָדזש שיטן זיך ווידער טויזנטער יידישע און קריסטלעכע אַרבעטער אַזייגער 5 צו דער לויה פון די 2 דערהרגעטע יידישע חברים. נאָר מען קומט צום קראַנקנהויז און עס זענען נישטאָ קיין טויטע, מען זוכט אין אַלע צימערן, אומזיסט. מיר שיקן אַוועק אין אַלע ערטער, וווּ מען האָט נאָר געקלערט, אַז זיי קענען ליגן, און אַלץ אומזיסט. וואָס טוט מען? צי מען האָט זיי צוגענומען שטילערהייט, אָדער עטוואָס אַנדערש? נאָר מיר קענען גאָרנישט העלפן. דערווייל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז עס זענען געשטאָרבן פון די פאַרוווּנדעטע נאָך 2 אַרבעטער. די אָרגאַניזאַציע האָט באַשטימט, אַז מען זאָל זיך היינט פאַנאַנדערגיין, האָבנדיק אין זינען, אַז עס איז בעסער צו אָרגאַניזירן אַ נייע לויה, איידער מאַכן איצט אַ וועלכע נישט איז דעמאָנסטראַציע.

דער עולם איז זיך אָבער נישט צעגאַנגען און האָט זיך גענומען קלייבן אויף פראַנציסקאַנער גאַס"*).

אויף רוג פראַנציסקאַנער און ווידזעווער ביי בידערמאַנס פאַבריק, האָט אַ פאָרשטייער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, דער חבר שלמה הערש היימאַן (געשטאָרבן בעת דער מלחמה) צווויסן געטון די פאַרזאַמלטע, אַז דער „בונד" האָט באַשלאָסן היינט נישט צו דעמאָנסטרירן. דער עולם גייט זיך אָבער נישט פאַנאַנדער. עס באַווייזן זיך רויטע פענער, פון פאַרשידענע זייטן האַלט מען שוין רעדעס צום עולם. אַ בונדישער רעדנער שטייט אויף

---

*) „די לעצטע פּאַסירונגען" נומ. 11, 28 יוני 1905.

אַ וואָגן און רעדט. די פירער ווארפן זיך אונטער דעם ווילן פון דער מאסע. עס ווערן אויפגעהויבן בונדישע און פּעפּעסישע פּע־נער. די מאסן מאַרשירן דורך שרעדניאַ (פּאָמאַרסקאַ) אַרויס אויף פּיעטריקאָווער.

די מאַסע וואַקסט מיט יעדער מינוט. עס מאַרשירן שוין צענ־דליקער טויזנטער. פאַראויס גייען גרופּן יידישע און פּוילישע אַר־בעטער, מיטגלידער פון די קאַמפּס־אָפּטיילונגען און עפענען די טויערן, וועלכע זענען לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער פּאָליציי גע־ווען געשלאָסן. איבער דער גאַנצער ברייט פון דער פּיעטריקאָווער גאַס שפּרייטן זיך, ווי אַ כוואַליע, די דעמאָנסטראַנטן. עס פלאַ־טערן רויטע און שוואַרצע פענער און טראַנספּאַרענטן. די גאַס ווערט פאַרהילכט פון מעכטיקן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער און אויסגעשרייען קעגן דער צאַרישער מאַכט, וועלכע טראָגן זיך פון צענדליקער טויזנטער ברוסטן. די גאַסן־באַוועגונג ווערט אָפּגע־שטעלט. די מאַגאַזינען — געשלאָסן. די טראַמוויען פאָרן צוריק אין דער רעמיזע. די פּאָליציי־פּאָסטנס האָבן זיך אָפּגעטראָגן און נאָר די מאַסע איז די אַליינהערשערין איבער דער גאַס. די צאָל דע־מאָנסטרירנדע וואַקסט אויס ביז 100 טויזנט פערזאָן. מ׳מאַרשירט רואיק און פרידלעך. פאַרטיי־פירער פּרוּוון וואַרפן אַ געדאַנק, מען זאָל באַפאַלן די געווער־מאַגאַזינען, מ׳זאָל גיין צו דער טורמע*), אָבער דאָס ווערט אַרויסגעזאָגט נישט דרייסט און די מאַסע טראָגט זיך אַליין ווייטער און ווייטער. פון צייט צו צייט שטעלט מען זיך אָפּ. רעדנער האַלטן רעדעס. עס דאַכט זיך, אַז די אויסגעבענקטע פרייהייט איז שוין געקומען און קיינער פילט נישט דעם טויט, וואָס לויערט אין די זייטן גאַסן אין געשטאַלט פון סאָטניעס קאָזאַקן.

אזוי מאַרשירט די ריזיקע דעמאָנסטראַציע, ביז קאַראָלאַ גאַס (זשווירקי). דער פּלאַן פון דער צאַרישער מאַכט איז געווען „זייער אַ גוטער" און אַ דורכגעטראַכטער. עס איז געגאַנגען אין דעם אַרויסצוציען די דעמאָנסטראַנטן פון רייכערן טייל פּיעטריקאָווער און די בלוטיקע אָפּרעכענונג דורכפירן דאָרט, ווו עס הייבן זיך אָן

*) דאָרט.

די פאַבריקן און אַרבעטער־וווינונגען, זאָל דער רייכער טייל פון שטאָט מיט זייערע מאַגאַזינען נישט ליידן פון דעם צוזאַמענ־שטויס*) און דאָ ביי דער קאַראַלאַ גאַס טאַקע האָט זיך אָנגעהויבן די בלוטיקע אָרגיע.

אַ צעווילדעוועטע מחנה קאָזאַקן האָט זיך מיט זייערע פערד אַריינגעלאָזט אין המון דעמאָנסטרירנדע. דער ריזיקער צוג האָט זיך איינגעבראָכן. דער פאָדערשטער טייל פון די דעמאָנסטראַנטן איז אָפּגעטרעטן אויף קאַראַלאַ, פּוסטע און זייטיקע גאַסן, דאָ האָט גע־וואַרט אויף זיי אַ פּאַסטקע פון זעלנער, וועלכע האָבן אַכזריותדיק געשלאָגן און געטריבן צוריק אויף פּיעטריקאָווער גאַס. דאָ האָבן די קאָזאַקן געגעבן כסדרדיקע זאַלפּן אין אַנטלויפנדן המון. עס האָבן זיך אָנגעהויבן גהינום־סצענעס. די ריזיקע מענטשן־מאַסע, געיאָגט פון קאָזאַקישע פערד מיט זייערע צעווילדעוועטע רייטער, האָט זיך צעשפּרייט איבער דער גאַס. שוואַכערע זענען געפאַלן, פערדישע פּאָדקאָוועס האָבן זיך איינגעשניטן אין מענטש־לעכע לייבער, היסטערישע געשרייען, הילפס־רופן, יללות און דאָס טרוקענע קנאַקעריי פון ביקסן, האָבן פול געמאַכט די לופט.

די שוואַך־באַוואָפנטע קאַמפּס־אָפּטיילונגען פון די סאָציאַלי־סטישע פּאַרטייען פּרוּוון שטעלן אַ ווידערשטאַנד, מ׳פּרוּווט באַ־רואיקן דער המון, אָבער דאָס איז אוממעגלעך ביי דער ריזיקער מאַסע פון צופעליקע מענטשן. מ׳נעמט זיך שפּאַרן אין די טויערן, הגם זיי זענען אַלע אָפן, באַקומט זיך אַ קליינער טייל אַריין, ווייל פאַר די טויערן ליגן שטויסן אומגעוואָרפענע מענטשן, וועלכע פאַר־באַריקאַדירן די אַריינגענג אין די הויפן. אייניקע אַרבעטער מיט רעוואָלווערן אין די הענט פּרוּוון אָפּהאַלטן דאָס אָנקנוילן זיך פון מענטשן פאַר די טויערן. מ׳טראָגט אַריין אין די הויפן דערשטיק־טע, צעטרעטענע מענטשן־קערפּערס. אַ קריסטלעכע פרוי דערזעט איר מאַן אַ דערשטיקטן, זי רייסט פון זיך אַראָפּ די בלוזקע. שטעקט אַרויס איר נאַקעטע ברוסט און שרייט צו די קאָזאַקן, זיי זאָלן אין

---

*) „איסקראַ״ נומ. 102, 1905, „דער אַרבעטער־אויפשטאַנד אין לאָדזש״, פון אַ פּריוואַטן בריוו.

איר אויך שיסן. צווישן די צעטרעטענע געפינט זיך אויך ח׳ בעריש קורביץ, וועלכער איז אפגעקומען בלויז מיט וואונדן. אים האט פאר־גאטאוויע צונעגומען*). די מערדערישע שיסעריי הערט נישט אויף. ס׳שיסט אין די טויערן אריין. דער פארצווייפלטער המון נעמט ברעכן די פלויטן, אויסשלאגן די פענסטער. לסוף באהערשן די קאזאקן די גאס, וועלכע ווערט אפגעליידיקט פון מענטשן. עס אר־בעטן די דאקטוירים פון פאגאטאוויע. עס ליגן טויטע און פאר־וואונדעטע. די טראטוארן זענען באגאסן מיט בלוט. דאס „שלאכט־פעלד״ ווערט ארומגערינגלט מיט מיליטער. מ׳לאזט קיינעם נישט צו צו די דערהרגעטע. די שיסעריי האט זיך אנגעהויבן 8 אזייגער אין אוונט און ערשט שפעט ביינאכט האט מען די טויטע אפגע־רוימט פון די גאסן**). א סך פון זיי זענען געוועזן אזוי צעהאקט און צעטרעטן, אז אפילו זייערע נאענטסטע האבן זיי נישט געקענט דערקענען.

אין די פאליציייאישע פראטאקאלן און ראפארטן, וועלכע זע־נען באארבעט געווארן דורך ד״ר פרוכניק, ווערן די בלוטיקע גע־שעענישן פון מיטוואכדיקן טאג אזוי געשילדערט:

„דעם 21־טן יוני זענען פארגעקומען נייע געשעענישן. עס האבן זיך פארשפרייט קלאנגען (לויט די פאליציייאישע אינפאר־מאציעס פאלשע קלאנגען), אז צווישן די פארוואונדעטע דעם 18 יוני, זענען געשטארבן אין שפיטאל צוויי יידישע ארבעטער. די פא־ליציי האט זיי געזאלט באגראבן אויפן קאטוילישן בית־עולם. דער צוזאמענגעקומענער עולם האט געזוכט די טויטע אין שפיטאל און אויפן בית־עולם און שפעטער איינגעארדנט א גרויסע דעמאנסטרא־ציע מיט א סך פענער און געזונגען רעוואלוציאנערע לידער. די דעמאנסטראציע איז געגאנגען דורך פראנצישקאנער, שרעדניע, נייער מארק, פיעטריקאווער א. אז. וו. דורך דעם גאנצן וועג האט מען געהערט אנטי־מלוכהשע אויסרופן. די געשעענישן זענען פאר־

---

*) פון ח׳ בעריש קורביצס נישט־פארעפנטלעכטע זכרונות.

**) „איסקרא״ נומ. 102, 1905, „דער ארבעטער־אויפשטאנד אין לאדזש״, פון א פריוואטן בריוו.

געקומען אזוי שנעל, אז ערשט 8.45 אויף דער נאכט האט די מאכט ארויסגעשיקט אויף קאראלא גאס קאזאקן. זיי האבן געוואלט צעיאגן דעם עולם מיט נאגייקעס, אבער עס איז נישט געלונגען. מען האט אויף זיי געווארפן שטיינער און געשאסן פון פענסטער, טויערן און פלויטן. די קאזאקן האבן געענטפערט מיט א שיסעריי. די דעמאנסטראנטן זענען זיך צעלאפן און געקליבן זיך אויף די שכנותדיקע גאסן: מיקאלאיעווסקא, וואלטשאנסקא און גלווונא. עס זענען צוגעקומען נייע אפטיילונגען מיט מיליטער, דראגאנער און פיעכאטע, וועלכע האבן אפגעשלאסן די גאסן און צעיאגט דעם עולם. זיי האבן באנוצט געווער. עס זענען געפאלן 21 מאני־פעסטאנטן. 15 אויפן ארט און 6 געשטארבן פון די ווונדן. עס זע־נען געוועזן א סך פארווונדעטע און 10 צעטרעטענע. פון מילי־טער זענען געוועזן אויך 2 פארווונדעטע".

ווי מיר זעען פון די פאליציייאישע אינפארמאציעס, האט די צארישע מאכט געפרווט באדעכטיקן איר בלוטיקע שחיטה אין מיטוואכדיקן טאג מיט דעם, אז די קאזאקן זענען געווארן אנגע־גריפן פון המון. זיי, די קאזאקן, האבן געוואלט טון אן אומשולדי־קע ארבעט: צעטרייבן דעם הונדערט טויזנט־קעפיקן עולם מיט נא־גייקעס און זענען „נעבעך" געצווונגען געווארן צו באנוצן געווער. אבער די ליגנערישקייט פון די אינפארמאציעס לאזט זיך לייכט בא־מערקן. קודם־כל וויסן מיר פון דער טעלעגראם פון וגענ. גוב. מאקסימאוויטש, וועלכער האט באפוילן צו האנדלען ריקזיכטסלאז קעגנאיבער די דעמאנסטרירנדע ארבעטער און שוין דער אופן פון לאזן די ארבעטער זיך זאמלען ביז אזא ריזיקער דעמאנסטראציע איז געוועזן א נידערטרעכטיקע פראוואקאציע פון די צארישע סאטראפן.

ס'איז אויך ליגנעריש די פאליציייאישע אינפארמאציע, אז די יידישע מתים זענען נישט באהאלטן געווארן שטילערהייט. דער דעמאלטיקער „ראזוואי", א צייטונג, וועלכע מ'האט נישט געקענט חושד זיין אין צופיל ארבעטער־ און יידן־פריינטלעכקייט, האט נאך די באריקאדן־טעג געשריבן:

„די רו וואלט אין ערגעץ נישט געשטערט געווארן און עס

וואָלט אַדורכגעגאַנגען מיט אַ בלוטלאָזער דעמאָנסטראַציע, ווען עס וואָלט פאָרגעקומען די לויה פון די דערהרגעטע יידן. אָבער זייערע קערפּערס האָט מען אין דער נאַכט פון דינסטאָג אויף מיטוואָך אין געהיים צוגענומען און אויף דעם זעלבן אופן מקבר געווען. דער המון, וועלכער איז געקומען צו דער לויה, האָט זיי נישט גע־טראָפן"*).

ס'לאָזט זיך שווער גלויבן, אַפילו ביי דער גאַנצער שווערקע־פּיקייט פון די צאַרישע מושלים, זיי זאָלן נישט פאַרשטיין, אַז ביי דער אָנגעגליטער אַטמאָספער וועט דאָס צונעמען די געפאַלענע אַרויסרופן צווישן די אַרבעטער אויפרעגונג און פאַרביטערונג. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אַן אויסגערעכנטע פּראָוואָקאַציע פון די צאַרישע תלינים, וועלכע האָבן געגלויבט צו דערטרינקען די לאָדזשער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַ טייך בלוט. דער רעזולטאַט איז אָבער געווען אַן אַנדערער: די מיטוואָכדיקע בלוט־אָפּצאַפּונג האָט נאָך געשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערישקייט ביי די מאַסן און געפירט צו ווייטערע קאַמפן.

דאָנערשטאָג, דעם 22־סטן, איז געווען דער קאַטוילישער יום־טוב „באָזשע טשאַלאָ", מ'האָט זיך גערעכט, אַז בעת די רע־ליגיעזע פּראָצעסיעס וועט ווידער קומען צו פרישע צוזאַמענשטויסן, אָבער די רעליגיעזע פייערלעכקייטן זענען אַדורך רואיק. אויף די אַנדערע גאַסן איז ווייטער אָנגעגאַנגען דער קאַמף קעגן דער צאַ־רישער מאַכט. מ'האָט די פּאָליציאַנטן ווייטער פאַרטריבן פון די פּאָסטנס און אַ טייל אַנטוואָפנט. אויף דער וועכאָדניע גאַס האָט מען אין דער פרי דערהרגעט אַ קאָזאַק. אויף דער אַלטשטאָט האָט מען 4 אַזייגער נאָכמיטאָג אָוועקגעלייגט אַ פּאָליציאַנט, פראַנצי־שעק קלימקעוויטש, וועלכער האָט געזאָלט זיין אַן אַגענט פון אויס־פאָרשונגס־פּאָליציי. און אין דער אייגענער צייט האָט מען אויף דער וועכאָדניע גאַס דערהרגעט דעם פּאָליציאַנט סטאַניסלאַוו וואָל־

---

*) „ראַזוואָיי" נומ. 141, 28 יוני 1905, „די בלוטיקע וואָך", פון חי׳ ע. איינעוקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

טשאק, מ׳האָט אויך געשאָסן צום זשאַנדאַרמעריע־ריטמייסטער זשאַדקאָ אַנדרעיעוו, וועלכער איז געוואָרן פאַרוואונדעט*).

די דאָזיקע אַלע אָנפאַלן זענען ביז איצט נישט צוגעשריבן געוואָרן קיין שום פּאַרטיי, אַזוי, אַז מ׳דאַרף אָננעמען, אַז דאָס זענען געווען סטיכישע אויסברוכן פון פאַרביטערטן המון, וועל־כער האָט געזוכט זיך אָפּצורעכענען מיט די צאַרישע מאַכט־האָבער פאַר זייער אַכזריות און מערדעריי.

אין דעם טאָג באַלד אין דער פרי זענען איבער דער שטאָט פאַרשפּרייט געוואָרן טויזנטער פּראָקלאַמאַציעס פון „בונד״, וועל־כע האָבן גערופן צו אַן אַלגעמיינעם פּאָליטישן שטרייק. די אַרבעט איז געפירט געוואָרן געמיינזאַם פון „בונד״ מיט פּ. ס. ד. אויך די פּ. ס. ד. האָט גערופן צום שטרייק. „בונד״ האָט זיך געוואָנדן צו פּ. פּ. ס. וועגן קאָאָרדינירן די אַרויסטרעטונגען, אָבער דערפון איז גאָרנישט געוואָרן. פּ. פּ. ס. איז אַרויסגעטרעטן קעגן שטרייק, אָבער דאָס האָט נישט געהאַט קיין ווירקונג. דאָנערשטאָג, צוליב קאַטוילישן יום־טוב, זענען די פאַבריקן ממילא געשטאַנען. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט אָפּגעשטעלט אין דעם טאָג אַלע יידי־שע אונטערנעמונגען. די מאַגאַזינען און געוועלבער זענען געוואָרן געשלאָסן. מאַסן אַרבעטער האָבן זיך גענומען זאַמלען אויף די גאַסן. ס׳האָבן זיך געבילדעט סטיכישע מאַניפעסטאַציעס. אין אָוונט זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן די טראַמווייען**).

„איסקרא״ באַשרייבט אַזוי דעם אָנפאַל אויפן זשאַנדאַרמען־ריטמייסטער אַנדרעיעוו:

„אַנדרעיעוו איז געגאַנגען אויף שרעדניאַ גאַס (פּאַמאָרסקאַ). ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גרופּע יידישע אַרבעטער, עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס, פון וועלכן אַנדרעיעוו איז געפאַלן

---

*) פון די מאַטעריאַלן פון דייר אַדאָם פּרוכניק, אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך״.

**) „די לעצטע פּאָסירונגען״ נומ. 11, 28־סטן יוני 1905.

אַ פֿאַרוווּנדעטער. אַרום 9 אַזייגער אָוונט האָבן יידישע אַרבעטער זיך פֿאַרקליבן אויף די דעכער פֿון ווסכאָדניע גאַס און געשאָסן צו די קאָזאַקן. אייניקע קאָזאַקן זענען פֿאַרווונדעט געוואָרן*). דאָס הויז ווסכאָדניע 17 איז דורך די קאָזאַקן באַשאָסן געוואָרן אין משך פֿון אַ פֿערטל שעה. מ'האָט געשאָסן אין די פֿענסטער און טירן**).

אין אָוונט האָבן אויף דער בונדישער בערזע אויף ווסכאָד־ניע גאַס גענומען זיך זאַמלען מאַסן יידישע אַרבעטער. נישט גע־קוקט אויף דער שיסעריי, וואָס איז אָנגעגאַנגען בייטאָג אויף דער גאַס, האָט עס דאָך קיינעם נישט אָפּגעהאַלטן פֿון קומען אַהער. די שטימונג איז געווען אַ געשפּאַנטע. אַלע זענען געווען גרייט צום קאַמף. מ'האָט געוואַרט אויף באַפֿעלן פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

ס'איז אוממעגלעך פֿעסטצושטעלן, ווער האָט געוואָרפֿן דער ערשטער דעם געדאַנק וועגן שטעלן באַריקאַדן, ווייזט אויס, אַז אַזאַ געדאַנק איז געקומען פֿון די בונדישע פֿירער, ווייל אין אויפֿשטעלן די ערשטע באַריקאַדע אויף ווסכאָדניע גאַס, האָבן זיך באַטייליקט מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פֿון דער בונדישער אָר־גאַניזאַציע.

,,אַזייגער זיבן פֿאַרנאַכט האָט מען אָנגעהויבן בויען באַרי־קאַדן אויף ווסכאָדניע און פּאָלודניאָווע (וווּ עס זענען די אָר־בעטער בירזשעס). אויף ווסכאָדניע האָט מען אויפֿגעשטעלט 3 באַ־ריקאַדן פֿון אַ פּאָר אַרשין די הויך, און אויף פּאָלודניאָווע איינע. אויפֿן ראָג פֿון פּאָלודניאָווע און ווסכאָדניע זענען געווען 3 באַ־ריקאַדן (זע די צייכענונג), מאַטעריאַל האָט זיך געפֿונען פֿון אונ־טער דר'ערד. די הויז־וועכטער אַליין האָבן געהאָלפֿן שאַפֿן מאַ־טעריאַל. אין איין הויף האָט מען שוין בייטאָג צוגעגרייט קאַסטנס און פֿעסער, מען האָט אויפֿגעריסן דעם ברוק, מען האָט אַראָפּגע־

*) ,,איסקראַ'' נומ. 102, 1905, ,,דער אַרבעטער־אויפֿשטאַנד אין לאָדזש'', פֿון אַ פּריוואַטן בריוו.

**) ,,די לעצטע פּאָסירונגען'' נומ. 11, 28 יוני 1905.

ריסן די שילדן, צעבראָכן די לאַמטערנעס, און עס איז געווען פינסטער. דער רעגן האָט נישט אָפּגעהאַלטן. דאָ האָט מען גע־שלעפּט אַ טאַטשקע, דאָ אַ טיש, דאָרט אַ פאַס, אַ דריטער אַ שטיין א. אַז. וו. די לאַמטערנעס האָט מען צעבראָכן. נאָר מיט אַמאָל איז געוואָרן ליכטיק: מען האָט אונטערגעצונדן אַ מאָנאָפּאָלקע אויף ווסכאָדניע גאַס. מען האָט צעטראָגן אויך די פּאָסט*).

בעת דעם פאַרניכטן דעם בראָנפן־מאָנאָפּאָל אויף ווסכאָדניע נומ. 12, איז אַ יונגער אַרבעטער, אַ בונדיסט, אַריין אין געוועלב, אַרויסגעכאַפּט דאָס פּאַפּיר־געלט און מיט דעם אויסגעשריי: „ני־דער מיט דער זעלבסטהערשונג!'' האָט ער צעריסן דאָס פּאַפּיר־געלט און געוואָרפן אויף דער גאַס. אויך דער בראָנפן איז אויף אַזאַ אופן פאַרניכטעט געוואָרן. מ'האָט צעהאַקט די פלעשער און דעם בראָנפן געלאָזט פליסן אין די רינשטאָקן**). די בונדישע בערזע אויף ווסכאָדניע גאַס האָט אַזוי אַרום געגעבן די ערשטע באַריקאַדע און דעם אָנהויב פון צעקלאַפּן די מאָנאָפּאָלן.

וועגן דעם שטעלן באַריקאַדן אויף ווסכאָדניע גאַס דערציילט אין זיינע זכרונות סאַשאַ טשעמערינסקי:

„מיר האָבן געוואַרט אויף אַן איבערפאַל פון דער רייטער־פּאָ־ליציי. געוויינלעך, פלעגט מען זיך פאַר אַזעלכע זאַכן היטן, אָבער די לעצטע מאַסן־אַרויסטרעטונגען, שטרייקן, דעמאָנסטראַציעס, צוזאַמענשטויסן מיט דער פּאָליציי האָבן אונז אָפּגעוווינט פון צו היטן זיך. אָבער איך ווייס נישט און געדענק נישט, ווי דאָס איז פאָרגעקומען, נאָר איך האָב צוזאַמען מיט נחמנען דערטאַפּט אַ גרויסן לייטער און פאַרצוימט מיט אים דעם וועג, די גאַס. אין איין רגע האָט אַלץ אויפגעלעבט. אַלע האָבן זיך געוואָרפן צו דער אַרבעט. מ'האָט גענומען שלעפּן ברעטער, שטיינער, לייטערס, וואָגנס, אומוואַרפן סלופּעס, פון אַלע זייטן האָט מען גענומען

---

*) „די לעצטע פּאָסירונגען'' נומ. 11, 28 יוני 1905.

**) פון חזי שמואל בינשטאָקס נישט־פאַרעפנטלעכטע זכרונות.

שלעפן, בויען. ס'איז נאָך געווען ליכטיק, ס'איז געוואָרן לעבע־דיק און היים. איך דערמאָן זיך, ווי מיט אמאָל איז אויסגעוואקסן, ווי פון אונטער דער ערד, ווירגילי, ערשט פון וואָקזאַל, אָנגעטון נאָך פון וועג. און גלייך האָט דער הויכער, ברייטבייניקער וויר־גילי אראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל — און היידא צו דער אַרבעט!

די באַריקאַדן־נעץ איז געוואָרן אַלץ געדיכטער, ארומגע־כאַפּט אַלץ אַ גרעסערן שטח. געאַרבעט ארום די באַריקאַדן האָבן אַלע: מענער, פרויען, יונגע, אַלטע מיט גרויע בערד, קינדער. זוו מיר פלעגן נישט גיין — אומעטום באַריקאַדן, פּאָליציי און דיי־טער — פאַרשוווּנדן. מיר זענען אַליין באַלעבאַטים פון די גאַסן. מ'האָט אָנגעהויבן צעשטערן און ס'האָבן זיך אָנגעצונדן מאָנאָ־פּאָלקעס (בראָנפן־קרעמלעך), מ'האָט אָנגעהובן ארויסוואַרפן און ברעכן די בראָנפן־פלעשלעך"*).

אין משך פון דעם גאַנצן אָוונט זענען אויף די גאַסן ארומ־געגאַנגען גרופּעס אַרבעטער און צעהאַקט די גאַז־לאָמפּן. ס'איז געוואָרן פינסטער. פּאָליציי און מיליטער האָבן זיך אָפּגעטראָגן, ווייזט אויס, ס'איז נאָך ביי די צאַרישע מאַכט־אָרגאַנען נישט גע־ווען די געהעריקע פאַראָרדענונג און פּלאַן, ווי אַזוי צו דערשטיקן די רעוואָלוציאָנערע סטיכיע.

ד"ר פּרוכניק שילדערט דעם סוף פון דאָנערשטאָגדיקן טאָג אויף פאָלגנדן אופן:

„עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט. דער עולם אויף וואַכאָדניע און שרעדניע האָט אָנגעהויבן צעהאַקן די גאַסן־לאַמטערנס און צוועקשטעלן פאַרצוימונגען, איבער דער ברייט פון דער גאַס, כדי צו שטערן די באַוועגונג פון מיליטער און פּאָליציי. מיט דעם אָנ־וואַקסן פון דער פינסטערניש, מערט זיך דאָס שיסן צו די פּאָלי־ציאַנטן. מ'האָט צעהאַקט 4 מאָנאָפּאָל־געוועלבער: פראַנציסקאַנער

*) טשעמעריסקי: „לאָדזש אין יאָר 1905", „רויטע בלעטער".

11, אַלעקסאַנדראָווסקאַ 34, (באַלוט), ווסכאָדניע 12, פּאָלודניאָווע 24''*).

אויף צומאָרגנס, פרייטאָג, איז דער רעוואָלוציאָנערער אָנגריף ווייטער געגאַנגען. דער שטרייק איז געווען אַן אַלגעמייטער. די גאַנצע באַוועגונג אין שטאָט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. די פאַבריק־סירענעס האָבן דעם פרימאָרגן געשוויגן. די מאַגאַזינען און געוועלבער געשלאָסן, די טראַמווייען זענען נישט אַרויסגעפאָרן, די גרויסע פאַבריקס־שטאָט איז אָפּגעשטאָרבן. אויף די גאַסן און אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן זאַמלען זיך גרופּן אַרבעטער. די הענט לעכצן נאָך טאַט. הינטער די באַריקאַדן אויף ווסכאָדניע שטייען גרופּן בונדיסטן און וואַרטן אויפן אָנקומען פון שונא. אויפן שמאָלן געסל אין באַלוט (בערקאַ יאָסעלעוויטשאַ), פעפער־גאַס, מלינאַרסקאַ זאַמלען זיך יידישע אַרבעטער. די אויפרעגונג איז גרויס. גלייכצייטיק וואַקסט אַ שרעקלעכע אומרואיקייט פאַר דעם אָנקומען פון שונא. עפּעס דאַרף מען טון, כדי צו פאַרצוימען דעם וועג. מ'נעמט זיך בויען באַריקאַדן, אויפן אָרט געפינען זיך באַקאַנטע אַגיטאַטאָרן און טוער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. ח' יודל ראָזען (בוכבינדער), לייבל וואַרשאָווער, אַ פירער פון דער ,,ב. אָ.''—קאַמפּס־אָפּטיילונג, בערישל באָסיאַק, אַ באַקאַנטער רעדנער און אַגיטאַטאָר. זיי וואַרעמען אונטער דעם פאַרזאַמלטן עולם מיט רעדעס און באַלד נעמט מען צוזאַמענשלעפּן קאַסטנס, ברעטער, ציגל, שטיינער, וואָגנס, מעבל־שטיקער, ווענט פון וועבשטולן, וועלכע האָבן זיך דאָן געפונען אויף יעדן וועבער־הויף און עס וואַקסן אויס באַריקאַדן.

אין דעם בויען באַריקאַדן באַטייליקן זיך אַלע: מענער, פרויען, קינדער, אַלטע לייט, אַפילו די לוין־וועבער, מיט וועלכע מ'האָט אַזוי פיל יאָרן געפירט אַ ביטערן קאַמף. די שרעק פאַר די אָנקומענדע זעלנער און קאָזאַקן האָט אַלעמען פאַרייניקט. אין די

---

*) פון די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק, אין דריטן באַנד ,,לאָדזשער יאָרבוך''.

באריקאדן זעט מען א מיטל אפצוהאלטן די רוצחישע טאטן פון אנקומענדן שונא.

פון די אויפגעשטעלטע באריקאדן זענען אפגעשלאסן די גאסן: שמאלע גאס (בערקא יאסעלעוויטשא) פון דער זייט מלינאר־סקא און לאגעווניצקא, פעפער־גאס אויך אויף דעם זעלבן אופן. עס זענען אויך אויפגעשטעלט געווארן באריקאדן אויף בזשעזשי־נער, מלינארסקא, אלעקסאנדריסקא, „מרדכי גבאים גאס" (היינט זשידאווסקא). צו די באריקאדן זענען אויך אויסגענוצט געווארן די פויערישע וואגנס, וועלכע פלעגן געוויינלעך פרייטאג קומען אויפן מארק־טאג. געניי די צאל באריקאדן, וואס זענען אויפגע־שטעלט געווארן אויף די לאדזשער גאסן, איז נישט פעסטגע־שטעלט. דער קארעספאנדענט פון „איסקרא" גיט איבער וועגן 10 באריקאדן און רעכנט אויס די גאסן, ווו זיי זענען געשטאנען:

רוג זאוואדזקא און פיעטריקאווער, רוג קרוטקע און פיעטרי־קאווער, רוג וווסכאדניע און דזשעלנע, רוג וווסכאדניע און קאמיענ־נא, רוג פראמענאדע און זאכאדניע, רוג וווסכאדניע און צעגעל־ניאנא און ביי פאזנאנסקיס פאבריק. אין דער רשימה פעלן די באריקאדן פון באלוט און אויף רוג וווסכאדניע און פאלודניאווע א. אנד. ערטער.

גלייכצייטיק מיטן שטעלן באריקאדן איז ווייטער פארגעקו־מען דאס צעהאקן די לאמטערנס, אונטערזעגן טעלעפאן־סלופעס. מיט דעם אראפגעריסענעם דראט פון די סלופעס זענען פארפעס־טיקט געווארן די באריקאדן. פון די באריקאדן, פון פענסטער, באלקאנען, דעכער און טויערן האט מען געשאסן צום מיליטער.

אין דער אייגענער צייט איז פארגעקומען דאס ווייטערדיקע פאגראמירן און פארניכטן די בראנפן־מאנאפאלן. אממייסטן זענען צעהאקט געווארן די מאנאפאלן אין די גערדיכטע ארבעטער־צענ־טערן. מ'האט צעהאקט די פלעשער, דעם בראנפן ארויסגעלאזט אין די רינשטאקן און דעמאלירט די געוועלב־איינריכטונגען. אין אלע באריכטן, הן פאליציייאישע, הן אנדערע, איז נישט פארצייכנט קיין איין פאל פון שכורים־אוואנטורעס, אדער פרווון צו כאפן פלעשלעך

א. אז. וו. דאָס באַווייזט נאָכאַמאָל, ווי הויך עס איז געשטאַנען דער פּראָלעטאַריאַט פון לאָדזש אין די דאָזיקע טעג פון אָפּרעכע־נונג מיטן צאַריזם.

לויט ידיעות פון דער לאָדזשער פּרעסע אין יענער צייט, איז דאָס צעהאַקן אָדער אונטערצינדן די מאָנאָפּאָלן דעם 23־סטן יוני, פרייטאָג, פאָרגעקומען אין פאָלגנדע ערטער:

פּאָלודניאָווע 32,
קאַמיענגאַ 1,
ווידזעווסקאַ 28,
סקווערדאָווע 20,
ווידזעווסקאַ 150,
זשגאָווסקאַ 12,
פּזשענדזעלניאַנאַ,
ראָקאָטשינער שאָסיי,
מיקאָלאַיעווסקאַ 65,
ווידזעווסקאַ 85,
בענעדיקטאַ רוג דלוגאַ,
מיקאָלאַיעווסקאַ רוג גלאָוונאַ,
פּאַנסקאַ רוג אַנדזשעיאַ,
ווידזעווסקאַ,
סאָסנאָווע 4.
ווידזעווסקאַ 194.

ארום מיטאָג ־ צייט האָט דאָס צאַרישע מיליטער זיך אַרויסגעלאָזט אין די גאַסן מלחמה־פּערטיק און עס האָט זיך אָנ־געהויבן די בלוטיקסטע אָפּרעכענונג מיט די אַרבעטער, וואָס לאָדזש האָט נאָר געהאַט אין איר געשיכטע. דאָס ערשטע האָט מען גענו־מען באַשיסן די באַריקאַדן. ביי דער באַריקאַדע אויף אַלעקסאַנ־דריסקאַ (היינט זשידאָווסקאַ) איז געפאַלן דער בונדיסט לוזער לעסקי, א שניידער, און א בעקער־אַרבעטער, וועמענס נאָמען ס'איז נישט פעסטגעשטעלט געוואָרן, איז געוואָרן פאַרוווּנדעט. ביי דער באַריקאַדע אויף פּעפּער־גאַס איז געפאַלן דער 17־יעריקער לייבוש ראָטפּאָגעל (לייבוש בלאַשקער) און נאָך אַן אַרבעטער, ווע־

מענם נאָמען ס'איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן. פאַרוווּנדעט זע־נען געוואָרן, א חוץ אַנדערע פּערזאָנען, אויך בערישל באָסיאַק. ווייטער זענען אין דעם טאָג דערשאָסן געוואָרן אויף די לאָדזשער גאַסן נאָך עטלעכע צענדליק יידישע אַרבעטער. נישט אַלע זענען געווען בונדיסטן, פאַראַן צווישן זיי זקנים און קינדער, אָבער דער גרעסטער רוב, יונגטלעכע אין עלטער פון 17 ביז 25 יאָר, זע־נען אָן צווייפל געווען בונדיסטן, אומבאַקאַנטע זעלנער פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָבן זייער טויט געפינען אונטער די באַרי־קאַדן. עס זענען אויך געפאַלן אַ גרעסערע צאָל פּוילישע אַרבע־טער, אָבער די מערהייט דערשאָסענע, 55 פּראָצ., זענען געווען פון דער יידישער מאַסע*).

נאָכן פאַנאַנדערנעמען די באַריקאַדן, צו וועלכע די זעלנער זענען צוגעגאַנגען מיט גרויס פּחד, זענען די גאַסן באַהערשט געוואָרן דורכן מיליטער. דער קאַמף צווישן אַרבעטער און צאַרישן מיליטער איז אָנגעגאַנגען פרייטאָג דעם גאַנצן טאָג ביז שפּעטער נאַכט. 11 אַזייגער אָוונט איז נאָך צעהאַקט געוואָרן דער מאָנאָ־פּאָל אויף פּושענדזאַלניאַנאַ גאַס. דער לעצטער צוזאַמענשטויס איז געווען אויף ראָקאָמשינער שאָסיי.

ווען די אַרבעטער זענען אָפּגעטראָטן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ ווילדע שיסעריי. מ'האָט געשאָסן צו יעדע פּערזאָן, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער גאַס. מ'האָט געשאָסן אין די הייזער און אין די פענסטער. ספּעציעל האָט געצילעוועט דאָס מיליטער אין באַ־לוט, ווו זיי האָבן באַשאָסן כמעט יעדעס הויז. די נאַכט פון פרייט־טאָג אויף שבת איז געווען אַ נאַכט פון גרויל. די איינוווינער פון באַלוט האָבן פאַרלאָזט זייערע שטובן און מענער, פרויען און

*) פון די מאַטעריאַלן פון ד״ר אַדאַם פּרוכניק אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבוך״. „די לעצטע פּאַסירונגען״, 28־טן יוני 1905. „איסקראַ״ נומ. 102, 1905. — „דער אַרבעטער־אויפשטאַנד אין לאָדזש״, פון אַ פּריוואַטן בריוו. נישט פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון די חייח יודל ראָזען (בוכבינדער), ליפּא ראָזענפעלד, (ווייסער ליפּע), יעקב ליכטענשטיין, שפּאַן און ש. בינשטאָק. פון ח' ע. איינענקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

קינדער האָבן זיך אויסגעלייגט אין די פּאַרטער־קאָרידאָרן אונטער די טרעפּ, כּדי אויסצומיידן די צאַרישע קוילן. די גאַסן זענען גע־ווען פינסטער, די לאַמטערן צעהאַקט און איבער די פינסטערע, אָפּגעשטאָרבענע גאַסן האָט זיך געטראָגן די אימה פון טויט און פאַרניכטונג.

די שיסערייע האָט אָנגעהאַלטן אויך שבּת דעם גאַנצן טאָג. די גאַסן זענען געווען אָפּגעליידיקט פון מענטשן. אָבער ווי נאָר ס'האָט זיך באַוויזן אַ צופעליקער פאַרבייגייער, איז ער גלייך דער־שאָסן געוואָרן. ס'איז כּדאי צו פאַרצייכענען איינציקע פאַקטן פון דער דאָזיקער מערדערישער דערשיסונג פון אומשולדיקע מענטשן. א געוויסער עקיבה ליפשיץ פון שוו. יאַקובאַ 10, האָט זיך געכאַפּט שבּת פרי, אַז ער האָט נישט דעם טלית און קאָן דעריבער נישט דאַוונען. ער האָט אים געהאַט ערגעץ איבערגעלאָזט. נישט געקוקט אויף דעם וויינען און בעטן פון דער פאַמיליע, איז עקיבה אַוועק זיך ברענגען דעם טלית, אָבער ער איז אַהיים שוין נישט געקומען. ער איז דערשאָסן געוואָרן אויף דער גאַס*).

„רוג ראָזוואַדאָווסקאַ (היינט זאַמענהאָפאַ) און פּיעטריקאָווער האָבן זיך אָפּגעשטעלט 2 אַרבעטער און אַ דינסט. נאָר באַלד איז צוגעקומען אַ פּאַטרול. דער זעלנער האָט אַ געשריי געטון: פאַנאַנ־דערגיין זיך! די אַרבעטער האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין רוסיש. ס'האָט זיך דערהערט אַ שאָס. דער דינסט איז אַראָפּגעשאָסן גע־וואָרן אַ טייל פון קאָפּ־שיידל און די קויל האָט אויך פאַרוווּנדעט די צוויי אַרבעטער.

אויף רוג ווידזעווסקע (קילינסקיעגאָ) און פּזשעיאַזד איז דורכגעריטן אַ קאָזאַקן־פּאַטרול. אַ פּוילישער אַרבעטער האָט גע־וואָלט דורכשניידן דעם וועג דעם פּאַטרול, אַ קאָזאַק האָט אַ גע־שריי געטון נישט זייער הויך: „שטוי!" און האָט תּיכּף אויסגע־שאָסן, דערהרגענדיק דעם אַרבעטער אויפן אָרט.

אויפן באַלקאָן פון האָטעל פּאָלסקי אויף פּיעטריקאָווער גאַס האָט זיך אַרויפגעזעצט אַן אָפיציר און געשאָסן אויף די פאַרביי־

*) לויט די אינפאָרמאַציעס פון דער פאַמיליע.



די באַריקאַדן אין לאָדזש.

גייענדע. ענלעכע פאַלן זענען אויך פאָרגעקומען אויף אַנדערע ערטער"*).

געשאָסן האָבן אויך די זעלנער און קאָזאַקן נישט בלויז די דורכגייער, נאָר סתם אין דער גאַס. אַן אָפּטיילונג מיליטער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ רוג און אָפּגעגעבן אַ פּאָר זאַלפּן אין דער לײַדיקער גאַס. די דאָזיקע מערדערישע שיסערײַ האָט אָנגעהאַלטן שבת אַ גאַנצן טאָג און שבת אָוונט, אויך זונטאָג, דעם 25 יוני, האָט מען נאָך געשאָסן צו דורכגייער, וועלכע זענען נישט געפעלן די זעלנער־פּאַטרולן.

פון דער דאָזיקער 3־טאָגיקער אַכזריותדיקער שיסערײַ זענען די לאָדזשער גאַסן באַלייגט געוואָרן מיט טויטע קערפּערס. די פּאָליציי האָט געצוווּנגען יידישע בעלי־עגלות, זיי זאָלן בעת דער שיסערײַ אַרומפאָרן און צוזאַמענעמען די הרוגים. אויף די וועגנס האָט מען געפּאַקט צו צוויי און מערערע צעשאָסענע קערפּערס אויף אַמאָל. אַזעלכע טרויער־וועגנס האָבן זיך געצויגן צום יידישן און אויך קאַטוילישן בית־עולם. די בית־עולמס זענען געווען באַוואַכט פון אָפּטיילונגען זעלנער און קאָזאַקן, וועלכע האָבן קיינעם נישט צוגעלאָזט צו די הרוגים. די, וואָס האָבן דאָך דאָס פּרובירט, זענען אומבארחמנותדיק דערשאָסן געוואָרן. אַזאַ פאַל איז פאָרגעקומען מיט אַ מיטגליד פון דער פאַמיליע גאַנז, וועלכער איז געפאָרן אויפן יידישן בית־עולם, כדי צו דערקענען זײַן אומגעקומענע שוועסטער, חנה שרה גאַנז, וואָס איז געפאַלן נאָך בעת דער דעמאָנסטראַציע מיטוואָך, דעם 21־סטן יוני. ווען די דראָזשקע מיט ה' גאַנז האָט זיך דערנענטערט צום בית־עולם, האָבן די זעלנער געעפנט אַ שיסערײַ און די פערד האָבן געמוזט זיך אָפּטראָגן**).

די מתים, וועלכע מ'האָט אין פרײַטאָגדיקן טאָג אָנגעלייגט

*) „איסקראַיי נומ. 102, 1905, „דער אַרבעטער־אויפשטאַנד אין לאָדזשיי, פון אַ פּריוואַטן בריוו.

**) די אינפאָרמאַציע האָבן מיר באַקומען פון דער פאַמיליע גאַנז.

אין טהרה־שטיבל אויפן ייִדישן בית־עולם, האָט מען לויטן ייִדישן דין געדאַרפט דעם זעלבן טאָג באַגראָבן. דאָס האָט אויך פאַרלאַנגט די פּאָליציי. עס וואָלט אַזוי אַרום אוממעגלעך געוואָרן פאַר די פאַמיליען־אָנגעהעריקע צו דערקענען זייערע אומגעקומענע. אין דעם פאַל האָט דער לאָדזשער רב פאַרט געטון אַ גוטע טאַט: ער האָט באַפוילן די מקברים נישט צו פאַרשיטן די קברים, כדי מ׳זאָל קאָנען דערקענען די מתים*).

זונטאָג, דעם 25־סטן יוני איז אוועק אַ דעלעגאַציע צום פּאָליציימייסטער כשאַנאָווסקי. און געבעטן באַשיצן די איינוווי־נער. די דעלעגאַציע, וועלכע איז באַשטאַנען פון ב. וואַקס און הרב מייזעל, האָט דערקלערט, אַז דאָס לעבן פון די איינוווינער איז אין געפאַר, ווייל דאָס מיליטער שיסט אויף די גאַסן און עס פאַלן אויך אומשולדיקע מענטשן.

אַ צווייטע דעלעגאַציע, איז די פּערזאָנען פון ד״ר וואַטען, ד״ר קרושע, ד״ר פּינקוס און די אינדוסטריעלער קוניצער, פּאָז־נאַנסקי, יאַקוב הירשבערג, עדוואַרד היימאַן און אַנדערע, האָט אויך אין דעם זעלבן ענין אינטערווענירט.

וואָס פאַר אַן ענטפער די צאַרישע מאַכט האָט געגעבן, איז נישט באַוווּסט**).

מאָנטאָג, דעם 26־סטן איז די שיסעריי געוועזן אינגאַנצן אָפּגעשטעלט און דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן נאָרמאַליזירן.

לויט די מאַטעריאַלן פון ח׳ ע. איינענקעל האָט די צאָל פאַר־ווונדעטע און די שאָדנס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן, אויסגעזען אַזוי:

מיטוואָך, 21 יוני, אין טאָג פון דער בלוטיקער דעמאָנ־סטראַציע זענען געפאַלן 26 טויטע. 13 הרוגים האָט מען אַריינ־געטראָגן אין הויז פּיעטריקאָווער 177.

---

*) די אינפאָרמאַציעס האָבן מיר באַקומען פון דעם עלטסטן קברן אויפן ייִדישן בית־עולם.

**) פון דער אָרטיקער פּרעסע. פון ח׳ ע. איינענקעלס מאַ־טעריאַלן־ און אַרכיוון־זאַמלונג.

אין די שפּיטעלער האָט מען אָפּגעפירט:

אין שפּיטאָל פון הייליקן אַלעקסאַנדער 13 פאַרוווּנדעטע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפינען פאָלגנדע יידישע נעמען:

האַרלאָווסקי באַסקל — געשטאָרבן פון די וווּנדן. סראָקאַ חייה, 24 י. אַ.; הערצענבערג מאַקס, 25 י. אַ.; ראָזענבערג יוסף, 19 י. אַ.; יאַקובאָוויטש מאיר, 16 י. אַ.; פּייפּלאָוויטש דוד, 14 י. אַ.

אין פּאָזנאַנסקים שפּיטאָל: רייכפעלד יצחק, 14 י. אַ.

אין שפּיטאָל פון רויטן קרייץ האָט מען געבּרענגט 26 פאַרוווּנדעטע, דערונטער יידן: שטיין רחל, 18 י. אַ., געשטאָרבן פון די וווּנדן; וויזאַל איזאַק, 14 י. אַ.; לאָזענבערג ע. דעם איי־גענעם טאָג איז די רעטונגס־הילף אַרויסגערופן געוואָרן צו 48 פּערזאָן.

דעם 22 יוני: די רעטונגס־הילף איז טעטיק געווען בּיי 33 פּערזאָן.

דעם 23 יוני איז די רעטונגס־הילף טעטיק געווען בּיי 50 פאַרוווּנדעטע.

אין שפּיטאָל פון רויטן קרייץ האָט מען געבּראַכט די פאַר־וווּנדעטע יידן: פריוואַן אַבּראַם, 60 י. אַ.; קורנאָסקי אַבּראַם, 36 י. אַ.; לינדערמאַן חיים, 16 י. אַ.; סטריקאָווסקי מאַשע, 22 י. אַ.

אין פּאָזנאַנסקים שפּיטאָל האָט מען געבּרענגט פאַרוווּנדעטע יידן: טויפעל יצחק; קאַרנאָווסקי הערש; האָראָוויטץ אהרן; אונ־קעלמאַן דוד; טעמפּעלהאָף חיים; יושאַפּט חיים; יאָסקאָוויטש אריה; פּאַלאַטער יצחק מאיר; גאָטליב נחמן; פליישעראָוויטש גאָלדאַ; ציווינסקי עזריאל; אירדענט משה; ראָטענבערג יאַקוב; פּילעק מאיר; אַרסענשטיין משה; הערמאַן יצחק; בּאָקסענבּלום שמעון; ליפשיץ עקיבא; קאָן דוד; סאָסנער בער; פרענטנער יעקב; מילשטיין יצחק; פראַנצרייך מענדל; בּריסטאָל בּרוך; גאַבּרילע־וויטש אברהם; בּיאַלער משה; ראָזענצווייג גיטל; טערקעלטויב יאַנקל; לייב יאַנקל; הערשפּאַס אברהם; קובּעק יואל; אַלטמאַן בּערל; שווייצער חאַבעל; פריידענשטיין דוד; משה הערש.

צוזאַמען האָט מען געבּראַכט אין פּאָזנאַנסקים שפּיטאָל 76

פערזאָן. די נעמען פון די איבעריקע איז נישט מעגלעך געוועזן פעסטצושטעלן, ווייל זיי זענען געוועזן באַוווסטלאָז.

דעם אייגענעם טאָג זענען נאָך פאַרוווּנדעט געוואָרן 28 פּער־זאָן, דערפון יידן: לינדערמאַן חנה, 16 י. אַ.; שטיינשניידער חנה, 32 י. אַ.; שטיינשניידער הענעך, 33 י. אַ., הויז־אייגנטימער, נייער מארק 10 (פּריוואַט־פלאַץ); ראָזענפעלדביילע, 32 י. אַ.; פריווין אַבראַם, 60 י. אַ., אַ הענדלער; ראַבינזאָן מענדל, 17 י. אַ., אַ בוכ־האַלטער; מאַרקיעוויטש הענריק, 13 י. אַ.; שיפּלינגער, 29 י. אַ., דער פאַרוואַלטער פון הויז דלוגע 33 (גדאַנסקאַ).

צוזאַמען 241 פאַרוווּנדעטע און 151 טויטע.

דאָס איז געוועזן דער בלוטיקער שניט אין די דאָזיקע קאַמפּס־טעג. די רשימה פון די געהרגעטע ברענגען מיר באַ־זונדער.

די שאָדנס, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן ביים פאַרניכטן די מאַגאַזינען, האָבן לויט אָפיציעלע ציפערן באַטראָפן: 100.000 רובל. גאַסן־לאַמטערנעס זענען צעהאַקט געוואָרן 1360*).

*) פון ע. איינענקעלס מאַטעריאַלן און אַרכיוו־זאַמלונג.

XXI

# די העלדן פון די באַריקאַדן-טעג

רשימה פון די געפאַלענע. — ווער האָט געשטעלט און פאַרטיידיקט די באַריקאַדן. — די הילף פון די פרויען בעת די קאַמפן. — ווער איז געווען אין לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" אין דעם באַריקאַדן־פּעריאָד. — דער אָפּקלאַנג פון די יוני־טעג אין אַנדערע שטעט. — די שטעלונג פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען צו די שטורעם־טעג אין לאָדזש.

151 פערזאָן זענען געפאַלן טויט אין די טעג פון מאָרד און רציחה קעגן דער אומבאַוואָפנטער באַפעלקערונג, דערונטער זענען געווען 30 פרויען. לויט דער רעליגיעזער אָנגעהעריקייט, זענען צווישן די געפאַלענע געווען 55 קאַטאָליקן, 17 עוואַנגעליקן און 79 יידן, ד. ה. איבער 55 פּראָצ. יידן הרוגים. אויב אין די יאַנואַר־פעברואַר־קאַמפן און מאַי־טעג האָבן די גרעסטע צאָל קרבנות געגעבן פּאָלאַקן פאַבריקס־אַרבעטער, זענען אין די יוני־טעג געפאַלן מייסטנס יידן. די יידישע אַרבעטער, אונטער דער אָנפירונג פון „בונד", האָבן די גרעסטע ראָל געשפּילט אין די באַריקאַדן־טעג. די באַריקאַדן זענען געשטעלט געוואָרן מייסטנס אין די יידישע גאַסן און דאָ האָט זיך אויסגעגאָסן דער גאַנצער צאָרן פון די צעווילדעוועטע קאָזאַקן און צאַר ניקאָלאַיס טרייע זעלנער.

אין דער רשימה פון די געפאַלענע געפינען מיר פאָלגנדע יידישע נעמען:

אַפּפעלבוים ראובן, 44 יאָר אַלט; באַלזאַם מאַניעק, 28 י. א.; בערגער אָסקאַר, 17 י. א.; בלינדער משה שמואל, 19 י. א.; זביע־

ראַוויאַק חיים ליב, 15 י. אַ.; ברזשוסטאָווסקי יעקב, 17 י. אַ.; בוט־
לער שלמה, 18 י. אַ.; היימאַן יוסף חיים, 36 י. אַ.; צימבערקנאָפּ
חיים מאיר, 45 י. אַ.; צינצינאַטוס וואָלף, 34 י. אַ.; צווייליך יענקל,
22 י. אַ.; דאַניעווסקי הערש 66 י. אַ.; דאַניושעווסקי בערעק, 28
י. אַ.; דאַווידאָוויטש זעליג, 45 י. אַ.; דזשעוויעצקי עזריאל; פּיד־
לער דבורה; פּידלער יוסף מאיר; פליטמאַכער גאָלדע; פלאַטאַ
שמואל מענדל, 30 י. אַ. (ער איז אַ פּיעטריקאָווער); פראַנקענשטיין
סנדר, 18 י. אַ.; גאַנז חנה שרה, 26 י. אַ.; גאָלדמאַן לייבל ניסן,
19 י. אַ.; גאָלדשטיין הערש, 66 י. אַ.; גאָלדשטיין איציק מאיר,
29 י. אַ.; גראָבדוק חיים, 56 י. אַ.; הערמאַן איצעק, 20 י. אַ.; איצ־
קאָן גאָלדע, 36 י. אַ.; אינפעלד מאיר הערש, 18 י. אַ.; יאַסטזשעמבּ
חיים יודע, 38 י. אַ.; יאַסקיעוויטש איצעק, 19 י. אַ.; יורקיע־
וויטש שעיה, 20 י. אַ.; קאַץ מיכאל (פעלערהאַפּט מיכאעל), 22 י.
אַ.; קאַצענעלזאָהן חיים שמעון (סאַמסאָן), 21 י. אַ.; קאַפּלאַן
אברהם מענדל, 54 י. אַ.; קאַרטאָווסקי יחזקל, 40 י. אַ.; קאַלסקי
יעקב דוד, 15 י. אַ.; קאָטקאָווסקי רייזל; קראַיער שמול הערש,
16 י. אַ.; קראַקאָווסקי ליב, 23 י. אַ.; קורץ ראובן, 16 י. אַ.; קור־
נענדז משה, 14 י. אַ.; לייזעראָוויטש ראובן וואָלף, 20 י. אַ.; לייזע־
ראָוויטש חנה פערל, 23 י. אַ.; לעסקי לוזער, 19 י. אַ.; לעווקאָוויטש
ברוך בנציון, 15 י. אַ.; ליפשיץ יענקל, 51 י. אַ.; מאַלץ הערש, 23
י. אַ.; מעהלזאַק גאָלדע, 10 י. אַ.; מערמענשטיין ישראל, 26 י. אַ.;
מאָנשיין מרים חיה, 18 י. אַ.; ניימאַן אליש ליב, 43 י. אַ.; ניימאַן
חיה שרה, 32 י. אַ.; פינסקי דוד, 21 י. אַ.; פריוועז אברהם איצעק,
60 י. אַ.; רייכצייג יוסף, 35 י. אַ.; ראָטבערג יעקל, 22 י. אַ.; ראָט־
פאָגעל לייבוש, 17 י. אַ.; ראָזענבערג מרדכי, 17 י. אַ.; סאַפּיר אי־
צעק, 18 י. אַ.; זעליג הענע יוכבד, 10 י. אַ.; שראָטאַ חיים, 22
י. אַ.; סקאָוראָנעק בראַנדל, 28 י. אַ.; סאָבאָווינסקי פייבל, 23
י. אַ.; סראָקאַ חיה, 24 י. אַ.; שאָסטאַנאָווסקי דוד הערש, 49 י. אַ.;
שטיימאַן יוסף, 77 י. אַ.; שטיין אפרים, 18 י. אַ.; שטיין וואָלף,
65 י. אַ.; שטיינפלאַץ הערש שמואל, 21 י. אַ.; שטענגענזים רבקה,
15 י. אַ.; טאָב יחיאל מאיר, 15 י. אַ.; טירקעלטויב מענדל פישל,
43 י. אַ.; וויזעל יעקב; זעלינגער טוביה, 17 י. אַ.; זעלוווער יודע

מאיר, 54 י. א.; פזשיבולסקי משה מ. מרדכי, 21 י. א.; דאמבעק יחיאל־מאיר, 15 י. א.; חוץ די אויבנאויסגערעכנטע זענען נאָך געווען 5 יידישע מאַנספּערזאָנען און 3 יידישע פרויען הרוגים, אָבער זייערע נעמען האָט מען נישט געקאָנט פעסטשטעלן*).

נישט אַלע פון די 79 געפאַלענע זענען געווען פרייהייטס־קעמפער; פאַראַן צווישן זיי צופעליק געליטענע, וועמען ס'האָבן גע־טראָפן די קוילן פון די זעלנער אויף דער גאַס צי אין שטוב, אָבער דער גרעסטער רוב איז אָן ספק געווען אַרבעטער בונדיסטן. אויף דעם זאָגט עדות דער יונגער עלטער פון די געפאַלענע.

די יוגנט האָט די גרעסטע ראָל געשפּילט אין דער דעמאָלטי־קער בונדישער באַוועגונג און די יוגנט האָט איר בלוט און לעבן אוועקגעגעבן אין די באַריקאַדן־טעג. מיר האָבן לײַדער נישט די מעגלעכקייט צו דערציילן וועגן דעם לעבן פון די דאָזיקע יונגע העלדן, בלויז פון געציילטע ווייסן מיר און זאָלן זייערע טאַטן אין יענע געדענק־טעג דאָ פאַראייביקט ווערן.

דער העלד פון דער באַריקאַדע אויף „מרדכי גבאים" גאַס אַלעקסאַנדריסקאַ (היינט זשידאָווסקאַ) איז געווען לוזער לעסקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל ראַווא מאַזאָוויעצקאַ.

„געשטאַמט האָט ער פון זייער אָרעמע עלטערן. דער פאָטער אַן איינבינדער, אָבער זייער אַ קראַנקער, אַ שטיקל אַרבעט מאַכן איז אים אָנגעקומען מיט נויט־שוויים. די מוטער האָט געהאַנדלט אין מאַרק און פון דעם אַלעם איז קוים געווען אויף אַ טרוקן שטיקל ברויט. לוזערס עלטערע שוועסטער און ברידער זענען שוין געווען פאַנאַנדערגעפאָרן אין די גרויסע שטעט צו ווערן מענטשן, אַזוי, אַז ער איז געבליבן דער איינציקער דערוואַקסענער אין שטוב און געמוזט צוהעלפן דער מוטער יעדן טאָג אַרויס און אַריינשלעפן די גרויסע קוישן מיט פאַרשידענע פרוכטן".

געלערנט האָט ער אין אַ חדר, געווען אַ לעבעדיק, שטיפעריש יינגל, ליב געהאַט דאָס פעלד און דעם טייך. די נויט האָט אין אים

*) פון די מאַטעריאַלן פון דייר אַדאַם פּרוכניק, אין דריטן באַנד „לאָדזשער יאָרבודיי".

נישט דערשטיקט דאָס קינד. אזוי האָט ער „ארומגעהוליעט'', ביז ער איז אַלט געוואָרן 12 יאָר. דאַן האָט מען לוזערן אוועקגעפירט אין דעם קליינעם שטעטל בזשעזשין און אים דאָרט פארקויפט אין דעם שניידער־גיהנום צו אַ מייסטער אויף 3 יאָר.

די שווערע אַרבעט אין דער לער האָט דעם יינגל נישט דער־שלאָגן. אין 1904 איז ער שוין אַן „אחדות'', אַ בונדיסט, באַטיי־ליקט זיך אין די אומלעגאַלע פארזאמלונגען אין די קליינע שטעט־לעך, לייענט בונדישע און אַנדערע ליטעראַטור.

וועגן זיין טעטיקייט אין די באַריקאַדן־טעג דערציילט ווײַ־טער זיין צייט־חבר גרשון ראָזענבערג:

„אויף איינער פון די לאָדזשער גאַסן, נאָווא אַלעקסאַנדריסקאַ (היינט זשידאָווסקאַ) שטייט אַ פעסט־געבויטע באַריקאַדע, אויף איר שפּיץ פלאַטערט די רויטע רעוואָלוציאָנערע פאָן פון „בונד''. ס'דערנענטערט זיך אַ גרויסע מיליטער־אָפּטיילונג, וועלכע עפנט אַ שיסעריי אויף דער באַריקאַדע. דער ווידערשטאַנד פון די אַרבע־טער ווערט געבראָכן. די גאַס ווערט אָפּגעליידיקט, מיליטער מאַר־שירט פאָראויס, פאָרזיכטיק, טריט ביי טריט, ארומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן.

מיטאמאָל געשעעט עפּעס: אויפן שפּיץ פון דער באַריקאַדע שטייענט אויף אַ שלאַנק יינגל, די רויטע פאָן פלאַטערט ווידער אויף. עס שטייט לוזער לעסקי אומבאַוועגלעך. זיין פּנים ווייס ווי קאַלך, זיינע צוויי שוואַרצע גליענדע אויגן שיטן מיט פייער, ער קוקט דעם טויט אין די אויגן אריין, נישט טוענדיק קיין ציטער מיט קיין מוס־קול.. די גרויסע מיליטער־מחנה בלייבט שטיין, גיט אַ פּאָר טריט צוריק, אַלץ ווערט שטיל. אַ מעכטיקע שטים שניידט זיך אין דער לופט אריין: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!''

אַ מערדערלעך ביקסן־פייער האָט צעלעכערט דאָס יינגלשע לייב, יונג בלוט האָט אַ פלייץ געטון. ס'פאַלט לוזער, דאָס 19־יעריקע שניידער־יינגל, האַלטנדיק פעסט די פאָן פון „בונד'' אין זיינע אָפּ־שטאַרבנדע הענט''*).

*) „לאָדזשער וועקער" ד. 30/IV 1933, גרשון ראָזענבערג: „דער אומבאַקאַנטער בונדישער זעלנער לוזער לעסקי".

יעקב יוסף גאָלדשטיין

1, 2, 3, 4 — באַריקאַדן.

**פּלאַן פון די באַריקאַדן**

געדרוקט געווען אין די „לעצטע פּאַסירונגען", תיכף נאָך די באַריקאַדן-טעג.

די באַריקאַדן אויף דער װסכאָדניע גאַס זענען געשטעלט געװאָרן פון אַ גרויסן עולם אַרבעטער. דאָרט איז געװען די בונדישע בעריזע און אַלע, װאָס זענען אין דעם שטורעמדיקן טאָג אַהינגעקומען, האָבן זיך באַטייליקט אין דער רעװאָלוציאָנערער אַרבעט. אין דער שפּיץ אָבער פון דער גרופּע האָבן זיך אַרויסגערוקט, װי מיר װייסן שוין, צװיי פּערזאָן, װעלכע האָבן פאַרנומען ערטער אין דער אָנפירונג פון דער אָרגאַניזאַציע: ח' װירגילי־קאַהאַן און סאַשאַ טשעמערינסקי.

סאַשאַ טשעמערינסקי האָט שוין געהאַט אונטער זיך אַ שטורמיש געזעלשאַפטלעך לעבן, ער איז געװען פון די עלטסטע טוער אין „בונד". אין 1901 איז ער געשטרויכלט געװאָרן, אַריינגעפאַלן אין דער זובאַטאָװ־נעץ און געשטאַנען אין דער שפּיץ פון דער זובאַטאָװשער אומאָפּהענגיקער אַרבעטער־פּאַרטיי. שפּעטער, װען די פּאַרטיי איז אַראָפּגעשװוּנקט געװאָרן דורך דער בונדישער אַרבעטער־באַװעגונג, האָט טשעמערינסקי חרטה געהאַט אויף זיינע מעשים און געבעטן דעם „בונד", מ'זאָל אים ריינװאַשן און צוריק אַרייננעמען אין דער באַװעגונג. דער צ. ק. פון „בונד" איז טשעמערינסקיס בקשה נאָכגעקומען. פון דאַן אָן װערט ער װידער אַן איבערגעגעבענער טוער אין „בונד", פאָרט אַרום אין שליחות פון צ. ק. און אין די יוני־טעג געפינט ער זיך אין לאָדזש און באַטייליקט זיך אין אויפשטעלן די באַריקאַדן אויף װסכאָדניע גאַס.

ח' װירגילי־קאַהאַן, דער צװייטער העלד פון די באַריקאַדן אויף װסכאָדניע גאַס. איז גוט באַקאַנט סיי דעם אַלטן, סיי דעם יונגן דור בונדיסטן מיט זיין קרישטאָל־ריינער פּערזענלעכקייט און מסירת־נפש פאַרן „בונד". איידער ח' װירגילי איז געקומען נאָך לאָדזש, האָט ער געהאַט אונטער זיך אַ רייכע רעװאָלוציאָנערע פאַרגאַנגענהייט. אין יאָר 1900, אַלס 18־יעריקער בחור, האָט ער שוין אָנגעפירט מיט דער רעװאָלוציאָנערער בונדישער באַװעגונג אין האָמעל. שפּעטער האָט ער געפירט זיין בונדישע טעטיקייט אין אַנדערע שטעט. אין זשיטאָמיר בעת דעם פּאָגראָם איז ח' װירגילי געװען קאָמענדאַנט פון די בונדישע זעלבסטשוץ־דרוזשינעס, װעלכע האָבן געפירט אַ העלדישן קאַמף קעגן די כוליגאַנעס. פון

זשיטאָמיר קומט ח׳ ווירגילי אין קאָנגרעס פּוילן, וווּ ער פירט אָן מיט די בונדישע אָרגאַניזאַציעס. דעם 22־סטן יוני, אין סאַמע ברען פון קאַמף, פאַלט ער אריין אין לאָדזש. פון דער באַן קומט ער אויף ווסכאָדניע גאַס, וווּ עס געפינט זיך די בונדישע בערזע. עס איז נאָך דער בלוטיקער דעמאָנסטראַציע. די אַרבעטער נעמען זיך בויען באַריקאַדן, ח׳ ווירגילי שטעלט זיך אין דער שפּיץ פון דער דאָזיקער אַרבעט און באַטייליקט זיך אין אויפשטעלן די באַריקאַדן אויף ווסכאָדניע גאַס.

צוליב זיין באַטייליקונג אין די לאָדזשער קאַמפן, איז זיך שפּעטער פאַנאַנדערגעגאַנגען אַ ידיעה, אַז ווירגילי־קאַהאַן איז געפאַלן אויף די לאָדזשער באַריקאַדן. אין „די לעצטע פּאַסירונגען" פון 12־טן יולי איז אַפילו געווען אָפּגעדרוקט אַ נעקראָלאָג איבער דעם „געפאַלענעם חבר". ח׳ ווירגילי האָט זיך דאַן געפונען אין וואַרשע ביי די חברים קאַסטעלאַנסקי. די ח׳טע בערטאַ קעסטעלאַנסקאַ האָט דערהאַלטן דעם נומער „לעצטע פּאַסירונגען" מיט דעם נעקראָלאָג און אים תיכף איבערגעגעבן דעם „געפאַלענעם חבר", וועלכער האָט זיך געגרייט צו אַ פרישער, לעבעדיקער טעטיקייט אין די רייען פון „בונד". נאָך דעם נעקראָלאָג, האָט נאָך ח׳ ווירגילי אָפּגעגעבן 31 יאָר לעבן דער בונדישער באַוועגונג. ער איז געשטאָרבן אין פעברואַר 1936*).

לייבל וואַרשאַוּוער (דעם פאַמיליען־נאָמען איז נישט געלונגען פעסטצושטעלן) איז געווען דער העלד פון דער באַריקאַדע אויפן שמאָלן געסל (ב. יאָסעלעוויטשאַ). לייבל האָט געשטאַמט פון אַ קליין שטעטל. געקומען קיין לאָדזש זייער יונג און זיך אויסגעלערנט וועבעריי. זיין פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע דערציאונג האָט ער באַקומען אין „בונד". ער איז געווען אַ פיזיש

---

*) „נייע פאָלקסצייטונג" נומ. 34, 1936, „ביים אָפענעם קבר פון ח׳ ווירגילי קאַהאַן". „נ. פאָלקסצייטונג" נומ. 40, „3 געשעענישן פון ווירגיל ס לעבן", „רויטע בלעטער", ס. טשעמעריסקי: „לאָדזש אין יאָר 1905". אינפאָרמאַציעס פון די ח״ח בערטאַ און אברהם קאַסטעלאַנסקי.

שטאַרקער בחור, דערפֿאַר איז ער אַריין אין דער קאַמפּס־אָפּטיילונג פֿון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע. ער האָט געגעבן די איניציאַטיוו אויפֿצושטעלן די באַריקאַדע אויפֿן שמאָלן געסל, האָט אַגיטירט, געוועקט און גערופֿן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד דער צאַרישער מאַכט און איז אָפּגעטרעטן אונטערן האָגל פֿון קוילן, וועלכע האָבן זיך געשאָטן אויף דער באַריקאַדע.

אין דער שפּיץ פֿון די, וואָס האָבן אויפֿגעשטעלט די באַרי־קאַדע אויף פּעפּער־גאַס, איז געשטאַנען ח' יודל ראָזען (בוכבינ־דער). ח' יודל ראָזען איז נישט אַרויסגעוואַקסן ערשט אין די באַ־ריקאַדן־טעג. פֿון זיינע זכרונות, וועלכע מיר האָבן אין אונזער אַרבעט ציטירט, ווייסן מיר, אַז דער חבר יודל האָט געאַרבעט אין „בונד", צייט זיין אַנטשטיין און מיטגעמאַכט אַלע ליידן און פֿריידן פֿון אַ פּאָליטישן קעמפֿער אין יענער צייט, געזעסן אין טורמעס, דורכגעמאַכט הונגער־שטרייקן און אין די יוני־טעג שטייט ער אין דער שפּיץ פֿון דער באַריקאַדע אויף פּעפּער־גאַס. אָבער ח' יודל ראָזען איז, פּונקט ווי די איבעריקע אַרבעטער־קעמפֿער ביי די באַריקאַדן, געווען שוואַך באַוואָפֿנט און געמוזט אָפּטרעטן אונ־טערן פֿייער פֿון צאַרישע קוילן.

לייבוש ראָטפּאָגעל (לייבוש בלאַשקער), וועלכער איז געפֿאַלן ביי דער באַריקאַדע אויף פּעפּער־גאַס, איז געווען אַ וועבער, 17 יאָר אַלט. ער האָט געשטאַמט פֿון שטעטל בלאַשקי. ער איז געווען פֿון די פּשוטע יונגע אַרבעטער־בונדיסטן, וועלכע זענען געקומען אויף דער בערזע און אויסגעפֿירט אַלץ, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט געהייסן. יעקב בזשוסטאָווסקי איז אויך אַלט געווען 17 יאָר, אַ זאָקנמאַכער. ער איז געווען אַ טאָפּלטער יתום און זיך אויפֿ־געהאַלטן ביי קרובים. נישט געקוקט אויף זיין יונגן עלטער, פֿלעגט ער קומען אויף דער בונדישער בערזע און אומלעגאַלע פֿאַרזאַמ־לונגען. ביי וועלכע אומשטענדן און אויף וועלכער גאַס די מער־דערישע קוילן האָבן געמאַכט אַ סוף צו זיין יונגן לעבן, איז נישט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן. געווען אויך צווישן די אומגעקומענע בעת די באַריקאַדן־טעג אין ס. ס.אָוויעץ דוד פּינסקי, אַ האַנדלס־אָנגעשטעלטער.

ווייטער האָבן זיך אין די באַריקאַדן־קאַמפן באַטייליקט די אַלע, וועמענס זכרונות ווערן דערמאָנט אין שייכות מיט די בלו־טיקע קאַמפּס־טעג. עס דאַרף אויך דערמאָנט ווערן אין שייכות מיט די יוני־טעג דער ח׳ יעקב יוסף גאָלדשטיין, וועל־כער האָט זיך באַטייליקט אין די קאַמפן. ער איז געוועזן איינער פון די פּשוטע בונדיסטן, וועמענס טעטיקייט האָט זיך דאָך גע־לאָזט שטענדיק פילן אין דער אָרגאַניזאַציע. יעקב יוסף גאָלד־שטיין איז ביז זיינע לעצטע מינוטן געוועזן אַן איבערגעגעבענער בונדיסט. ער איז געשטאָרבן אין אויגוסט 1937, אַהיימגייענדיק פון אַ פאַרזאַמלונג פון שטרייקנדע וועבער, מיט וועמענס אַקציע גאָלדשטיין האָט אָנגעפירט.

אַ טיכטיקן אָנטייל אין די באַריקאַדן־קאַמפן האָבן אויך גע־נומען די פרויען. מיר האָבן נישט קיין ספּעציעלע נעמען פון די חברטעס, וועלכע האָבן אין די געדענק־טעג אַרויסגעוויזן זייער העלדישקייט און מסירת־נפש, אָבער שוין די צאָל געפאַלענע (30) באַווייזט, אַז אויך די אַרבעטער־פרוי האָט איר בלוט בייגע־שטייערט אין דעם דאָזיקן גרויסן קאַמף. אין „לאָדזשער וועקער״ דערציילט זיך וועגן דער העלדישער פרוי פּייטשע אַלטמאַן, וועל־כע האָט געהאָלפן בויען די באַריקאַדע אויף פּעפּער־גאַס:

„מ׳שלעפּט אַרויס פון די הויפן שטולן, ברעטער, קאַסטנס און אין דערמיט פון דער אַרבעט באַווייזט זיך דעם קויבער־מאַכערס טאָכטער, דוד פאַרבערס פרוי (פּייטשע אַלטמאַן). זי, די בלאָנדע פּייטשע, האָט דאָס קינד איבערגעלאָזט אין וויג און אַליין איינגעשפּאַנט זיך אין אַ רעסאָרקע און געשלעפּט דעם וואָגן צו די באַריקאַדן״*).

אין שייכות מיט די באַריקאַדן־טעג דאַרפן אויך דערמאָנט ווערן די מיטגלידער פון לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד״, וועל־כע האָבן דעמאָלט אָנגעפירט מיט דער אַרבעט. לײדער האָבן מיר נישט קיין שום מאַטעריאַלן וועגן די אָפּגעהאַלטענע זיצונגען און

*) „לאָדזשער וועקער״ נומ. 27, יוני 1930, א. י.: „פּעפּער־גאַס בויט באַריקאַדן״.

באשלוסן, וואָס דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד" האָט אין יענע שטורמישע טעג אָנגענומען. אָבער די אויפרופן, וואָס זענען דערשינען בעת די קאַמפן און תיכף נאָכדעם, ווי דער אַרבעטער־אויפשטאַנד איז געוואָרן דערשטיקט, זאָגן עדות וועגן דער רירעוודיקייט און ענערגישע טעטיקייט, וואָס עס האָט אין די בלוטיקע טעג אַרויסגעוויזן דער לאָדזשער קאָמיטעט פון „בונד".

אין קאָמיטעט האָבן זיך דאַן צוו. אַנד. באַטייליקט: ברוך טשאַרני, ווירגילי קאַהאַן, מעזשעוועצקי פּסח („סאַלאָמאָן") און לעאָניד קאָראָבאָטשקין*).

מיט ווירגילי קאַהאַן האָבן מיר זיך שוין באַקאַנט. ברוך טשאַרני — איז דער אָנגעזעענער יידיש־סאָציאַליסטישער און געזעלשאַפטלעכער טוער אין אַמעריקע, באַקאַנט אונטערן נאָמען ב. וולאַדעק. ביי די יידישע אַרבעטער אין לאָדזש איז דעמאָלט ב. וולאַדעק פּאָפּולער געוועזן אונטערן נאָמען „דער יידישער לאַסאַל". דעם נאָמען האָט אים געגעבן דאָס לאָדזשער יידישע אַרבעטער־פאָלק, צוליב זיינע שטאַרקע רעדעס, מיט וועלכע ער האָט אָנגעצונדן די הערצער פון די טויזנטער יידישע וועבער און שניידער. בעת די דעמאָנסטראַציעס, גאַסן־פאַרזאַמלונגען, אין די שטורעם־טעג איז דער „יידישער לאַסאַל" ב. וולאַדעק געוועזן פון די הויפּט־רעדנער. ער איז געוועזן אויף אַלע געפערלעכע פּאָזיציעס, געמונטערט, געוועקט און גערופן צום קאַמף.

מעזשעוועצקי, „פּסח" האָט געשטאַמט פון וויטעבסק. אין לאָדזש איז ער געקומען שוין מיט אַ רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט. ער האָט געאַרבעט אין מינסק און געהערט צו דער א. ג. „ראַזבאָרקע" — די צענטראַלע פּאַרטרעטערשאַפט פון אַלע טיילן און גרופּן פון דער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געוועזן דעמאָלט, ווען דער שפּעטערדיקער פירער פון „בונד", ח' וולאַדימיר מעדעם, איז נאָר־וואָס געהאַט צוגעטרעטן צו דער באַוועגונג. מעזשעוועצקי פּסח, דער מיטגליד פון דער בונדישער „ראַז־

---

*) „לאָדזשער וועקער" נומ. 41, 1927, פּ. קורסקי, „וואָס איך געדענק וועגן די בונדישע טוער אין לאָדזש".

באַרקע'' איז געוואָרן מעדעמס נאָענטסטער פריינט און מעדעם שרייבט וועגן אים אַזוי:

,,געקומען צו אונז איז ער פון וויטעבסק, ווו ער איז געווען א תלמיד פון דעם פאַרשטאָרבענעם בונדישן פּיאָנער אמסטער־דאַמער. א לעבעדיקער בחור מיט א שמאָלן, בלייכן פּנים, מיט גרויסע, ברענענדיקע שווארצע אויגן, איז ער געווען פלאַם און פייער. א זעלטן שיינער מאסן־רעדנער, פלעגט ער זיך ווארפן אין דער מאסן־אגיטאַציע מיט אַזא דורשט, ווי א פארחלשטער וואַנדערער אין מדבר ווארפט זיך אויף א קוואַל פון פרישן וואסער''*).

מיט אָט דעם פלאַם און פייער האָט מעזשעוועצקי, פונקט ווי וואָלאַדעק, אָנגעצונדן און באַגייסטערט די יידישע ארבעטער אין לאָדזש. וועגן דעם פערטן מיטגליד פון קאָמיטעט, וועלכן עס דערמאָנט ח' קורסקי — לעאָניד קאַראָבאָטשקין — האָבן מיר נישט קיין שום אינפאָרמאַציעס.

*

כמעט אין דער אייגענער צייט מיט די באַריקאַדן־קאַמפן אין לאָדזש זענען אויך פאָרגעקומען ארויסטרעטונגען פון דעם פּראָלעטאריאַט אין אָדעס, איוואַנאָוואָ וואָזנעסענסק און אויף קאַווקאַז, וועלכע זענען פון דער צארישער מאכט בלוטיק דערשטיקט געוואָרן. די געשעענישן האָבן געפונען א ברייטן אָפּקלאַנג כמעט אין אַלע שטעט פון דער צארישער אימפּעריע. אומעטום זענען פאָרגעקומען פּאָליטישע שטרייקן, גאסן־דעמאָנסטראַציעס און מאסן־מיטינגען, אַלס אויסדרוק פון סאָלידאַריטעט מיט די קעמפנדע ארבעטער פון לאָדזש און אַנדערע שטעט.

אין דעם בונדישן ראַיאָן האָט זיך בעת דער סאָלידאַריטעט־אַקציע ווארשע ארויסגערוקט אויפן ערשטן אָרט. דער ווארשעווער קאָמיטעט פון ,,בונד'' צוזאמען מיטן קאָמיטעט פון פּ. ס. ד. האָבן דערקלערט אַן אַלגעמיינעם שטרייק אויף מאָנטאָג, דעם 26 יוני,

---

*) וואָלאַדימיר מעדעם: ,,פון מיין לעבן'', ערשטער באַנד, זייט 4־203.

ד. ה. תיכּף נאָך די שטורעם־טעג אין לאָדזש. די פּ. פּ. ס. האָט גערופֿן צו שטרייקן נאָך פֿון פֿרײַטאָג. שבּת זענען פֿאָרגעקומען אייניקע קלענערע דעמאָנסטראַציעס. מ׳האָט געוואָרפֿן אַ באָמבּע, פֿון וועלכער ס׳זענען פֿאַרווּנדעט געוואָרן אייניקע מענטשן.

„מאָנטאָג אין דער פֿרי האָט זיך אָנגעהויבּן דער שטרייק און זיך פֿאַרשפּרייט איבּערן גאַנצן יידישן קוואַרטאַל. אַלע קראָמען און מאַגאַזינען זענען געווען פֿאַרמאַכט, די אַרבּעט און האַנדל האָבּן זיך אינגאַנצן אָפּגעשטעלט. אָבּער צו דער זעלבּער צייט האָט דער קוואַרטאַל באַקומען דעם פּנים פֿון אַ מיליטער־לאַגער. סאָלדאַטן, קאָזאַקן זשאַנדאַרמען און פּאָליציי האָבּן פֿאַר־פּלייצט אַלע גאַסן. אויף דזשיקע גאַס, אין הויף פֿון מיליטער־געפֿענגעניש זענען געווען צוגעגרייט האַרמאַטן. פֿון גאַנץ פֿרי אָן האָבּן זיך אָנגעהויבּן אַרעסטן און בּיז מיטאָג־צייט איז די צאָל אַרעסטירטע דערגאַנגען בּיז 300 מענטשן. פֿאַר די אַרבּעטער איז געווען אוממעגלעך צוזאַמענקלייבּן זיך אין איין אָרט, נאָר דאָך האָבּן זיי זיך בּאַמיט צו האַלטן זיך אין די גאַסן. כּדי בּייצושטיין קעגן די סאָלדאַטן, האָבּן זיי זיך גענומען צו בּויען בּאַריקאַדן, אויף נאַלעווקעס, מילאַ, וואָלינסקע, זשעלאַזנע, אָגראָדאָווע און נאָך אַנדערע גאַסן האָט מען אויפֿגעבּויט בּאַריקאַדן. אינטערע־סאַנטער ווי אַלע איז געווען די בּאַריקאַדע אויף וואָלינסקע גאַס. מען האָט מיט העק, בּרעך־אײַזנס א. ד. גל. אויפֿגעריסן דעם בּרוק און פֿעסט אַרײַנגעשטעלט סלופּעס. די סלופּעס האָט מען צוזאַ־מענגענומען מיט דראָט, אַרומגערינגלט מיט טירן, קאַסטנס, פּראַכט־וועגענער א. אַז. וו. די סאָלדאַטן האָבּן די בּאַריקאַדן גע־שטורעמט און גענומען איינע נאָך דער אַנדערער.

4 אַזייגער איז די צאָל פֿון מיליטער געוואָרן נאָך גרעסער; סאָלדאַטן זענען געווען אויסגעשטעלט אין דער גאַנצער לענג פֿון די גאַסן און האָבּן נישט אויפֿגעהערט צו אַרעסטירן מענטשן. בּיז דער נאַכט איז די צאָל פֿון אַרעסטירטע דערגאַנגען בּיז 700. נישט געקוקט אויף די רעפּרעסיעס, האָט דאָך אויף סמאָטשע גאַס זיך אײַנגעגעבּן צו קאָנצענטרירן אַ גרופּע פֿון עטלעכע הונדערט מענטשן פּ. ס. ד. און בּונדיסטן. פּ. ס. ד. האָט אַרויסגעוואָרפֿן

א פאָן און מען האָט אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן. עס איז פאָרגע־קומען א צוזאמענשטויס צווישן די דעמאָנסטראַנטן און מיליטער. איין דעמאָנסטראַנט איז געוואָרן פון א קויל פאַרווונדעט און עלף מענטשן האָט מען ארעסטירט.

אָבער דערמיט האָבן זיך די געשעענישן פון 26 יוני נאָך נישט געענדיקט. אין יענעם טאָג איז אונזערער א חבר, זעליג גוט־מאַרגען, געוועזן שטערבלעך פאַרווונדעט אויף א באַריקאַדע אויף מילא גאַס, און דעם 7־טן יולי איז ער געשטאָרבן. אין דעם 9־טן האָבן אים די אַרבעטער באַגלייט צו קבורה. פון אָנהויב איז נאָך דער לויה געגאַנגען א קליינע גרופּע פון 50—60 מענטשן, נאָר ווי די קליינע פּראָצעסיע איז געקומען אויף בלאָדנע גאַס, איז זי געוואָרן פון מינוט צו מינוט גרעסער. צו איר זענען צוגעשטאַנען קריסטלעכע און יידישע אַרבעטער, וועלכע זענען צו יענער צייט געגאַנגען אַהיים פון דער אַרבעט. און לסוף זענען געגאַנגען נאָך דער מיטה א מאַסע פון 5000 מענטשן. די פּאָליציי און סאָלדאַטן האָבן נישט דערלאָזן די גאַנצע מאַסע אַריינגיין אויפן בית־עלמין און פיל מענטשן זענען געבליבן וואַרטן אין די גאַסן. אויף דעם קבר האָט מען געהאַלטן צוויי רעדעס, אויף יידיש און פּויליש.

אַרויסגייענדיק פון בית־עלמין, האָט זיך די מאַסע ווידער פאַראייניקט. עס האָבן זיך ווידער צוזאַמענגעקליבן ביז 5־6 טויזנט מענטשן. איינער האָט געהאַלטן א רעדע אין גאַס, די מאַסע האָט אויסגעשריגן: „עס לעבע די רעוואָלוציאָן!” און האָט אָנגעהויבן דעמאָנסטרירן אויף וואָלינסקע גאַס. פון דאָרטן איז די מאַסע אַריבער אויף מילא גאַס, וווּ דער פאַרשטאָרבענער חבר איז געפאַלן אויף דער באַריקאַדע, און דאָרטן האָט מען ווידער געהאַלטן רעדעס. די מאַסע האָט ווידער געענטפערט מיט רעוואָלוציאָנערע אויסגעשרייען און אַזוי האָט מען דעמאָנסטרירט און מאַניפעס־טירט ביז שפּעט אין דער נאַכט”*).

אין מאָהילעוו איז אונטער דער אָנפירונג פון „בונד” פאָר־געקומען א מיטינג פון 2000 יידישע אַרבעטער. א רעדנער האָט

*) „די אַרבייטער שטימע” נומ. 40, סעפּטעמבער 1905.

גערעדט וועגן דעם חעלדישן קאמף פון לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט. דעם 10־טן יולי איז פאָרגעקומען אַן איינטאָגיקער פּראָטעסט־שטרייק. הן אין מיטינג, הן אין פּראָטעסט־שטרייק האָבן זיך באַטייליקט די יידישע אַרבעטער. נישט־יידישע האָבן געשטרייקט אין אַ קליינער צאָל. פּראָטעסטן זענען אויך פאָרגעקומען אין גאַנצן מאָהילעווער ראַיאָן.

אַזעלכע פּראָטעסטן אין פאָרם פון מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס, אָדער איין־טאָגיקע שטרייקן אין שייכות מיט די לאָדזשער געשעענישן, זענען פאָרגעקומען אין ביכאָוו, האָמעל, ברעסט ליטאָווסק, באָברויסק א. אַנד.*). אין פּיעטריקאָוו האָט דער „בונד" גערופן צו אַן אַלגעמיינעם שטרייק אויפן 8 יולי. אין דעם שטרייק האָבן אויך אָנטייל גענומען אַ סך פּוילישע אַרבעטער. ס'איז פאָרגעקומען אַ דעמאָנסטראַציע.

„אויפן צווייטן טאָג, דעם 9־טן יולי, איז ביי דעם רב פאָרגעקומען אַן אסיפה, אויף וועלכער מ'האָט געטראַכט, ווי צו מאַכן אַ תל פון די „דעמאָקראַטן". אַ חוץ די פאָרשטייער פון דער קליין־בורזשואַזיע, האָבן אויף דער אסיפה געשפּילט אַ גרויסע ראָל נ. פרענקעל, נ. גאָראָוויטש, זוסמאַן, מ. בראַון און ג. גוטקינד. עס איז געבליבן אָרגאַניזירן אַ שוואַרצע מאה און צו צאָלן פאַר שלאָגן די „דעמאָקראַטן". דעם זעלבן טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אַן אמתער געיעג נאָך די „דעמאָקראַטן". די שוואַרץ־מאַהניקעס, וועלכע מ'האָט אויסגעקליבן פון די אויסוואורפן פון דער באַפעלקערונג, זענען געגאַנגען פון פאַבריק צו פאַבריק, פון שטוב צו שטוב און האָבן אָן רחמנות געשלאָגן יעדן, אויף וועמען ס'איז נאָר געפאַלן אַ חשד, אַז ער געהער צו די דעמאָקראַטן. מ'האָט געשלאָגן און דערנאָך איבערגעגעבן דער פּאָליציי"**).

דער ווילנער קאָמיטעט פון „בונד" האָט וועגן די געשעענישן אין לאָדזש און אָדעס אַרויסגעלאָזט אַ ספּעציעלן אויפרוף

---

*) ד לעצטע פּאָסירונגען" נומ. 15 און 16, 1905.

**) „די לעצטע פּאַסירונגען" נומ. 16, 1905.

א. נ. „די רעוואָלוציאָן גייט". דאָרט ווערט דערציילט וועגן די העלדישע קאַמפן אין לאָדזש און עס זאָגט זיך ווייטער:

„אין לאָדזש און אין אַנדערע האָט די זעלבסטהערשונג נאָך געזיגט. שכורע סאָלדאַטן און קאָזאַקן האָבן אין לאָדזש דערהרגעט און פאַרוווּנדעט עטלעכע טויזנט מענטשן, אין גאַס און אין די הויפן, אין די וווינונגען און אויף די באַלקאָנען.

„די זעלבסטהערשונג האָט דערווייל געזיגט, נאָר אַזאַ זיג איז גלייך צו דער נידעריקסטער מפּלה, זי האָט געזיגט, ווייל דאָס פאָלק איז נאָך נישט באַוואָפנט, אָבער די קעמפנדע האָבן זיך געשלאָגן ווי די לייבן, געשטאָרבן ווי די העלדן אין די גאַסן און אויף די באַריקאַדן".

בעת עס זענען פאָרגעקומען די שלאַכטן אין לאָדזש, האָט די לעטישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָפּגעהאַלטן איר 2־טן צוזאַמענפאָר. ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה פון די לאָדזשער קאַמפן, האָט דער צוזאַמענפאָר אָנגענומען פאָלגנדע רעזאָלוציע:

„דער צוזאַמענפאָר שיקט אַ הייסן גרוס דעם פּראָלעטאַריאַט אין פּוילן און שווערט צו קעמפן צוזאַמען מיטן פּוילישן פּראָלעטאַריאַט אויף לעבן און טויט, ביז עס וועט נישט באַזיגט ווערן די זעלבסטהערשונג"*).

דער אָרגאַן פון לינקן פליגל פון דער רוסלענדישער סאָצ. דעמ. אַרבעטער־פּאַרטיי „איסקראַ" האָט זייער ברייט באַשריבן די געשעענישן אין לאָדזש און דערביי שטאַרק געלויבט די העלדישע האַלטונג פון יידישן פּראָלעטאַריאַט. דער קאָרעספּאָנדענט פון „איסקראַ" שרייבט:

„איך קאָן נישט פאַרבייגיין די זייער הויכע אַכטונג, וואָס דאָס גאַנצע קריסטלעכע לאָדזש האָט אין די לעצטע חדשים צו די יידן. די העלדישע אויפפירונג פון די יידישע אַרבעטער אין צוזאַמענשטויסן מיט פּאָליציי און מיליטער רופט אַרויס די אַלגעמיינע באַוווּנדערונג. וועגן דעם קאַמף צווישן יידן מיט קאָזאַקן

*) „די אַרבייטער שטימע" נומ. 40, סעפּטעמבער 1905.

אויף דער ווסכאָדניע גאַס, האָבן זיך פאַרשפּרייט לעגענדעס, וואָס שילדערן די יידישע אַרבעטער, ווי שמשון הגבורים״*).

*

נאָך די געשעענישן אין לאָדזש, האָט יעדע פּאַרטיי געגנוּמען מאַכן אַ סך־הכּל פון די בלוטיקע טעג און אַרויסציען דעם געהעריקן מוסר־השכל.

דער לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד״ האָט תיכף נאָך די באַריקאַדן־טעג אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף אונטערן נאָמען: ,,די שטורעם־טעג אין לאָדזש״. דער אויפרוף גיט אַן איבערבליק איבער די פאַרגעקומענע קאַמפן און פירט אויס:

,,זאָל יעדער געדענקען דעם שטורעם אין לאָדזש און וויסן, אַז איצט איז אונזער ערשטער און לעצטער טריט — צום געווער— אַליין צו באַוואָפענען זיך. שאַפט זיך געווער! גייט דורך די מאַגאַזינען און אַרסענאַלן פון געווער צו אונזערע באַריקאַדן, כדי צו בלייבן ענדלעך דער אמתער זיגער אין אונזער בלוטיקן קאַמף מיטן צארישן דעספּאָטיזמוס, אויף אונזער וועג צום סאָציאַליזמוס!

עס לעבע די רעוואָלוציאָן!

עס לעבע די דעמאָקראַטישע רעפּובליק!

עס לעבע דער סאָציאַליזמוס!

דער לאָדזשער ס. ד. קאָמיטעט פון ,,בונד״

יוני 1905 י. דרוקעריי פון ,,בונד״.

אַ ברייטע אָפּהאַנדלונג וועגן די געשעענישן אין לאָדזש גיט ,,דער בונד״ נומ. 8, 1905. דאָרט לייענען מיר:

,,מען זאָגט, אַז מיר האָבן געאײַלט; די באַריקאַדן זענען געווען פאַר דער צייט: מיר זענען נאָך נישט גרייט צו אַזאַ קאַמפּס־מיטל, נישט גענוג פּאַרטיק צו זיגן אויף די באַריקאַדן; מען דאַרף נאָך וואַרטן. אַלטע טענות! מיר הערן עס יעדן מאָל, ווען דער פּראָלעטאַריאַט נעמט אָן אַ נייעם קאַמפּס־מיטל; דאָס לעבן האָט

---

*) ,,איסקראַ״ נומ. 102, 1905.

אָבער געווייזן, ווי אומגערעכט אַזאַ זאָגן איז געווען. דאָס לעבן וועט באַלד באַווייזן, אַז די טענות, וואָס מיר הערן איצט, זענען נישט וויכטיקערע, ווי די אַמאָליקע. עס קומט אָן אַ מאָמענט, ווען אַלע פילן, אַז מער וואַרטן קען מען נישט, אַז עס איז צייט אַי־בערצוגיין פון רעדן צו טון. דאָס פילט די מאַסע אַליין, און זי מאַכט די ערשטע טריט. אָפּהאַלטן זי דאַן, מאַכן זי אָפּהענטיק מיט ספיקות — איז אַ פאַרברעך. אונזער זאַך איז צוגעבן איר מוט, אָנווייזן די פעלערן און אָנפירן איר ווייטערדיקן גאַנג אויף דעם נייעם וועג, די ערשטע פראָבע קען נישט אַרויס געראָטן; קעמפנדע, אָבער, לערנען מיר זיך קעמפן. וואָס ווייטער, וועלן די באַריקאַדן ווערן מעכטיקער, זיך האַלטן לענגער, ביז זיי וועלן ווערן פרוכטבאַרע פאָלקס־פעסטונגען.

דער אַרטיקל וועגן די לאָדזשער שטורעם־טעג רעדט אויך ווייטער אַרום די באַציאונג פון דער בורזשואַזיע צו דעם בלוטיקן קאַמף פון די אַרבעטער מיט דער צאַרישער מאַכט:

„די לאָדזשער בורזשואַזיע האָט נאָך פאַר די אָפענע קברים, פאַר דאָס נאָך נישט פאַרקילטע בלוט נישט אויפגעהערט צו שיטן שוועבל און פעך אויף דעם אויפגעשטאַנענעם פּראָלעטאַריאַט, שילטן און זידלען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, כל־זמן דער פּראָלעטאַריאַט האָט געמאַכט פרידלעכע דעמאָנסטראַציעס, האָט די ליבעראַלע געזעלשאַפט געקליבן נחת, רויטע בענדער אַרויס־געהאָנגען, בלומען געוואָרפן. ווי עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן אַן אמתע מלחמה, עס האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט בלוט, דאָס לעבן און אייגנטום זענען אין געפאַר געקומען, דאָ האָבן זיך די אידעלע ליבעראַלן דערשראָקן, איצט טרייסלען זיי זיך אָפּ פון דעם פּראָלעטאַריאַט מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע קאַמפס־מיטלען, דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן דער קלאַסן־האַס פון דער בורזשואַזיע צו דעם פּראָלעטאַריאַט. די לאָדזשער פאַבריקאַנטן האָבן זיך געאיילט אויסצונוצן די בלוט־פאַרגיסונג און דעם קריגס־צושטאַנד, צו פאַרגרעסערן די עקספּלואַטאַציע. אין פיל פאַבריקן און וואַרשטאַטן האָט מען באַלד פאַרגרעסערט דעם אַרבעטס־טאָג און פאַרקלענערט די שכירות. אין די אַרומיקע פּוילישע שטעט האָבן

די באַלעבאַטים אָרגאַניזירט יידישע שוואַרצע מאהס, וועלכע האָבן געשלאָגן מכות רצח די אַלע אַרבעטער, וואָס מען האַלט פאַר אַגיטאַטאָרן, און איבער הונדערט מענטשן איבערגעגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי. די לאָדזשער בורזשואַזיע מיינט, אַז דער פּראָלעטאַריאַט איז שוין געפאַלן, זיין מאַכט איז צעבראָכן, און זי איילט זיך צו צעטרעטן דעם געפאַלענעם, בריקען דעם אָפּגע־שוואַכטן מיט אירע אייזלשע קאָפּיטעס; זי טיילט שוין די ירושה, פאַרגרעסערט איר ריוח. זי האָט אָבער אַ טעות, די בורזשואַזיע. אונזער מאַכט איז נישט געבראָכן, זי וואַקסט וואָס פון טאָג. איצט ביי דעם קריגס־צושטאַנד האָט די באַוועגונג אין לאָדזש נישט אויפגעהערט אויף איין טאָג אפילו. אין די לעצטע וואָכן נאָך די בלוטיקע טעג האָט אונזער לאָדזשער קאָמיטעט פאַרשפּרייט 50 טויזנט עקזעמפּלאַרן פּראָקלאַמאַציעס''*).

ווען דער דאָזיקער באַציאונג פון דער לאָדזשער בורזשואַ־זיע צו די קאַמפן אין די היסטאָרישע יוני־טעג האָט דער לאָדזשער קאָמיטעט פון ,,בונד'' אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף א. נ. ,,פאַרשי־דענע בורזשואַזע חלומות''. דער אויפרוף טראָגט אויף זיך די דאַטע פון יולי 1905 און איז געדרוקט געוואָרן אין 8000 עקז. דאָס איז געוועזן שוין דער צווייטער אויפרוף נאָך די בלוטיקע טעג. דאָס באַווייזן זיך פון צוויי אומלעגאַלע אויפרופן גלייך נאָך די געשעעניש באַווייזט, ווי גיך דער ,,בונד'', דער יידישער אַר־בעטער־קלאַס אין לאָדזש איז צו זיך געקומען נאָך דער שרעקלע־כער בלוט־אָפּצאַפּונג.

אויך די פאָרשטייער פון פּוילישן פּראָלעטאַריאַט האָבן נאָך די באַריקאַדן־טעג געמאַכט אַ חשבון הנפש איבער דעם פאָרגע־קומענעם. די ס. ד. ק. פּ. אי ל. (פּ. ס. ד.) פאַרנעמט אין דער פראַ־גע באַריקאַדן־טעג די אייגענע שטעלונג, וואָס דער ,,בונד''.

אין דעם אויפרוף, וואָס עס האָט אַרויסגעלאָזט די הויפּט־פאַרוואַלטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון קעניגרייך

---

*) ,,דער בונדיי נומ. 8, יולי 1905, ,,דער מוסר־השכל פון לאָדזש און אָדעס.

פוילן און ליטע אין יוני 1905 א. נ. „די בלוטיקע וואָך אין לאָדזש", ווערט דערציילט בקיצור וועגן דער צאַרישער פּראָוואָקאַציע מיט דעם צונעמען די מתים און דער בלוטיקער אָנפאַל אויף דער רואיקער דעמאָנסטראַציע. דער אויפרוף פרעגט:

„האָבן די לאָדזשער אַרבעטער געדאַרפט שווייגן נאָך דער נייער מערדעריי פון דער צאַרישער מאַכט? צי האָבן זיי געדאַרפט, ווי אונזער קליינמוטיקע בורזשואַזיע צוריקציען זיך מיט שרעק פאַר דעם שונא און אומקערן זיך צוריק אין דעם יאָך? צי האָבן זיי זיך געדאַרפט אָנערקענען פאַר באַזיגט, נישט אויסשעפנדיק אַלע מיטלען פון קאַמף? קיינמאָל אין דער וועלט. אין קיין שום לאַנד פאַרלאָזט נישט דער אַרבעטער־קלאַס דאָס קאַמפּס־פעלד פחדנות־דיק און אָן כבוד".

דער אויפרוף רופט ווייטער דעם גאַנצן אַרבעטער־קלאַס פון פוילן, ער זאָל אַרויסטרעטן אין פאַרטיידיקונג פון אַרבעטער־לאָדזש.

די פּ. פּ. ס., וועלכע האָט, ווי מיר ווייסן, פאַרנומען אַ נעגאַטיווע שטעלונג צו די קאַמפן אין מאַי און יוני, פרוווט נישט איר שטעלונג פאַרטיידיקן, נאָר באַרעכטיקן. דערביי באַרעכטיקט זי אויך די שטעלונג פון „בונד" און פּ. ס. ד., וועלכע האָבן פון דעם ספּיכישן מאַסן־אויסברוך קעגן דער צאַרישער געוואַלט, זיך נישט אָפּגעקערט, נאָר פאַרקערט, געשטויסן אים אויפן נאָרמאַלן רעוואָלוציאָנערן וועג.

דער „פּזשעדשוויט" שרייבט:

„אונזער פאַרטיי האָט דערפילט, אַז דער מאָמענט ווערט אַ קריטישער, ווייל די באַוועגונג איז דערגאַנגען צו אַזאַ הויכער מדרגה פון אָנגעשטרענגטקייט, אַז דער איינציקער אויסגאַנג פון דער אָנגעזאַמלטער רעוואָלוציאָנערער ענערגיע, האָט געקאָנט זיין אין דעם פאַל אַן אָפענער קאַמף מיטן שונא, נאַטירלעך אָן די מינדסטע אויסזיכטן אויף אַ נצחון, צוליב דער אומבאַוואָפנטקייט פון דער אַרבעטער־מאַסע. מיר האָבן נישט געהאַט די דרייסטקייט צו שטויסן די מאַסע פאָראויס, זעענדיק פאַר זיך נאָר אַ ים

פון בלוט, אָן דער האָפענונג צו געבן דעם שונא אַ קלאַפּ. צוליב דעם האָבן מיר זיך באַמיט אָפּצוהאַלטן דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך געריסן צום שלאַכט, צו אַ דעצידירנדן צוזאַמענשטויס מיטן מערדער. אונזער העמונגס־אַקציע איז געוועזן דאָך שוואַך און נישט דרייסט, אונזערע חברים זענען אָפּט אַליין אַרונטערגעפאַלן דער אַלגעמיינער שטימונג און געגאַנגען מיטן שטראָם, וועלכער האָט זיי געטראָגן. צו שטאַרק האָבן די געפילן פון ווייטאָג, פאַרצווייפלונג און נקמה־דורשט געשפּאַרט אין דער ברוסט פון לאָדזשער אַרבעטער, אַז ער זאָל קאָנען זיך פאַרהאַלטן און גיין צוריק צו דער אַרבעט״.

צו דעם גיט צו דער „פּזשעדשוויט׳ אַזאַ באַמערקונג:

„אַנדערע פּאַרטייען, ווי „בונד״ און ס. ד. האָבן אַגיטירט פאַר זוייטער פירן דעם קאַמף און צו געבן אים דעם שאַרפסטן כאַראַקטער, אין דער אמתן, האָט זיי געטראָגן דער שטראָם פון דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער שטימונג. מיר האַלטן זייער טאַקטיק פאַר אַ פעלערהאַפטע, אָבער צוליב דעם קאָנען מיר זיי נישט מאַכן קיין צו שאַרפע פאַרווּרפן, ווייל ס׳זענען דאָ רגעס, ווען די קאַלטע איבערלייגונג טרעט אָפּ דאָס אָרט דעם אוממיטלבאַרן געפיל. און דאָס אוממיטלבאַרע געפיל פון אַלע סאָציאַליסטן, בעת די געדענק־טעג פון יוני, האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום איין לאָזונג: נקמה איבערן שונא״.

ווייטער שילדערט דער „פּזשעדשוויט״ די אכזריותדיקע באַציאונג פון דער פּאָליציי אין די קאַמפּס־טעג ספּעציעל צו יידן:

„אַ באַזונדערע פאַרביסנקייט האָט דאָס מיליטער אַרויסגעוויזן אין באַצוג צו יידן, וועלכע זענען געפאַלן מער ווי קריסטן. מ׳האָט באַשאָסן אַלס פאַרווילונג, קליינע אַרבעטער־הייזלעך, לעכערנדיק די ווענט מיט קוילן, ווי אַ זיפּ און דערביי געהרגעט אָדער פאַרוווּנדעט זייערע איינוווינער. פאַרדעכטיקע דורכגייער האָט מען פאַרהאַלטן, רעווידירט און ביי וועמען מ׳האָט געפונען אַ רעוואָלווער, אַ פּראָקלאַמאַציע, האָט מען באַלד אויסגעפירט איבער אים אַ געריכט און אוועקגעלייגט אַ טויטן״.

צום סוף מאכט דער פּעפּעס־ישער אָרגאַן אַזאַ סך־הכּל פון די לאָדזשער געשעענישן:

,,...אונטערן איינפלוס פון די אומאויפהערלעכע פּראָוואָקאַציעס און געוואַלט־אַקטן איז דער גאַנצער לאָדזשער פּראָלעטאַריאַט געוואָרן אַרומגעכאַפּט מיט אַן אומבאַשרייבלעכער אויפרעגונג. נקמה איבער די שונאים, דאָס איז געווען דער איינציקער געדאַנק, דאָס איינציקע געפיל צווישן די אַרבעטער־מאַסן אין די דאָזיקע בלוטיקע געדענק־טעג. ווייל קיין שום פּאַרטיי איז נישט געווען גענוג שטאַרק, כּדי צו לייטן מיט דער באַוועגונג פון אַ הונדערט טויזנטיקער פּאָלקס־מאַסע און נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו ווייזן די מיטלען, ווי אַזוי צו געבן דעם שונא אַ תּיכּפדיקן פּילבאַרן קלאַפּ. צוליב דעם האָט דאָס פּאָלק זיך אַליין געכאַפּט צום קאַמף, וועלכער האָט ביי די באַדינגונגען נישט געקאָנט זיין אַנדערש, ווי אַ פאַרצווייפלט רייסן זיך מיט אַן איבערמאַכט".

דער ,,פּזשעדשוויט", ד. ה. די פּ. פּ. ס. נעמט אויף זיך די ,,שולד", פאַר דעם, וואָס איז פאָרגעקומען, ,,ווייל מיר, סאָציאַליסטן, האָבן געלערנט דעם אַרבעטער ענטפערן אויף געוואַלט מיט כּח. אַ דאַנק אונזער אַרבעט האָט דער פּראָלעטאַריאַט דערפילט זיין מענטשלעכן כּבוד און האָט אויפגעהערט מיט שקלאַפישער באַשיידנקייט בייגן דעם האַלז אונטערן יאָך פון אויסנוצונג, בייגן דעם קאָפּ אונטערן צאַרישן קנוט".

דער ,,פּזשעדשוויט" לאָזט אויך נישט אַדורך די באַציאונג צו די לאָדזשער קאַמפן מצד דער בורזשואַזער פּרעסע, וועלכע האָט אַרויסגעוויזן איר ,,דינסט דעם קאַפּיטאַל און דער רעגירונג" און באַשיט די לאָדזשער געשעענישן מיט ליגן און רכילות. ספּעציעל שטרייכט אונטער די צייטשריפט די באַציאונג פון די ענדעקעס: ,,אין כאָר פון קללות און בייזע רייד אויף אונזער אַדרעס געפינט זיך אויפן ערשטן אָרט די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע":

,,די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע איז געוואָרן די פאָראויסגייערין פון דעם קרייץ־צוג קעגן סאָציאַליזם, וואָס ס'האָבן אונ־

**פראָלעטאַריער אַלער לענדער, פעראייניגט אייך!**

**דער אַלגעמיינער אידישער אַרבייטער-בונד אין ליטאַ, פּוילען און רוסלאַנד.**

---

# די שטורעם טעג אין לאָדז.

די לאָדזער אַרבייטער האָבען העלדיש אויפגעהויבען די פאָהן פון דער רעוואָלוציאָן און העכער ווי אַ וואָך צייט האָט די ערד געציטערט אונטער אונז. אַלע וואַרפען זייערע בליקען אויף לאָדז און ווילען וויסען וואָס כ'טהוט זיך. אָבער דאָס איז ניט אַזוי גרינג: די פינסטערע צענזור פערדעקט מיט אַ דיקען שלייער דעם חורבן פון דעם צאַריזמוס. נור ביסלעכווייס וואַרפט און שליידערט דער פלאַקער פון דער רעוואָלוציאָן זיינע רויטע שטראַהלען אין אַלע עקען רוסלאַנד, אין אַלע עקען פון דער וועלט. און די וועלט דערוויסט זיך וועגען אונזער העלדישען קאַמפף אין דיזע שטורמישע רעוואָלוציאָנערע טעג. מען קוקט מיט פערוואונדערונג אויף אונזער מוטה און בעגייסטערונג אויף אונזער דרייסט און העלדישקייט: אונז האָבען ניט אָבגעהאַלטען די שרעקליכע קרבנות פון דעם צאַריזמוס און מיר האָבען זיך געוואָרפען וואָס ווייטער אַלץ טיפער אין פייער פון קאַמפף. מיט יעדען טאָג זיינען אונזערע דעמאָנסטראַציאָנען געוואָרען וואָס גרעסער און אונזערע רויטע פאָהנען וואָס מעהר ביז מיר האָבען מיטוואָך דעם 21-טען מאָביליזירט דעם גאַנצען לאָדזער פראָלעטאַריאַט אויפ'ן שלאַכט-פעלד מיט'ן צאַריזמוס און קאַפּיטאַליזמוס. מורא'דיג גרויס איז געווען אונזער אַרבייטער-מאַכט און זעהר פעסט אונזער איבערצייגונג אין אונזער נצחון. און מיר האָבען זיך ניט געקענט מעהר בעגנוגען מיט מעכטיגע פראָטעסטען און האָבען זיך געוואָרפען געבען דעם לעצטען קלאַפּ דעם דעספּאָטיזמוס. דאָס גאַנצע געזעלשאַפטליכע לעבען האָט זיך אָבגעשטעלט, אָבגעשטאָרבען און ווי פון אונטער דער ערד זיינען אויפגעוואַקסען צעהנדליגער באַריקאַדען; די טעלעפאָנען צוריסען; די צאַרישע מאָנאָפּאָלען, די פּאַנאַרען און די פּאָסט צערשטערט; מעהרערע פּאָליצייסקע און סאָלדאַטען ענטוואָפענט און דערשלאָגען; די ברוק-שטיינער צובראָכען אום צו בעגעגנען מיט זיי אונזער פיינד.

אָבער דאָס אַלץ איז געוועזען ווייניג. מיר האָבען ניט געטהאָן נאָך דעם לעצטען טריט, אָהן וועלכען מיר קענען ניט קומען צו אונזער ציעל: די מאַססע האָט זיך ניט בעוואָפענט. און דאָס איז געווען אונזער גרעסטער פעהלער! אומזיסט קלערט מען, אַז אַ אַרבייטער אָרגאַניזאַציאָן, ווי גרויס און ווי שטאַרק זי זאָל ניט זיין, קען ערפילען אַזאַ אויפגאַבע צו בעוואָפנען אַ ברייטער מאַססע, צעהענדליגער טויזענד אַרבייטער. דאָס איז אין קיין צייט ניט געווען און קען ניט זיין. די מאַססע אַליין מוז זיך בעוואָפנען. און דאָס וואָלט געווען ניט שווער, ווען יעדערער פון אונז וואָלט געזאָרגט דער פאַר, ווען מיר וואָלטען אַלע צוזאַמען אָנגעפאַלען אויף די מאַגאַזינען און אַרסענאַלען פון געוועהר. דאַן וואָלטען מיר ניט מוזען איבערלאָזען אַזוי לייכט אונזערע באַריקאַדען אין די הענד פון אונזערע פיינד; דאַן וואָלט אונז מעגליך געווען צו פעריאָגען איהם, אַריינברייגנען אַ מהומה אין זיינע רייהען און אַריבערציהען פיעלע פון איהם אויף אונזער זייט, ווי דאָס האָט פּאַסירט בעת די רעוואָלוציאָנען אין מערב-אייראָפּע. מיר האָבען עס דערווייל נאָך ניט געטהאָן און דער שונא האָט דעראיבער נאָך אַ לעצטען מאָל געקענט הערשען אין אונזערע גאַססען. דער צאַריזמוס האָט זיך בענוצט מיט אונזער פעהלער און האָט גענומען נקמה פאַר די טויט-שרעקענעס וועלכע מיר האָבען אַרויפגעוואָרפען אויף איהם. דער דעספּאָטיזמוס, וועלכען עס האָט זיך איינגעגעבען דורך זיינע שטענדיגע העצערייען אָנצוריצען איין טהייל בעפעלקערונג אויף דער צווייטער און צו מאַכען פּאָגראָמען ניט נאָר אין קישינעוו און האָמעל, נאָר אויך אויף קאַווקאַז—אויף די אַרמענער, כמעט אין אַלע שטעדט—אויף די אינטעליגענץ און אין זשיטאָמיר און נאָך אַנדערע ערטער—אויף אידען, דיזער דעספּאָטיזמוס, ווייזט אויס

**ערשטע פּראָקלאַמאַציע פון לאָדזשער בונדישן קאָמיטעט נאָך די באַריקאַדן-קאַמפּן.**

טערגענומען אונזערע באַזיצנדע קלאַסן נאָך די לאָדזשער געשעע־
נישן״*).

*

די קאַמפּן אין דעם פּעריאָד צווישן דעם לאָדזשער אינטער־
נאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט מיט דער שטאַרק באַוואָפנטער צאַרי־
שער איבערמאַכט, האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ נצחון פון צאַראַט.
עס איז איינגעפירט געוואָרן קריגס־צושטאַנד. די מאַכט איבער
דער שטאָט האָבן איבערגענומען די מיליטערישע סאַטראַפּן שוט־
לעוואָרט און שאַטילעוו.

„דער פּזשעדשוויט״ גיט אַזאַ בילד פון לאָדזש נאָכן
איינפירן דעם קריגס־צושטאַנד:

„מאָנטאָג, דעם 26־סטן האָט מען דערקלערט אין לאָדזש
קריגס־צושטאַנד. מענטשן אָן באַשטימטער באַשעפטיקונג ווערן
נישט אַריינגעלאָזט נאָך לאָדזש. ס׳איז פאַרבאָטן געוואָרן צו האַלטן
אָפן טעאַטערן און רעסטאָראַנען. ס׳איז פאַראָרדנט צו באַנוצן באַ־
וואָפנטע קראַפט צו יעדער פאַרזאַמלונג אָן אַ פריערדיקער
התראה; פאַר טראָגן געווער — קריגס־געריכט. פאַר יעדן ווידער־
שטאַנד דער מאַכט דראָט טויט־שטראָף. לאָדזש זעט אויס, ווי
אַ באַלאַגערטע שטאָט. אויפן וואָקזאַל מוז יעדער, וואָס קומט צו־
פאָרן, זיך אויסלעגיטימירן און באַווייזן, אַז ער האָט שוין דאָ גע־
וווינט, אָדער אַז ער האָט אין שטאָט וואָס צו דערליידיקן, אין
קעגנפאַל לאָזט מען אים נישט אַריין אין שטאָט אָדער מ׳אַרעסטירט
אים. די טויערן פון די הייזער זענען אַ גאַנצן טאָג פאַרמאַכט. די
תפיסות זענען פול.

„אונטערן דרוק פון קריגס־צושטאַנד האָט זיך די שטרייק־
באַוועגונג אָפּגעשטעלט, די טעקסטיל־אינדוסטריע, וועגן וועלכער
די צייטונגען האָבן געשריבן בעת די שטרייקן, אַז אָט אָט גייט זי
אונטער, איז איצט ווידער אַוועק אין פולן גאַנג, די קאַפּיטאַליסטן
האָבן טריאומפירט און געבענטשט דעם קריגס־צושטאַנד. אויף

*) „פּשעדשוויט״. נומ. 6—8, יולי־אויגוסט, 1905.

אַ ציגישן אופן האָט איינער פון די הערן זיך אַרויסגעזאָגט וועגן דעם אין אַ געשפּרעך מיט אַ מיטאַרבעטער פון ענדעקישן „גאָניעץ”*).

נישט געקוקט אָבער אויפן קריגס־צושטאַנד, מיליטערישער דיקטאַטור און חוצפּהדיקן אָנגריף מצד די אינדוסטריעלער, זענען דאָך די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זייער גיך געקומען צו זיך. אויפן רוף פון די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען האָבן די יידישע, פּוילישע און דייטשע אַרבעטער זיך ווידער געשטעלט צום קאַמף קעגן דער צאַרישער מאַכט.

(סוף פון ערשטן באַנד)

*) דאָרט.

# ביבליאָגראַפיע


איינענקעל ע.: „דער ערשטער בונט פון די לאָדזשער אַרבעטער אין יאָר 1861", „לאָדזשער יאָרבוך" II־טער באַנד (פּויליש).

בוכבינדער נ. א.: „די געשיכטע פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסלאַנד".

גליקסמאַן פּנחס זעליג: „תפארת אדם" (העברעאיש).

הערש ל. ד״ר: „די יידישע עמיגראַציע".

וואַשילעווסקי ל.: „סקיץ פון דער געשיכטע פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי" (פּויליש).

וואַשיוטינסקי ב.: „די יידישע באַפעלקערונג אין פּוילן אין 19־טן און 20־טן יאָרהונדערט" (פּויליש).

וואָלף א.: „לאָדזש ערב באַריקאַדן־קאַמפן", „לאָדזשער וועקער" נומ. 38, 1932.

זשולטאַשעק י.: „די וועב־הויז־אינדוסטריע אין לאָדזשער ראַיאָן" (פּויליש).

לוריע ג.: „דאָס רויטע לאָדזש" (רוסיש).

לעשטשינסקי י.: „די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידן אין פּוילן".

מאַזאָוויעצקי מ. (נ. קולטשיצקי): „געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט" (פּויליש).

מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון פּ. פּ. ס. II־טער באַנד.

סאַמסאָן י.: „נאָך וועגן דער בונדישער מאַרטירעריִן עזא ליפּשיץ", „נ. פאָלקסצייטונג" נומ. 115, 1937.

פּרוכניק אַדאַם ד״ר: „דער לאָדזשער בונט אין 1892" (פּויליש).

פּרוכניק אַדאַם ד״ר: „די ערשאַפט פון די גענעראַלן שוטלעוואָרט און שאַטילאָוו אין לאָדזש און דער קריגס־צושטאַנד אין יאָר 1905", „לאָדזשער יאָרבוך" באַנד III (פּויליש).

פּאָרעצקי ב.: „צו דער 50־יעריקער יובילײ־פייערונג פון קאַנטאָר הלל אַלטערמאַן", „נ. פאָלקסבלאַט" נומ. 207, 1928.

פרידמאַן פּ. ד״ר: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פון אָנהויב ישוב ביז 1861" (פּויליש).

פרידמאַן פ. דייר: „יידן אין דער לאָדזשער טעקסטיל־אינדוסטריע אויפן ערשטן סטאַדיום פון איר אַנטוויקלונג״, „לאָדזשער יאָרבוך״ באַנד II (פויליש).

פרידמאַן פ. דייר: „די מעטראָפּאָליע פון דער פוילישער אינדוסטריע און איר אַנטוויקלונג ביזן יאָר 1914״ (דייטש), נישט פאַרעפנטלעכטע אַרבעט.

פרידמאַן פ. דייר: „די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש פון יאָר 1867 ביז 1914״, יובל־נומער פון „נ. פאָלקסבלאַט״.

קאַוטסקי ק.: „די פאָרגייער פון מאָדערנעם סאָציאַליזם״ (דייטש).

קאַלישער ר.: „די געשיכטע פון דער ווירטשאַפט אין מערב־אייראָפּע״ (פויליש, איבערזעצונג פון רוסיש).

קאַהאַן לאַזאַר: „אילוסטרירטער יאָרבוך פאַר אינדוסטריע, האַנדל און פינאַנצן״.

רעס (דייר פעליקס פערל): „די געשיכטע פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין רוסישן אָקופּאַציע־געביט״ (פויליש).

שוואַרץ פ.: „יוזעף פּילסודסקי און זיין באַציאונג צו יידן״, „25 יאָר״, זאַמלבוך צום 25־טן יובילײ פון „בונד״.

## זכרונות

אַבראַמאָוויטש סוכער: „זכרונות״, „לאָדזשער אַלמאַנאַך״, אַרויסגעגעבן לכבוד דעם 25־יעריקן יובילײ פון לאָדזשער ברענטש ביים „אַרבעטער־רינג״ אין ניו־יאָרק.

אָלד מאַן: „מיט 37 יאָר צוריק״, „נ. פאָלקסבלאַט״ נומ. 14, 1935.

אפרים: „מיין ערשטער אַרעסט״, לאָדזשער וועקער״ נומ. 38, 39, 1932.

בערנפעלד דניאל: „די ערשטע שריט פון דער לאָדזשער אָרגאַניזאַציע״, „יידישער אַרבעטער־פּנקס״.

גראָסער בראָניסלאַוו: „אויטאָביאָגראַפיע״, „רויטער פּנקס״, ערשטער זאַמלבוך.

דימאַנטשטיין: „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די יידישע מאַסן אין יאָר 1905״.

הומניצקי א.: „זכרונות פון די יאָרן 1888 און 1892״ (פויליש).

וויינשטיין א.: „דער גרעסטער פּראָוואָקאַטאָר אין דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג ביי יידן״, „רויטע בלעטער״, אַרויסגעגעבן פון דער ווייסרוסישער וויסנשאַפטס־אַקאַדעמיע.

טאָביאַש ח. ע.: „גרינדונגס־צייט אין לאָדזש״, „פּועלי־ציון־אַלמאַנאַך״.

ליכטענשטיין י.: ,,ח' יחיאל זילבערבערג''.
מיכאַלעוויטש ב.: ,,זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט'', I. באַנד.
מעדעם וו.: ,,פון מיין לעבן'' II. באַנד.
,,סיי: ,,דער שוואַרצער שאָטן'', ,,לאָדזשער וועקער'' נ. 43, 1927.
פייסאַכזאָן מ. (פסעוו. אַן אַלטער באַקאַנטער): ,,אָנהויב פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש'', ,,רויטער פנקס'' ערשטער באַנד.
פייסאַכזאָן מ.: ,,פאַר 30 יאָרן'', ,,לאָדזשער וועקער'' נומ. 41־42, 1927.
פעפער ש.: ,,אַ מאַי־דעמאָנסטראַציע אין לאָדזש אין יאָר 1903'', ,,לאָדזשער אַלמאַנאַך''.
קורסקי פ.: ,,וואָס איך וויים וועגן די בונדישע טוער אין לאָדזש'', ,,לאָדזשער וועקער'' נומ. 41, 1927.
קרעמער אַרקאַדי (אַלעקסאַנדער): ,,ערשטער צ. ק. פון ,,בונד'', עפּיזאָד זובאַטאָוו'', ,,נ. פאָלקסצייטונג'' נומ. 237, 1927, יובילײ־נומער.
קאָסאָווסקי וולאַדימיר: ,,די ערשטע ליקווידאַציע, זכרונות וועגן ,,בונד'', ,,נ. פאָלקסצייטונג'' נומ. 237, 1927.
קאָן פּיאָטר אַדוו.: ,,זכרונות'', ,,ראַבאָטניק'' נומ. 2, 1932.
ראָזענפאַרב אַברהם: ,,פאַרוואָס האָט אונז דער פאַבריקאַנט וויש־ליצקי געשיקט מיטן עטאַפּ'', ,,לאָדזשער וועקער'' נומ. 39, 1937.
ראָזען י. (בוכבינדער): ,,די ערשטע בונדישע דעמאָנסטראַציע אין לאָדזש צום יאָרצייט פון ח' משה מייזעל (קאָנאָפּניצקי)'', ,,נ. פאָלקסצייטונג'' נומ. 165—166, 1936.
שעלי ס.: ,,פראַוואַל אין וואַלד'', ,,לאָדזשער אַלמאַנאַך'', אַרויס־געגעבן לכבוד דעם 25־יעריקן יובילײ פון לאָדזשער ברענטש.

**נישט פאַרעפנטלעכטע זכרונות פון:**

,,ש. ז.''.
גרשון ראָזענבערג.
שמואל בינשטאָק.
ד״ר יאַקוב אייכנער.
אַדוו. קאַלעצקי.
מילשטיין קאַדיש.
קורביץ ב. (בערישל ראַוועד).
יודל ראָזען (בוכבינדער) א. אַנד.

אויפרופן —

צו אַלע לאָדזשער וועבער־געזעלן.

צו אַלע לאָדזשער אַרבעטער און אַרבעטערינען.

די מלחמה און די זעלבסטהערשונג.

צום קאַמף.

ערע אונזערע געפאַלענע חברים.

ווידער בלוט.

ווידער בלוט און נאָך אַמאָל בלוט.

צו אַלעמען.

די שטורעם־טעג אין לאָדזש.

פאַרשידענע בורזשואַזע חלומות.

די רעוואָלוציאָן גייט (פון ווילנער קאָמיטעט פון „בונד").

די בלוטיקע וואָך אין לאָדזש (פּויליש, אויסגאַבע פון ס. ד. ק. פּ. אי ל.).

„איסקראַ", נומ. 102, 1905.

„די אַרבייטער שטימע" נומ. 15, 17 — 1899. נומ. 18, 20 — 1900. נומ. 22, 24, 25 — 1901. נומ. 28, 29 — 1902. נומ. 31, 32, 34, 35 — 1903. נומ. 36 — 1904. נומ. 39— 1905. נומ. 39 (ביילאַגע) — 1905.

„דער אידישער אַרבייטער" נומ. 12 — 1901.

„דער אַרבייטער" נומ. 45 — 1906.

„דער בונד" נומ. 4 — 1904. נומ. 8 — 1905.

„די לעצטע פּאַסירונגען" נומ. 3 — 1904. נומ. 2 — 1905. נומ. 5, 11, 12, 13, 15, 16, 20 — 1905.

„דער פרייהייטס גלאָק" נומ. 2 — 1902.

„לאָדזשער פלוגבלאַט" נומ. 1 — אַפּריל 1902, נומ. 2 — יולי 1902.

„פּאָסלעדניאַ איזוועסטיאַ" נומ. 84 — 1902. נומ. 134, 230, 236 — 1905.

„שטימע פון „בונד" נומ. 3 — 1910.

---

פון ה׳ ע. איינענקעלס פריוואטער מאַטעריאַלן־

און אַרכיוון־זאַמלונג

,,פּזשעדשוויט'' נומ. 2, 6, 7 — 1901. נומ. 9 — 1904. נומ. 2, 6—8, 20 — 1905.

זכרונות פון זאָפיא בלאַשטשיק.

,,טשערוואָני שטאַנדאַר'' נומ. 7 — 1903. נומער 20 — 1904.

,,ראָזוואָי'' נומ. 141 — 1905.

רשימות פון די געהרגעטע, פאַרוווּנדעטע און צעשטערטע מאָנאָפּאָלן, בעת די רעוואָלוציאָנערע חדשים פון יאָר 1905.

# אינהאלט: